


# גרשון

## מאיר דעם בלינדנס

ארויסגעגעבן פון
**כאַווער־פּאַווער בוך־קאָמיטעט**
לאָס־אַנדזשעלעס, קאַליפ., 1958

# Gershun Meyer Dem Blinden's

By CHAVER PAVER



Published by

CHAVER PAVER COMMITTEE
Los Angeles, Calif.



Printed in the U.S.A.

## כאַווער-פּאַווער בוך-קאָמיטעט:

אהרון קווירטמאַן — פּאָרזיצער

שמואל פראַנצבלוי — וויצע־פּאָרזיצער

הערי גאָלדשטיין — וויצע־פּאָרזיצער

מילדרעד לאַסניק — סעקרעטאַרין

סעם אייבראַמסאָן — קאַסירער

צירל און אייב דאָבזשינסקי, חיים לאַסניק, רחל ליסט, מינאַ סמאָלאַר,
שרה און רפאל פאָזנער, באָנטשע פרימאַק, פאָלאַ קאָפּילאָוו,
לינאַ און סעם קלאָפּערמאַן, רבקה קווירטמאַן, רחל קליינאַרט,
מאַניא און בנימין ראָזנפעלד, דעיוו און מערי ריטשמאַן.

## ניו-יאָרקער כאַווער-פּאַווער בוך-קאָמיטעט:

טשאַרלס נעמעראָף — פּאָרזיצער
דוד סעלצער — סעקרעטאַר

אברהם דזשעטאַווסקי, לואיס דען, שלום וואַסילעווסקי,
לואיס ווייס, חיים סולער, י. פריד.

# אַ צדיק ווערט געבוירן

אָט אַזוי ווערט דערציילט טאַקע פון דער מאַמען אַליין:

ווען זי, שרה, איז פאַרגאַנגען אין טראָגן, האָט זי געלאַכט: קאָן דען צו אַ פרוי, אָט באַלד פופציק יאָר, נאָך געבוירן ווערן אַ קינד? דער קאָר־דונער רבי, האָט זיך דעמאָלט געפונען אין שטאָט, און זי איז אַוועק צו אים זיך בענטשן. אַכצן גראָשנס האָט זי געגעבן פאַרן קוויטל און דער גוטער איד האָט זי געבענטשט און געזאָגט, אַז ס'וועט זיין אַ בן (אַ זון) און אַ גרויסער צדיק, אָבער מען דאַרף אים שטאַרק היטן. פון וואָס היטן? האָט ער נישט דערקלערט. איז זי אַוועק פון אים אי פול מיט פרייד, אי פול מיט שרעק.

און ווען ס'איז געקומען דער טאָג און ס'זיינען איר באַפאַלן די ווייען, איז אויסגעבראָכן אַ שרעקלעכע זאַווערוכע אינדרויסן. אַ גאַנצע נאַכט האָט געריסן די לאָדן, געטרייסלט די שויבן, געהויבן דעם דאַך, און דאָס יאָמערלעכע מעקען פון די ציגן, און דאָס מוראַדיקע בילן פון די הינט, האָט געשפּאָלטן דעם מוח. יענע נאַכט האָבן הונגעריקע וועלף פון נאָענטן וואַלד זיך אַריינגעריסן אין שטאָט.

פאַרטאָג צו האָט זיך איינגעשטילט, אויסגעלייטערט און די זון איז אַרויס. און ווען די זון איז אַרויס איז אויך אַרויס דאָס קינד. ס'איז טאַ־קע געווען אַ בן (אַ זון).

— סימן טוב און מזל טוב — האָט חיה די בובע (הייבאַם) געזאָגט.

— אָמן — האָט די געווינערין פרום געענטפערט, און איז אַריינגע־פאַלן אין אַ טיפן שלאָף.

און אין איר טיפן שלאָף האָט זי געזען, ווי מלאכים טראָגן איר קינד און זינגען שירה, כּלי זמר שפּילן, יידן טאַנצן אויף די גאַסן און שרייען: אַ גרויסער צדיק געבוירן געוואָרן ביי יידן, אַ גרויסער צדיק!...

מען האָט דעם צוקונפטיקן גרויסן צדיק געזאָלט אַ נאָמען געבן רפאל, נאָך דעם באַרימטן רבין פון שרהס משפּחה, וואָס איז געווען באַקאַנט אין דער חסידישער וועלט אַלס רפאל בערשאַדער, אָבער דאָ האָט זיך אַריינ־געמישט דער הויכער טאַטע, מאיר, אַ בלינדער אויף איין אויג. ער, וואָס גראַדע תמיד אַ נאָכגעביקער צו זיין ווייב שרהן, האָט זיך איצט איינגע־עקשנט און געזאָגט אַז אָן שום טענות ס'וועט הייסן גרשון, נאָך זיין זיידן גרשון דעם איינבינדער, עליו השלום.

און ס׳איז אים דען, נעבעך, ניט געקומען דעם פּאָטער ? מחמת אַלע אירע פריערדיקע קינדער האָט זי אַ נאָמען געגעבן נאָך איר משפּחה.

איר משפּחה — לויטער למדנים, רבנים, גוטע יידן. זיין משפּחה — לויטער בעלי־מלאכות, נעבעך, און געמיינע לייט, ניט, חס ושלום, געמיינע אין כאַראַקטער, נאָר געמיין אין תורה קענען. איר משפּחה — לויטער איי־דעל געוואַקסענע יידן. זיין משפּחה — לויטער אַזוינע משונהדיקע שטאַרקע. נעמט טאַקע מאירן אַליין... אים אויף אַ יאַריד קאָן מען שוין קיינמאָל נישט פאַרלירן...

און כאָטשבי דער קאַרדונער רבי האָט איר בפירוש געזאָגט, אַז ער וועט זיין אַ גרויסער צדיק ; און כאָטשבי דאָס גערשעלע איז אַרויס פון איר טראַכט בשעת די זון איז אַרויס, פונדעסטוועגן האָט שרה מורא גע־האַט, טאָמער, חס וחלילה... דער ניט־דאָגעדאַכט קוקט דאָך שטענדיק אַרויס אויף אַזוינע אינגעלעך.

דאָס וואָס דאָס קוים דריי־יאָריק מיזיניקל האָט געוואָלט מיטן שטומפּיקן קאָלדאַטש מעסער צעשניידן די קאַץ און זען וואָס ס׳געפינט זיך אין איר אינעווייניק, האָט זי זייער שטאַרק דערשראָקן. דאָס איז שוין גאָרניט געווען קיין מידה פון אַ צוקונפטיקן צדיק. ווידער אָבער די מעשה מיט דעם קערבל איז שוין עפּעס אַ גוטער סימן. בערל דער מעקלער, וואָס האָט שוין עטלעכע מאָל געליען געלט ביי איר מאַן און קיינמאָל נישט אָפּגעגעבן, איז ווידער געקומען לייען געלט — דאָס מאָל אַ גאַנץ קערבל. האָט אים איר מאיר געזאָגט, אַז ער האָט ביי זיך איצט ניט קיין פּרוטה. אויף דאַרויף האָט דאָס גערשעלע גלייך אויסגעשאָסן :

— האָסט דאָך, טאַטע, אַ פולן בייטל מיט געלט.

און כאָטשבי דאָס זונדעלע האָט שטאַרק פאַרשעמט דעם פּאָטער אין די אויגן פון בערל דעם מעקלער, פונדעסטוועגן האָט איר הנאה געטאָן. דאָס האָט זי אין אים געזען די מידה פון אמת זאָגן, וואָס מיט דעם האָבן זיך באַרימט געמאַכט די צדיקים פון איר משפּחה...

איז אָבער געקומען די מעשה מיטן טעלער און האָט זי צוריק אַראָפּ־געשליידערט... זייענדיק אין צווייטן חדר, הערט זי אַ בריאַזג אין קיך. אַריינגעלאָפן, דערזעט זי דעם טעלער אויף דער ערד, צעבראָכן אויף פּיץ פּיצלעך.

— די קאַץ האָט דאָס געטאָן — מאַכט דאָס גערשעלע און זיינע פּינ־קעלדיקע קאַרשן אויגן קוקן אַזוי תמימותדיק.

די מעשה איז, וואָס די קאַץ איז גאָר בשעת מעשה געווען פאַרשפּאַרט

אין קעלער, זי זאָל דאָרטן כאַפּן מייז, אָבער דאָס גערשעלע האַלט זיך ביי זיינס.

— טאָר אַן ערלעכער איד זאָגן אַ ליגן — האָט זי אים געמוסרט.

—— יאָ, ס׳איז די קאָץ, די קאָץ — נעמט ער נאָך און צעוויינט זיך ביטער, וואָס מען גלייבט אים ניט.

אויך די מידה פון חניפה האָט זי אין אים באַמערקט. פון דער העלער הויט, ווי ער וואַרפט זיך קושן און זיך טוליען און מאַכן זיס:

— מאַמע, איך האָב דיך אַזוי ליב, אַזוי ליב.

דאָס, פאַרשטייט זיך, איז שטענדיק געווען אַ סימן, אַז ער האָט ערשט אָפּגעטאָן אַ גרויסן שאָדן, און מען ווייסט נאָך נישט אַ וועלכן... און ווי דאָס האָרץ האָט איר געזאָגט...

אָבער דערפאַר אַ קעפּל צום לערנען. האָט זי גלייך געזען, אַז ער איז געראָטן אין איר משפחה. קוים צוויי יאָר אַלט געווען און שוין געקאָנט אָפּ־קנאַקן דער מודה אַני אויף אויסווייניק, דערביי אָבער האָט ער גאָרניט אַרויסגעוויזן די מידה פון ענוות (באַשיידנקייט), אַ מידה פאַר וועלכער די צדיקים פון איר משפחה זיינען אויך געווען באַרימט. ווי באַלד נאָר אַ פרעמדער מענטש איז געקומען אין הויז אַריין, צי מען האָט אים יאָ גע־בעטן צי ניט געבעטן, אַזוי גלייך האָט ער אָנגעהויבן צו קנאַקן זיין מודה אַני.

איר משפחה איז אויך געווען באַרימט מיט געבן צדקה, אָוועקגעבן דאָס לעצטע כמעט. אין אים האָט זיך אויך דאָס געזען. אַז ס׳איז געקומען אַן אָרעמאַן אין הויז, האָט דאָס גערשעלע זיך שטענדיק געריסן דערלאַנגען מיט זיינע הענט דעם אָרעמאַן די נדבה. געוויינלעך איז דאָס געווען אַ גראָשן, אָדער אַ האַלבן גראָשן. אַמאָל אויך אַ שטיקל ברויט. ער האָט דאָס געטאָן מיט גרויס שמחה. אַ סך מאָל געשטאַנען אינדרויסן און אַרויס־געקוקט אויף אַן אָרעמאַן, ווי אברהם אָבינו אויף אורחים. און אַז ער האָט געזען אַן אָרעמאַן פונדערווייטנס, איז דאָס קליינע בחורל געלאָפן אים אַנטקעגן, אים אַנגענומען ביי דער האַנט און אים געפירט אין הויז אַריין...

איז אָבער געקומען די מעשה מיט דעם כאַליוואַ (האַלוואַ)... דער פאָ־טער האָט געבראַכט פאַר אַ קאָפּיקע כאַליוואַ פון מאַרק, צעטיילט דאָס אויף צוויי גלייכע חלקים: אים אַ חלק און זיין שוועסטער רחלען, עלטער פון אים מיט אַ פאָר יאָר אַ חלק. האָט דאָס גערשעלע אָפּגעשפּילט אַ חתונה! זיך געוואָרפן אויף דער ערד, געשליידערט די הענטלעך און די פיסלעך, און געשריען אויף אַזעלכע קולות, באַגלייך מען קוילעט אים. נאָר גע־

וואָלט דעם צווייטן חלק אויך...

אין דעם האָט זי געזען די מידה פון אַ רשע און זולל וסובאניק. אמת טאַקע פאַר אַ קאָפּיקע כאַליוואַ איז קוים, קוים. אָבער פונדעסטוועגן...

אַזוי פיל ספיקות האָט שרה געהאַט וועגן אָט דעמדאָזיקן קינד... און דאָ האָט נאָך דער קאַרדונער רבי געזאָגט, מען זאָל אים שטאַרק היטן און ניט געזאָגט פון וואָס היטן, פון וועמען היטן. אפשר היטן פון רשעות, ווי די מעשים מיט דער קאַץ. אפשר היטן פון זיין אַ זולל וסובאניק, ווי די מעשה מיט דער כאַליוואַ. אפשר היטן פון ליגן זאָגן, ווי די מעשה מיטן טעלער... און אפשר גאָר אים היטן פון גיין צו נחמיה דעם שוסטער...

אין אונטערשטן שטיבל האָט געוואוינט נחמיה דער שוסטער, און דאָס גערשעלע איז דאָרטן איבערגעלעגן טאָג און נאַכט. מען האָט אים גאָרניט געקאָנט אָפּרייסן פון דאָרטן. און אַז מען האָט אים איינמאָל געפרעגט:

— וואָס וועסטו זיין, אַז דו וועסט אויסוואַקסן?

—אַ שוסטער, ווי נחמיה, — האָט ער לאַנג ניעט געטראַכט.

און דאָ נאָך די מעשה מיט גנבענען, ווי עס איז שפּעטער געשען.

מיט אירע צוויי עלטערע זין האָט שרה זיך שוין אָפּגעבריט. אויך זיי צוגעגרייט פאַר צדיקים, און וואָס איז פון זיי געוואָרן? אָבער פאַרט מיטן מיזיניקל, אַזאַ סימן, ווי פאַרגיין מיט אים אין טראָגן, וואָס זעלטן גאָר ביי אַ פרוי אין אַזוינע יאָרן. ס׳איז דאָך געווען באַלד, ווי מיט דער מוטער שרהן פון חומש און יענע האָט טאַקע געגעבן דער וועלט אַ גרויסן צדיק...

# דאָס חומש-אינגל

וואָס האָט דאָס גערשעלע אַזוי מורא געהאַט פאַרן חדר?

ווען ישראל דער באַהעלפער, אַ קאַסאַקער און מיט אַ רויטן פליאַם אויף אַ באַק, איז ס׳ערשטע מאָל געקומען אים נעמען, איז דאָס בחורל אַנטלאָפן. אונטערן בעט זיך באַהאַלטן.

וואָס האָט ער אַזוי געוויינט און געוויינט, ווען מען האָט אים סוף־כל־סוף אַרויסגעשלעפּט פון אונטערן בעט און געבראַכט אין חדר? זיך גאָרניט געקאָנט טרייסטן, געזעסן אַן אומעטיקער אַ גאַנצן טאָג אין חדר

און נישט געוואָלט פאַרזוכן פונעם עסן, וואָס די מאַמע האָט אים געבראַכט.

שפּעטער מיט אַ פּאָר טעג האָט ער געזען, אַז ס׳איז גאָרניט. פאַרקערט, ער האָט גאָר ליב באַקומען סיי דעם באַהעלפער, סיי דעם רבין, סיי דאָס לערנען, סיי דעם חדר. דעם באַהעלפער האָט ער ליב באַקומען צוליב די קונצן פאַרשיידענע. יענער האָט געקאָנט זייער שיין אָנבלאָזן די באַקן, זעצן איבער זיי מיט אַ פויסט און מאַכן: פּוטי בוריסקו, פּוטי בערו. אמת טאַקע, דערפאַר האָט ער אים געגעבן אַ חלק פון זיין איבערבייסן, אָבער ס׳איז ווערט געווען...

דעם רבין האָט ער ליב געהאַט ווייל יענער האָט אויך געהייסן גרשון. געמיינט ביז אַהער, אַז נאָר אַ קליין אינגל דאַרף הייסן גרשון, און דאָ גאָר אַ ייד מיט באָרד און פּיאות הייסט אויך גרשון. אָבער נישט נאָר פאַר דעם האָט ער אים ליב געהאַט, ער האָט אים ליב געהאַט פאַר זיין שיינעם ניגון:

— זאָגט אַ אינגעלע, זאָגט אַ בחורל: אַלעף, אַ—ל—ע—ף. נאָכאַמאָל, אַ—ל—ע—ף. ווידעראַמאָל, אַ—ל—ע—ף—. און טאַקע באַנייעס אַמאָל אַ—ל—ע—ף—.

דער ניגון האָט ממש היפּנאָטיזירט דאָס קליינע גערשעלע און ער איז גאָרניט מיד געוואָרן צו חזרן מיטן רבין נאָך אַמאָל, ווידער אַמאָל און טאַקע באַנייעס אַמאָל...

ליב געהאַט האָט ער דעם חדר צוליב די פילע חברימלעך. אמת טאַקע, ס׳איז דאָרטן געווען היבשלעך שמוציק, די ערד איז געווען אָנגעוואָרפן מיט ווינשל־קערלעך און מיט שאָלעכצן פאַרשיידענע, אָבער דאָס איז גראָדע געווען ביי אים אַ מעלה, ס׳איז זיך געווען מיט וואָס צו שפּילן... אויך האָט ער ליב געהאַט דעם חדר צוליב דעם צווילינג טעפּעלע. אַ צווילינג־טעפּעלע האָט די מאַמע עקסטראַ באַשטעלט ביי אַנדרעי דעם טאָפּמאַכער פון בערליוּוקע פאַר איר מיזיניקל, ווען ער האָט אָנגעהויבן צו גיין אין חדר, איז דאָס געווען איינס פון די גרויסע חידושים. ווי איין מאַמע וואָלט זיי געהאַט, די ביידע עפּעלעך, צוגעקלעפּט צוזאַמען צו איין אויערל, מיט רויטע און גרינע קווייטעלעך באַמאָלן. אין איין טעפּעלע האָט די מאַמע אַריינגעטאָן קאַשע מיט יוך, אין צווייטן — פליש מיט פּאַסאָלקעלעך פאַר איר זונדעלע צו עסן און זיך שטאַרקן דאָס האַרץ...

וואָס אמת איז אמת, דאָס בחורל האָט געהאַט אַ גוט קעפּעלע אויף זיך צום לערנען, אָבער דאָס גוטע קעפּל האָט אים געבראַכט פאַרשיידענע

אומאַנגענעמלעכקייטן. איינע פון זיי איז געווען דאָס קנייפּן אים אין בעקל. מען שמועסט שוין נישט פון רבין, נאָר יעדער איינער ייִד אין אַלטן בית המדרש, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ פּאָר פינגער, האָט אים געקנייפּט אין בעקל צוליב זיין גוט קעפּל. אייניקע האָבן געקנייפּט לייכט, זיך בלויז צוגערירט, אָבער אייניקע — שוין מיט האַרץ און ס׳האָט ווי געטאָן.

און גראַדע איז געווען וואָס צו קנייפּן. לויט דער באַשרייבונג פון די, וואָס האָבן אים געקאָנט אַלס קליין אינגל, האָט ער פאַרמאָגט אַזוינע באַקן, וואָס האָבן זיך ממש געבעטן צום קנייפּן. שפּעטער מיט יאָרן איז ער גראַדע אויסגעוואַקסן אַ דאַרער כראָנדיע, אָבער קליינערהייט האָט דאָס פאַרמאָגט פולע בעקעלעך אָנגעגאָסן מיט יאַיכעלעך, קאַשקעלעך, צימעס־לעך, פלעצעלעך, וואָס שרה האָט געהאַלטן אין איין שטאָפּן דאָס גערשעלע אירס, וואָס דאַרף אויסוואַקסן אַ גרויסער צדיק ביי ייִדן. יענע יאָרן איז נאָך מאיר דער בלינדער געווען אַ שטיקל אויפטוער אין דער פרנסה, און ס׳איז געווען מיט וואָס צו שטאָפּן... און גראַדע האָט זיך דאָס בחורל נישט געוואָרפן, ווי אַנדערע צעפּיעסטשעטע קינדער. וואָס מען האָט אים געגעבן האָט ער גערוקט אין זיך, גאָרניט אָפּגעזאָגט, ווי ער וואָלט עפּעס געוואוסט, אַז ס׳וועלן קומען אַזוינע יאָרן אין זיין לעבן, וואָס ער וועט מקנא זיין דעם בעקער, און ער וועט בענקען נאָך אַ פּשוטן שטיקל לחם.

שרה האָט, ווייזט אויס, געוואוסט פון דעם פּסוק, וואו ס׳זאָגט זיך, אַז די תורה שוואַכט אָפּ דעם כוח פון מענטשן. האָט זי שוין געזען, אַז ס׳זאָל איר גערשעלע ניט איבערקלעמען דאָס האַרץ. עטלעכע מאָל אַ טאָג איז זי געקומען אין חדר און שטענדיק מיט עפּעס, אָדער אַ יאַיכעלע, אָדער אַ פלעצעלע צי אַ בייגעלע. דעם אמת אָבער געזאָגט, האָט דאָס בחורל נישט צו שטאַרק געהאָרעוועט אין לערנען די תורה, געהאַט אַ גוטע תפיסה, גלייך געכאַפּט וואָס מען האָט אים געלערנט און נישט געדאַרפט זיך אָפּשוואַכן דעם כוח און זיך דערווייל אויסגעפּאַשעט אַ פּאָר רויטע פּוכ־לע בעקלעך פאַר מענטשן צו קנייפּן.

צו פיר יאָר איז ער געוואָרן אַ חומש־בחור, און די מאַמע, דער טאַטע, די שוועסטער, די ברידער, די גוטע פריינט און די שכנים, אַלע, אַלע האָבן געמאַכט אַזאַ גרויסן ווערן פון אים, אַז ס׳האָט זיך צוליב דעם געטראָפן מיט אים זייער נישט קיין שיינע זאַך.

אַ גרויסע סעודה האָט די גליקלעכע מאַמע געפּראַוועט לכבוד איר זונס אָנהויבן חומש לערנען. מען האָט פאַרבעטן אַלע אינגלעך פון חדר, אויך גוטע פריינט און נאָענטע שכנים, דעם גערשעלען האָט מען אַנידער־

געשטעלט אויף אַ בענקל און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַזאַ מין שפּיל. די העלדן פון דער שפּיל זיינען געווען דער מלמד גרשון און זיין תלמיד, אויך אַ גרשון.

מלמד: (מיט אַ ניגון) וואָס לערנט אַ אי—נ—ג—ע—ל—ע?

תלמיד: (אויך מיט אַ ניגון) ח—ו—מ—ש.

מלמד: (מיט אַ ניגון) וואָס טייטשט חומש?

תלמיד: פינף.

מלמד: (כלומרשט תמעוואַטע) וואָס פינף? פינף בייגל, אָדער אפשר פינף עפּל?

תלמיד: (מיט טריאומף) ניין, ניט קיין פינף בייגל, און ניט קיין פינף עפּל, נאָר פינף הייליקע ספרים.

מלמד: ווי אַזוי הייסן די פינף הייליקע ספרים?

תלמיד: (מיט אַ ניגון) בראשית איז איינס, שמות איז צוויי, און אַזוי ווייטער און ווייטער...

אור־וואַ, אור־וואַ! האָבן יידן געסמאַטשקעט מיט די ליפּן, אים געקנייפּט אין בעקל, (כמעט אין זעלביקן בעקל. וואָלטן כאָטש אייניקע יידן אים גע־קנייפּט אין צווייטן בעקל אויך, וואָלט דאָס נישט געפאַלן אַזוי שווער אויפן ערשטן). און מען האָט געטרונקען לחיים און געוואונטשן די איבערגליק־לעכע טאַטע און מאַמע, ס׳זאָל טאַקע זיך אָננעמען דעם קאַרדונער רבינס ברכה... און אַז. וו.. און ווייטער...

די אינגלעך פון חדר, זיינע חברימלעך, האָבן אים נישט געקנייפּט אין בעקל, אָבער דערפאַר די וואָס זיינען געזעסן לעבן אים, האָבן אים גע־בריקעט אונטערן טיש מיט די פיסלעך, און דאָס בחורל האָט זיך נאָך גע־שעמט צו קלאָגן...

אָבער סיי דאָס קנייפּן און סיי דאָס בריקן איז געווען גאָרניט אַנטקעגן דער גרויסער פרייד אין זיין האַרצן. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז ער איז זייער אַ גרויסער אויפטוער אין אַלעמענס אויגן, און ס׳איז אים געווען הייס אין אַלע אברים, און דער קאָפּ האָט זיך אים געדרייט און נישט גע־וואוסט אויף אַ וועלכער וועלט ער געפינט זיך... און מיד איז ער געווען, ווען ס׳איז געקומען די נאַכט — אַ געוואַלד. זיס מיד... און אַז ער איז איינגעשלאָפן האָט אים שוין גאָרנישט געאַרט, וואָס ס׳טוט זיך מיט אים. זיין גאַנץ קערפּערל האָט זיך אָפּגעלאָזט צו דעם תענוג פון רו, — און ער איז געשוואומען אין אַ טייך פון פרייד...

:: :: ::

ווי אַזוי די אינגלעך פון חדר האָבן זיך דערנאָכדעם דערוואוסט, וואָס ס'האָט געטראָפן מיטן חומש־בחורל יענע נאַכט אין שלאָף איז טאַקע אַ רעטעניש. דעם צונאָמען, וואָס זיי האָבן אים געגעבן, איז געווען זייער נישט קיין שיינער. ס'האָט דעם קליינעם גרשונען שטאַרק געקרענקט. ער האָט זיך אפילו גוט אויסגעוויינט פאַר זיין מאַמען.

— אַ דאגה האָסטו, — האָט אים די מאַמע געטרייסט, — ביז דיין חתונה וועט מען פאַרגעסן...

מען האָט טאַקע פאַרגעסן ביז זיין חתונה, ניט נאָר דעם ערשטן צונאָמען, נאָר די אַלע אַנדערע נישט שיינע צונעמעניש וואָס מען האָט אים געגעבן אין זיינע אינגלשע יאָרן...

## גרשון שטעלט אָפּ אַ פּאָגראָם

דאָס איז געווען אין די טרעוואָזשנע (שרעקנדיקע) טעג. אין אַלע שטעטלעך אַרום האָבן שוין די כוליגאַנעס מקיים געווען דעם געבאָט פון דעם פאָטערל, דעם צאַר, אָבער אין בערשאַד נאָך נישט. און אָט איז געקומען אַ פּריקאַז. ס'איז געווען אַ כמורנער ווינטערדיקער אינדרויסן, אַן אויסגעטראָטענער קויטיקער שניי איז געלעגן איבער די גאַסן. אַ סך פּויערים זיינען זיך אָנגעפאָרן פון די אַרומיקע דערפער קויפן און פאַרקויפן.

מען האָט זיך עפּעס נישט געריכט. די יידן אין בערשאַד האָבן געטראַכט, אַז צו זייער שטעטל וועט דאָס נישט געשען. מחמת, ערשטנס, לעבט מען בשלום מיט די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער, און זיי וועלן זיך נישט לאָזן אָנריידן פון די כוליגאַנעס. צווייטנס, איז די שטאָט באַרימט אין דער געגנט מיט שטאַרקע יידן און די שטאַרקסטע צווישן די שטאַרקע זיינען געווען די צען גיבורים. אַזוי האָט מען זיי טאַקע גערופן אין שטאָט „די צען גיבורים": די בני ראָסיס, וואָס זיינען געווען דריי ברידער: וועלוול, חיים און בנימין ווייגשיינקער, ליבער מוטשניק, סענדער דער שטעלמאַכער, גרשון און משה, די צוויי קאָוואַליעס, יאַנקל בעל־עגלה און מאיר דער בלינדער מיט זיין זון נחום.

בכלל איז בערשאַד געווען באַרימט נאָך פון די אַלטע צייטן, פאַר אַ שטאָט וואָס לאָזט זיך נישט. אַפילו בימי הקאַנטאָניסטן, האָבן די כאַפּערס מיט די פּאָליצייסקי, מיט דער גאַנצער קאָמיסיע, זייער שלעכט אָפּגעשניטן.

אמת טאַקע אַ סך יידן זיינען געגאַנגען קיין סיביר צוליב דעם, ווייל ס׳האָט געהייסן מורד במלכות זיין (זיך שטעלן קעגן קיסר).

אין יענעם פּרייטיק איז אין שטוב געווען אַ מחיה וואַרעם, און ס׳האָבן זיס געשמעקט די שבתדיקע מאכלים. שרה האָט געהאַלטן אין פּאַררוקן דעם טשאָלענט, און דאָס גערשעלע האָט זיך איר געפּלאָנטערט פאַר די פיס. ווען ס׳איז געקומען צום קאָכן, און באַזונדערס, שבתדיקע מאכלים, האָט ער, דער נעמלעכער גערשעלע ליב געהאַט צו זיין אין קיך. און שטענדיק כמעט האָט ער פאַרדינט דערביי — אַ שמעק, אַ לעק און אַמאָל אַ גאַנצן לעפל מיט עפּעס גוטס צו פאַרזוכן... און אָט אַזוי ווי אַלץ איז פרידלעך און ליב, ווי פּלוצלונג — אַ גרויסער געלאַף אינדרויסן, אויך גע־שרייען פון שרעק. שרה טוט אַ פאַל צו די שויבן, קוקט דורך און פאַר־שטייט שוין גלייך וואָס ס׳איז געשען... און דאָ איז דער טאַטע מיטן ברו־דער נחומען אויפן מאַרק ((דער ברודער שמאי איז גאָר אינגאַנצן נישט געווען אין בערשאַד. ער איז געווען אויף דער מלחמה). אויך די דריי שוועסטער זיינען נישט געווען אין הויז, נאָר זי שרה מיט איר גערשעלען. איז צום אַלעם ערשטן איז זי געלאָפן אָנצינדן די שבתדיקע ליכט. (ווי זי האָט שפּעטער דערציילט, האָט זי כאָטש געוואָלט בענטשן די הייליקע ליכט פאַרן טויט)). און אַזוי ווי זי האָלט אין בענטשן די ליכט מיט גרויס געוויין, ווי ס׳לויפן אַריין שכנים מיטן שרעק פון טויט אין די אויגן.

— אוי, שרה, לאָמיר לויפן אין קעלער.

און מאיר דעם בלינדנס קעלער איז געווען אַ באַרימטער קעלער. זומער צייט איז דאָרטן געווען קאַלט כמעט ווי אין אַ ליאַדאָווניק (אַ קע־לער, וואו מען האַלט אייז). און פון דעם גאַנצן געסל האָבן שכנים געהאַלטן דאָרטן זייערע טעפּ מיט שפּייז אום זומער. ס׳איז געווען אַ קעלער מיט אַ סך נישעס. מיט יאָרן צוריק האָט אַ וויינשענקער דאָ געהאַלטן פעסלעך מיט וויין. און דער ריח פון וויין האָט זיך קיינמאָל ניט אויסגעוועפּט. אָט אין דעם דאָזיקן קעלער האָבן זיך איצטער צונויפגעשטופּט אַ גאַנץ געסל מיט פרויען און קינדער. ס׳איז געווען זייער שטיקנדיק, לופט האָט אויס־געפּעלט. דאָס לעמפּל האָט קוים געברענט...

דער אויסקוקער, נחמיה דעם שוסטערס אַ בחורל, פון אַ יאָר זעכצן, איז אַלעמאָל געקומען צולויפן מיט שלעכטע בשורות, איינע ערגער פון דער אַנדערער: אהרן פעלדמאַנס מויער ברענט; מען וויל אונטערצינדן מאיר זאַסלאַווסקיס קראָם. פון דער לעצטער בשורה האָט גאָר אָנגעכאַפּט אַ שוידער, ווייל אין מאיר זאַסלאַווסקיס גרויסער קראָם, זיינען געווען אַ סך

פּעסער מיט פּאַרב און אַנדערע אויפּרייסנדיקע שטאָפן. און אויב חס־וחלילה מען וועט אונטערצינדן, גייט אַוועק גאַנץ בערשאַד.

ביי דעם קליינעם גרשונען איז די זאַך געווען זייער קשה: וואָס ווייסט מען דאָ? וואָס קלאָגט מען דאָ? ס'איז דאָך דאָ זייער אַן אויסגעפּרואווט מיטל. האָט דען זיין מאַמע אים נישט געזאָגט, אַז ווען מען איז אין אַ צרה און מען בעט גאָט, העלפט ער, און די בעסטע זאַך צו בעטן גאָט איז דורך תהילים זאָגן. אַ באַזונדער שיין קליין תהילימל האָט אים די מאַמע געקויפט, אַ תהילימל מיט גילדענע אותיות אויף אַ שוואַרצן טאָוול. מיט דעם דאָזיקן תהילימל האָט ער זיך קיינמאָל נישט געשיידט. בייטאָג דאָס געהאַלטן אין קעשענע, און ביינאַכט אונטערן קישן.

און נישט לאַנג געטראַכט, נעמט ער אַרויס דאָס תהילימל פון קעשע־נע און ביי דער וואַקלדיקער שיין פון לעמפּל, הייבט דאָס בחורל אָן צו זאָגן תהילים. פריער שטיל, דערנאָך אויף אַ קול, און מיט אַ ניגון, און מיט אַ שאָקלען זיך... איז ערשט דעמאָלט געוואָרן אַ גרויסער געוויין. דאָס תהילים זאָגן פון אומשולדיקן קינד האָט געעפנט אַלעמענס הערצער, און ס'איז געוואָרן אַ מבול פון טרערן...

און גאָט האָט טאַקע גלייך געהאָלפן. נחמיה דעם שוסטערס אינגל איז אַריינגעלאָפן מיט אַ גרויסער גדולה:

— אויס פּאָגראָם, יידן, אומעטום קריכט מען שוין אַרויס פון די קע־לערס.

:: :: ::

ביי דער פרומער שרהן און ביי די וואָס זיינען געלעגן באַהאַלטן אין מאיר דעם בלינדנס קעלער, האָט גאָר אַנדערש נישט געקאָנט זיין, אַז דאָס פאַרמאָגט אין זיך עפּעס דאָס פינף־יאָריק גערשעלע עפּעס אַ הייליקן כוח. נישט אומזיסט שטאַמט ער פון אַ משפחה גאָלע צדיקים... די אָבער, וואָס האָבן זיך נישט באַהאַלטן און זיך געשלאָגן מיט די כוליגאַנעס האָבן געהאַט צו דערציילן אַן אַנדער מעשה. מען האָט דערציילט, ווי די פּאָג־ראָמשטשיקעס האָבן שוין געהאַט באַגאָסן מיט קעראָסין די ווענט פון מאיר זאַסלאַווסקיס גרויסע פאַרבן־קראָם, מען האָט נאָר געדאַרפט אַ וואָרף טאָן אַן אָנגעצונדן שוועבעלע, ווי די שטאַרקע יידן פון בערשאַד, אָנגעפירט פון מאיר דעם בלינדן מיט זיין זון נחום, האָבן זיך אַריינגעריסן צווישן די פּאָגראָמטשיקעס און אָנגעהויבן שפּאַלטן קעפּ. מאיר דער בלינדער מיט אַ שווערן לאָם (אַן אייזערנער שטאַב), דער זון נחום, מיט אַ שאַרפער

האַק, און די אַנדערע גיבורים מיט האַמערס, מיט דובינעס.

נאָך האָט מען זיך דערציילט, און דאָס — גאַנץ אין דערשטיל, ווייל מען האָט מורא געהאַט, אַז ס׳קאָן אָנקומען צום פּריסטאַוו. מען האָט זיך דערציילט, אַז מאיר דער בלינדער מיט זיין זון נחום, האָבן געפּאַקט אַ פּאָגראָמשטשיק, און אים אַריינגעוואָרפן אין גרויסן פייער פון אהרן פעלדמאַנס ברענענדיקער קראָם, וואו ער איז פאַר׳שרפ׳עט געוואָרן אויף קויל. דעם גלאַוונעם פון די פּאָגראָמשטשיקעס, איינעם אַ זאַכאַר פון דאָרף וויטיוקע, האָט בנימין דער וויינשיינקער אונטערגעהאַקט די פיס אַזוי, אַז ער האָט זיך שוין אַלע זיינע יאָרן געמוזט שלעפּן אויף קוליעס. בכלל האָבן די צען גיבורים יענעם טאָג נישט געשוויגן, און אַ סך כולי־גאַנעס האָבן זיך קוים דערשלעפּט צו זייערע היימען אין די דערפער.

פאַר יאָרן און נאָכדעם, האָט מען אין בערשאַד זיך דערציילט פון די גבורות יענעם פרייטיק, אָבער נישט אין הויז גופא פון שרהן דער פרומער. דאָרטן האָט מען געמאַכט אַ שוויג. ס׳איז געווען גלייכער זי זאָל נישט וויסן, וואָס איר מאַן און עלטערער זון האָבן אָפּגעטאָן מיטן אייזערנעם שטאַב און מיט דער שאַרפער האַק. פאַר פאַרגיסן מענטשלעך בלוט וואָלט זי זיי געמאַכט פאַסטן טעג און וואָכן, אָפּצוקומען פאַר דער זינד. דערפאַר האָט מען זיך דערציילט וועגן דעם, ווי דאָס געשעלעט האָט מיט זיין תהילים זאָגן אָפּגעשטעלט דעם פּאָגראָם...

# דער לאַמטערן

גיי, האָב אויך ניט ליב דאָס נייע חדר ביי הערשל מאיר דעם וואַ־סערפירער, אַז מען מאַכט דאָרטן באָרשט. די רביצין, שיינע איטע, טאַקע אַ שיינע אידענע מיט אַ שוואַרץ חן־פינטעלע אויף דער לינקער באַק, האָט געהאַנדלט מיט באָרשט, און דער רבי האָט געשאָבן די בוריקעס. דאָס הייסט, ער האָט אי געקנעלט מיט די אינגלעך און דערביי אויך געשאָבן. דאָס שאָבן איז שוין ביי אים געגאַנגען פון זיך אַליין, און ער האָט נישט געדאַרפט קוקן וואָס ער טוט. אַ בוריק שיילט מען נישט, נאָר מען שאָבט. מען דאַרף נאָר פריער, איידער מען נעמט זיך אים שאָבן, אָפּהאַקן דעם עק און אָפּשניידן אַ שטיקל פון קאָפּ.

גיי, האָב אויך נישט ליב דעם נייעם רבין, אַז ער לאָזט אויך גרשונען

שאָבן בוריקעס אַלס אַ נאַגראַדע (באַלוינונג) פאַר לערנען זיך גוט. און דאָס בחורל האָט שוין געזען, ער זאָל זיך לערנען גוט. ער איז ניט געווען דער איינציקער. ס'האָבן נאָך אינגלעך זיך געסטאַרעט זיך לערנען גוט און האָבן אויך געשאָבן. אָבער ס'האָט אים נישט געאַרט: אינאיינעם איז געווען פריילעכער.

גיי האָב נישט ליב דאָס שמאָלע געסל, וואו דאָס חדר געפינט זיך, אַז דאָרטן שטייט אַ גרויסער ליאַדאָווניק. דאָס איז געווען אַ טיפער גרוב צוגעדעקט מיט זייער אַ דיקן שטרויענעם דאַך, ווי אַ קוטשמע. אין טיפן גרוב איז ווידער־אַמאָל געווען שטרוי, און צווישן דער שטרוי זיינען געווען פאַרבאַהאַלטן פירעקיגע שטיקער אייז. דורכן פענצטער פון חדר האָט מען געקאָנט זען, ווי די פויערים אום ווינטער פאָרן צו מיט פורלעך אייז, און פון די פויערימס מיילער און פון די פערדס מיילער זעצט אַ פאַרע, און זיי, די פויערים מיט די הוילע הענט כאַפּן שטיקער אייז פון די פורלעך און וואַרפן אין ליאַדאָווניק אַריין.

נאָך האָט ער ליב געהאַט דאָס נייע חדר, וואָס דאָרטן איז שוין נישט געווען קיין באַהעלפער, און אין די גרויסע בלאָטעס און אין טיפע שנייען האָט אים שוין קיינער נישט געטראָגן אויף די פלייצעס, ווי מען טראָגט אַ קליין קינד.

אַ פּאָר שטיוועלעך האָט אים די מאַמע געקויפט. די ערשטע פּאָר שטיוועלעך אין זיין לעבן. אויך האָט זי אים געקויפט אַ גרוי באַראַשקן קוטשמעלע און אַ וועליטשקענע שאַרפעלע. די דאָזיקע זאַכן אויך ס'ערשטע מאָל אין זיין לעבן. צי דאָס קוטשמעלע איז געווען פון אמתער באַראַשקע איז נאָך אַ סברא. אָבער ס'האָט אויסגעקוקט ווי פון באַראַשקע. צי דאָס וועליטשקענע שאַרפעלע איז געווען פון אמתער וואָל, איז אויך אַ סברא, אָבער דערפאַר איז דאָס געווען גאָר שיין פאַרן אויג. פון אַלערליי קאָלירן איז דאָס געווען צוזאַמענגעשטעלט, און די הויפּט קאָלירן: ליכטיק־געל, ליכטיק־רויט, ליכטיק־גרין און ליכטיק־בלוי. און די אמתע הנאה האָט מען געהאַט פון די דאָזיקע ווינטערדיקע בגדמלעך, ווען ס'איז געווען אַ שניי מיט אַ פראָסט, און פון מויל האָט געזעצט אַ פּאַרע.

אָבער די גרעסטע פרייד צווישן אַלע פריידן ביים נייעם רבין, וואָס ס'איז מקוים געוואָרן זיין גרויסער חלום, און זיין גרויסער חלום איז געווען, אָנהויבן צו לערנען אויך ביינאַכט אום ווינטער, ווי אַלע גרויסע בחורים און גיין אַהיים מיט אַן אָנגעצונדענעם לאַמטערן און זינגען: „יבוא אדיר". אַ לאַמטערן האָט אים די מאַמע געקויפט. פיר שמאָלע שויבן

האָט דער לאַמטערן פאַרמאָגט, איז איינע געווען גאָלע ראָזעווע, די צווייטע גאָלע גרין, די דריטע גאָלע בלוי און אין דער פערטער שויב האָט זיך געפונען דאָס בלעכענע טירעלע, וואָס מען האָט געעפנט, ווען מען האָט געדאַרפט אָנצינדן דאָס חלבנע ליכטל. איין חסרון האָט דער לאַמ־טערן אָבער פאַרמאָגט — דאָס דראָטענע הענטל. דאָס דראָטענע הענטל האָט זיך אָנגעגליט פון ברענענדיקן ליכט און ס׳האָט געבריט. אָבער אַזוי ווי פאַר יעדע זאַך, וואָס איז אייך ליב, מוז מען עפּעס מקריב זיין, האָט מען מקריב געווען אַ האַנט אַבי צו פאַרמאָגן אַזאַ לאַמטערנע...

און דאָס לערנען ביינאַכט איז אויך געווען פאַרבונדן מיט די שענסטע מעשהלעך פון חומש. אַז דער אָוונט איז געקומען און דער רבי האָט צע־לאָזט די קלענערע אינגלעך, איז געוואָרן אַ מחיה־שטיל אין חדר. געבליבן זיינען בלויז אַ צען־צוועלף אינגלעך פון די גוטע קעפּלעך און מיט זיי האָט זיך הערשל מאיר וואַסערפירער גענומען קנעלן דעם חומש. ביינאַכט האָט ער שוין ניט געשאָבן קיין בוריקעס. ביינאַכט האָט דעם רבינס פּנים עפּעס געשיינט, אפשר דערפאַר, וואָס ס׳איז געוואָרן אַ ביסל שטילער אין חדר.

די זעלביקע סדרה האָט מען דורך דער וואָך איבערגעחזרט נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל און דער קליינער גרשון האָט זיך נישט געקאָנט דערוואַרטן אויף דער צווייטער סדרה זיך צו דערוויסן, וואָס ווייטער איז געשען מיט יעקב אבינו, וואָס איז אַנטלאָפן צו זיין פעטער לבן קיין פּדן ארם, אָדער מיט דעם קראַסאַוועץ יוספן, וואָס איז פאַרקויפט געוואָרן פאַר אַ קנעכט אין מצרים.

ער האָט די צען ברידער פון חומש נישט געקאָנט מוחל זיין פאַר טאָן אַזאַ זאַך: וואָס הייסט נעמען אַ קליין ברודערל, אים אַריינוואַרפן אין אַ גרוב אַריין, דערנאָך פאַרקויפן אים פאַר אַ קנעכט, און זיין טאַטע יעקב האָט נעבעך אַזוי געוויינט... נאָך גוט, וואָס ער, גרשון, האָט נישט אַזוינע צען ברידער. ווען ער, גרשון, האָט אַזוינע צען ברידער וואָלטן זיי אים אויך אפשר פאַרקויפט פאַר אַ קנעכט, מחמת די מאַמע האָט אים שטאַרק ליב און אים געקויפט אַ גרוי באַראַשקן קוטשמעלע מיט אַ קאָלירט ווע־ליטשקן שאַרפעלע, מיט אַ לאַמטערן, מיט שטיוועלעך. דער עלטערער ברודער, שמאי, דינט אין די סאָלדאַטן, ווייסט ער נישט. דער צווייטער ברודער נחום, דער גיבור, ווייסט יאָ, אָבער ער פאַרגינט אים אפנים דאָס באַראַשקן קוטשמעלע מיט אַלע אַנדערע זאַכן פון גאַנצן האַרצן, אַ סימן, ער האָט אים געזאָגט: טראָג זיי געזונטערהייט און צערייס זיי געזונטער־הייט.

און דעם רבינס קול האָט ביינאַכט עפּעס שענער געקלונגען ווי ביי־טאָג: „ואני, און איך, יעקב, כאָטש איך האָב מיט דיין מוטער רחל נישט אַזוי געטאָן" — האָט דער רבי אַזוי האַרציק אויסגעזונגען די רייד פון יעקבן צו זיין באַליבסטן זון יוסף, ווען יעקב האָט געפילט, אַז ער דאַרף שטאַרבן...

און דאָך, ווי שיין און פאַרכאַפּנדיק די מעשהלעך פון חומש זיינען נישט געווען, אָבער די שענסטע און פאַרכאַפּנדיקסטע מעשה אין לערנען ביינאַכט איז געווען דאָס אַ קוש טאָן דאָס בלעטל, פאַרמאַכן דעם חומש און דעם רבינס ווערטער:

— נו, שקצים, אַהיים!

„אַהיים, אַהיים!" און ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ כאַפּעניש צו די טור־ליפּלעך, צו די באַשליקלעך, אָדער שאַרפעלעך און דאָס אָנצינדן די ליכט־לעך און די לאַמטערנעס... און „אַ גוטע נאַכט, רבי, אַ גוטע נאַכט"...

אין די בלאָטעס איז טאַקע דער לאַמטערן זייער שטאַרק צונוץ געקו־מען נישט אַריינצושפּאַנען אין אַ „טינטערל", דאָס הייסט, אין אַן אָרט אַזאַ, וואו מען וואָלט געקאָנט אַריין איבער די שטיוועלעך אין דער בלאָטע. אין די פרעסט אָבער, ווען די נאַכט איז געווען ווייס מיט שניי, האָט מען שוין דעם לאַמטערן געדאַרפט נישט אַזוי ער זאָל באַשיינען דעם וועג, ווי צוליבן טעאַטער. אַ פריילעכן טעאַטער מיט געזאַנג און מיט טענץ, האָבן די חדר־יינגלעך געשאַפן פון דעם גיין ביינאַכט אַהיים פון חדר, און דאָס אי־בערגעגעבן פון דור צו דור.

אין גרויע אָדער שוואַרצע קוטשמעלעך, אין שטיוועלעך, אָדער אין פוישטן מיט געלע באַשליקן אָדער קאָלירטע שאַרפעלעך, אין אָפּגעריבענע אָדער נייאינקע טוליפּלעך, אַ שבט חדר־אינגלעך וויגן מיט די קאָלירטע אָנגעצונדענע לאַמטערנעס אַהין און צוריק, גייען אין דער ווייסער נאַכט, און דער קליינער גרשון אויך בתוכם, און זינגען און אויך טאַנצן־צו:

יבוא אדיר (ס'וועט קומען דער שטאַרקער)
ויגאלם (און וועט זיי אויסלייזן)
אַז משיח וועט קומען
וואָס־זשע וועט זיין?
שירה וגילה טראַ־ראַ־ראַ.
געזאַנג און פרייד
און מיר וועלן שרייען הוראַ.
און זיי שרייען טאַקע הור־ר־אַ!

און ס׳האָבן געפינקלט באַזונדערס קלאָרע שטערנדלעך אויבן אין הימל... און ס׳האַרץ איז געווען פריילעך און שטאַרק ביי דעם קליינעם גרשונען און ער האָט גאָרנישט מורא געהאַט. אַ גיבור אַ בחור, וואָס לערנט שוין ביינאַכט, וויגט מיט זיין קאַלירטן אָנגעצונדענעם לאַמטערן אַהין און צוריק. טאַנצט זיך אונטער איבערן סקריפּנדיקן שניי און זינגט מיט עקסטאַז:

אַז משיח וועט קומען,
וואָס־זשע וועט זיין?

שוואַך איז אים נאָר געוואָרן דאָס האַרץ און די מורא איז געקומען, ווען ער האָט געזאָגט די אינגלעך אַ גוטע נאַכט; ווען ער האָט געדאַרפט פאַרקערעווען אין איינזאַמען געסל, וואו זייער הויז האָט זיך געפונען... און יונג שוין דערפילט, אַז דער מענטש איז נאָר שטאַרק מיט אַנדערע מענטשן צוזאַמען, אָבער אַליין איז מען גאָרנישט און נישט, האָט ער אָפּגעשמועסט מיט דער חברה, אַז זיי זאָלן ביי זיין געסל בלייבן שטיין און זינגען „יבוא אדיר״, ביז ער וועט אַריינלויפן אין הויז אַריין. האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט און געזונגען נאָך העכער ווי פריער:

**יבוא אדיר**

ויגאלם,
אַז משיח וועט קומען
וואָס־זשע וועט זיין?

## אליהו הנביא פינטלט מיט אַן אויג

די עלטערע שוועסטער חנה רבקה האָט זיך אָנגעהויבן זאָרגן וועגן איר קליין ברודערל — ער איז געוואָרן מאָגער. טוט אים חס־וחלילה דאָס קעפּעלע וויי? ניין, ס׳קעפּעלע טוט אים נישט וויי. טוען אים חס־וחלילה די הענטעלעך און די פיסעלעך וויי? ניין, דאָס אויך נישט. גיט זי אים אפשר נישט גענוג עסן אין חדר? דאַכט זיך, אַז זי גיט אים מיט גענוג. איז דאָס מסתמא, וואָס ער בענקט שטאַרק נאָך זיין מאַמען?

יאָ, ער בענקט שטאַרק נאָך זיין מאַמען. זי איז אַוועקגעפאָרן קיין פעסטשאַנקע, און זאַמט זיך דאָרטן אַזוי לאַנג. און נישט צוליב וואוילטאָג איז זיין מאַמע אַוועקגעפאָרן קיין פעסטשאַנקע. זי האָט אָנגעהויבן צו

קרענקען און מען האָט נישט געוואוסט וואָס איר איז. עפּעס אַזאַ מיד־קייט אין אַלע אירע ביינער, האָט זי זיך געקלאָגט.

פאַרוואָס גראָדע קיין פּעסטשאַנקע? ווייל דאָרטן איז זי געבוירן גע־וואָרן, און דאָרטן האָט זי געהאַט אַ מומע, וואָס האָט געהייסן באָבע. די מומע באָבע איז איר געווען אַ מאַמע, ווען זי איז געבליבן אַ יתומה.

שטענדיק, ווען שרהן איז געווען נישט גוט, האָט זי געוואָלט פאָרן קיין פּעסטשאַנקע, אָבער קיינמאָל נישט געפאָרן. אַזוי די גאַנצע פינף־און־דריי־סיק יאָר, וואָס זי האָט געוואוינט אין בערשאַד. איצטער איז זי שוין אָבער יאָ געפאָרן, און דאָס האָט געמיינט, אַז ס'איז זייער ניט גוט.

אָבער נישט צוליב דעם, וואָס דאָס בהורל גרשון האָט געבענקט נאָך זיין מאַמען, איז ער אַזוי מאַגער געוואָרן. צוליב דעם טאָקע אויך. דער עיקר אָבער, וואָס ער האָט אָוועקגעגעבן זיינע איבערבייסנס און וואַ־רעמעסן צו חנא דעם היקעוואַטן פאַר מעשהלעך. מעשהלעך זיינען ביי גרשונען שטענדיק געווען דאָס חיות, אָבער פון זינט זיין מאַמע איז אָוועק קיין פּעסטשאַנקע האָט ער שוין גאָרניט געקאָנט לעבן אָן זיי.

און חנא דער היקעוואַטער, ווען ס'איז געקומען צו דערציילן אַ מעשה־לע, האָט גראָדע גאָרניט געהיקעט. פאַר דעם אַליין איז שוין כדאי געווען אים צו הערן. זיינע מעשהלעך זיינען אַלץ געווען וועגן בן־מלכס, בת־מלכהס און בעטלערס. פון וואַנען האָט ער זיי גענומען? זיין טאַטע האָט זיי אים דערציילט. גרשון האָט שטאַרק מקנא געווען דעמדאָזיקן חנאן, וואָס פאַרמאָגט אַזאַ טאַטן. (שפּעטער מיט יאָרן, לייענענדיק ר' נחמן בראַצ־לעווערס מעשהלעך, האָט שוין גרשון פאַרשטאַנען פונוואַנען זיין חברס טאַטע האָט זיי געשעפּט).

דער דאָזיקער חנא איז שטענדיק געווען אַ בלאַסער און שטענדיק אַ הונגעריקער, און אָן באַצאָלטס האָט ער נישט געוואָלט דערציילן. גראָדע האָט ער נישט געבעטן קיין געלט, נאָר בלויז גרשונס איבערבייסנס און וואַרעמעסן. ער וואָלט סיי־ווי־סיי נישט געקאָנט דערציילן אָן די איבער־בייסן און וואַרעמעסן. איינמאָל איז גרשון באַשטאַנען יענער זאָל אים פריער דערציילן אַ מעשהלע און ערשט דערנאָכדעם וועט ער אים געבן דאָס עסן. יענער האָט געפּרואווט, אָבער ס'איז נישט געגאַנגען. דערפאַר אָבער, אַז ער האָט אָפּגעגעסן, האָט ער אַזוי שיין דערציילט, אַז ס'איז געווען אַ חיות אים צו הערן.

די אַנדערע אינגלעך אין חדר האָבן דעמאָלט גרשונען אַ נאָמען גע־געבן „דאָס נאַרעלע". ווייל ווי נעמט אַ בר־דעת און פאַר אַ מעשהלע

גיט ער אַוועק דאָס עסן? אָבער גיי דערציילֿ זיי, גיי דערקלער זיי דעם גרויסן כּישוף, וואָס שטעקט אין חנאס אַ מעשהלע. ס׳איז דאָך אַקוראַט ווי ער אַליין וואָלט געווען אַ בן־מלך, וואָס איז פֿאַרטריבן געוואָרן פֿון טאַטנס הויז. ס׳איז דאָך אַקוראַט, ווי ער אַליין וואָלט געווען איינער פֿון די זיבן בעטלערס, וואָס קומט אָן אין אַ גרויסער שטאָט מיט פּאַלאַצן פֿון קריסטאַל...

אָבער חנא דער היקעוואַטערס, אָדער חנא דעם גלעזערס (זיין טאַטע איז געווען אַ גלעזער) מעשהלעך האָבן זיך סוף־כּל־סוף אויסגעלאָזט און גרשון איז געווען זייער אומגליקלעך. אָבער ער איז געפֿאַלן אויף אַן עצה, און די עצה איז געווען: אַזוי ווי ער געדענקט זייער גוט יעדעס מעשה־לע, וועט גרשון איצט אים, חנאן, זיי איבערדערציילן. אָבער חנא האָט נישט געוואָלט זיך צוהערן, סיידן מען וועט אים ווידער באַצאָלן. האָט שוין דען אונדזער בחורל געהאַט אַן אַנדער ברירה? מחמת פּונקט ווי ס׳האָט אים פֿריער געחלשט דאָס האַרץ צו הערן אַ מעשהלע, אַזוי האָט אים איצטער געחלשט דאָס האַרץ צו דערציילן אַ מעשהלע. זיינען די אי־בערבייסנס און וואַרעמעסן ווידער אַוועק צו חנאן.

אינדערהיים איז געווען זייער אומעטיק אָן דער מאַמען, און ער האָט זיך קיין אָרט נישט געקאָנט געפֿינען. דערפֿאַר אָבער, ווען ער האָט זיך פֿאַרקוקט אויף די צוויי בילדער, וואָס זיינען געהאַנגען אויף דער וואַנט ביי זיי אין שטוב, איז אים עפּעס געוואָרן גוט. איין בילד איז געווען אַ „מזרח" אויסגעמאָלן מיט רויטע הירשעלעך און געלע ציגעלעך. דאָס צווייטע בילד איז געווען אליהו הנביא אין טלית און אין תּפֿילין, מיט אַ ווייסער געקרייזלטער באָרד אין אַ שוואַרצער יאַרמולקע (שפּעטער מיט יאָרן אין ניו יאָרק אויף מאַרק שאַגאַלס אַן אויסשטעלונג האָט גרשון געזען אַ מאַלעריי פֿון אַ רבֿ מיט אַ ספֿר־תּורה אינמיטן פֿעלד, און ער האָט אויסגעקוקט פּונקט ווי אליהו הנביא אויף דער וואַנט אין זיין טאַטנס שטוב. נאָך שפּעטער מיט יאָרן, אין לאָס אַנדזשעלעס, האָט גרשון גע־זען צווישן מאַי זאָלאָטאַרעווס מאָלערייען אַ „מזרח" און דאָס איז געווען פּונקט ווי דער מאָלער האָט אים אַראָפּגענומען פֿון דער וואַנט אין זיין טאַטנס שטוב).

און ווען דאָס בחורל האָט לאַנג, לאַנג געקוקט אויף אליהו הנביאן, וואָס אויף דער וואַנט, איז געשען אַ גרויסער וואונדער: אליהו הנביא האָט זיך אָנגעהויבן רירן, ווינקען צו אים מיט די אויגן, מאַכן מיט די ליפּן, און ער האָט אפֿילו געהערט ווי ער זאָגט:

— שלום עליכם, גרשון.

דאָס זעלבע איז געשען, ווען ער האָט זיך פּאַרקוקט אויף די רויטע הירשעלעך, אויף די געלע ציגעלעך וואָס אויפן „מזרח״. די רויטע הירשעלעך און די געלע ציגעלעך האָבן אָנגעהויבן זיך צו רירן, פּינטלען מיט די אויגן, געשאָקלט מיט די עקן, געמאַכט מיט די ליפּן, און עפּעס געזאָגט, וואָס — האָט ער נישט געהערט.

אַזאַ זאַך האָט דאָס בחורל פאַרשטאַנען, איז אויסער דעם נאַטירלעכן סדר, אָבער אַז זיינע אויגן זען דאָס דאַרף מען שוין אַ בעסערן עדות? ער האָט דאָס דערציילט חנאן און אים באַשוואוירן, אַז צווישן זייביידן זאָל דאָס בלייבן. אָבער מען ווייסט נישט ווי אַזוי און אַלע אינגלעך פון חדר האָבן זיך דאָס דערוואוסט, און מען האָט דעם קליינעם גרשונען אויפגעפּאָדערט, ער זאָל זיי אויך ווייזן, ווי אליהו הנביא אויף דער וואַנט פּינטלט מיט די אויגן, און די ציגעלעך און הירשעלעך שאָקלען מיט די עקן... איז אַ ברירה האָט ער געהאַט? פאַרנאַכט פון חדר האָט ער גע־פירט אַ גאַנצע כאַפּטע אינגלעך צו זיך אין הויז אַריין. דאָס האַרץ האָט אים אָבער געזאָגט, אַז גראַדע איצטער וועט אליהו הנביא נישט וועלן פּינט־לען מיט די אויגן און די ציגעלעך און הירשעלעך וועלן נישט וועלן שאָק־לען מיט די עקן.

— מען דאַרף קוקן זייער לאַנג — האָט זיך אונדזער בחורל נעבעך גע־בעטן ביי די אינגלעך — און מען טאָר נישט לאַכן בשעת מען קוקט...

אָבער זיי האָבן יאָ געלאַכט, זיך געדישעט פון געלעכטער, און זיך געשושקעט איינער דעם אַנדערן אין די אויערן, אַז דער דאָזיקער גרשון איז עפּעס אַן אָפּגעריסענער נאַר, און אַז ס׳איז אַ רחמנות אויף זיין טאַטע־און־מאַמע.

אָבער גרשון איז געווען גערעכט: אליהו הנביא האָט טאַקע ניט גע־וואָלט פּינטלען מיט די אויגן בשעת די אינגלעך האָבן געלאַכט און גע־שושקעט צווישן זיך. דאָס זעלבע די ציגעלעך און הירשעלעך אויפן „מזרח״. אַ סימן — עט שפּעטער, נאָכדעם ווי די אינגלעך זיינען אַרויס־געלאָפן מיט גרויס געלעכטער, און ס׳איז געוואָרן שטיל אין הויז, האָט אליהו הנביא אָנגעהויבן פּינטלען מיט די אויגן, אָנגעהויבן מאַכן מיט די ליפּן און געזאָגט:

— שלום עליכם, גרשון.

די ציגעלעך און די הירשעלעך — אויך אַזוי: אָנגעהויבן צו פּינטלען מיט די אויגן, שאָקלען מיט די עקן, און אפילו געמאַכט:

— מע־מע־מע . . .

# איין עבירה שלעפּט אַ צווייטע

מען מאַכט אַ ברוקאַווקע אין בערשאַד, קאָן שוין אונדזער בחורל ניט איינזיצן אין חדר. מען קאָן דאָס נאָך חס־וחלילה מאַכן אָן אים. ער מוז זייער בויטיק זען, ווי מען צעגראָבט די גאַס, ווי מען לאָדט־אויס פורן מיטן זאַמד, ווי מען האַקט שטיינער, און בכלל וואָס ס'טוט זיך...

וואָס פאַר אַ בלאָטעס אַמאָל געווען אין בערשאַד. ס'הייסט די לעצטע יאָרן אויך, אָבער נאָך דער ברוקאַווקע שוין ניט אומעטום. ער געדענקט, גרשון, ווי נחמיה דעם שוסטערס אַ ציגעלע, קוים צוויי וואָכן אַלט, איז אַריין אין אַ טינטערל, אַ מין לויזע זייער טיפע בלאָטע, און ס'האָט זיך אָנגעהויבן צו טרינקען. ס'האָט אַזוי יאָמערלעך געמעקעט, נאָך אַ גליק, וואָס נחמיה האָט דאָס דערהערט און איז אַרויס און דאָס געראַטעוועט.

נאָך געדענקט ער, ווי איינמאָל האָט אַ פערדל זיך געוואָלט נעמען דאָס לעבן אין אַ זייער טיפער בלאָטע. דאָס איז געווען איצי פאַיקעס סיווע פערדל מיט אַן אָפּגעקראַכענער פעל, מיט איינגעפאַלענע זייטן, מיט אַ צעביסענעם וויידל, און מיט טרערנדיקע אויגן. עסן האָט מען דאָס געגעבן זייער ווייניק און דאָ דאַרף דאָס נאָך שלעפּן אַ וואָגן מיט שווערע קאַסטנס אין דער בלאָטע. איז אויף איין אָרט וואו ס'איז געווען זייער טיף און די רעדער זיינען פאַרסטראַנגעט געוואָרן און איצי פאַיקעס, אויך אַ סיווער, אויך אַן איינגעדאַרטער און אויך מיט טרערנדיקע אויגן, האָט גע־האַלטן אין דערלאַנגען דעם פערדל פּוזשעלעס איבערן צעפּאַסעוועטן צעביסענעם רוקן, האָט דאָס גענומען און געפאַלן אויף די קני. און אַז דער באַלעבאָס האָט ערשט דעמאָלט גענומען פאַסעווען מיט דער פּוזשע־לע, האָט זיך דאָס איינגאַנצן אויסגעצויגן, פאַרמאַכט די אויגן, ווי ס'וואָלט שוין מערער ניט געוואָלט לעבן...

אַ פעטע ערד, די בערשאַדער ערד, און דעריבער די בלאָטע אויך אַ פעטע... ווער ווייסט, ווי לאַנג מען וואָלט געדאַרפט ליידן פון איר, ווען עמיצן פון די מיליטער־לייט פאַלט ניט איין, אַז אין פאַל פון אַ מלחמה, און אַן אַרמיי וועט דאַרפן דורכגיין, קאָן זי נאָך פאַרסטראַנגעט ווערן אין דער בערשאַדער בלאָטע.. און אפשר האָבן די פאַמיעשטשיקעס (רייכע לאַנד באַזיצער), וואָס האָבן געשיקט אַלע האַרבסט אויף טויזנטער וואָגנס בוריקעס צום צוקערנעם זאַוואָד, באַווירקט די זיעמסטוואָ, און די זיעמ־סטוואָ האָט באַווירקט די מיליטער־לייט צו מאַכן אַ ברוקאַווקע. ווי די זאַך איז ניט געווען, אָבער דעם קליינעם גרשונען האָט מען געטאָן אַ

גרויסע טובה, און אפשר גאָר אַ רעה, און אפשר ביידע זאַכן צוזאַמען, אי אַ טובה אי אַ רעה, מחמת ס׳איז פאַרבונדן מיט דעם אי פרייד, אי ווייטיק, קערפּערלעכער ווייטיק.

און דאָ דאַרף מען ניט פאַרגעסן, אַז די מאַמע איז נאָך אַלץ אין פּעס־טשאַנקע, און די עלטערע שוועסטער חנה־רבקה צערייסט זיך ניט דעם פאַרטוך, צי ער גייט יאָ אין חדר, צי ניט אין חדר... און דאָ זיינען קיין בערשאַד פון דער פרעמד געקומען אויסטערלישע מענטשן, ביי אַ דריי הונדערט אין צאָל. נידעריקע אַזיגע, מיט קליינע בערדלעך, און קאַש־קעטן מיט שוואַרצע גלאַנציקע דאַשיקעס, אין רויטע העמדלעך, אויך אין בלויע אָדער גרינע, מיט קאָלירטע קוטאַסן גאַרטלען אַרומגעבונדן, אויף די לענדן פאַרטוכער פון זעק, און געררעדט האָבן זיי טיף רוסיש. „אַרטעלשטשיקעס״ האָט מען זיי גערופן. צוועלף אַזיגער בייטאָג האָבן זיי אָוועקגעלייגט די אַרבעט און זיך געזעצט לעבן די בערגלעך מיט זאַמד עסן, און אַז ס׳איז נאָך געבליבן אַביסל צייט נאָכן עסן, האָט מען גע־שפּילט אויף גאַרמאָשקעס און געזונגען פריילעכע לידער. איין ליד, וואָס גרשון געדענקט באַזונדערס, איז געגאַנגען אַזוי:

יאַ ס׳כאַזיאַנינאַם ראַזסטשיטאַלסיאַ,
דוויע קאָפּעיקי פּאַלוטשיל.
יעדו, יעדו, יאַ דאַמאַי
איק מילאַי זשענושקו מאַיעי.

און אין יידיש וועט דאָס מיינען:
מיט מיין באַלעבאָס זיך אָפּגערעכנט,
גאַנצע צוויי קאָפּיקעס אָפּגענומען,
פאָר איך, פאָר איך, איך אַהיים
צום טייערן ווייבעלע מיינס.

ס׳איז געווען שווער אין אַן אינדערפרי אויפן וועג צום חדר, פאַר אַ בחור פון זעקס יאָר, זיך ניט אָפּשטעלן און קוקן אויף דעם גרויסן וואונ־דער פון מאַכן אַ ברוקאַווקע... און אַז מען האָט זיך שוין יאָ אָפּגעשטעלט, איז געווען אַזוי שווער זיך אָפּצורייסן פון דער אָטעם־פאַרכאַפּנדיקע זאַך... ווי ער האָט מקנא געווען די ברוקירער, וואָס דאַרפן ניט גיין אין חדר... וואָס וואָלט ער ניט געגעבן, ווען ער קאָן זיך אָנטאָן אַ היטל מיט אַ גלאַנ־ציקן דאַשעק, און אַ רויט אָדער גרין העמדל מיט אַ קאָלירט גאַרטעלע אַרומגעבונדן און אַ פאַרטוך אויף די לענדן, שטיין אויף די קני, זעצן שטיינער אין דעם זאַמד און זיי פאַרגלעטן מיט אַ קליין אייזערנעם לאָפּעט־

קעלע. דאָס הייסט אַ גליקלעך לעבן. וואָס דען, ווי ער, אַ גאַנצן טאָג דאָרטן אין חדר ?

איז ווי־זשע קאָן מען זיך אָפּרייסן ? האָט ער טאַקע זיך ניט אָפּגעריסן. פּונקט ווי איינער, וואָס לייענט אַ געוואַלדיק־פאַרכאַפּנדיקע מעשה און קאָן זי בשום אופן ניט אַוועקלייגן אויף קיין מינוט, אַזוי אונדזער בחורל, זע־ענדיק די מעשה פון מאַכן אַ ברוקאָווקע... פאַרגעסן אַפילו, אַז ער איז הונגעריק און אַז ער איז מיד שטייענדיק. פאַר זיינע אויגן איז די ברו־קאָווקע געוואָקסן. אָט איז זי געווען ערשט לעבן שאול דעם קצבס שטוב, און שפּעטער מיט אַ פּאָר שעה באַלד לעבן נחום גרינבוימס דעם ציוניסטס הויז...

ערשט אַרום צוועלף אַ זייגער, ווען די ברוקירער האָבן זיך געזעצט לעבן זאַמד־בערגלעך עסן זייער שוואַרץ ברויט מיט גרויסע ציבעלעס געטונקען אין זאַלץ, ערשט דעמאָלט האָט זיך אונדזער גרשון געכאַפּט אַז ווי, ווי... אָבער שוין יאָ געזינדיקט, זאָל מען זינדיקן ווייטער. ניט אומזיסט זאָגט זיך „עבירה גוררת עבירה״, איין עבירה שלעפּט אַ צווייטע עבירה. און דאָס ניט גיין אין חדר האָט טאַקע געפירט צו נאָך אַ גרעסע־רער עבירה.

די מעשה איז, וואָס דאָס בחורל האָט געזען, אַז די וואָס צעגראָבן די ערד געפינען אַמאָל אַ פאַרזשאַווערטע מטבע, און עס ווערט אַ גרויסע גדולה צווישן די אַרבעטער. מען לויפט פון אַלע זייטן אָנקוקן די מטבע, און אויף זייערע פּנימער וואונדער שבוואונדער. זען ווי מענטשן וואונ־דערן און גאַפן, איז אויך איינע פון די פאַרכאַפּנדיקסטע זאַכן ביי אַזאַ בחורל ווי גרשון. דער איבערגאַנג פון אומעטיקייט צו פרייד, וואָס איז אַזוי פאַרכאַפּנדיק. ס׳קומט שוין אויס כמעט ווי אַ שפּיל אַזאַ : אָט גראָבן מענטשן מיט די ריסקאַליעס (גראָב־אייזנס) און זיי זיינען עפּעס פאַראו־מערט, און פּלוצלונג צוליב אַן אַלטן גראָשן צי אַ קאָפּיקע ווערט אַ גרויסע גדולה. יעדער איינער רייסט זיך צו באַטראַכטן די מטבע און יעדער איי־נער זוכט צווישן דער אויסגעגראָבענער ערד, אפשר וועט מען געפינען נאָך. גרשון האָט אַזוי געוואָלט מען זאָל געפינען וואָס אָפטער מטבעות. ער האָט אַזש געבעטן גאָט פאַר דעם. אָבער מען האָט אַזוי אָפט ניט גע־פונען.

און דאָ איז אונדזער בחורל איינגעפאַלן אַ גרויסער געדאַנק, און דער גרויסער געדאַנק איז געווען גיין אַהיים, זיך דערקלייבן צו דער גלעזער־נער צוקער־פּושקע, וואָס אין דער קאָמאָדע. אין דער גלעזערנער צוקער־

פושקע ליגט שטענדיק אַ הויפן מטבעות. דאָס איז פאַר דער שוועסטער חנה־רבקהן איינצוקויפן זאַכן אין קלייט אויף צו עסן...

אַ פּיאַטאַקל, אַ דרייער, אַ קאָפּיקע און אַ גראָשן האָט אונדזער בחורל געפּאַקט אין דער צוקערנער פּושקע. זיי פאַרשאַרט צווישן שטויב אויף אַזאַ אָרט, וואו די אַרטעלשטשיקעס האָבן באַלד געדאַרפט צוקומען מיט זייערע גראָב־אייזנס, און מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ געוואַרט... און ער האָט לאַנג ניט געדאַרפט וואַרטן... (דאָס איז מסתמא געווען זיין ערשט דראַמאַטיש ווערק, וואָס ער האָט פאַרטראַכט און אויפגעפירט, און די ברוקירער זיינען געווען די שפּילער).

:: :: ::

און פּאַרנאַכט? פאַרנאַכט האָט מאיר דער בלינדער גאַנץ שיין אָראָפּגעצויגן פון זיין מיזיניקל די הייזקעס, אים אַריבערגעלייגט איבער די קני און געשמיסן. ווען זיין מאַמע וואָלט געווען אינדערהיים, וואָלט זי מסתמא ניט דערלאָזט, אַז איר מאַן זאָל דאָס טאָן צו איר צדיקל. צו אַ שווערע האַנט האָט איר מאַן פאַרמאָגט. אויב ס'וואָלט ניט געווען קיין אַנדער ברירה, וואָלט זי דאָס אפשר אַליין געטאָן.

יאָ, צו אַ שווערע האַנט האָט געהאַט דער טאַטע, כאָטש ער האָט געפּרואווט שמייסן שוואַך. אָבער פון שמייסן שוואַך האָט אויך גענוג געשמאַרצט דאָרטן... און געשמיסן האָט מען ניט פאַר גנבענען געלט פון דער פּושקע, נאָר דער עיקר פאַר ניט גיין אין חדר...

# אַרויסגעטריבן פון גן־עדן

אַ בחור קיין אַנאַרע (עין־הרע) פון זעקס יאָר, וואָס לערנט שוין חומש מיט רש״י, זאָל נאָך אַלץ שלאָפן מיט זיין מאַמען אין בעט? שרה האָט אים שוין גראַדע געוואָלט אָפּגעוואוינען, אָבער דאָס גערשעלע האָט אַזוי האַרץ־רייסנדיק געוויינט, אַז זי האָט אים צוריק געמוזט אַריבערנעמען פון מאַנס בעט צו זיך אין בעט. ווען חס־וחלילה די אינגלעך אין חדר זאָלן זיך דערוויסן פון דעם, וואָלט ער שוין מערער ניט באַדאַרפט. אַ סך מאָל האָט ער אָנגענומען אַ פעסטן באַשלוס ביי זיך, אַז ניט מער, אָבער אַז ס'איז געקומען די צייט פון שלאָפן, האָט ער דאָס אַלץ אָפּגעלייגט אויף מאָרגן. נאָך דאָס מאָל און שוין... דערפאַר אָבער, אַז די מאַמע איז אַוועקגעפאָרן קיין פעסטשאַנקע, האָט ער שוין ניט געהאַט קיין אַנדער

ברירה. אָבער אָפּט מאָל זיך אויפגעכאַפּט אינמיטן נאַכט, אַ טאַפּ געטאָן לעבן זיך, דערפילט, אַז ס׳איז ניט די מאַמע, נאָר דער טאַטע, האָט ער יאָ־מערלעך געוויינט.

און אַז די וואָכן זיינען זיך געגאַנגען, און די מאַמע איז נאָך אַלץ געווען דאָרטן אין פּעסטשאַנקע, האָט ער אָפּטמאָל געגעבן אַ וויין אפילו אינמיטן טאָג אויך, ווען קיינער האָט ניט געזען... פונדעסטוועגן, אַז ס׳איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז זי קומט שוין, איז אים געוואָרן אַביסל שלעכט. און געוואָרן איז אים אַביסל שלעכט, וואָס ער האָט מורא געהאַט, אַז מען וועט איר דערציילן פון זיינע חטאים.

לעבן דער בריק ביי דער רויט־ציגעלנער הויכער מיל האָט די גאַנצע משפחה אָפּגעוואַרט דער מאַמען. אַלע האָבן געשיינט, אָבער ער, כאָטש מען האָט אים גוט אויסגעזייפט און אויסגעוואַשן, און פאַרקעמט די וויל־דע האָר זיינע, און אויך אָנגעטאָן אין אַ שבתדיקן גאַרניטור, האָט פונ־דעסטוועגן ניט עפּעס אַזוי געשיינט. ער איז געשטאַנען לעבן דער פּאַ־רענטשע פון דעם בריק, זיך פאַרקוקט אויף די זאַסטאַוועס (די שליוזן), ווי גרויסע שטיקער גרינע וואַסערן האָבן געהאַלטן אין איין פאַלן אין אַזוינע הילצערנע שאַפעס, און דאָס האַרץ האָט אים שטאַרק געקלאַפּט...

די מאַמע איז אָנגעפאָרן אין אַ פויערשן וואָגן, און די גאַנצע משפחה האָט זי אַרומגערינגלט, אָבער זי ס׳ערשטע — איר צדיקל. זי האָט אים געהאַלזט, געקושט און געוויינט. דאָס צדיקל האָט זיך געלאָזט און אין האַרצן איז געווען שווער...

די מאַמע איז אַביסל פולער ניט געוואָרן דאָרטן אין פּעסטשאַנקע ביי דער מומע באָבען. נאָך אַלץ אַ דאַרינקע מאַמע, אָבער דערפאַר אַ שמייכ־לענדיקע מאַמע, אַ פריילעכע מאַמע...

שפּעטער, אינדערהיים ביים אָנבייסן, ווען די גאַנצע משפחה איז געזעסן ביים טיש אַ גליקלעכע, האָט דאָס בחורל געטראַכט ביי זיך: זע נאָר, ער האָט גאָרניט געוואוסט, אַז זיין מאַמע איז אַ שיינע. טאַקע אַ קליי־נינקע, אַ דאַרינקע, אָבער מיט אַזוינע שיינע ליכטיקע שוואַרצע אויגן, און מיט אַזאַ שיין־געשניצט גאָמבעלע, און אירע ציין בלענדן ווייס ווי שניי, און איר בנעימותדיקער שמייכל איז אַזוי ליב.

דער טאַטע מיט דער לאַנגער שוואַרצער באָרד האָט אויך אויסגעזע־קוקט זייער שיין. זיין איינציק זעעוודיק גרין־ברוינלעך אויג האָט וואונ־דערלעך געלויכטן. אפילו דאָס ניט זעענדיקע איז אויך ערגעץ געווען לעבעדיק.

די טיר איז געווען צעפּראַלט צום אינדרויסן. אַ גאָלדענע זומערדיקע זון האָט אַריינגעקוקט. די פענצטער אויך צעפּראַלט צום אינדרויסן, און די ווייסע פאָרהאַנגען, וואָס די שוועסטער חנה רבקה האָט עקסטרא אויס־געוואַשן צוליב דער מאַמעס קומען, האָבן זיך געבלאָזן און געפּלאַטערט...

אליהו הנביא אויף דער וואַנט אין טלית און אין תפילין האָט באַ־זונדערס געשיינט. אַ סך זון איז געווען אויף זיין שמאָלן פרומען פּנים, און אויף זיין ווייס געקרויזט בערדל. אויך די רויטע הירשעלעך מיט די געלע ציגעלעך, און אַלע סימבאָלן פון די צוועלף שבטים, האָבן געשיינט אויפן „מזרח".

כדי אָנצוטאָן דער מאַמען אַ נחת־רוח, האָט דער טאַטע פאַרהערט זיין בנאָקל אין דער סדרה, און זיין בנאָקל האָט געזאָגט ווי אַ וואַסער. שרה איז אַוודאי געווען גליקלעך... ווען דער טאַטע זאָל נאָך ניט דערציילן וועגן די חטאים, וואָלט ער, גרשון, שוין אויך געווען גליקלעך... אָבער נאָכדעם, וואָס ער האָט אַזוי גוט געזאָגט די סדרה, און נאָכדעם, וואָס די מאַמע האָט אַזוי שיין צו אים געשמייכלט, נעמט דער טאַטע און טוט זיך אַ זאָג:

— אַי, איז דאָס געווען אַ שייגעץ.

אָט דאָ קומט דאָס — איז דעם בחורל פינצטער געוואָרן אין די אויגן, און זיך שוין עפּעס מיאש געווען. אָבער מער האָט דער טאַטע ניט גע־זאָגט. מסתמא דאָס אָפּגעלייגט אויף שפּעטער, און דאָס איז געווען נאָך ערגער. ס'איז שוין געווען גלייכער איבערצוקומען דעם אומגליק מיט אַמאָל.

ער האָט געטשאַטעוועט טאַטע־מאַמע, ניט אָפּגעטראָטן פון זיי אויף קיין מינוט, געוואָלט זיין דערביי, ווען מען וועט דערציילן וועגן זיינע חטאים, אפשר וועט ער זיך קאָנען פאַרענטפערן...

און יענעם אויפדערנאַכט קאָן גרשון גאָרניט פאַרגעסן. ס'איז גאָר ניט געווען קיין אויפדערנאַכט. מען האָט דאָס אויך ניט געקאָנט אָנרופן טאָג. ס'איז געווען ניט טאָג, ניט נאַכט, נאָר עפּעס אַ שיינע ליכטיקייט פון אַ פולער לבנה. אַלע הייזער זיינען געווען ליידיק. גאַנץ בערשאַד איז אַרויס אינדרויסן צו דער בלויער ליכטיקייט זיך אָפּקילן נאָך דעם הייסן זומער־טאָג.

און דער טאַטע מיט דער מאַמען זיינען געזעסן אויף דער פּריזבע און געשוויגן. זען אויף דער פּריזבע זיצן טאַטע־און־מאַמע און שווייגן, איז גאָרניט קיין וואונדער. גרשון האָט זיי אָפט געזען זיצן און שווייגן אינדרויסן אויף דער פּריזבע אין אַזאַ זומער־נאַכט. אָבער וואָס דער גרוי־

סער וואונדער איז געווען, וואָס פלוצלונג האָבן זיי זיך אויפגעהויבן און אָנגעהויבן צו גיין. דאָס בחורל האָט זיך אַזש דערשראָקן. זיי זיינען געגאַנגען איבער דער גאַס אַהין־און־צוריק, אַהין־און־צוריק. עפּעס ווי אַ מין שפּאַצירן וואָלט דאָס געהייסן. אַז טאַטע און מאַמע זאָלן בכלל גיין שפּאַצירן, אַפילו בייטאָג, האָט ער נאָך קיינמאָל ניט געזען... דער טאַטע איז איצט אַזאַ הויכער אין דער לבנה־נאַכט, עפּעס ווי איינער פון די ענקים (ריזן) וואָס אין חומש, און די מאַמע איז אַזאַ קליינינקע אין דער לבנה־נאַכט, ווי עפּעס אַ יונג מיידעלע... און זיי האָבןביידע שפּאַצירט אַהין־און־צוריק און גאָרניט גערעדט צווישן זיך...

גרשון האָט אַפילו ניט געטראַכט, אַז ווען ס׳וועט קומען די צייט פון שלאָפן, זאָל ער זיך לייגן לעבן זיין מאַמען אין בעט. ער וועט זיך לייגן לעבן זיין טאַטן אין בעט. אָבער דאָ האָט אים דערוואַרט גאָרניט קיין פריילעכער סורפּריז, און נעמלעך, אַז מיטן טאַטן קאָן ער אויך ניט שלאָפן. מען האָט אים גאָר אויסגעבעט אויף דער סאָפקע, וואָס אין צווייטן אַלקיר.

—אַ גרויסער בחור — האָט אים די מאַמע געקושט — דאַרף שוין שלאָפן אַליין.

מסתמא האָבן אָדם און חוה אויך אַזוי געפילט די ערשטע נאַכט, ווען מען האָט זיי אַרויסגעטריבן פון גן־עדן. ניט וואָס ער האָט מורא געהאַט איינער אַליין צו שלאָפן, נאָר עפּעס אַזאַ עלנטקייט דערפילט, ווי אַ קיילעכדיקער יתום, חס וחלילה. ער האָט בשום אופן ניט געקאָנט איינשלאָפן... און דאָ הערט נאָך, ווי טאַטע־און־מאַמע שושקען זיך עפּעס אין זייער אַלקיר, און ער האָט אַזוי מורא געהאַט, אַז דאָס דערציילט איר אויס דער טאַטע וועגן זיינע חטאים, וואָס ער איז באַגאַנגען, בשעת זי איז געווען אין פּעסטשאַנקע, און לאָזט אַוודאי ניט אויס זיין גנבענען געלט פון דער צוקער־פּושקע, און זיין מבטל זיין דעם חדר אויף אַ גאַנצן טאָג...

צו זאָגן דעם אמת, האָט אים שוין ניט געאַרט. זאָל מען דערציילן אויף אים, וויפיל מען וויל, מחמת ער איז איצטער געווען אין גאָר אַן אַנדערן מין טרויער. אַזאַ מין טרויער האָט ער נאָך אויף זיין לעבן ניט געוואוסט. אפשר האָט ער דערפילט בחוש, אַז דאָ געזעגנט ער זיך מיט זיין קינדשאַפט, און אַז ער גייט איבער צו אינגלשאַפט...

# קאַווענעס און צאַר דאָלאַר

וואָס איז געוואָרן מיט איר צדיקל? מען האָט איר געשריבן ווען זי איז געווען אין פּעסטשאַנקע, אַזוינע גוטע גרוסן וועגן אים. אַזוי קידער־ווידערדיק געוואָרן איצט. דאַוונט שוין ניט מערער מיט כוונה, כאַפּט גיך, גיך. דער עיקר, דער רבי, וואָס האָט אים פריער אַזוי שטאַרק געליבט, איז איצטער גאָרניט צופרידן מיט אים. „עפּעס דער קאָפּ איז אים אינדרויסן, ווי די פייגעלעך פליען״ — האָט ער געזאָגט.

שרה האָט אוודאי ניט געטראַכט אויף קיין מינוט, אַז זיין קידער־ווידערקייט נעמט זיך צוליב דעם, וואָס מען האָט אים אַרויסגעטריבן פון גן־עדן, אַזוי צו זאָגן. פריער פון דער מאַמעס בעט, נאָכדעם פון טאַטנס בעט אויך. דאָס בחורל אַליין האָט אויך ניט געטראַכט אויף קיין מינוט, אַז ס׳נעמט זיך צוליב דעם. ער האָט אינגאַנצן ניט געקאָנט אָפּגעבן זיך קיין חשבון וועגן דעם, וואָס ער האָט אין זיך מיט אַמאָל דערפילט אַ הפקרדיקייט.

און דאָ קומען אויף די קאַווענעס מיט די דיניעס, מיט די פלוימען, מיט די באַרן, מיט די פערישקעס און אַפּריקאָסן. פּאַר אַ בערשאַדער אינגל איז דאָס דאַכט זיך די שענסטע צייט פון יאָר. בערשאַד איז געווען באַ־רימט מיט אירע טלתים. מענדעלע מוכר ספרים דערמאָנט אויך די בער־שאַדער טליתים. אָבער אים דאַכט זיך, אַז זיין שטאָט וואָלט גיכער גע־וועדן געדאַרפט זיין באַרימט צוליב אירע קאַווענעס און דיניעס. אַזאַ טעם, וואָס אַ בערשאַדער קאַווענע אָדער דיניע האָט, האָט דאַכט זיך ניט קיין שום אַנדערע דיניע אָדער קאַווענע אין דער וועלט. און דעם טעם קאָן מען גאָרניט באַשרייבן. ס׳איז דען איין טעם? עטלעכע טעמים מיט אַמאָל...

איצטער־אָ אין אַמעריקע, אַז גרשון פאַרזוכט אַ שטיקל דיניע, אָדער קאַווענע, און דער טעם איז בלויז אַ שאָטן פון אַ בערשאַדער דיניע, אָדער קאַווענע, אָבער דאָך רופט דאָס אַרויס אַלע גוטע ריחות פון די אינגלשע יאָ־רען. ס׳רופט אַרויס דעם בערשאַדער מאַרק צווישן קראַוועצאָוס רויטע גע־מויערטע קלייטן, ס׳רופט אַרויס אַלע געשטעלן מיט די קוישן פול מיט די וויכיק שמעקנדיקע רויטלעכע עפּל, די גאָלדענע סיפּקע באַרן, די גלאַנציק ברוינע פליישיקע פלוימען אַלערליי. ס׳רופט אַרויס אַפילו דעם הור־האַ און די הייזעריקע קולות פון די מאַרק זיצער ביי די געשטעלן...

ס׳האָט אים געצויגן אין מאַרק אַריין, ניט וואָס ער האָט געוואָלט

דאָרטן עפּעס קויפן. ווען ס׳זאָל געווען זיין מיט וואָס, וואָלט ער אוודאי געקויפט. אָבער ניט דאָס איז געווען דער עיקר. דער עיקר איז זיין דאָרטן, זיך אַרומשלייען צווישן די געשטעלן און צווישן די וואָגנס, קוקן, זען, באַטראַכטן, באַשמעקן...

דער מלמד, הערשל דעם וואַסערפירערס, האָט עפּעס ניט געוואָלט שטאַרק מצער זיין זיין מאַמען. ער וואָלט איר געדאַרפט דערציילן, אַז איר צדיקל כאַפּט זיך אָפּט מאָל אַרויס פון חדר, כלומרשט אויף נאַטירלעכע באַדערפעניש, און יאָוועט זיך ערשט אַריין צוריק אין אַ שעה, אָדער אַמאָל מערער. פאַרשטייט זיך, אַז ער האָט אים געגעבן פעטש, אים געמוסרט...

און אָט איינמאָל אַ בייטאָג, ווי שרה מיטן קאָשעק, דערזעט פלוצלונג איר מיזיניקל אין מאַרק שטייט לעבן אַ וואָגן קאַווענעס און איז געוואַלדיק פאַרטאָן אין קוקן. פריער האָט זי געמיינט, אַז ס׳איז גאָרניט איר אינגעלע, אַז זי האָט גאָר געוואוסט, אַז ער איז איצט אין חדר. אָבער דאָך, ס׳איז פאָרט זיין פנימל מיט די אַרויסגעסטאַרטשעטע באַקן־ביינער. ס׳איז דאָך פאָרט זיין גרין היטעלע, מיטן גלאַנצערדיקן דאַשעק.

זי האָט אים ניט געקנייפּט, צו זיין גרויסער איבערראַשונג, נאָר אָפּגעפירט צוריק צום חדר אין גרויס שווייגעניש. זי איז אפילו ניט אַריינגעגאַנגען אינעווייניק אין חדר אים פאַרקלאָגן, נאָר אויסגעוואַרט ביז ער וועט עפענען די טיר און אַריין...

דעם רבינס פעטש האָבן אים גאָרניט ווי געטאָן איצט. ווי געטאָן האָט אים דער מאַמעס סטראַשענדיקער שוויגן. אַפּנים, האָט ער געטראַכט, זי האָט אָפּגעלייגט די שטראָף אויף שפּעטער, ווען ער וועט זיך אומקערן פאַרנאַכט אַהיים פון חדר... איז געווען דאָס גיין פאַרנאַכט אַהיים פון חדר, ווי איינער וואָס גייט צו דער תליה... זיך אָפּגעשטעלט לעבן הויז און געטראַכט, צי זאָל ער בכלל אַריינגיין אין הויז...

און ווען ער איז שוין אַריינגעגאַנגען אין הויז איז ער געווען זייער איבערראַשט, וואָס מען האָט אים אפילו ניט באַמערקט... די מעשה איז, וואָס טאַטע און מאַמע זיינען געווען באַזאָרגט וועגן חנה־רבקהן, זיין עלטערע שוועסטער. חנה־רבקה האָט זיי פאַרשאַפט אַ סך ווייטיק און בזיון. דאַכט זיך אַ שיין מיידל, אַ קלוג מיידל, פאַרגלוסט זיך איר אַ געשריי טאָן אינמיטן דער גאַס לעבן דער אַפּטעיק:

— צאַר דאַלאָי.

דאָס הייסט, אַראָפּ מיטן צאַר.

די מאַמע האָט געזאָגט, אַז מען דאַרף זי אַוועקשיקן צו דער מומע באָבען קיין פּיִסטשאַנקע. זי וועט אָפּזיין ביי דער מומע באָבען אין פּעפּטשאַנקע אַ פּאָר וואָכן, וועט זי קומען צופאָרן און אַנדערע חנה־רבקה.

דער טאַטע האָט אָבער געזאָגט: יאָ אַוועקשיקן צו דער מומע באָבען, ניט אַוועקשיקן, ער וועט זי גוט אויספּאַטשן, כאָטשבי זי איז אַ גאַנצע אינטעליגענטקע. גרשונצן איז איינגעפאַלן דאָט האָר: וואָס הייסט אויספּאַטשן אַזאַ שיינע און גרויסע שוועסטער. ס׳וואָלט געווען חילול הקודש. אַ שוועסטער מיט קופּער־רויטע כוואַליענדיקע האָר, און מיט גאָלדענע אויגן, יאָ טאָקע גאָלדענע, פייערדיקע, קלוגע. זי איז ניט געווען אין דער היים בשעת דער טאַטע האָט גערעדט וועגן דעם, אַז ער וועט זי פּאַטשן. געווען ביי אירע אוראָקן. אַ פּריוואַטע לערערין פון רוסיש געווען. פאַרדינט ניט שלעכט און ליב געהאַט צו קויפן ביכער און לייענען, און לייענען. געלייענט אפילו ווען אַלע זיינען געשלאָפן און די מאַמע האָט אויף איר געשריען, אַז זי ברענט אויס דעם גאַז (קעראָסין).

צי דער טאַטע האָט זי געפּאַטשט יענעם אָוונט, ווייסט ער ניט, מחמת דאָס בחורל האָט זיך ניט געקאָנט דערוואַרטן אויף דער שוועסטערס קומען... איינגעשלאָפן אַזוי־אָ, איידער ער האָט געטראַכט, אַז ער ווערט אַנטשלאָפן... געשלאָפן דעם געזונטן שלאָף פון אַ בחורל שוין באַלד זעקס און אַ האַלב יאָר אַלט... און פּלוצלונג, ס׳האָט געדאַרפט זיין זייער שפּעט אין דער נאַכט, ווי ער כאַפּט זיך אויף מיט גרויס דערשרעק. מען קלאַפּט עפּעס אַזוי שטאַרק אין דער טיר. בייז און שטאַרק קלאַפּט מען... און דאָ וואַקסט אויס אין דער פענצטער לעבן זיין סאָפקע די שוועסטער חנה־רבקה, און טוט אַ לייג אַריין אונטער גרשונס קאָלדרע אַ פּאָר זאַכן אַזוינע, און ער דערפילט תיכף, אַז דאָס זיינען ביכלעך... רעדן צו אים האָט זי קיין צייט ניט, מחמת די וואָס האָבן געקלאַפּט אין דער טיר זיינען שוין אינעווייניק...

דער פּריסטאַוו מיט סטראַזשניקעס האָבן זיך אַריינגעריסן אין הויז...

„זאַזשיגאַי לאַמפּו“, האָט מען אַ געשריי געטאָן. ווער ס׳האָט אָנגעצונדן דעם לאָמפּ אין שטוב ווייסט ניט גרשון, נאָר ס׳איז געוואָרן ליכטיק... און אַז מען דערזעט אַ פּריסטאַוו דאַרף מען אַראָפּכאַפּן דאָס היטל, אָדער די יאַרמעלקע, זיך טיף פאַרנויגן און זאָגן: „זדראַווסטוואויטיע וואַשע וויסאָקאָ בלאַגאָראָדיע“. דער טאַטע האָט ניט אַראָפּגעכאַפּט די יאַרמולקע און ניט געזאָגט: „וואַשע וויסאָקאָ בלאַגאָראָדיע“, נאָר בייז געשוויגן. די מאַמע איז געווען די, וואָס האָט זיך פאַרנויגט און געזאָגט:

„וואַשע וויסאָקאָ בלאַגאָראָדיע״.

דער פּריסטאַוו האָט געזוכט אין די בעטן און אונטער די בעטן, אין דער שאַפע און אונטער דער שאַפע, אַריינגעקוקט אין די טעפּ און אין אַלע לאַדיזשטשיקעס, אַפילו אין אויוון געשאַרט... און ס׳איז אים גאָר־ניט איינגעפאַלן צו זוכן אונטער דער קאָלדרע, אויף דער סאָפּקע, וואו דאָס צדיקל איז געלעגן... און דאָס צדיקל האָט זיך געמאַכט, ווי ער שלאָפט אַזוי געשמאַק... ווייסט נעבעך גאָרניט, זעט נעבעך גאָרניט...

זיי זיינען אַוועק...די מאַמע האָט געוויינט. און דער טאַטע? ער איז גאָרניט געווען אין כעס אויף חנה־רבקהן, נאָר גראַדע אויפן פּריסטאַוו. „הענט און פיס וועל איך אים אונטערהאַקן״, האָט ער געשריגן...

ס׳איז געוואָרן ווידער פינצטער. אַלע אין הויז האָבן זיך באַרואיקט. חנה־רבקה האָט גענומען גרשונען צו זיך אין בעט, גערעדט צו אים אין דער פינצטער וועגן „סוואָבאָדאָ״ (פריהייט) און וועגן טייערע מענטשן, וואָס האָבן זיך אָנגענומען פאַר די אָרעמע, און דער שלעכטער צאַר הענגט זיי אויף תליות, אָדער פאַרשיקט זיי אין וויטן, קאַלטן, וויסטן סיביר...

זי האָט אויך גערעדט צו אים, אַז ווען ער, גרשון, וועט אויסוואַקסן, זאָל ער זיך אויך אָננעמען פאַר די אָרעמע מענטשן...

## דער חרם טייך

די מאַמע האָט איר גערשעלען גוט אויסגעוואַשן, אויסגעזייפט, אויס־געקעמט, פאַרגרייזלט אים די פאה׳לעך, אים אָנגעטאָן אַ פרישן טלית־קטן און איז אַוועק מיט אים צום קאַרדונער רבין. טאַקע דער זעלביקער וואָס האָט איר גרשונען געבענטשט ווען ער איז נאָך געלעגן אין איר טראַכט, אַז ער וועט אויסוואַקסן אַ גרויסער צדיק.

אויף דער טאַרהאָוויצע אין הערשל איטע־ריוועס גרויסער הויז איז דער קאַרדונער רבי שטענדיק איינגעשטאַנען ווען ער האָט זיך אָראָפּגע־לאָזט קיין בערשאַד. הערשל איטשע־ריוועס, אַ מיטל־וואוקסיקער, אַ ברייט־געפּאַקטער, געדיכט־באָרדיקער איז געווען אַ מסוכנער כעסן. ניט נאָר זיינע אייגענע קינדער, נאָר אפילו די אינגלעך פון דער גאָס האָבן פאַר אים געציטערט. דער כעס האָט זיך אפשר צו אים גענומען, וואָס ער האָט גע־האַנדלט מיט זאַלץ, און די זאַלץ האָט זיך אַריינגעזאַפּט אין זיינע בלוטן.

דערפֿאַר אָבער, אַז דער קאַרדונער רבי איז געקומען איז אים עפּעס גאָר־נישט געווען צו דערקענען: געגאַנגען מיט אַ טענצל, געשמייכלט ליבלעך צו אַלעמען און אויסגעזען ווי אַ בגילופֿינדיקער מיט גוטע פֿינקלדיקע אויגן און מיט וואַרעמע, רויטלענדיק זיך באַקן. ס׳איז אַ סברא, אַז ער איז טאַקע געווען אָפּט בגילופֿין, ווען דער קאַרדונער רבי איז געקומען. אַזוי פֿיל סעודות, אַזוי פֿיל קידושים, אַזוי פֿיל לחיימס. ער האָט ליב געהאַט סעודות, דער הערשל, ליב געהאַט קידושים, ליב געהאַט לחיימס.

געגאַנגען איז שרה די פֿרומע מיט איר גערשעלען צום קאַרדונער רבין, זיך גוט אויסוויינען פֿאַר אים. אים דערציילן, ווי אַזוי דאָס ציטערדיקע מיזיניקל אירס וועמען ער אַליין האָט געבענטשט נאָך אין איר טראַכט, גייט ניט אין די גוטע וועגן, ווערט פֿאַרפֿאַלן פֿון חדר, גנבעט געלט אין דער צוקער־פּושקע, ניט מעשה צוקונפֿטיקער צדיק. אין איינוועגס אים אויך דערציילן וועגן אירע צרות מיט איר עלטסטער טאָכטער. אַזאַ שיינע, אַזאַ געראָטענע, אַזאַ קענערקע און זי שרייט גאָר „צאַר דאָלאָי״ אינמיטן דער גאַס, און דער פּריסטאַוו מאַכט אָביעסקעס ביי איר אין הויז.

פֿאַר דעם גערשעלען אַליין איז דאָס געווען אַ גליקלעכער טאָג, דאָס הייסט, ניט אינגאַנצן קיין גליקלעכער, מחמת ער האָט זיך אויסגעלאָזט גאָרניט גליקלעך. אָבער וואָס האָט ער געזאָלט וויסן, ווי אַזוי ער וועט זיך אויסלאָזן, אַז דערווייל איז אים געווען גוט. ראשית ניט געגאַנגען אין חדר יענעם טאָג, והשנית האָט ער געהאַט אַ באַזונדערע נייגעריקייט צו דער טאָרהאָוויצע, פֿון זינט דעמאָלט ווען משה דעם קאָוואַלס שטוב האָט אָפּגעברענט.

עפּעס אַן אַנדער וועלט געווען אויף דער טאָרהאָוויצע: עפּעס אַזאַ ברייטע גאַס, די שטיבער אַלע אַזוינע גרויסע, משונהדיקע, באַזונדערס איז אים געפֿעלן אַ הויז מיט אַ רויטן דאַך, מיט אַ גאַניק כמעט גאָלע גלעזערנע שייבלעך, די לייסטלעך געפֿאַרבט אין ווייסן. גיי ווייס, אַז דאָס דאָזיק הויז מיטן רויטן דאַך און מיטן גלעזערנעם גאַניק, וועט שפּעטער ווערן זיין היים פֿאַר לאַנגע יאָרן... און די אינגלעך דאָרטן אויף דער טאָרהאָוויצע, אויך עפּעס ווי פֿון אַן אַנדער וועלט: חוצפּהדיגע אַזוינע, שעמען זיך ניט קוקן דיר גלייך אין די אויגן, און קאָנען וואַרפֿן שטיינדלעך אַזוי הויך צום הימל, אַז ס׳פֿאַרכאַפּט אַזש דאָס האַרץ.

דער קאַרדונער רבי איז אים געפֿעלן. אַ שיינער ייד מיט אַ פֿולן קלאָר ראָזעווען פּנים, מיט אַ בלאָנדלעכער ברייטער באָרד, מיט טיפֿע, זייער פֿינקלדיקע שוואַרצע אויגן און אין אַ גרויסן סאַמעטענעם שוואַרצן קאַ־

פּעליוש אויפֿן קאָפּ, האָט זייער ליבלעך געשמייכלט צו שׂרהן און אויך צו אים, דעם בחורל. אַ באַזונדערער שמייכל איז דאָס געווען, וואָס הויבט אײַך באַלד אויף. ער האָט אויך פֿאַרמאָגט עפּעס זייער אַ גוטע, און זייער אַ וואַרעמע האַנט, מחמת, אַז ער האָט צוגעלייגט זײַן האַנט צו גרשונס טלית־קטן, האָט ער דערפֿילט אַ ליבלעכע הייסקייט אין האַרצן. וועגן זײַן פֿאַרפֿאַלן ווערן פֿון חדר, האָט דער הייליקער ייד געזאָגט, אַז זי זאָל זיך די אשה שׂרה גאָרניט זאָרגן — קינדער, ס׳מאַכט זיך אַמאָל; און אַז ער וועט טאַקע אויסוואַקסן אם ירצה השם (מירצעאַשעם) אַ גרויסער צדיק און וועט זײַן געראָטן אין איר משפּחה. און וועגן איר טאָכטער הבתולה חנה רבקה, זאָל זי אויך זיך גאָרניט זאָרגן — היינטיקע קינדער, אָבער אַז זי וועט חתונה האָבן וועט זי זײַן אַ כּשרע יידישע טאָכטער.

שׂרה איז געווען אין זיבעטן הימל. זי האָט דערנאָך איר צדיקל געקויפֿט אַ קאַטשקעלע, אַ מין צוקערקע אַזאַ מיט אַ בייכעלע, מיט אַ העלזל. דאָס גערשעלע איז, פֿאַרשטייט זיך, אויך געווען אין זיבעטן הימל. אַחוץ דעם קאַטשקעלע, וואָס איז זייער זיס, איז ער געפֿאָרן אַביסל באַגלייטן זײַן ברו־דער נחומען, וואָס איז געפֿאָרן אין פּעטאַשנער וואַלד.

דער ברודער נחום האָט אים אַראָפּגעלאָזט פֿון וואָגן ביי דעם בריק, וואָס ביי דער רויט־ציגלדיקער מיל, און אַליין זיך ווייטער געפֿאָרן. און דאָרטן ביים בריק — אַ פֿאַרכאַפּנדיקע שיינע וועלט. זיצט אַ בעטלער אָן אַ היטל ביי דער זייט פֿון בריק, מיט אויסגערונענע אויגן, מיט אַ פֿאַרפֿלאָנ־טערטער גרוילעכער באָרד, מיט צעשויבערטע גרויע האָר אויפֿן קאָפּ, מיט באָרוועסע בלאָטיקע פֿיס, אין שמאַטעס און אין לאַטעס, שפּילט אויף אַ פֿאַרצייטיקער באַנדורע און זינגט אַ קלאָגנדיקע ליד:

אוי, פּישלאַ סיראָטאַ טיאָמנימי לוהאַמי

(אוי, ס׳איז געגאַנגען די יתומה איבער די פֿינצטערע פֿעלדער)

אַבליוואַיעטסיאַ בידנאַ האָרקימי סליזאַמי,

(באַגיסט זיך די אָרעמע מיט ביטערע טרערן).

אויף די קלעצער, וואָס סטאַרטשען אַרויס פֿון דעם בריק, זיצן פּוי־ערים מיט אודילקעס (ווענדקעס) און כאַפּן פֿיש. דאָס הייסט, זיי דאַרפֿן כאַפּן פֿיש. גרשון איז אָפּגעשטאַנען אפשר אַ שעה און זיך ניט געקאָנט דערוואַרטן, אַז עמיצער פֿון זיי זאָל כאַפּן כאָטש איין פֿישל.

און די רויט־ציגלדיקע מיל מיט די הונדערטער קליינע פֿענצטערלעך — נאָר זי רוישט... און די פֿאַלנדיקע גרינע שטיקער וואַסער אין די זאַס־טאַווקעס (שליוזן), נאָר זיי פֿליעסקען, און פֿון די פֿאַרבייפֿאָרנדיקע וואָגנס,

די הילצערנע ברעטער פון דעם בריק, נאָר זיי הודיען...

אָבער דער עיקר וואָס פאַרכאַפּט אונדזער פאַרשווינדל — איז דער חרם־טייך. אין חרם־טייך, האָט ער געוואוסט, טאָרן זיך די יידן ניט באָדן. לויט אַ לעגענדע האָט כמעלניצקי דערטרונקען אין דעם דאָזיקן טייך אַ סך יידן, און לויט ניט קיין לעגענדע איז אַ סכנה דאָרטן זיך באָדן, מחמת ס׳זיינען דאָרטן דאָ אַ סך אונטערשטראָמען. אָבער ער זעט דאָך, גרשון, איצט מיט זיינע אייגענע אויגן, ווי מען באָדט זיך יאָ. ער זעט נאַקעטע קערפּערלעך פון אינגלעך, וואָס שיינען ראָזעווע אין דער זון, און לויט זייערע געשרייען, דערקענט ער, אַז דאָס זיינען יידישע אינגלעך. זיי שפּרינגען אין וואַסער אָן מורא, און די וואָס קאָנען ניט שווימען, טונקען זיך אונטער, און טאַנצן, און שפּריצן, און מאַכן קולות, און ס׳איז חי געלעבט...

ער קאָן טאַקע ניט שווימען, אָבער אונטערטונקען קאָן ער דאָך, און שפּריצן קאָן ער אויך, און שרייען אוודאי און אוודאי. שרייט ער, דאָס נאַקעטע גערשעלע, און טונקט זיך אַלעמאָל אונטער, פאַרשטעלנדיק מיט צוויי גראָבע פינגער די אויערן און מיט די צוויי וויַיז־פינגער די נאָז...

אָבער פּלוצלונג — פאַרלוירן געוואָרן דער באָדן אונטער זיינע פיס... די הענט ווילן זיך אָן עפּעס אָנכאַפּן, און האָבן נישט אין וואָס... די וואַסער קריכט אין האַלדז אַריין. ער וויל ברעכן און קאָן ניט... אַ גרויסער, גרויסער פּחד... דער פּחד פון טויט...

און דערנאָך קאָן ער שוין ניט שרייען, מאַמע. ער קאָן בככל שוין גאָרניט טאָן... דאָס לעבן לאָזט זיך אויס... בלויז איין בליק געכאַפּט אויפן בלויען הימל...

:: :: ::

נעמט דער טאַטע און שמייסט אים... לאַ־די, וואָס ער האָט זיך גע־טרונקען, און ווען מענטשן ראַטעווען אים ניט וואָלט שוין מאיר ניט גע־האַט קיין מיזיניקל, נעמט ער נאָך און שמייסט. די מאַמע לאָזט אוודאי ניט. אָבער ס׳העלפט איר ניט.

שפּעטער, ווען מען האָט זיך געלייגט שלאָפן, נעמט אים אַריבער די שוועסטער חנה־רבקה צו זיך אין בעט. זי זאָגט אים, אַז ס׳איז גאָרניט, וואָס ער האָט זיך געטרונקען, ווייל כמעט יעדער איינער טרינקט זיך, איידער ער לערנט זיך אויס שווימען. זאָל ער גאָרניט אַראָפּפאַלן ביי זיך... נאָך זאָגט זי אים, אַז ער זאָל זיין אַ שטאַרקער און אַ קלוגער, נאָר שטאַרקע און

קלוגע קאָנען זיך אָננעמען פאַרן אָרעמען נאַראַד...

דאָס געדשעלע פאַרשטייט ניט אינגאַנצן וואָס זי רעדט, אָבער ער פילט, אַז זי מיינט גוט. און דאָ איז נאָך אַזוי וואַרעם און גוט מיט איר, און ער ווערט פאַרכאַפּט פון אַ נחת־רוח, פון אַ פרייד אַזאַ, וואָס איז צו אים עפּעס זייער ניי...

# אַ ווייטיק דער מאַמען זיינער

דער ברודער שמאַי איז געקומען אַהיים פון סלוזשבע (מיליטער דינסט), און פאַר גרשונען איז ער געווען עפּעס אַ רעטעניש: יאָ אַ ברו־דער, ניט קיין ברודער. לאָז מען נעמען, למשל, נחומען, דעם אַנדערן ברו־דער. יענער לאַכט, רעדט אַ סך, פילט זיך ווי ביי זיך אין דער היים. שמאַי אָבער, לאַכט ניט, רעדט זייער ווינציק, און גייט אום אין הויז, עפּעס אַזוי פאַרזיכטיק...

שבת אין אַלטן בית־המדרש נאָכן דאַווענען, זיינען צו אים צוגעקומען זיינע אַמאָליקע חברים, אָבער ער האָט געקוקט אויף זיי, ווי ער וואָלט קיינמאָל ניט געווען מיט זיי חבר. זיי האָבן גערעדט צו אים, אויסגע־פרעגט און אַלצדינג, וואָס ער האָט געענטפערט איז געווען: „דאַ, טאַק־טאָטשנאַ, סלושאַיעם. (יאָ, ריכטיק אַזוי, כ׳הער).

ווען מען האָט אים אויפגערופן צו דער תורה, האָט ער געשפּאַנט צום באַלעמער גאָרניט ווי קיין ייד. מיט אויפגעהויבענע אַקסלען, געשפּאַנט, מיט אַן אַרויסגעשטעלטער ברוסט, און מיטן קאָפּ אָן אַ זייט געשפּאַנט. גרשון האָט באַמערקט אין די אויגן פון אַ סך דאַוונער שפּאָט און ס׳האָט אים ווי געטאָן...

צוריק מיט יאָרן האָט מאיר דער בלינדער פאַרגראָבן אין קעלער, טיף אין דער ערד אַכצן פלעשער ווישניק, מיט דעם געדאַנק, אַז ביי אַ שמחה פון אַ קינד, וועט ער אַרויסגראָבן אַ פּאָר פלעשלעך און טרינקען פון זיי לחיים. לכבוד שמאַיס קומען פון די סאָלדאַטן האָט מאיר אַרויסגעגראָבן צוויי פלעשער ווישניק. זיי האָבן טאַקע אויסגעקוקט ווי זיי זיינען געלעגן לאַנגע יאָרן טיף אין דער ערד. פאַראוכקעטע אַזוינע, שטאַרק טונקעלע, כמעט אינגאַנצן שוואַרצע און ס׳האָט פון זיי געשלאָגן מיט דעמפּקייט און מיט שימל. איצטער, נאָכן דאַוונען, האָט דער טאַטע פאַררופן צו זיך אין

הויז אויף קידוש זיינע ידידים און מקורבים טרינקען אַ לחיים און זיך צעווינטשעווען איינער דעם אַנדערן ישועות ונחמות. שרה האָט אָנגע־באַקן גאַנצע זעקס קוגלען; אַ לאָקשענעם, אַן עפּלדיקן, אַ מאַנע־גרייפּלדיקן, אַ מערענעם, אַ קאַרטאָפלענעם און פון געשטאָפּטע קישקעלעך.

און אָט איז מען געזעסן ביים שבתדיקן טיש, אַלע האָבן געטרונקען לחיים צו שמאַין, און שמאַי האָט געטרונקען לחיים צו אַלעמען. אַ סך לחיימס האָט מען געטרונקען פון אַלטן ווישניק און אונדזער שמאַין האָט דאָס, הפּנים, צענומען, צעוואַרעמט און ער איז אַרויס מיט אַ ליד, אַ סאָל־דאַטסקי ליד:

סאָלאָוועי, סאָלאָוועי, טיאָך טיאָך...
סאָלאָוועיושקאַ זשאַלאָבנאַ פּאַיאָט.

גרשונען איז גראָד געפעלן געוואָרן אָט דאָס ליד, אָבער ער האָט ווי־דער באַמערקט שפּאָט אין די אויגן פון די איבעריקע.

אין בערשאַד האָט מען עפּעס געמאַכט חוזק פון אַ סאָלדאַט. ס'איז אומגעגאַנגען אַ ווערטל: אַ טאָג — אַ סאָלדאַט, אַ יאָר — . . . (ניט קיין דרוקבאַר וואָרט). און שמאַי איז אָפּגעווען אין די סאָלדאַטן גאַנצע פיר יאָר מיט אַכט חדשים. אין דער אַרטילעריע געדינט. אַ חוץ דעם האָט ער אויך געהאַט רויטע האָר, און אַ ייד מיט רויטע האָר, איז ניט געווען אַזאַ מעלה ביי די בערשאַדער. אַ רויט האָריקן האָט מען גע־האַלטן פאַר אַ כעסן, און אַ חוץ דעם האָט ער אויף זיין פּנים געהאַט צייכנס פון זיינע אַמאָליקע פּאָקן, איז— אי אַ סאָלדאַט, אי אַ רויט־האָריקער, אי אַ געשטופּלטער, איז שוין געווען צו פיל פאַר איינעם וואָס זוכט אַ כלה.

ניט ער האָט געזוכט אַ כלה, נאָר די מאַמע האָט געזוכט פאַר אים. זי האָט אים געוואָלט וואָס גיכער חתונה מאַכן, אפשר וועט ער ניט זיין אַזאַ אומעטיקער. איידער ער איז געגאַנגען אין די סאָלדאַטן, איז ער גראָד ניט געווען אַזאַ אומעטיקער, האָט זיך גרשון דערוואוסט. פאַרקערט, גאָר אַ פריילעכער געווען, מיט אַ שפּאַס, מיט אַ ווערטל, געהאַט אַ סך חברים. איצטער אָבער, ווי אַ פאַרביטענער, קיין שפּאַס, קיין ווערטל, קיין חבר. אַן אומעטיקער זיך אַרומגעטדרייט אין שטוב, און געזונגען: „סאָלאָוועי, סאָלאָוועי, טיאָך טיאָך"... ס'האָט אים אָפּט געצויגן קיין קיריוווקע, אַ דאָרף אַזאַ ניט ווייט פון בערשאַד. פאַרוואָס גראָד קיין קיריוווקע? דאָרטן איז געווען זיינער אַ ברודער־סאָלדאַט, סעמיאָן, וואָס האָט געדינט מיט אים אין איין ראָטע, אוןביידע האָבן זיך אומגעקערט אַהיים אין דער זעלבי־קער צייט.

הכלל, גאָט האָט געהאָלפן און ס׳האָט זיך אָפּגעזוכט אַ כלה און גראָד מיט אַ שטיקל יחוס, דעם שוחטס טאָכטער פון באַלטע. דער ברודער נחום האָט זיך צוגעגרייט מיט אַ שטיקעלע פאַרן קנסן מאָל. דער ברודער נחום האָט ליב געהאַט זיך פאַרשטעלן און שפּילן טעאַטער אויף שמחות. די שטיקלעך זיינען געווען מעשיות פון חומש, ווי למשל, יעקב אבינו געזעגנט זיך מיט די צוועלף שבטים; ווי דער אַלטער, בלינדער יצחק בענטשט זיין זון יעקבן; ווי יעקב טענהט זיך אויס מיט זיין פעטער לבנען דעם ראמאי (אָפּנאַרער). אַלץ אין גראַמען, אָבער ניט אַזוי די גראַמען ווי דאָס פאַרשטעלן זיך: זיך אָנגעטאָן אין ווייסן קיטל, זיך צוגעטשעפּעט אַ באָרד פון קליאטשע, און דאָס איז געווען אָדער יצחק אָדער יעקב אבינו. פאַר יוסף הצדיק האָט ער זיך אָנגעטאָן אין אַ סאַטינעם העמדל מיט קווייטלעך, מיט אַ זיידן גאַרטל אַרומגעבונדן. צום קנסן מאָל האָט ער זיך טאַקע געקליבן פאַרשטעלן ווי יוסף הצדיק בעט זיך ביי זיינע ברידער מען זאָל אים ניט אַריינוואַרפן אין גרוב אַריין:

טוט ניט די זינד
צו רחלס קינד
זי וועט וויינען און קלאָגן
און צו גאָט דערטראָגן
און וואָס וועט איר דעם טאַטן יעקבן זאָגן?...

און נאָך, און נאָך. און אַלץ אין גראַמען.

צוליב דעם, וואָס מען האָט זיך געריכט אויף אַ סך געסט, האָט מען אָנגעליען טעלער ביי די שכנות און דאָס בחורל גרשון האָט דערביי באַמערקט, ווי פאַרשיידן די טעלער זיינען ביי יעדער שכנה. למשל, ביי דער טאָלציכע זיינען די טעלער ס׳רוב מיט בלויע קווייטעלעך, ווידער ביי זעלדען פון די הייזון זיינען זיי מיט גאָלדענע קווייטעלעך.

הכלל, ס׳איז געקומען דער אָוונט, מען האָט אָנגעהויבן צו שטראָמען: פעטערס, מומעס, געשוועסטערקינדער, פריינט און גלאַט אַזוי שכנים... ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די צערעמאָניע פון קנסן-מאָל, און אונדזער בחורל איז געשטאַנען מיט אַן אָפן מויל, קיין שום פּרט ניט אויסגעלאָזט און אוודאי ניט דאָס צעברעכן דעם טעלער. אַז אַ קינד האָט צעבראָכן אַ טעלער ביי מאיר דעם בלינדן אין הויז האָט מען געגעבן פעטש, ביטערע פעטש, און דאָ, עטלעכע יידן מיט בערד נעמען אָן אַ טעלער און פאַר אַלעמען אין די אויגן — טראַך אין טיש און ס׳צעברעכט זיך אויף פּיץ-פּיצלעך און אַלע פרייען זיך נאָך און שרייען:

— מזל־טוב, מזל־טוב!

וואָלט דאָס כאָטש געווען אַן אייגענער טעלער, איז דאָס אָבער געווען דער טאָלציכעס טעלער מיט די בלויע קווייטעלעך...

— אוי, טאַטע, — האָט דאָס בחורל אויסגעשריען הויך אויף אַ קול — ס'איז דאָך אַ פרעמדער טעלער, דער טאָלציכעס טעלער.

„דאָס אמתע נאַרעלע", האָבן מחותנים זיך געשעפּטשעט און איינגעהאַלטן געלעכטערס. דער טאַטע, נעבעך, האָט ניט געוואוסט וואוהין זיך אַהינטאָן. דער ברודער נחום האָט אָבער גלייך געראַטעוועט די לאַגע. אין סאַמעטענעם העמדל מיט די קווייטעלעך, אין אַ טלית־קטן איבערן העמדל מיט אַ סוקעוואַטן שטעקן, אַ באַרוועסער האָט ער גלייך אָנגעהויבן מיט זיין שטיקעלע וועגן יוסף הצדיק, און דער עולם האָט פאַרגעסן אין דער נאַרישקייט פון בחורל.

אין אַ צווייטן צימער אָבער, ביים טיש פון די פרויען, האָט מען אַזוי גיך ניט געקאָנט פאַרגעסן די ווערטער: „צעבראָכן אַ פרעמדן טעלער". מען האָט דאָס אויסגעטייטשט ווי אַ שלעכטן סימן. שרה איז גאָר געווען דערשראָקן. מחמת איר מיזיניקל, וואָס דאַרף אויסוואַקסן אַ גרויסער צדיק, פאַרמאָגט שוין אפשר איצט דעם כוח פון נביאות.

ס'איז טאַקע שפּעטער אויסגעקומען, אַז ס'איז געווען אַ פרעמדער טעלער, דאָס הייסט, דער שידוך האָט ניט געהאַט קיין קיום און אין עטלעכע וואָכן אַרום האָט כלהס צד אָפּגעשיקט די תנאים. דערפאַר אָבער האָט געהאַט אַ קיום דער צונאָמען „נאַרעלע". און מען האָט זיך ניט באַנוגנט בלויז מיט דעם וואָרט, נאָר אויך צוגעגעבן כלומרשט מיט אַ זיפץ: אַ ווייטיק דער מאַמען זיינער...

## דורך פרעמדע פענצטער

טאַקע געווען אַ מין נאַרעלע, גרשון מאיר דעם בלינדנס בנאָק. קומט דער אָוונט און ער איז ניטאָ. אָבער שרה ווייסט שוין וואו אים צו זוכן. שטייט מסתמא ביי אַ פענצטער און קוקט אַריין אין אַ הויז פון אַ שכן. וואָס זעט ער דאָרטן? גאָרניט. ווי אומעטום, אָדער מען עסט וועטשערע, אָדער די באַלעבאָסטע פאַררירכט אַ זאָק, אָדער זי פליקט פעדערן. די געווינלעכע זאַכן, וואָס מען טוט אין אַ הויז. אָבער ביי אים אַריינקוקן

ביינאַכט אין אַ פרעמד הויז איז אַקוראַט ווי מען דערציילט אים אַ שיין מעשהלע.

אָנגעהויבן האָט זיך דאָס ביים נייעם רבין נחום באַגאַמאָלני.

נחום באַגאַמאָלני איז שוין אַ רבי מיט אַ ווייסן גומענעם קאָל־נער, מיט אַ שניפּס, מיט אַ קורץ רעקל. געווען פון די ערשטע ציוניסטן אין שטאָט און געדאַוונט אין דער ציוניסטישער קלויז.

אָבער ווי קומט דאָס, וואָס די פרומע שרה האָט אָוועקגעגעבן איר מיזיניקל צו אַ מלמד פון די היינט־וועלטיקע? דאָס איז שוין געווען דער עלטערער שוועסטער חנה־רבקהס אַרבעט. די מאַמע האָט געחלומט אַ חלום וועגן איר מעזיניקל אַלס צדיק צו וועמען מענטשן קומען זיך בענטשן פון אַלע עקן. די שוועסטער חנה רבקה האָט געחלומט אַ חלום וועגן איר קליין ברודערל אַלס אַ פירער פון אָרעמען נאַראָד, אַ גרויסן רעוואָלוציאָנער. און וואו נאָר זי האָט געקאָנט, האָט זי שוין געריכטעט איר ברודערל אויף דעם דאָזיקן וועג. און כאָטשבי זי האָט געשריגן „צאַר דאָלאָי״ פאַר אַן עולם מענטשן לעבן דער אַפּטייק, און כאָטשבי דער פּריס־טאַוו האָט געמאַכט אַן אָביסק (זוכונג) אין הויז, און כאָטשבי דער טאַטע האָט געוואָלט זי אויספּאַטשן, פונדעסטוועגן האָט מען זיך צוגעהערט צו איר און אָנגענומען אירע עצות. זי האָט באַוויזן דער מאַמען, אַז אַפילו אַ צדיק דאַרף קאָנען לשון קודש, אַ סימן — דער קאָרדונער רבי רעדט שבת נאָר לשון קודש. אַחוץ דעם לערנט מען דאָך ביי נחום באַגאַמאָלני אויך גמרא. די גרעסטע קאָרט איז אָבער געווען, וואָס נחום דיינס אַן אייניקל יאַנקעלע, לערנט אויך ביי דעם נעמלעכן נחום באַגאַמאָלני אין חדר. (ס׳איז אים שוין באַשערט גרשונען, אַלע זיינע יאָרן האָבן צו טאָן מיט נחום דיינס אייניקלעך. אַן אַנדער אייניקל זיינס, ישראליק, איז באַ־קאַנט די לייענער פון דער „מאָרגן פרייהייט״ אַלס י. פריד, אַן אור־אור אייניקל פון באַרימטן רפאל בערשאַדער).

און אָנגעהערט האָט זיך גרשון פון אָט דעם נחום באַגאַמאָלני וואונ־דערלעכע זאַכן. ער האָט געהערט, אַז דאָרטן ביי אים אין חדר זיצן ניט אַלע אינגלעך אַרום איין טיש, נאָר אויף סקאַמעיקעס (שול־בענק). אויך האָט ער געהערט, אַז מען קומט אַריין אין דער פרי, דאַרף מען זאָגן „בוקר טוב״, ניט פשוט אַ „גוט מאָרגן״, און אַז מען גייט אַהיים דאַרף מען זאָגן „לילה טוב״, ניט פשוט אַ „גוטע נאַכט״. אויך רופט מען אים ניט „רבי״, נאָר „אדוני המורה״ (מיין האַר לערער). און וועגן דעם יאַנ־קעלע נחום דיינס אייניקל, האָט ער אויך געהערט. ער האָט געהערט, אַז

ער האָט אַזאַ גוט קעפּל אויף זיך, אַז ס׳איז ממש אויף חידושים, און גע־וואָלט זען צי ער וועט זיך קאָנען מיט אים אויסגלייכן.

נחום באַגאַמאַלניס חדר איז געווען עטוואָס אַראָפּ אַ באַרג, לעבן דער דאָלינע, און איבער דעם דאָזיקן באַרג־אַראָפּ אין די פּרעסט אָדער אין די בלאָטעס, האָט מען געדאַרפט זיין אַ מין קונצנמאַכער, זיך ניט אויס־גליטשן. אָבער ס׳איז כדאי געווען.

און אמת, אין חדר זיינען די אינגעלך טאַקע ניט געזעסן אַרום איין טיש, נאָר אויף סקאַמעיקעס. גרשונען האָט מען אַנידערגעזעצט לעבן דעם דאָזיקן יאַנקעלע, און זיי זיינען שוין געווען אַ שטענדיקע כיתה. דאָס יאַנקע־לע האָט אָבער פאַרמאָגט עפּעס זייער שאַרפע נעגל און איז נאָך דערצו גע־ווען אַ גרויסער עקשן. און גרשון איז אויך געווען אַ גרויסער עקשן.ביידע האָבן אַריינגעקוקט אין איין חומש, אָדער אין איין גמרא. אַז ס׳איז געקו־מען איבערמישן אַ בלעטל, האָט דער געוואָלט, אַז יענער זאָל דאָס טאָן, און יענער האָט געוואָלט, אַז דער זאָל דאָס טאָן. האָט אים גרשון געשטור־כעט מיטן עלנבויגן, און יענער האָט אים געדראַפּעט איבער די הענט מיט זיינע שאַרפע נעגל. פונדעסטוועגן איז נאָך אַלץ כדאי געווען.

נחום באַגאַמאַלניס חדר, ווי מיר האָבן געזאָגט, איז געווען אַביסל אַראָפּ דעם באַרג. און נאָך טיפער אַראָפּ איז געשטאַנען טוביה ירוחמס הויז. און אין ווינטער ביינאַכט, אַז מען האָט געקוקט דורכן פענצטער פון חדר, האָט מען געקאָנט זען טוביה ירוחמס פענצטער און אַלצדינג, וואָס ס׳טוט זיך דאָרטן אינעווייניק אין הויז. קיין פאָרהאַנגען זיינען דאָרטן ניט געווען, קיין לאָדן אויך ניט, איז דאָס הויז געשטאַנען אָפן פאַר גרשונס אויגן.

און ער האָט צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן געזען, וואָס הייסט זיין מיד פון שווערער אַרבעט.

טוביה ירוחמס, אַ ברייטער נידעריקער איד מיט זייער אַ רויטן פּנים פון זיצן זומער אין די היצן, און ווינטער אין די גרויסע קעלטן, לעבן זיין פּרוכט־געשטעל אין מאַרק, האָט געהאַט אַ זון משה, אַ בן יחיד. האָט דער דאָזיקער בן יחיד, אַ הויכער, אַ דאַרער, מיט משונהדיקע לאַנגע אוי־ערן, געאַרבעט אין דער רויט־ציגלדיקער מיל, וואָס לעבן חרם־טייך. געקומען אַהיים פון דער אַרבעט איז ער שוין אין דער פינצטער, גאָלע אַ ווייסער, זיינע בגדים איינגעטונקען אין מעל. געקומען אַהיים איז ער אַזוי מיד, אַז ווען ער האָט זיך געזעצט עסן וועטשערע, איז ער שוין געשלאָפן. מיטן ביסן אין מויל געשלאָפן. די מאַמע, אויך אַ הויכע, אָבער

זייער אַ דאַרע, אָן די פּאָדערשטע ציין, האָט אים אַלע מאָל געטאָרעט, ער זאָל זיך אויפכאַפּן, און ווידער אָנהויבן צו קייען דעם ביסן, וואָס ער האָט געהאַלטן אין מויל. אָפּט מאָל איז דער ניט־דערקייעטער ביסן אינגאַנצן אַרויסגעפאַלן, און משה אַליין האָט זיך אַ וואַלגער געטאָן צום טיש מיטן קאָפּ אַראָפּ. האָט דער טאַטע מיט די זייער ברייטע פּלייצעס, און מיטן נידעריקן פעסטן קאַרק, אַ נעם געטאָן זיין לאַנגן משהן אויף די הענט, און אים אַוועקגעטראָגן צו דער סאָפּקע. דאָרטן האָט ער אים אַראָפּגעצויגן די שטיוול, די מאַמע האָט אים אויפגעקנעפּלט די בגדים, און דער משה — באַגלייך ווי ניט אים מיינט מען... ער איז מסתמא געווען דעמאָלט אַ בחורל פון זעכצן יאָר, און זיין פּנים שטענדיק עפּעס אַ וויינענדיקס...

גרשון האָט אָפּט געזען, ווי מען קריגט זיך — טוביה מיט דער טוביהכע. קיין ווערטער האָט ער ניט געקאָנט הערן, אָבער פון די תנועות, און פון די צעדרייטע פון כעס פּנימער, האָט ער זיך שוין פאָרגעשטעלט, וואָס דאָרטן קומט פאָר...

אויפן וועג אַהיים פון חדר האָט ער שוין אַריינגעקוקט אין די פענצטער פון די אַנדערע הייזער אויך. און אַז מען האָט אים געכאַפּט אַריינקוקן אין פרעמדע פענצטער, האָט מען אים גערופן: „נאַרעלע, אַ ווייטיק דער מאַמען זיינער" אָבער ער האָט זיך שוין ניט געקאָנט העלפן. ס'איז געוואָרן ביי אים אַזאַ אַזאַרט. ביי ציפּקע דער מאָדיסטקעס פענצטער האָט ער ליב געהאַט צו שטיין מערער ווי ביי אַלע אַנדערע פענצטער, מחמת דאָרטן האָט זיך געלערנט נייען זיין שוועסטער זיסל. זיין שוועסטער זיסל איז געווען אַ טרויעריקע. ס'האָט זיך איר אויסגעדאַכט, אַז מען האָט די שוועסטער חנה רבקה בעסער ליב פון איר, איז זי געזעסן ביי ציפּקע דער מאָדיסטקע, געשטאָכן מיט דער נאָדל און געהאַלטן די אויגן אַראָפּגעלאָזט, און געטראַכט טרויעריקע געדאַנקען.

מעכליע, נחום דעם פאַרבערס, אַ געפּאַקט מיידל מיט אַ געדיכטן שוואַרצן קאָפּ, יענע איז שוין גאָר ניט געווען קיין טרויעריקע, כאָטשבי זי האָט שטענדיק ליב געהאַט צו זינגען טרויעריקע לידער. זי האָט שוין בעסער געקאָנט נייען פון זיי אַלעמען, האָט זי געשטעפּט אויף דער מאַשין גיך, גיך, און געזונגען אַ טרויעריק ליד מיט אַ פריילעך קול:

אוי, מאַמע, ס'ברענט אין מיר מיין האַרץ,
כ'האָב זיך אין אים פאַרליבט, כאָטש ער איז שוואַרץ.
כ'האָב זיך פאַרליבט אין זיין שיינער פאָכאָדקע,

אויב ער וועט מיר ניט נעמען באַקום איך די טשאַכאַטקע.
ער איז צו מיר אין שטוב אַריינגעגאַנגען,
מיט זיינע וויעזשליווע רייד האָט ער מיך געפאַנגען...

# אין דער דאָלינע

שרה האָט זיך אַרומגעקוקט, אַז איר צדיקל איז עפּעס ניט אַזוי שטאַרק געוואַקסן אין תורה ביי נחום באַגאַמאַלני אין חדר. אַלץ, וואָס ער האָט זיך אויסגעלערנט דאָרטן זיינען געווען העברעאישע שירים. אַ שיר איז כמעט אַזוי גוט ווי אַ מעשהלע. דעם ערשטן שיר, וואָס ער האָט זיך אויסגעלערנט אויף אויסנווייניק, איז געווען חיים נחמן ביאַליקס ליד: „אל הצפור" (צום פייגעלע), אַ פייגעלע, וואָס איז געווען אין ישראל, און ביאַליק פרעגט דאָס פייגעלע, וואָס אַזוינס ס'האָט דאָרטן געזען. גרשון האָט גלייך אַליין פאַרפאַסט אַ ליד וועגן אַ פייגעלע, אָבער אין יידיש. אָנגעהויבן האָט זיך דאָס אַזוי:

זאָג מיר נאָר, מיין קליין פייגעלע,
זאָג מיר נאָר, מיין האַרץ,
פאַרוואָס האָב איך אַזוי פיל שמאַרץ . . .

ווייטער געדיינקט ער שוין ניט, אָבער ער פרעגט דעם פייגעלע, פאַר־וואָס די יידן דאַרפן זיין אין ביטערן גלות. דער שוועסטער חנה־רבקהן איז דאָס זייער געפעלן. זי האָט גערופן דער מאַמען זי זאָל דאָס אויך הערן. אָבער די מאַמע האָט אַזוי שטאַרק געלאַכט, אַז דאָס בחורל האָט זיך אַזש צעוויינט... דער סוף איז געווען, אַז זי האָט אים אָפּגענומען פון נחום באַגאַ־מאַלני און אים אַוועקגעגעבן צו אַ לייטישערן מלמד, צו שלומען דעם קליינ־טשיקן אין דער דאָלינע. שלום איז ניט נאָר געווען אַ קליינטשיקער, נאָר אויך שוין זייער אַן אַלטיטשקער. גרוי ווי אַ טויב, אין אַן אָפּגעריבענעם גרינעם סאַמעטן קאַשקעט און אין ווייסע זאָקן און פּאַנטאָפל. אַ סך גמרא, האָט שרה אויסגענומען מיט אים, זאָל ער לערנען מיט איר מיזיניקל.

איז דעם מיזיניקל ביי שלומען געווען ניט שלעכט. מען קאָן אפילו זאָגן זייער גוט. דער רבי איז געווען אַזוי אַלט און שוואַך, אַז דאָס בחורל

האָט געקאָנט טאָן ביי אים, וואָס ער וויל, און וואָס ער האָט געוואָלט איז — איבערצוליגן מער אינדרויסן ווי אין חדר. ס׳איז געווען זומער־צייט.

און דער אינדרויסן אין דער דאָלינע איז געווען מער פאַרכאַפּנדיק, ווי אויף אַלע גאַסן אין בערשאַד. ס׳זיינען דאָרטן געווען אַזוי פיל זאַכן צו זען. קודם־כל — דעם הקדש לעבן טייך, די גאַסטיניצע אַזוי צו זאָגן פאַר אָרעמע לייט, אָנגעקומענע פון דער פרעמד. דער געל באַוואָקסענער כאַלאָמיש, מיט דער איינגעפּלעטשטער נאָז און אין דער פאַרלאַטעטער גרויער קאַפּאָטע איז געווען דער אַכטונג־געבער איבערן הקדש. ער האָט טאַקע דאָרטן געוואוינט מיט זיין משפּחה — אַ סך מיידלעך און דער בן יחיד וועלוועלע.

און ביי די קויטיקע פענצטער פון הקדש איז אונדזער פאַרשווינדל אָפט געשטאַנען און אַריינגעקוקט. די ווענט דאָרטן אינעווייניק זיינען געווען שוואַרץ ווי בלאָטע. אויף בינטלעך שטרוי אויף דער ערד האָבן זיך געוואָלגערט די אָרעמעלייט. כאַלאָמיש, מעשׂה באַלעבאָס, האָט געשריגן אויף די אָרעמע לייט מיט זיין פאַנפעוואַטן קול. זיי האָבן אים געדאַרפט געבן אַ חלק פון זייערע „פאַרדינסטן״. די „געסט״ האָבן זיך דאָרטן אָפט געביטן. אָבער דער שטענדיקער „גאַסט״ איז געווען די זייער אַלטיטשקע ברײנע, וואָס מען האָט געזאָגט אויף איר, אַז זי איז אַלט העכער הונדערט יאָר. ווער זי איז און פונוואַנעט זי שטאַמט, האָט מען ניט געוואוסט. מען האָט זי אונטערגעוואָרפן ביים הקדש, ווי מען וואַרפט אַמאָל אונטער אַ זויג־קינד.

דאָס איז געווען מיט צוואַנציק יאָר פריער. איינמאָל אַ טאָג איז צו־געפאָרן צום הקדש אַ וואָגן מיט צוויי פרעמדע יידן. זיי האָבן דער אַלטיטשקע געטאָן אַ נעם אַראָפּ פון וואָגן, זי אַנידערגעזעצט אויף דער ערד, און אַליין זיינען זיי גלייך צוריק אַריינגעשפּרונגען אין וואָגן און גיך צעשמיסן די פערד.

גיין האָט ברײנע ניט געקאָנט, נאָר זיצן. רעדן האָט זי גראַדע יאָ גע־קאָנט, איז זי אָבער געווען אַזוי טויב, אַז זי האָט ניט געהערט קיין וואָרט, וואָס מען האָט גערעדט צו איר. עסן האָט זי אויך ניט געקאָנט, ניט גע־האַט קיין איין צאָן. זי האָט געלעבט פון צוקער. שטענדיק געהאַלטן אַ שטיקל צוקער אין מויל און דאָס געזויגן. דעריבער זיינען געווען אַרום איר שטענדיק אַ סך פליגן.

ביי איציק דעם שטריקל־דרייער, וואָס גלייך לעבן הקדש, איז אויך געווען כדאַי צו שטיין און קוקן. אָפט מאָל האָט דער שטריקל־דרייער

דערלויבט גרשונען צו דרייען די ראָד. ס'איז געווען עפּעס, ווי אַ וואונ־דער דאָס באַשאַפן ווערן פון אַ שטריק. מען גאַרטלט זיך אַרום מיט אַ בינטל פלאַקס, מען פאַרטשעפּעט אַ ביסל פלאַקס אויף אַ האַטשיק, מען שפּאַנט צוריקוועגס, די ראָד דרייט זיך, ווי פון זיך אַליין, און דאָס בינטל פלאַקס אַרום די לענדן ווערט ווינציקער און ווינציקער.

לעבן זלמן דעם שוסטער, וואָס האָט געאַרבעט אינדרויסן, איז אודאי געווען ווערט צו שטיין און קוקן. אַ ייד מיט זייער אַ הויכן שטערן, ווי ביי אַ פילאָסאָף און מיט פריילעכע קאַרע אויגן. ער איז געווען דער גבאי אין שוסטערשן שולכל און ליב געהאַט צו רעדן מיט גראַמען. טאַקע צוליב דעם איז ער דעם קליינעם גרשונען אַזוי געפעלן. מלאכה איז ברכה, האָט ער אים געזאָגט, זעענדיק, ווי יענער שטייט מיט אָן אָפן מויל. עבודה איז תודה (אַרבעט איז דאַנקונג); אַז מען וויל דאָס שטיקל לחם, דאַרף מען געבן דעם שכם, דאָס הייסט, די פּלייצע...

און ווי ר' אהרן דער סופר אין דער האַלינע, מיט אַ געגזענער פעדער, שרייבט אַ ספר תורה, האָט אונדזער גרשון אויך געזען, ווען ער האָט אַריינגעקוקט דורכן פענצטער פון דעם ציכטיק ווייס אויסגעקאַלכט שטי־בעל מיט דער געלער פריזבע... און ווי אַזוי מען פלעכט ציצית פאַר טלי־תים הינטער דער הויכער שול, האָט ער זיך אויך גוט צוגעקוקט... און לעבן לייב צוקערניקס שטוב איז אודאי און אַוודאי געווען גוט צו שטיין. דאָרטן האָט געשמעקט מיט זיסקייט. די פליגן האָבן דאָס אויך געוואוסט, דאָס הייסט, אַז ס'שמעקט מיט זיסקייט, און זיי זיינען געקומען צופליען אַהינצו פון אַלע עקן בערשאַד. דורך דער אָפענער טיר האָט ער געקאָנט זען, ווי מיידלעך וויקלען צוקערקעס אין פאַפּירעלעך מיט מענטשעלעך, וואַרפן אין אַ קויש, און זינגען:

אוי, ווי, מאַמע, איך שפּיל אַ ליבע
און ס'טוט מיר ווי מיין האַרץ.
ווער עס שפּילט אַ פאַלשע ליבע,
דער קאָן פילן מיין ביטער האַרץ.
אויף מאָרגן גיי איך צו מיין אַרבעט,
זע איך מיין געליבטן מיט אַ צווייטער גיין.
איך האָב אָפּגעווישט מיינע ליפּעלעך,
און בין אַוועק מיט אַ גרויס געוויין . . .

דער עיקר אָבער איז שרהלעס צדיקל איבערגעלעגן ביים טייך, וואָס גלייך הינטערן הקדש. דאָרטן האָט אלישע ריבאַק מיט זיין זון געכאַפּט פיש. די נעצן לעבן אָטשערעט האָבן זיי פאַרלייגט פאַרנאַכט, און אין די פאַרטאָגן זיי געצויגן פון דער וואַסער פול מיט זילבערנע, זיך וואָרפּנדיקע פיש. צוליב דעם האָט גרשון געמוזט זיך פעדערן כאור הבוקר, ווי נאָר דער טאָג האָט אַ שפּראָץ געטאָן. דער מאַמען האָט ער געזאָגט, אַז ער גייט אין בית המדרש אַריין דאַוונען מיטן ערשטן מנין, און די מאַמע האָט אודאי שטאַרק זיך געפרייט... די וואַסער אַרום דעם אָטשערעט האָבן די פישער געדאַרפט פּאַטשן מיט די רודערס, כדי די פיש זאָלן זיך דערשרעקן און לויפן פון אַלע זייטן צו די נעצן.

דער בערשאַדער טייך האָט פאַרמאָגט מערסטנס פלאַטיטשעקס, פלאַ־כע פישלעך אַזויבע, טונקל גרויע. ס׳זיינען אָבער דאָרטן אויך געווען פעטע שלייענס, שיין געפּלעקטע און געפינטלטע, וואָס זיינען געווען זייער געשמאַק. אויך קאַרפּן און קורעסן מיט קווייטלדיקע ליסקעס, פיש פאַר רייכע טישן.

ווי זיי האָבן זיך געוואָרפן אין די קוישן, נעבעך! אַזוי שטאַרק גע־וואָלט לעבן. גרשון האָט זייער רחמנות געהאַט אויף די אָרעמע באַשעפע־נישן, וואָס מען וועט זיי באַלד פאַרקויפן אין מאַרק צו באַלעבאָסטעס און מען וועט זיי צעהאַקן, צעבראָקן אויף פיצ פיצלעך. ער האָט דערנאָכדעם אַ צייט ניט געקאָנט עסן קיין פיש. דער טאַטע האָט אויף אים געשריגן הלמאי ער איז אַן איבערקלייבער, אָבער די מאַמע האָט זיך פאַרטראַכט מיט אַ סוד אין אירע שאַרפע שוואַרצע אייגעלעך. דער סוד איז מסתמא געווען — אַ נשמה פון אַ צדיק...

בלויז איין זומער האָט גרשון געלערנט ביי שלום דעם קליינטשיקן אין דער דאָלינע. און אין דעמדאָזיקן זומער איז אפשר פאַרזייט געוואָרן דאָס קערנדל, וואָס איז שפּעטער מיט אַ סך יאָרן אויפגעוואַקסן אין גרשונס בוך, „זלמן דער שוסטער". יענער זלמן דער שוסטער אין דער דאָלינע, וואָס האָט ליב געהאַט צו ריידן אין גראַמען, האָט געהאַט אַסך קרובהשאַפט מיט זלמן דעם שוסטער, וואָס גרשון האָט באַגעגנט אין אַמעריקע, און גאָרניט געהייסן זלמן, נאָר געהייסן הערשל...

# אויף דער טאַרהאָוויצע

אויף דער טאַרהאָוויצע, פּונקט אַנטקעגן הערשל איטע ריוועס, איז געשטאַנען אַ הויז מיט אַ רויטן דאַך, מיט אַ גאַניק וואָס איז אויך געווען רויט, דאָס הייסט, נאָר די הינטערשטע הילצערנע ווענטלעך. אויבן זיינען די לייסטלעך צווישן די צענדליקער קליינטשינקע גלעזערנע שויבן גע־ווען ווייס.

אַ טשיקאַווער גאַניק, דער איינציקער, דאַכט זיך, אין גאַנץ בערשאַד. גרשון האָט נאָך באַמערקט דעם דאָזיקן טשיקאַוון גאַניק, ווען זיין מאַמע האָט אים מיט אַ יאָר און האַלב צוריק געפירט צום קאָרדונער רבין. איז גיי ווייס, אַז די דאָזיקע הויז מיטן רויט און ווייס געפאַרבטן גלעזערנעם גאַניק, וועט אַמאָל זיין זייער הויז. און גיי ווייס, אַז ער וועט אַמאָל שטיין איינמאָל אַ פאַרנאַכט לעבן דער דאָזיקער הויז, אַ פרעמדער, אַן עלנדער, חלשן זיך שפּילן מיט עמיצן, און קיינער וועט זיך ניט וועלן מיט אים שפּילן...

און וואָס האָט גרשונס טאַטע, מאיר דער בלינדער, זיך פּלוצלונג אי־בערגעקליבן אויף דער טאַרהאָוויצע? אַראָפּ פון דער פּרנסה, פאַראָרעמט געוואָרן. אַ האַלץ־פירער געווען, געטאָן מסחרים מיטן פריץ פון פעטאַש־נער וואַלד, האָבן אַנדערע האַלץ־פירער אים אויסגעקאָנקורירט.

די הויז ניט וויט פון דער אַפּטעיק־גאַס, וואו מען האָט פריער גע־וואוינט, איז געווען אַ גרעסערער הויז, אַ בעסער הויז, כמעט אַ נייע, מיט אַ סך אַלקערס. דאָרטן זיינען טאַקע די הייזער געשטאַנען כמעט איינע אין דער אַנדערער, אין ענגשאַפט, אָבער דערפאַר איז דאָרטן געווען טומלדיק־היימיש. דאָ אויף דער טאַרהאָוויצע, — כמעט אַ ווילדערניש. אַזאַ ברייט־קייט פון אַ גאַס, ווי עפּעס אַ מאַרק. ס'איז טאַקע דאָ געווען אַ מאַרק, אָבער בלויז איינמאָל אַ וואָך יעדן דינסטיק, אַ פערד־מאַרק. מען האָט דאָ גע־קויפט און פאַרקויפט פערד, און ס'האָט זיך געטאָן...

שרה האָט געוויינט די ערשטע טעג:

— וואוהין האָסטו מיך פאַרפירט, מאיר, אין אַ וויסטעניש?

קיין וויסטעניש איז דאָרטן ניט געווען, אָבער די הייזער דאָרטן, — אַזוינע גרויסע, אומגעלומפּערטע און פאַרצייטיקע, נאָך פון פאַר כמעלניצ־קיס צייטן, ווען בערשאַד האָט ערשט אָנגעהויבן צו ווערן אַ יידישער ישוב. יעדער הויז דאָ איז אַמאָל געבויט געוואָרן אַלס אַ קרעטשמע, אָדער אַן איינפאָר.

הערשל איטע ריווס הויז אַנטקעגן, אַ לאַנגע, אַ נידעריקע, מיט אַ געדיכטן שטרויענעם דאַך, וואָס האָט זיך אין משך פון לאַנגע יאָרן גע־האַלטן אין איין אַראָפּזעצן, איז אַמאָל געווען אַ באַרימטע קרעטשמע. דאָרטן האָט זיך געפונען אַ קעלער מיט טיפע אומענדלעכע היילן. גרשון איז איינמאָל דאָרטן פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן אין איינער פון די היילן, און ער האָט געשריגן געוואַלד אפשר פאַר אַ האַלבער שעה, ביז מען האָט דערהערט...

וועגן דער צווייטער הויז, וואו ליפע דער מלמד האָט געוואוינט, איז אומגעגאַנגען אַ לעגענדע, אַז טיף אין דער ערד, איז געווען פאַרגראָבן אַן אוצר, וואָס כמעלניצקי אַליין האָט דאָרטן פאַרבאַהאַלטן.

אברהמל טאָפּס פאַרצייטיקער מויער, געבויט פון געוואַלדיק גרויסע שטיינער, איז טאַקע פאַרבליבן אַ קרעטשמע מיט אַן אַריינפאָר אַלע יאָרן. דאָרטן האָבן זיך אָפּט אָפּגעשטעלט וועגענער מיט אָרעמעלייט און בעטלער, ווי אין מענדעלע מוכר ספרימס „פישקע דער קרומער", אויך שאַ־רעמאַנטשיקעס, קאָמעדיאַנטן; גרויזינער אין גרינע ברייטע שאַרעוואַרן, אין לאַקירטע שטיוועלעך מיט קינזשאַלן ביי די לענדן, וואָס האָבן פאַר־קויפט קאָלירטע זיידענע שטאָפן; כינעזער מיט לאַנגע צעפּ, וואָס האָבן פאַרקויפט פיל פאַרביקע לאָמטערנדלעך און אויך געשלעפּט ווערים פון ציין מיט אַזוינע כישוף שטעקעלעך.

בלומע פון דער פליאָרינעס הויז האָט אויך געהאַט אַן אַריינפאָר, אָבער קיינער איז ניט אַריינגעפאָרן. אַמאָליקע יאָרן — אפשר יאָ. אויך זיינען אויף דער טאָרהאָוויצע געווען די פערד־פאָטשט מיט די גלעקלעך, דראַטשן, מאַגאַזאָנען, אַ שטריקל־דרייער, אהרן פּיסמענעס הויז מיט אַ גרויסן הויף.

הכלל, די אמתע גאַס פאַר אַזאַ אינגל ווי גרשון. אָבער אין די ערשטע טעג איז ער נעבעך געווען אַן עלנטער. די אינגלעך אויף דער טאָרהאָוויצע האָבן ניט געקוקט אויף אים, עלעהעי ער איז וואָזדוך (לופט). און עפּעס אַלע מיט אַזוינע מאָדנע נעמען: ניאַצי, מוצי, פּוליע, איצי, נומיע, ביביע. און ווי ער האָט נאָך באַמערקט, גרשון, מיט אַן אַנדערהאַלבן יאָר פריער, זיינען די טאָרהאָוויצער אינגלעך גרויסע קענער אין וואַרפן שטיינער, באַ־זונדערס איינער אַ פּוליע, דווקא אַ קליינגעוואוקסיקער, אַ קורצזיכטיקער, אָבער אַ געפּאַקטס, אַ קיילעכדיקס. ער, אַז ער טוט אַ וואָרף אַ שטיינדל צום הימל, ווערט דאָס ממש פאַרלוירן דאָרטן אין דער הויך, אין דער לופט. אויך זיינען זיי דאָ גרויסע קענער אין שפּרינגען איבער גריבער,

און ווידער אַמאָל דער דאָזיקער פּוליע, דער בעסטער שפּרינגער צווישן זיי אַלע.

וואָס־זשע קאָן ער טאָן, גרשון, כדי זיי צו ווייזן, אַז ער איז אויך ניט אַבי־ווער? דאָס איינציקע, וואָס ער קאָן טאָן איז צו האַלטן אַ שטעקן אויף זיין שפּיץ נאָז און דער שטעקן זאָל ניט אַראָפּפאַלן. קוקן זיי גראַדע, די פרעמדע אינגלעך פון דער טאַרהאָוויצע, ווי ער האַלט אַ שטעקן אויף דער שפּיץ נאָז און ער פאַלט ניט אַראָפּ, קוקן גראַדע מיט אינטערעס, אָבער דערנאָכדעם — מען באַמערקט אים שוין ניט ווידער...

דאָ שפּילט מען זיך עפּעס ניט אין די שפּילן ווי אויף זיין גאַס לעבן דער אַפּטעיק, ווי למשל אין „גאָלמענגאַגעריע", דאָס לייגן אַ שטעקן אויף צוויי שטיינער, און אַ אינגל פון דערווייטנס דאַרף וואַרפן אַ צווייטן שטעקן און אַראָפּוואַרפן פון די שטיינער דעם ערשטן שטעקן; אָדער אין „וואָס מיינט דאָס"? אַ שפּיל אַזאַ אין מימיקע, וואָס אַ אינגל דאַרף טרעפן די זאַך, וואָס די חברה האָט פאַרטראַכט, בלויז לויט דער מימיקע פון די פּנימער און באַוועגונגען פון די הענט, וואָס זיי מאַכן; אין „פיר טויערן", ווען פיר אינגלעך שטעלן זיך אין פיר זייטן, ניט ווייט אָפּגעשיידט איינער פון אַנדערן, און אַ אינגל דאַרף דורכלויפן און היטן זיך, מען זאָל אים ניט פּאַקן...

זיי זיינען דאָ אויך גרויסע אָפּלאַכער, די טאַרהאָוויצער אינגלעך, און דער גרעסטער אָפּלאַכער איז דער דאָזיקער פּוליע. מסתמא לאַכט מען אויך אָפּ פון אים, גרשונען. כאָטשבי זיי קוקן ניט אויף אים, אָבער ער פילט, אַז מען מאַכט חוזק פון אים. ער וועט זיך שוין אָפּרעכענען מיט דעם דאָזיקן פּוליען, לאָז ער אים נאָר פּאַקן אַליין.

ער האָט אים טאַקע געפּאַקט אַליין, איינמאָל אַ פרייטיק ביי טאָג.

— העי, דו, ווי אַזוי הייסטו?

— איך הייס ווי מען רופט מיך — איז יענער גאָרניט דערשראָקן.

— ווי אַזוי־זשע רופט מען דיך? — איז שוין גרשון צערייצט.

— מען רופט מיך, ווי מען האָט מיר אַ נאָמען געגעבן — לאַכט יענער מיט קורצזיכטיקע אייגעלעך.

— ווי האָט מען דיך אַ נאָמען געגעבן? — פילט שוין גרשון, אַז ער איז דער נאַר, אָבער ער וויל ניט אָפּלאָזן.

— דעמזעלביקן נאָמען, ווי מיין עלטער־עלטער זיידן.

— וואָס איז דער נאָמען פון דיין עלטער־עלטער זיידע?

— גיי פרעג אים, אַז דו ביסט ניט פויל.

— ביסט אַ קלוגעטשקער, האַ?
— קיין גרעסערן חסרון אין מיין לעבן זאָל איך שוין ניט האָבן.
— ווילסט עפשר אַ פלוים? (אַ פלאַם אין דער באַק האָט דאָס געמיינט).
— ניין, אַ דאַנק, אפשר ווילסטו אַ באָקסער? (ס׳האָט געמיינט אַ זעץ מיט צוויי צענויפגעלייגטע הענט אין קאָפּ).

זעט שוין גרשון, אַז יענער בלייבט קיינמאָל ניט שולדיק קיין ענטפער, און אַ חוץ דעם עפעס אַ פריילעכער אַזאַ, און ער רופט זיך אָן:
— ווייסטו גאָר וואָס?
— וואָס? — מאַכט יענער פאַרדעכטיק.
— לאָמיר ביידע ווערן חבר.
— לאָמיר. ס׳קאָסט מיך דען עפעס?
— איך הייס גרשון.
— איך ווייס שוין פון לאַנג. און איך הייס פוליע.
— איך ווייס שוין אויך פון לאַנג.

און אָט אַזוי איז יענעם פרייטיק ביי טאָג געשלאָסן געוואָרן אַ בונד פון חברשאַפט צווישן די דאָזיקע ביידע אינגלעך, וואָס ציט זיך אַלע יאָרן, איבערגעריסן פון צייט צו צייט מיט ברוגזן און אפילו מיט געשלעגן. שייך געשלעגן, זיך געבוכטשעט איינער דעם אַנדערן, ווי די היצעלס...

## מאיר דער בלינדער און גרשון

דער טייך מיטן אָטשערעט, וואו ס׳האָבן זיך געפּלאָדיעט ווילדע קאַטשקעלעך, איז געווען זייער נאָענט פון דער טאָרהאָוויצע. מען האָט נאָר געדאַרפט לויפן באַרג אַראָפּ, דערנאָכדעם באַרג אַרויף, דערנאָכדעם ווידער באַרג אַראָפּ, און אָט איז דער טייך, דער „באָבעס טייך״.

פאַרוואָס גראַדע „דער באָבעס״? אַ גרויסע גבירנטע אין בערשאַד מיטן נאָמען, באָבע, האָט געלאָזט אויפבויען פאַר איר געלט די קלויז אויפן באַרג, די באָבעס קלויז, האָט שוין אויך דער טייך אונטן, און די באָד לעבן טייך, און די גרויסע קערניצע דערנעבן, פון וועלכער אַלע בערשאַדער וואַסער פירערס האָבן געשעפּט וואַסער, אויך זיך גערופן „דער באָבעס״.

יאָ, מען האָט נאָר געדאַרפט לויפן באַרג אַראָפּ, דערנאָכדעם באַרג אַרויף, און ווידער באַרג אַראָפּ און אָט איז דער באָבעס טייך. און גרשון האָט גראַדע זייער גוט געקאָנט לויפן מיט זיינע דאַרע לאַנגע פיס, אָבער באָדן זיך האָט ער מורא געהאַט. פאַרוואָס? איר געדענקט דאָך מסתמא ווי ער האָט זיך איינמאָל געטרונקען, אין חרם־טייך.

און אַז מען דערמאָנט זיך שוין אָן דער באָבעס טייך, דערזעט מען גלייך אין דער וואַסער די ראָזעווע, נאַקעטע גופימלעך פון די בערשאַדער אינגלעך אין די זומערדיקע פרייטיקס; און אַז מען דערזעט די ראָזעווע נאַקעטע... און אַזוי ווייטער, דערהערט מען גלייך זייערע ווילדע עקסטאַטישע געשרייען, וואָס האָבן זיך געטראָגן ביז צום האַרץ פון קלאָרן בלויען הימל; און אַז מען דערהערט זייערע ווילדע, עקסטאַטישע... און אַזוי ווייטער, דערפילט מען גלייך די פרישע, ווינטלעך, וואָס האָבן געבלאָזן פון דער וואַסער און די שמעקנדיקע ריחות, וואָס האָבן זיך געטראָגן פון אַנאַסטאַסיאַס גאָרטן נאָענט דערביי.

יאָ, גרשון האָט מורא געהאַט זיך צו באָדן. געשטאַנען פונדערוויטנס און געקוקט מיט גרויס קנאה... און דאָ קומט אַריין זיין טאַטע, זיין הויכער גבורהדיקער טאַטע מיטן בלינדן אויג. געשמיסן האָט ער אים נאָכן ערשטן מאָל טרינקען זיך, הלמאַי ער האָט זיך געבאָדן אין אַ טייך, וואָס איז חרם ביי יידן. געשמיסן האָט ער אים אויך איצטער, הלמאַי אַ בחור פון ניין יאָר — און האָט גאָר מורא זיך צו באָדן! און ער האָט זיך ניט באַנוגנט בלויז מיט שמייסן, נאָר פשוט אים געשלעפּט אין וואַסער מיט געוואַלד. אַראָפּגעוואָרפן זיינע אייגענע קליידער, אַראָפּגעצויגן גרשונס בגדימלעך, אַ כאַפּ געטאָן אויף די הענט דעם זיך וואַרפנדיקן און קוויטשענדיקן מיזיניקל, אַריין מיט אים ביז אינמיטן טייך, וואו ס'איז זייער טיף, דאָרטן אים אַרויסגעלאָזט פון די הענט, פשוט אַ וואָרף געטאָן, ווי איינער זאָגט: טרינק זיך, אָדער ראַטעווע זיך...

גרשון געדענקט, ווי אין דער סעקונדע, ווען ער האָט אָנגעהויבן צו גיין אַראָפּ און אַרויף און מאַכן: בול, בול, איז אים דורכגעלאָפן אַ מוראַדיקער געדאַנק, און בעמלעך — אַז זיין אייגענער טאַטע וויל אים אוממיסטן דערטרינקען... אַרויף און אַראָפּ איז ער געגאַנגען, אַזוי עטלעכע מאָל, און ער האָט שוין געמיינט, אַז ס'איז זיין סוף — ווי ער האָט דערפילט די מעכטיקע אָרעמס פון זיין טאַטן, וואָס האָבן אים אַרויסגעצויגן פון וואַסער...

וואָלט ער שוין געוואָלט זיין אין די מעכטיקע אָרעמס פון זיין טאַטן, אייביק, אייביק, און ער האָט זיך געקלאַמערט מיט זיינע הענט אַרום זיין

האַלדז, און פאַרוואָרפן די פיס אַרום זיין בויך, צוגעקלעפּט זיך צום טאַטן, ווי אַ נאַס בלעטל. אָבער יענער האָט אים ווידער אַ וואָרף געטאָן אין וואַסער...

— מאַך מיט די הענט און מיט די פיס — האָט דער טאַטע אויף אים געשריגן.

האָט ער געמוזט מאַכן מיט די הענט און מיט די פיס, אַ ברירה האָט ער שוין געהאַט? און וואונדער איבער וואונדער! שוין ניט געגאַנגען אַרויף און אַראָפּ און געמאַכט בול, בול, נאָר זיך געהאַלטן ווי עס איז אויפן וואַסער...

אַ טאַטע איז מחויב, — האָט מאיר דער בלינדער געוואוסט, שטייט ערגעץ אין דער גמרא — צו לערנען זיין זון דריי זאַכן: שווימען, רייטן אויף אַ פערד, און ניט מורא האָבן פאַר שדים און רוחות. מילא, שווימען פאַרשטייט מען. ס׳קומט שטאַרק צונוץ. אָבער רייטן אויף אַ פערד? וויפיל יידן אין בערשאַד האָבן דאָס געריטן אויף פערד — סיידן די שמייסער־יונגען. אָבער די גמרא ווייסט דאָך בעסער, און רעב מאיר, נאָכדעם ווי ער האָט אויסגעלערנט זיין גרשונען שווימען, האָט ער אים גענומען לערנען רייטן אויף אַ פערד. און דער מעטאָד זיינער פון לערנען רייטן אויף אַ פערד איז געווען פונקט ווי אין לערנען שווימען. דער ברודער נחום, נאָכדעם ווי ער האָט חתונה געהאַט, האָט זיך געקויפט אַ פערד מיט אַ בריטשקע. אויך געווען אַ האַלץ־פירער, אָבער פלינקער אין געשעפט ווי דער טאַטע. האָט רעב מאיר געליען ביים זון דאָס פערד, דאָס איז געווען אַ משונהדיקער הויכער דאַרער קאַשטאַן, און האָט געטאָן אַ זעץ אַרויף דעם אויף־טויט־איבערגעשראָקענעם מיזיניקל זיינעם אויפן ביי־נערדיקן רוקן, צעטריבן מיט דער בייטש און געשריען:

— האַלי אַפּ, האַלי אַפּ...

דער הויכער סוס האָט געקאָנט גרשונען נאָך פון פריער. ניט איינמאָל האָט דאָס בחורל געריסן האָר פון זיין וויידל אויף סטרונעס. עס הייסט, ער האָט געוואָלט רייסן, אָבער שטענדיק געכאַפּט אַ פיצקע. איצטערטאָ האָט זיך דער סוס אָפּגערעכנט מיט אים. מיט אַ מין בייזער שמחה, האָט ער אָנגעהויבן צו לויפן און העצקען מיט אים. געוואָלט אַרויס־טרייסלען פון דעם ניט געוואונטשענעם רייטער אַלע געדערים... גרשון געדענקט, ווי ער האָט בשעת מעשה אויפגעהויבן זיינע אויגן צום הימל און ער האָט געזען, ווי דער הימל שפּרינגט אַרויף און אַראָפּ. ער האָט אויך אַראָפּגעלאָזט די אויגן צו דער ערד, און די ערד איז אויך געשפּרונגען

אַרויף און אַראָפּ.

— זיץ גלייך, — האָט דער פאָטער אים נאָכגעשריגן.

אָבער ווער קאָן אין אַזאַ לאַגע זיצן גלייך? ער איז געזעסן, וואו ס'האָט זיך געלאָזט: אָט אויפן רוקן, און אָט אויפן האַלדז, און אָט גאָר אויפן זאָדעק, דאָס הייסט אויפן הינטערשטן טייל... און דאָ לויפן נאָך אינגלעך און שרייען...

— אָדעסקי נאָסיעדניק — דאָס הייסט, דער אָדעסער רייטער. פאַרוואָס גראָדע „אָדעסער"? גייט פרעגט זיי.

האָבן מיר שוין, הייסט דאָס, צוויי מאָל אַוועק. איצטער קומט דאָס לערנען ניט מורא צו האָבן פאַר שדים און רוחות, און פאַר אַ בערשאַדער אינגל איז ביינאַכט אומעטום אין אַ פינצטערן ווינקל געווען פאַרשטעקט אַ שד אָדער אַ רוח, און ווער שמועסט נאָך ביינאַכט אין זייער קעלער! נעמט אים דער טאַטע איינמאָל אַ פרייטיק ביינאַכט און שטופט אים אַריין אין קעלער און זאָגט אים:

— ברענג מיר פון פאַס אַ געזייערטע אוגערקע.

דאָס בחורל האָט זיך נעבעך געבעטן רחמים, אַפּעלירט צו זיין מאַ־מען, אָבער די מאַמע האָט גאָרניט געקאָנט טאָן קעגן ווילן פון איר מאַן.

דעם אמת געזאָגט האָט גרשון געקענט זייער קעלער אויף אויסנווייניק, אַזוי צו זאָגן. ניט איינמאָל דאָרטן געווען, אפילו זיך געשפּילט אַ פאַר מאָל דאָרטן מיט ציפּקען, אַ שכנס אַ מיידעלע. אינדרויסן האָט ער זיך געשעמט מיט איר צו שפּילן. דאָס הייסט, אין קעלער זיך אויך געשעמט, אָבער שוין צוליב אַן אַנדער סיבה.

איז ציטערנדיק, ווי אין אַ קדחות, און מיט פאַרמאַכטע אויגן האָט ער זיך געלאָזט מיט די טרעפּ אַראָפּ. האַלטן די אויגן אָפן איז סיי ווי סיי ניט געווען צוליב וואָס. אַ בלינדע פינצטערניש געווען, ווי אין מצרים, ווי אין חומש שטייט: וימש חושך, מען האָט געקאָנט אָנטאַפּן די פינצ־טערניש.

— טאַטע, ביסטו דאָ? — האָט ער אַלעמאָל געשריגן צום אַרויף.

— יאָ, איך בין דאָ, — האָט אים געענטפערט אַ וויט קול...

אָבער, כאָטש קענענדיק זייער קעלער אויפן אויסווייניק, האָט ער צום פאַס געזייערטע אוגערקעס ניט געטראָפן. געטראָפן האָט ער גאָר צו עפּעס אַ האָריקער זאַך, און ווי באַלד ער האָט אָנגעטאַפּט די האָריקע זאַך, האָט ער אודאי אַ שרעקלעכן קוויטש געטאָן. בלויז איינמאָל אַ קוויטש גע־טאָן, און דערנאָכדעם שוין ניט געוואוסט, וואָס ס'טוט זיך מיט אים. ער

האָט פּשוט אָװעקגעחלשט.

פונדעסטװעגן האָט אים דער טאַטע דאָס צװײטע מאָל װידער גע־שטופּט אין קעלער בײנאַכט, און דאָס צװײטע מאָל, האָט שױן דאָס בחורל גראָדע ניט אַזױ שטאַרק מורא געהאַט, מחמת ס׳איז באַװיזן געװאָרן, אַז די האַריקע זאַך איז ניט געװען די פּעל פון אַ שד אָדער אַ רוח, נאָר פּשוט דעם טאַטנס אַלטער פוטערנער טולופּ...



## די פיר סעזאָנען פון יאָר

אין אַ רוסיש טעקסט־ביכל, האָט גרשון אַמאָל געזען אַ בילד, װאָס האָט פאָרגעשטעלט די פיר סעזאָנען פון יאָר :

פרילינג : אַ פּויער מיט אַ טאַרבע װאַרפט קערנדלעך אויף אַ צעאַקערט פעלד. אין אַ טײכל שװימען יונגע קאַטשקעלעך. אויפן הימל פוכיקע ליכטע װאָלקנדלעך. די בײמער זײנען אָפּגעשאָטן מיט צװיט. אין דער סטריכע, אונטער אַ שטרויענעם דאַך בויען זיך פײגעלעך נעסטן.

זומער : פּויערים מיט קאָסעס שנײדן זאַנגען תבואה אויפן פעלד. נאַ־קעטע קינדער באָדן זיך אין טײכל. דער הימל איז אָן אײן װאָלקנדל. די בײמער זײנען אָפּגעשאָטן מיט באַרן און עפּל.

האַרבסט : דאָס פעלד איז נאַקעט. הינטערן הימל פליען פײגל אין אַ קרום שנירל אין די װאַרעמע לענדער. אין אַ שײער מאַלױצעט אַ פּויער די תבואה. פּויערשע אינגלעך מיט סומקעס (ראַנצן) גײען אין שקאָלע (שול) אַרײן.

װינטער : די דעכער מיט קוטשמעס שניי. פון די קוימענעס ציען זיך רויכלעך. דאָס טײכל איז פאַרקאָװעט מיט אײז. אָנגעפּעלצטע אינגלעך גליטשן זיך. אַ פּויער מיט אַ באַשליק איבערן קאָפּ, אין אַ פּעלץ פירט אַ װאָגן מיט האָלץ פון װאַלד. שװאַרצע קראָען ראַיען זיך אין שניי...

בײ גרשונען אָבער זײנען די פיר סעזאָנען אַ יאָר אויסגעקומען גאָר אַנדערש :

פרילינג : יונגע ציבעלקעלעך פאַרקויפט מען אויפן פּרוכט מאַרק לעבן קראָװצאָװוס רויט־ציגלדיקע קלײטן. ציבעלקעס מיט װײסע הע־רעלעך אויף די קעפּלעך און מיט גרינע לאַנגע װײדעלעך, װאָס מען רופט סטרולקעס. אַ יונג ציבעלקע קײעט מען ניט, נאָר מען כראָמטשעט. די

סטרולקעס וואַרפט מען ניט אַוועק, זיי זיינען אויך גוט. יונגע רעטעכלעך אין בינטלעך, ווייסע און רויטע אַ קאָפּיקע אַ בינטל. ניטאָ קיין האַרבקייט אין זיי. קוים, קוים דאַרטן. זיי עסן זיך פון זיך אַליין. מען דאַרף זיי אַביסל באַזאַלצן. גבירים עסן זיי מיט סמעטענע. דאַרף מען דאָך זיין אַ גביר.

דערנאָכדעם באַווייזן זיך אַגרעסן אויף די שטעלן, אַ פול הילצערן קוואַרטל פאַר אַ גראָשן. אַז מען עסט אַן אַגרעס באַווייזן זיך טרערן אין די אויגן, אַזוי זויער זיינען זיי. דערפאַר אָבער, אַז די מאַמע קאָכט אָפּ אַ קאָמפּאָט פון זיי, צענעמט דאָס אַלע אברים.

גלייכצייטיק באַווייזן זיך וויינפּערלעך. מען פאַרקויפט זיי מיט די צווייגן. דינע צווייגעלעך אַזוינע. די וויינפּערלעך, רויטינקע און פורפורנע, זיינען זייער קליינינקע, כמעט ווי די שפּילקע־קעפּלעך. ס'לוינט זיך ניט אָפּרייסן יעדן וויינפּערל באַזונדער, נאָר מען רייסט זיי מיט די ציין פון די דעליקאַטע צווייגעלעך. וויפיל וויינפּערלעך מען האָט ניט געגעסן, ווייסט מען ניט דערנאָכדעם אַז מען האָט געגעסן.

אין דער זעלבער צייט באַווייזן זיך אויך אויפן מאַרק די פּילניצעס (סטראָבעריס). מען פאַרקויפט זיי אויף שטרויעלעך. איידער די פויערטע ברענגט זיי אין מאַרק אַריין, שטעכט זי אַרויף אַ צען אָדער צוועלף פּיל־ניצעס אויף יעדער שטרוי. אַ גראָשן אַ שטרוי. אַ פּילניצע באַשטייט פון גאַלע פורפורנע פּיפּטשיקלעך, און אַז מען לייגט זיי אַרויף אויף דער צונג, צעגייט זי זיך מיט בשמימדיקע ריחות פון זיך אַליין אין מויל. מען ווייסט קיינמאָל ניט צי מען האָט אויפגעגעסן די פּילניצע, מען מיינט, אַז מען האָט בלויז געשמעקט דעם ריח. דעם ריח פון אַ פּילניצע קאָן מען גאָרניט באַשרייבן. זי שמעקט ווי דער פרילינג איבגאַנצן צוזאַמענגענו־מען...

אמת פריילעך ווערט מיט די קאַרשן און ווינשל. אַ קאַרש איז שוואַרצלעך ברוין. אַ ווינשל איז ליכטיק ראָזעווע. אַ קאַרש איז ביליגער ווי אַ ווינשל. צוויי הילצערנע קווערטערלעך פאַר אַ גראָשן. אמת, זיי זיינען טאָקע זיס, אָבער דערפאַר האָבן זיי אַ סך ווערעמלעך. אַ בערשאַדער אינגל האָט ניט געגעסן קיין קאַרש, ביז וואַנעט ער האָט אים ניט צע־שפּאָלטן און אַ קוק געטאָן צי דאָרטן איז ניטאָ קיין ווערעמל. ווינשל זיינען אַ סך טייערער. איין קווערטל פאַר אַ גראָשן, אָבער זיי האָבן די ווערט. זיי האָבן כמעט ניט קיין ווערים. זיי האָבן אַפּנים בעסער ליב זיס, די ווערים, און אַ ווינשל איז ווייניק־זיס. אָבער סיי די קערלעך פון קאַרשן

און סיי די קערלעך פון ווײַנשל, אַז מען פּראַזשעט זיי אָפּ אויף אַ בעקן אין אויוון, זײַנען די יאַדערן אַ מחיה, פּונקט ווי פון ניסלעך. פון ווײַנשל מאַכט די מאַמע פּירעשקעס. איז פון אַ הייסער פּירעשקע מיט ווײַנשל ווערקן זיך אויף אַלע זאַפטן אין מענטשן און ס׳פּאַרכאַפּט אַזש אין האַרצן פון ווייניקן תענוג.

מען דאַרף ניט פאַרגעסן די גרינע אוגערקעלעך. די צאַרטע קליינטשי־קע, לאַנגעכיקע אוגערקעלעך. אויך מיט פּיפּטשעקלעך, וואָס שטעכן ממש. אַז מען וויל עסן אַן אוגערקעלע, שיילט מען דאָס פּריער אָפּ, דערנאָכדעם צעשניידט מען דאָס אויף צוויי העלפט אין דער לענג, דערנאָכדעם באַזאַלצט מען יעדע העלפט. אויך אַן אוגערקעלע עסט מען ניט, נאָר מען כראָמטשעט דאָס, און אַז מען כראָמטשעט אַן אוגערקעלע שמעקט פון מויל מיט פעלד און מיט גאָרטן.

זומער: פון אַלע קוישן אין מאַרק קוקט אַרויס דער זומער. די עפּל, דעם אמת געזאָגט, זײַנען ניט אַזוי באַטעמט, ווי די וואָס ווערן ערשט צײַ־טיק אין האַרבסט, אָבער דערפאַר זײַנען זיי ביליק. פינף, זעקס פּאַר אַ גראָשן. זיי זײַנען מערער זויער ווי ווייניק, אָבער דערפאַר אַז מען באַשיט זיי מיט צוקער, מען באַקט זיי אָפּ אין אויוון אויף אַ בעקן, און די הויט ווערט ווי פּאַפּיראָס פּאַפּיר, איז אַ מחיה זיך דערקוויקן מיט זיי דאָס האַרץ.

פלוימען — דאָס איז גאָר אַ געשאַנק פון בורא (בוירע). מען רעדט דאָ ניט פון די ביליגע פלוימען, וואָס זײַנען ווייך און צעקריכן זיך, אויך ניט פון די טאַראַנאָסלען — קאַרליקלעך־פלוימען, וואָס זײַנען אויך מער זויער ווי ווייניק. מען רעדט דאָ פון די אונגאַרישע פלוימען, טונקל־ברוי־נע, „וועננגערקעס" האָט מען זיי גערופן. אַ וועננגערקע איז לענגלעך, שפּי־ציכיק. מען קאָן זי צענעמען אין צוויי גלייכע העלפטן, און דאָס קערל זאָל בלײַבן טרוקן. אַ טשערקושנע פלוים קאָן מען ניט צענעמען אין צוויי העלפטן. ס׳איז אַ קיילעכדיקע, אַ היבשע, מיט אַ האַרטער הויט אַ גע־פלעקטע, דאָס הייסט פון פאַרשיידענע קאָלירן, זייער אַ פליישיקע, וואָס פאַרמאָגט אין זיך אַ סך טעמים, אי דעם טעם פון ווײַנשל, אי דעם טעם פון ווײַנטרויבן, אי דעם טעם פון ווײַנפּערלעך. פון טשערעקושנע פלוימען איז גוט צו פרעגלען פּאָווידליע. אַ טשערעקושנע פלוים איז די קעניגין פון אַלע מינים פלוימען.

און וואָס איז מכוח די באַרן? די גאָלדענע באַרן מיט די רויטע בעקע־לעך. פון זיי שמעקט דער זומער איבערן גאַנצן מאַרק. פליגן האָבן ליב זיך אַנצופליען צו אַ באַר, מערער ווי צו אַלע אַנדערע פרוכטן. אַ חוץ

אפשר צו אַ דיניע. אַ באַר איז גוט אָפּצושיילן, און זי צעשניידן אין פערטלעך. מען דאַרף אָבער פריער אויסשניידן די קעשענקלעך, וואו די קערלעך ליגן.

אַ פערעשקע רופט מען אין רוסיש „פערסיק", משמעות, אַז זי שטאַמט פון פערסיע. דערפאַר אפשר איז דער ריח און טעם אַזאַ צאַרטער. אַן אַפריקאָס קומט מסתמא פון אַפריקע. אַ פערעשקע איז מערער זיס, ווי ווייניק און כמעט אינגאַנצן געל. אַן אַפריקאָס איז מערער ווייניק ווי זיס און איז געמישט מיט רויט. דער יאָדער פון אַ פערעשקע קערל איז באַטעמט ווי אַ מאַנדל. דער יאָדער פון אַן אַפּריקאָס קערל איז ביטערלעך. פון אַ פערעשקע־קערל מאַכט מען אַ פייפעלע. מען טוט אַזוי : מען רייבט אַזוי לאַנג דאָס קערל אויף אַ שטיין ביז ס׳רייבט זיך אויס אַ לעכל. דערנאָכדעם נעמט מען אַ נאָדל און מען ציט אַרויס שטיקלעכווייז דעם יאָדער ביז דער אינעווייניק ווערט הויל. אַז מען בלאָזט אין לעכל טורקעט דאָס ווי אַן אמת פייפל.

איצטער קומען מיר צו דער קרוין פון זומער, צו דער דיניע, אָדער „מאַסקמעלאָן", „קענטעלאָפּ", ווי מען רופט דאָס אין ענגליש. אַ דיניע פאַרשמעקט אויך דעם גאַנצן מאַרק. אַז מען צעשניידט די דיניע, ערשט דעמאָלט צעשמעקט זי זיך. אינעווייניק, די געלקייט אירע איז ווי דער זומער אַליין — זהב טהור, ריינער גאָלד. איר זאַפטיקייט איז אַ ראַשיקע זאַפטיקייט, אַ פולע זאַפטיקייט. ס׳איז גוט דאָס צו עסן מיט ברויט.

אַ קאַוואָנע, דאָס איז דער סוף זומער. די שאָלעכץ איז מערסטנס טונקל־גרין, אָבער אַז מען צעעפנט זי, ברענט דער אינעווייניק אַזוי רויט ווי דער הימל אין מזרח אין אַ סוף זומערדיקן טאָג. דער סוף פון זומער אַליין ליגט דאָרטן אינעווייניק.

יאָ, ס׳איז סוף זומער. ס׳קומט דער האַרבסט מיט די רעגנס און בלאָטעס. אפילו פרעסטלעך כאַפּן. אויף די געשטעלן אין מאַרק זיינען נאָך געבליבן די סימנים פון זומער. מען פאַרקויפט דאָרטן דרען און קאָלינעס. אַ דרען איז גאָלע רויט, קליין, שמאָל, שפּיציכיק, ביטערלעך־ווייניק. ס׳טשיפּעט אַזש די צונג. אַ קאַלינע אויך גאָלע רויט, אויך קליין אָבער פלאַך, אויך ביטערלעך ווייניק. דרען און קאַלינעס איז ניט צו עסן רויערהייט. מען מאַכט פון זיי אַזאַ מין איינגעמאַכץ, וואָס מען רופט דאָס „באַלטעי". פאַרוואָס „באַלטעי"? ווייסט ניט גרשון.

יאָ, ס׳איז שוין האַרבסט, מרה־שחורהדיקע טעג, אָבער די עפּל דערפרייען דאָס האַרץ. די בעסטע דריי מינים זיינען : מאַרדעטשקעס, אַראַ־

נעטן און שטשעטינקעס. אַ מאָרדעטשקע איז כמעט גאָלע רויט, קוקט טאַ־קע אויס ווי אַ קינדערשע מאָרדעטשקע מיט אַ גריבעלע. אַ מאָרדעטשקע שמעקט אפילו פון דער ווייטנס. אַן אַראָנעט איז גרינלעך־ברוינלעך. די הויט פון אַ אַראָנעט, שמעקט גראַדע ניט פונעדרווייטנס, דערפאַר אָבער אַז מען האָט איינגעביסן, איז די זיסע וויניקייט מאַכט אייך אַזש אויפּצי־טערן פון פאַרגעניגן. אַ שטשעטינקע איז גאָר אַן אָפּנאַרערישער עפּל, קוקט אויס ניט אַזוי שיין צום אויג, באַוואָקסן מיט אַ דינעם מאָך, אָבער דערפאַר איז דער טעם זיינער, ווי עפּעס אַ מחיהדיקער וויין.

מען וואָלט געדאַרפט דאָ דערמאָנען די גאָלדענע קאַבאַקעס. אָבער גרשון האָט זיי קיינמאָל ניט ליב געהאַט, סיידן דעם קאָליר, סיידן די קער־לעך, וואָס אַז מען פראַזשעט זיי גוט אויס קנאַקט מען זיי מיט האַרץ.

און איצטער קומען מיר צום ווינטער: — ס׳איז ניט קיין סך צו זאָגן. אַ רחמנות אַ קוק צו טאָן אויף די געשטעלן אין מאַרק, כמעט גאָרניט אַ חוץ וואָרצלען פון כריין, גרויסע רעטעכער, פּאַסטערנאַק, פאַרדאַרטע שוואַרצע ווינשעלעך, געפרוירענע קליינע עפּעלעך, קאַבאַקענע קערלעך, האָזענע ניסלעך, בוריקעס, פּאַסאָליעס וכדומה...

## פּיני שאַיעס

פאַרוואָס געדיינקט זיך אַזוי גוט דאָס יאָר 1909 ? דאָס איז שולדיק די „טשיסטאָפּיסאַניע" (ריין שרייבן). אַז מען האָט פאַרענדיקט אַ בלעטל „טשיסטאָפּיסאַניע" האָט מען אונטערגעשריבן דעם נאָמען און דאָס יאָר, סיי דאָס יידישע און דאָס ניט־יידישע.

און „טשיסטאָפּיסאַניע" האָט אונדזער בחורל אָנגעהויבן צו שרייבן ס׳ערשטע מאָל אין זיין לעבן ביי פּיני שאַיעס אין חדר. „דער טאַטע איז געפאָרן קיין אָדעס קויפן אַ פּעקל סחורה". אָדער אין העברעאיש: „לך אל נמלה עצל, וראה דרכיה וחכם". (גיי צו דער מערעשקע, פוילענצער, קוק זיך צו צו אירע וועגן און לערן זיך עפּעס אָפּ פון איר).

און אין שייכות מיט דעם יאָר 1909, קומט פּלוצלונג אַרויף אין זכרון אַ לאַנג־פאַרגעסן וואָרט — „פּיסינקעס". פּיסינקעס מיינט אייער, אָבער ניט קיין פּשוטע אייער, נאָר פּאַסכאַ־אייער, די שאָלעכץ געפאַרבט אין פאַרשיידענע שיינע קאָלירן.

תיכף נאָך פּסח, ווען מען הייבט אָן צו גיין אין חדר, גיבן מאַמעס מיט זייערע זונדעלעך איבערבייסן פּיסינקעס, וואָס מען האָט געקאָנט אַזוי בילק קויפן ביי די אָרעמע פּויערים אָדער פּויערטעס, באַזונדער ביי בעט־לער. אַ פּיסינקע איז געווען אַ שאָד אויפצועסן, מחמת מען האָט געדאַרפט צעקלאַפּן די זייער שיין געפּאַרבטע שאָלעכץ.

יאָ, אַ פּיסינקע האָט די מאַמע מיטגעגעבן גרשונען צום איבערבייסן דעם ערשטן טאָג ביים נייעם רבין פּיני שאַיעס. דעמדאָזיקן טאָג האָט דאָס בחורל אָנגעשריבן ס׳ערשטע מאָל אין זיין לעבן אַ בלעטל „טשיסטאָ־פּיסאַניע״, אונטערגעשריבן זיין נאָמען און דאָס יאָר 1909, דערלאַנגט דאָס בלעטל כתב צו רעב פּינין, און גלייך געכאַפּט פון אים אַ ביטערן שנאָל ניט אין דער נאָז, נאָר אין שטערן.

און דעם ביטערן שנאָל האָט אונזער בחור געכאַפּט ניט דערפאַר, ווייל דער רבי איז געווען אַזאַ שלעכטער, נאָר ווייל די טשיסטאָפּיסאַניע איז געווען זייער אַ שלעכטע... וואָס שייך שלעכט? קאָטשערעס מיט לאָפּע־טעס און פול מיט קלעקן, גרויסע קלעקן נאָך דערצו. ביז היינט צו טאָג איז גרשון ניט אַזוי שווה בשווה מיט זיין האַנטשריפט.

(דעם זעצער וועט מסתמא הנאה טאָן פון דעם שנאָל וואָס דער שריי־בער פון אָט דעם ווערק האָט געכאַפּט פון רבין פאַר זיין האַנטשריפט...)

רעב פּיני האָט קיינמאָל ניט געשנאָלט אין דער נאָז אַריין, נאָר אין שטערן, ווייל וואָס איז די נאָז נעבעך שולדיק, האָט ער געזאָגט, וואָס דער קאָפּ וויל ניט באַנעמען? ער האָט אויך געהאַט אַ טבע צו קוועטשן אַ פינגער און פרעגן צי ס׳טוט וויי, און אַז דאָס אינגל האָט געזאָגט „יאָ, ס׳טוט וויי״, האָט ער געענטפערט: „און מיך טוט דען ניט וויי?״

און ס׳האָט אים טאַקע באמת וויי געטאָן. ער פלעגט זיך שטאַרק צע־הוסטן בשעת מעשה, געשנאָלט אין שטערן, געקוועטשט דעם פינגער, גע־געבן גלאַט אַזוי קלעפּ האָט ער גראָדע נאָר די גוטע קעפּלעך. די שוואַכע קעפּלעך האָט ער כמעט ניט אָנגערירט.

— שלאָגן וועט זיי דען העלפן? — האָט ער געטענהט — אַז ס׳נעמט זיך ניט צו זיי. אָבער צו גוטע קעפּלעך נעמט זיך דאָך יאָ, און זיי קענען דאָך יאָ קענען.

איז ווי איר זעט, ניט יעדער איינער איז זוכה געווען צו כאַפּן קלעפּ פון רעב פּינין, און אַז דער ווייטיק איז פאַרביי האָט מען זיך כמעט ווי געגרויסט.

און אַ רבי, וואָס דערהויבט דעם תלמיד אַפילו מיט דעם, וואָס ער

שלאָגט אים, איז אַ רבי וואָס מען קאָן גאָרניט פֿאַרגעסן. אַ קליינגעוויק־סיקער געווען פּיני שאַיעס, אַ מאָגערער, מיט אַ הויכן קלוגן שטערן און מיט אַ פּאָר בלויליך גרויליכע אייגעלעך פֿול מיט חכמה. ער האָט געשטעלט אָטמיעטקעס (צייכנס) פֿאַרן לערנען. אַ פֿינף איז דאָך געווען אַ גרויסער צייכן, אָבער גאָר דער גרעסטער צייכן איז געווען, ווען ער האָט אַ שמייכל געטאָן צום תּלמיד פֿאַר גוט קענען. מען האָט גלייך פֿאַרגעסן אַלע ביטערע קלעפּ, וואָס מען האָט געכאַפּט פֿון אים. מען איז געווען גרייט צו גיין פֿאַר אים אין פֿייער און אין וואַסער. ס׳האָט זיך אים געוואָלט געבן מתּנות פֿאַר אַזאַ שמייכל.

רעב פּיני האָט ניט געשמייכלט אָפֿן צום תּלמיד, נאָר אָפּגעקערט דאָס פּנים אָן אַ זייט, יענער זאָל כּלומרשט ניט זען ווי גוט ער געפֿעלט אים. ס׳איז געווען דער שמייכל פֿון גליקלעכן רבין און מדריך, וואָס דער־זעט די גוטע פּרוכט פֿון זיין לערע.

די תּלמידים האָבן אים ניט גערופֿן ניט „רבי" און ניט „לערער", נאָר „רעב פּיני", און שפּעטער מיט יאָרן, ווען מען איז שוין געווען אפֿילו אַ באַלעבעסל איז עס אַלץ געווען „רעב פּיני" — מיט דעם זעלבן דרך ארץ און פֿלאַטער ווי אַמאָל אַלס זיין תּלמיד... און נאָך שפּעטער מיט יאָרן דאָ אין אַמעריקע — דער זעלביקער דרך ארץ און פֿלאַטער צו די קינדער פֿון רעב פּינין, ווי חסידים צו די קינדער פֿון זייער צדיק.

אין די ווינטערדיקע אויפֿדערנאַכטן, אין זיין אייגענער דירה, האָבן זיך שטענדיק געפֿונען אַ צוויי דריי אידן, וואָס האָבן פֿאַרכאַפּט דעם אויבנ־אָן ביי דער וואַרעמער חרובע און אים ניט געלאָזט הנאה האָבן פֿון דעם ביסעלע רו נאָך אַ לאַנגן טאָג האָרעוואַניע. מען איז געקומען צו אים נאָך עצות, זיך אַראָפּרעדן דאָס האַרץ, אָדער גלאַט אַזוי הערן פֿון אים אַ קלוג וואָרט.

ער איז געווען אַ ידיד פֿון מיכה יוסף בערדיטשעווסקי. זיי ביידע האָבן זיך אָפּגערעדט אויף אַ געוויסן פֿאַרטאָג אַנטלויפֿן אין דער גרויסער וועלט שטודירן. און אַז ס׳איז געקומען דער געוויסער פֿאַרטאָג, איז טאַקע מיכה יוסף בערדיטשעווסקי אַנטלאָפֿן — אָבער אָן זיין חבר פּינין. אין דעם געוויסן פֿאַרטאָג, ווי רעב פּיני האָט שפּעטער מיט יאָרן דער־ציילט גרשונען און זיין זון פּוליען, האָט ער שוין געהאַלטן ביים פֿאַר־לאָזן דאָס הויז, האָט ער אָבער אַ קוק געטאָן אויף זיין שיינער בליענ־דיקער יונגער מאַריאַמען, וואָס איז געשלאָפֿן אַזאַ רואיקן שלאָף, — און בשום אופֿן ניט געקאָנט פֿאַרלאָזן דאָס הויז. ווען באַרדיטשעווסקי וואָלט

געהאַט אַזאַ מאַריאַם, וואָלט ער אפשר אויך געבליבן אין דער היים. זיין פרוי איז געווען זייער ניט קיין שיינע און דערצו אַ גרויסע יאַדערין. מאַרי־אַם איז געווען אַ הויכע, אַ שטאַלטנע, אַ קלאַר־הויטיקע, אַ גוטמוטיקע. זי האָט אויך געהאָלפן טראָגן דעם עול פון פּרנסה, אַרומגעפאָרן איבער די יאַרידן מיט שניט סחורה. דער טאָג, וואָס זי איז געווען אויף אַ יאַריד, האָט זי אויסגעפּעלט די אינגלעך אין חדר. אַז זי איז געווען אין דערהיים האָט רעב פּיני אַזוי ביטער ניט געשלאָגן און אַזוי ביטער ניט געהוסט. זי האָט פּשוט ניט דערלאָזן שלאָגן, אָפּגעריסן דעם קרבן פון זיינע הענט און מוטערלעך־שטרענג אויסגעמוסרט איר מאַן הלמאי ער האָט זיך אַנגע־לייגט אַזוי, און אַז זאָל שוין זיין האַדיע (געגוג), און זאָל ער בעסער אויס־טרינקען די גלאַז געוועלטע מילך וועט ער אַזוי ניט הוסטן...

און גרשון האָט געלערנט ביי רעב פּינין עטלעכע זמנים, אָבער דאָס יאָר 1909 האָט זיך באַזונדער איינגעקריצט אין זיין זכרון. אויף דעם ערשטן בוך וואָס ער האָט געקויפט אין זיין לעבן, האָט ער אַנידערגע־שטעלט 1909. דאָס איז געווען יהודה שטיינבערגס כרעסטאָמאַטיע אין העבּרעאיש. זי איז שוין געווען אַ גענוצטע. ער האָט זי געקויפט כמעט פאַר האַלב געלט פון רעב פּיניס אַ געוועזענעם תלמיד אידל דאַן. גרשון האָט אָפּגעמעקט יענעמס נאָמען און אַנגעשריבן: „הספר הזה למי שייך? (דער דאָזיקער בוך וועמען געהערט?). למי ששייך שייך (וועמען ער גע־הערט געהערט ער). למי פּאָרט שייך (וועמען פּאָרט געהערט ער?). למי שקנה לזה שייך (ווער ס'האָט אים געקויפט צו דעם געהערט ער). מי פּאָרט קנה? (ווער פּאָרט האָט אים געקויפט?). מי ששלם מעות זה קנה (ווער ס'האָט באַצאָלט געלט דער האָט געקויפט). מי פּאָרט שלם מעות? — און אַזוי ווייטער און ווייטער.

און אַך, די שיינע שירים וואָס זיינען געווען אין דער דאָזיקער כרעס־טאָמאַטיע!

אצא לי השדה ואשמע מה דבר ה' מן הקמה, מה לאט הרוח ממשק הקנים הזקופים, הגאים (כ'וועל אַרויסגיין אין פעלד און הערן וואָס גאָט האָט גערעדט פון דער תבואה, וואָס דער ווינט האָט געשעפּטשעט פון צווישן די רוישנדיקע זאַנגען, די אויפגעשטעלטע און שטאָלצע). שפּעטער מיט יאָרן, האָט גרשון געהאַט די זכיה צו רעדן מיט חיים נחמן ביאַליקן אַליין, דעם פאַרפאַסער פון דעם שיר, און פון אַ סך אַנדערע שירים, וואָס רעב פּיני האָט פאַרגעבן אויסצוחזרן אויף אויסנווייניק.

און די שיינע מעשהלעך וואָס זיינען געווען אין דער דאָזיקער כרעס־

טאָמאַטיע!

דאָס מעשׂהלע מיטן אינגל, וואָס קומט אַריין אין הויז פון זיין חבר, דעם זון פון אַן אָרעמען סטאָליאַר, און דאָרטן זיינען ניטאָ קיין בעטן. פרעגט ער דערנאָכדעם אַ שעפעלע, ווי קומט דאָס וואָס זיין חברס טאַטע איז אַ סטאָליאַר און מאַכט אַזוי פיל בעטן פאַר אַנדערע און אַליין מיט זיין משפּחה שלאָפט ער אויף דער ערד? רופט זיך אָן ס׳שעפעלע:

— פרעג בעסער, פאַר וואָס די מענטשן טראָגן מאַנטלען פון וואָל, וואָס מען האָט אָפּגעשוירן פון מיר, און אַליין ציטער איך פאַר קעלט?

רעב פּיני האָט פאַראויסגעזאָגט גערשונען, אַז ווען ער וועט אויס־וואַקסן וועט ער זיין אָדער אַ מוכר ספרימניק, אָדער אַן איינבינדער צו־ליב זיין פאַרקאָכטקייט אין ביכער, און אַלס אַ מוכר ספרימניק, אָדער איינבינדער וועט ער דאָך קאָנען לייענען ביכער וויפיל זיין האַרץ גלוסט...

און רעב פּיני האָט כמעט ווי געטראָפן...

# שלום עליכם און די ציג

אַ, שלום־עליכם! אַ געשאַנק אַ וואונדערלעכס איז ער געגעבן גע־וואָרן צום יידישן פאָלק, באַזונדער צו אַזוינע אינגלעך ווי גרשון... איצ־טער בענקט זיך נאָך אים פונקט ווי נאָך אַ זומערדיקן פרייטיק אָדער שבת אין די אינגל־יאָרן.

און אַז מען דערמאָנט זיך אָן שלום עליכם, דערמאָנט מען זיך אין רעב פּיניס ציג. ווי קומט אַ ציג צו שלום־עליכמן? איר וועט הערן שפּעטער.

און אַז מען דערמאָנט זיך אין רעב פּיניס ציג, דערמאָנט מען זיך אויך אין גאָרטן. אַ גאָרטן האָט זיך גרשונען פאַרוואָלט, ס׳זאָל וואַקסן רעטעכ־לעך, מערלעך, ציבעלקעלעס, אוגערקעלעך... אין גאַנץ בערשאַד זיינען געווען אַזוי ווינציק גאָרטנס פאַר די הייזער, בלויז דאָ און דאָרטן ביי אַ פּאָר גבירים. און גראַדע אָרום און אָרום, דאָס הייסט, דער אויסער־דער־שטאָט איז געווען אײנגאַנצן איינגעטונקען אין גרינס, סעדער, פעלדער, וועלדער. אַקוראַט, ווי דאָס גרינס וואָלט זיך אָפּגעשטעלט ביים סאַמע תחום גרעניץ) פון שטעטל און ניט געוואָלט ווייטער גיין.

און ס׳איז ניט געווען דערפאַר, וואָס די ערד אין בערשאַד איז גע־

ווען מאָגער און ס׳האָט ניט געוואַקסן. ס׳האָט געוואַקסן, אָבער קיין שום פּיצעלע גרינס אין שטעטל האָט ניט געהאַט קיין אריכות ימים. פאַרוואָס? ווייס איך שפּעטער הערן.

און גראָדע האָט ביי די בערשאַדער אידן געחלשט דאָס האַרץ נאָך דעם ביסעלע גרינס, נאָך די גוטע ריחות פון דעם בוים אין בליאונג. אין די פרילינג־פאַרנאַכטן לעבן יורעוויטשעס גאָרטן האָט מען געקאָנט זען אַ סך אידן שטיין און שמעקן די בשמימדיקע ריחות פון די אַקאַציע־ביימער, אָפּגעשאָטן מיט ווייסן צוויט (בליאונג).

אַפילו איצטער, בשעתן שרייבן, טוט אַ קיצל גרשונען אין דער נאָז דער פאַרשיכורנדער ריח פון אַקאַציע־צוויט אין יורעוויטשעס גאָרטן. ס׳איז דען געווען אַ גאָרטן? אַ פּאַרק איז דאָס געווען! זיך געצויגן איבער דער גאַנצער לענג פון דער שפּאַציר־גאַס, אָפּגעצוימט מיט אַ הויכן רויט־ציגלדיקן פּאַרקאַן. אינעווייניק האָט מען ניט אַריינגעלאָזט, פאַרהאַקט, פאַרשלאָסן מיט אייזערנע טויערן, מיט בייזע גרויסע הינט, וואָס האָבן געקאָנט צעררייסן אַ מענטשן, מיט באַוואָפנטע טשערקעסן, שומרים. ערשט נאָך דער רעוואָלוציע האָט מען אַריינגעלאָזט, ס׳הייסט, מען האָט ניט גע־דאַרפט אַריינלאָזן — ס׳איז געווען אָפן פאַר יעדן איינעם.

יאָ, אַ גאָרטן האָט זיך גרשונען פאַרוואָלט. ער מיט זיין שוועסטער רחל האָבן געהאָרעוועט איבער אים ווי די רוחות. אָבער די ציגן! די בערשאַדער ציגן! און ניט אַזוי די אַנדערע, ווי רעב פּיניס ציג, די ירחמיאליכע, אַ נאָמען נאָך איר פריערדיקער באַלעבאָסטע. זי האָט זיך, ווייזט אויס, געגעבן אַ שבועה, די ירחמיאליכע, אַז וואָס ס׳זאָל ניט זיין, אָבער הונגערן ביי רעב פּינין וועט זי ניט. אַלע אַנדערע ציגן אין שטאָט זיינען געווען איינגעדאַרט, איינגעקוואַרט, אָבער ניט זי. אַ פול־בלעכע, אַ געפּאַקטע, כמעט אַ פעטע.

און די געשיכטע פון גרשונס גאָרטן איז אייגנטלעך די געשיכטע פון דער מלחמה מיט דער ירחמיאליכע. אַ דויערנדיקע, אַ פאַרביסענע מלחמה איז דאָס געווען. ס׳איז געווען ווי מיט די יידן ביים בויען דעם צווייטן בית המקדש. אין איין האַנט אַ שווערד קעגן שונא, און אין דער צווייטער אַ רידל, אָדער אַ האַמער. גרשון און זיין שוועסטער רחל אויך אַזוי: אין איין האַנט אַ שטעקן, אין דער צווייטער די סאַפּע, אָדער דעם שפּריצער. און כאָטשבי דער פלויט אַרום גאָרטן איז געווען באַשלאָגן אויבן מיט טשוועקעס, האָט דאָס גאָרניט אויסגעמאַכט דער ירחמיאליכע. ווי אַ סאָלדאַט האָט זי געקאָנט שפּרינגען, כאָטשבי זי איז געווען פעטלעך. טאָג און נאַכט האָט מען זי געהיט. אַז גרשון איז געווען אין חדר, האָט רחל

געהיט, און אַז ער איז געקומען פון חדר, האָט ער געהיט.

האָט זי דאָך געקאָנט שפּרינגען, ווען אַלע זיינען געשלאָפן? האָט אים זיין חבר פּוליע געטאָן די טובה. איבערנאַכט זי פאַרשלאָסן אין דער אובאָרע (הויפל). זיין חבר פּוליע האָט אויך גענומען אַ וואָרעמען אָנטייל אין גאָרטן, געהאָלפן טראָגן וואַסער פון דער קרעניצע צו באַשפּריצן דעם גאָרטן, געהאָלפן אַרויסרייסן די בודיקעס און די ווילד־גראָזן. געהאָלפן סאָפּען די קאַרטאָפליע־שפּראָצונגען.

און אַז מען האָט דערזען אַרויסגיין דאָס ערשטע רעטעכל, איז געווען דער גרעסטער וואונדער. מען האָט זיך דאָס ניט פאַרגונען אָפּצורייסן, נאָר געקוקט אויף דעם. מען האָט צונויפגערופן אַלע אינגלעך פון דער טאַר־האָוויצע אויך צו קוקן אויף דעם... אָבער טאַקע נאָר דאָס ערשטע רע־טעכל, האָט מען דערלעבט זען אַרויסגיין... די ירחמיאַליכע האָט איינמאָל באַשלאָסן גיין, ווי מען זאָגט, נאַ־שטיקי, דאָס הייסט אויף הפקר, אויף קידוש השם. האָט זי דען ניט געזען רחלען מיטן שטעקן? זי האָט גע־זען, אָבער מסתמא געטראַכט — וואָס ס׳זאָל זיין, זאָל זיין, און איז אי־בערגעשפּרונגען דעם פּלויט. די שוועסטער האָט אוודאי ניט געשוויגן, געפּאַסעוועט מיטן שטעקן, געשריגן אויף די קולי קולות, אָבער יענע האָט באהבה געכאַפּט די שטעקנס, און דערווייל גיך, גיך, געצופּט די יונגע בלעטלעך, געהריזעט די וואָרצלען, געשלונגען... אויף מאָרגן ווידער אַמאָל דאָס זעלבע... וואָס טויג אייך מעשיות, זי האָט געוואונען די מל־חמה... אויס גאָרטן.

איצטער פאַרשטייט איר שוין פאַרוואָס אין בערשאַד און מסתמא אין אַנדערע יידישע שטעטלעך, האָבן זיך נישט געקאָנט האַלטען קיין גאָרטנס?

און איצטער קומט שלום־עליכם. שוין וואָכן און וואָכן, אַז גרשון מיט זיין חבר האָבן געפּאַסט... שוין איבערגעלייענט אַלע ביכער ביים רעב פּיני׳ן אין שאַפע, אפילו די שמות, דאָס הייסט, מיט אַן אויסגעריסע־נעם אָנהייב און סוף, און אפילו מיט אַן אויסגעריסענעם אינמיטן. אַזאַ ביכל איז געווען דער „אהבת ציון" פון אברהם מאפּו. שוין איבערגעליי־ענט אַלע העברעאישע ביכער, וואָס מען האָט געקליען ביי מרדכי הובער־מאַן, אַן אַלטער משכיל. און צווישן זיי זיינען געווען „המנגן העור" (דער בלינדער מוזיקער) פון קאָראָלענקאָ, דאַכט זיך; „דניאל דיראָנדא" פון דזשאָדזש עליאָט אין דוד פרישמאַנס איבערזעצונג; אויך קליינע ביכלעך מיט פּאַפּירענע טאָוועלעך, וואָס האָבן זיך גערופן „הפרחים", די בלימע־לעך.

אַ לאַנגער, לאַנגער תענית איז דאָס געווען. מען איז ממש אויסגעגאַנ־גען נאָך אַ בלעטל מעשה — ווי פלוצלונג באַווייזט זיך שלום־עליכם; אַ ביכל, וואו ס׳דערציילט זיך, ווי צוויי חברים אין אַ קליין שטעטל זיינען אַנטלאָפן אין דער גרויסער שטאָט זיך לערנען, און וואָס ס׳האָט פּאַסירט מיט זיי דאָרטן. רעב פיני האָט דאָס אַנטליען ביי נחום באַגאָמאָלני.

אַ, שלום־עליכם! שוין פון דער ערשטער שורה איז געוואָרן ליכטיק אין די אויגן. מען האָט גאָר קיינמאָל נאָך ניט געלייענט אַזאַ שרייבער, וואָס רעדט מיט אַזאַ פריילעכן לשון. מען האָט געלאַכט ביי יעדן וואָרט. פון דעמאָלט אָן, אַז מען האָט נאָר געפּאַקט אַ נייע מעשה פון שלום־עליכם, איז געווען יום־טוב, ווי ווען מען איז געווען פריי פון חדר.

שפּעטער מיט יאָרן, ווען ס׳איז אָנגעקומען קיין בערשאַד די ידיעה אַז שלום־עליכם איז געשטאָרבן, האָט גרשון מיט זיין חבר געוויינט מיט הייסע טרערן. נחום באַגאָמאָלני האָט אויך געוויינט, און אַנדערע יידן, ווען מען האָט געמאַכט אַ הספּד אין דער ציוניסטישער קלויז.

יאָ, זיך אומקערן צו שלום־עליכמס ערשטער מעשה. ס׳איז געווען אַ זומער פּאַרנאַכט. די טאָרהאָוויצער אינגלעך האָבן זיך ווילד און פריילעך געשפּילט אין לויפערלעך. אָבער אָן גרשון מיט פוליען. דיביידע בחורימלעך זיינען געזעסן אויף אַ קלאָץ פאַר מאיר דעם בלינדנס הויז פאַרטיפט אין שלום־עליכמען, פוליע מיט זיינע קורצזיכטיקע אויגן, זייער נאָענט צום ביכל, און גרשון מיט זיינע ווייטזיכטיקע אויגן, זייער ווייט פון ביכל. און געשמעקט האָט פון די פעלדער און פויערשע גערטנער אַ מחיה. ס׳האָט אויך געשמעקט אַ מחיה פון שלום־עליכמס לשון. דער טעם פון שלום עליכמען יענעם זומערדיקן פאַרנאַכט קאָן זיך גאָרניט פאַרגעסן...

דערווייל אָבער האָט שרה אַ רוף געטאָן איר גרשונען און אים גע־שיקט מיט עפּעס אַ שליחות צו משה פייסאַך אין קלייטל. פוליע אָן גרשונען האָט ניט געקאָנט ווייטער לייענען. אַזוי שוין געוואוינט געווען ביידע צוזאַמען אַריינקוקן אין דעם זעלביקן ביכל, אַז ס׳איז שוין געוואָרן די צווייטע נאַטור. ביז גרשון וועט צוריקקומען האָט ער דערווייל אַ לויף געטאָן צו די אינגלעך אַריינכאַפּן אַביסל שפּיל. דאָס ביכל האָט ער איבערגעלאָזט אויפן קלאָץ...

און אַז גרשון איז צוריקגעקומען פון קלייטל האָט ער דערזען, ווי די ירחמיאַליכע האָט עפּעס אין גרויס איילעניש זיך אָפּגעטראָגן פון קלאָץ... און איר שטויסט זיך שוין מסתמא אָן פאַרוואָס...

איר לאַכט? אָבער גרשון מיט פוליען איז נישט געווען צום לאַכן... עטלעכע בלעטלעך סאַמע פון אינמיטן האָבן געפעלט... פשוט אויפגעגע־סען... יענע האָט אפילו געגעסן העמדער מיט גאַטיעס...

## אַ בריוול צו גאָט

אַזאַ הונגער נאָך מעשיות! דער מאַמעס טייטש־חומש, די צאינה־וראינה מיט די פאַרגעלטע בלעטער און טרערן באַפלעקטע אותיות, האָט גרשון איבערגעלייענט עטלעכע מאָל. די משלים אין סוף פון יעדער זייט דאָרטן האָבן אים שטאַרק פאַראינטערעסירט.

אַלע שבת נאָכן שלאָף האָט די מאַמע געלייענט איר טייטש־חומש מיט אַ שיינעם צאינה־וראינה־ניגון, מיט דעם זעלביקן ניגון, נאָר אַביסעלע טרויעריקער, האָט די מאַמע געזאָגט, „גאָט פון אברהם, יצחק און יעקב״, ווען דער שבת אין הויז האָט זיך אָנגעהויבן אויסלעשן. די מאַמע האָט פאַרמאָגט אַ זיסע סאָפּראַנאָ און האָט אויך געזונגען לידלעך, ווען זי איז געווען אויפגעלייגט, אָבער ניט אין יידיש, נאָר אין אוקראַיניש:

עשיו, עשיו, דיאַדקאָ נאַש,
קאָרטשמי ני מינאַיעש.
זאַ טאַי האָרילוטשקע,
שטאַני ני מאַיעש.

(עשיו, עשיו, פעטערל אונדזערס,
קיין איין קרעטשמע לאָזטו ניט אויסן.
צוליב דעם דאָזיקן ביטערן טראָפּן,
האָסטו ניט קיין הויזן).

דער מאַמעס תחינה האָט ער אויך איבערגעקוקט, כאָטשבי דאָרטן זייַנען ניט געווען קיין מעשיות. די מעשיות האָט ער זיך שוין געמוזט אַליין פאָרשטעלן. נעמט, למשל, אַזאַ תחינה וועגן געהרגעטע אין אַ מלחמה, איז געווען זייער גרינג זיך פאַרצושטעלן אַ מעשה:

... קוק, גאָטעניו, פון הימל און זע דעם צער פון די אלמנות און די

יתומים פון די הרוגי מלחמה. זע אויך דעם צער פון זייערע טאַטעס און מאַמעס, פון זייערע שוועסטער און ברידער, וועלכע ווייסן ניט, וואו די קברים פון זייערע ליבע און טייערע זיינען. זיי קאָנען נעבעך ניט אויס־וויינען זייערע ביטערע הערצער אויף די בערגלעך ערד, אונטער וועלכע עס רוען די ביינער פון די געפאַלענע קרבנות, ווייל קיין מצבות זיינען אויף זייערע קברים ניטאָ...

דער טאַטע האָט קיין סך ספרים ניט פאַרמאָגט, בלויז חומשים און פסוקים. אויף יעדעס סוף זייטל איז געווען יידיש־טייטש, און איידער גרשון האָט נאָך געקאָנט גוט העברעאיש, האָט ער דורך דעם פירוש פון יידיש־טייטש, איבערגעלייענט יענע שיינע מעשיות וועגן יהושע בן נון, און וועגן די שופטים, און וועגן שמואל הנביא מיט אַלע יידישע מלכים.

קיין ביבליאָטעק אין בערשאַד איז דעמאָלט נאָך ניט געווען, אָבער מלכה די חלפנטע האָט אַרויסגעגעבן „זשאַרגאָנישע" ביכלעך אויף פּראָ־קאַט פאַר אַ קאָפּיקע אַ וואָך. און אַ קאָפּיקע האָט אונדזער בחורל נאָך גע־קאָנט באַווייזן, אָבער מלכה האָט ניט געוואָלט האָבן צו טאָן מיט קליינע אינגלעך.

דער ברודער נחום האָט איינמאָל געבראַכט פון מלכה דער חלפנטע אַ לענגלעכן בוך מיט שוואַרצע טאָוולען. די אותיות זיינען געווען קליין און געדרוקט אין צוויי קאָלומנס אויף יעדן זייטל. „דער גיבור אין קייטן" האָט געהייסן דער דאָזיקער בוך. ווער ס'איז געווען דער מחבר האָט מען ניט געוואוסט. דאָס פאָדער־בלעטל איז געווען אויסגעריסן. צוליב דעם דאָזיקן „גיבור אין קייטן" איז גרשון קראַנק געוואָרן. דאָס הייסט, ער האָט זיך געמאַכט קראַנק. משה יאָסל דער רופא, אַ קיילעכדיקער קורצער און געפּאַקטער ייִד מיט אַ גרויסער באָרד, האָט געקוקט אין האַלדז אַריין, געטאַפּט דעם דופק, פאַרשריבן עפּעס אַ רעצעפּט, וואָס איז געווען חלישות־ביטער. אָבער אַלצדינג איז כדאי געווען אַבי ניט גיין אין חדר, ליגן אין בעט און לייענען דעם „גיבור אין קייטן".

שפּעטער מיט יאָרן האָט גרשון דעם זעלביקן בוך געלייענט אין רו־סיש, נאָך שפּעטער אין ענגליש, אָבער אַזאַ הנאה, ווי אין יידיש, האָט ער שוין קיינמאָל ניט געהאַט... און גאַר שפּעטער מיט יאָרן, אין לאָס אַנדזשעלעס, שמועסנדיק איינמאָל מיט לאַמעד שאַפּיראָן וועגן ביכער אי־בערגעזעצט אין יידיש, האָט יענער אים דערציילט, ווי נאָך אין וואַרשע האָט ער איבערגעזעצט וויקטאָר הוגאָס „לע מיזעראַבל" אין יידיש אונ־טערן נאָמען „דער גיבור אין קייטן".

דאָס בריוועלע צו גאָט האָט גרשון געשריבן אויך צוליב זיין גרויסן הונגער נאָך מעשיות. אין וואַרשע האָט מען דעמאָלט אַרויסגעגעבן אַ זשורנאַל פאַר דער יוגנט אין העברעאיש, „השחר״ (דער מאָרגן שטערן) מיט אַ ביילאַג פון אַ קליין זשורנאַלעכל פאַר קינדער, „בן השחר״ (דער זון פון מאָרגן שטערן). דער שער־בלאַט האָט רייך געשיינט מיט די רויטע שטראַלן פון דער אויפגייענדיקער זון. ס׳האָט שטאַרק געטיאַכקעט דאָס האַרץ ביי אונדזער בחורל, ווען ער האָט אים ס׳ערשטע מאָל גענומען אין די הענט אַריין. ס׳איז אָבער געווען דאָס שטאָלצע און טייערע אייגנטום פון דעם גבירס אינגל, איינער אַ לייזער נחום וועלוועלעס. גרשון האָט דעם פעטלעכן לייזערן געמוזט טראָגן אויף די פּלייצעס אַ שטיק וועג צוליב דעם, יענער זאָל אים לאָזן לייענען זיין „השחר״. פאַרוואָס גראַדע טראָגן אויף די פּלייצעס? ס׳איז אַפילו ניט געווען קיין בלאָטע און ניט קיין טיפער שניי, נאָר אַזוי האָט זיך פאַרגלוסט דעם פּעמפּיק. און די מעשה וואָס האָט אַזוי פאַרכאַפּט דאָרטן דעם גרשונען איז געווען דזשעק לאָנדאָנס „קאָל אָוו דהי ווײַלד״ איבערגעזעצט אין העברעאיש אונטערן נאָמען „קול מיער״.

ער האָט זיך געגעבן אַ שבועה, אַז יהיה מה שיהיה, דאָס הייסט, ס׳זאָל דונערן און בליצן און ער מוז אויך ווערן דער באַלעבאָס פון אַזאַ „השחר״. צוליב דעם דאַרף מען דאָך האָבן געלט און אַ מטמון מיט געלט אויך, גאַנצע דריי רובל. איז די בעסטע עצה — שפּאָרן. די מאַמע גיט אים מיט אין חדר אויף איבערבייסן אַ קאָפּיקע, ער זאָל זיך קויפן צום ברויט אַ שטיקל הערינג, אָדער כאַלוואַ, וועט ער זיך באַדרייען אָן דעם. ער האָט געפּאַקט ערגעץ אַ בלעכענע פּושקע מיט אַ שפּאַלט פון אויבן, אַ מין קאַסע. די קאַסע האָט ער פאַרשטעקט אויפן בוידעם אין קאַסטן צווישן דעם פסחדיקן געפּעס. אַלע גאַנץ פרי אַרויפגעקראָכן אויפן לייטער און אַריינגעלאָזט אין קאַסע אַ קאָפּיקע. אַמאָל אויך פאַר גיין אַ גאַנג, אַן עקסטראַ קאָפּיקע.

טעג זיינען געגאַנגען, וואָכן, חדשים, — אָבער ביז דריי הונדערט קאָפּיקעס איז נאָך אַזוי ווייט, אַזוי ווייט. איז פאַרוואָס ניט אָנשרייבן אַ בריוועלע צו גאָט? — איז אים איינמאָל איינגעפאַלן. ביי גאָט האָט אַ ווערט דריי רובל? אַז ער זאָל נאָר וועלן! און גרשון האָט שוין געלייענט אַ סך מעשיות, ווי דער כביכול האָט צוגעשיקט אַן אוצר צו געוויסע צדי־קים. דאַרף מען דאָך פריער זיין אַ צדיק? איז אַז מען וויל ווערט מען. איז ער געוואָרן. אָפּגעהיט דאָס דאַווענען, און דאָס קריאת שמע לייענען, און אַלע ברכות. אויך אַריינגעכאַפּט אַלע טאָג אַ פּאָר קאַפּיטלעך תהילים,

זיך געהיט פון צו זאָגן אַ ליגן. די מאַמע שרה האָט אוודאי געשיינט, און בפועל ממש געזען, ווי איר חלום וועגן איר גערשעלען ווערט מקוים.

נאָך אַ פּאָר וואָכן, אַז דאָס גערשעלע האָט געפילט, אַז ער איז שוין גענוג צדיק, האָט ער זיך אַנידערגעזעצט און פאַרפאַסט אַ בריוועלע צו גאָט, און געבעטן דעם אל חנון ורחמים, מלך השמים והאָרץ (דעם לייט־זעליקן און רחמנותדיקן גאָט, דעם הערשער פון הימל און ערד), אַז ער זאָל טאָן אַ נס צו זיין קנעכט, גרשון בן שרה, און אים דערגאַנצן זיין קאַסע ביז דריי רובל. בלויז אַ צוויי רובל מיט פינף און צוואַנציק קאָפּיקעס האָט נאָך געפעלט.

אַ סך לויב געזאַנג האָט דאָס בחורל געגעבן צו גאָט אין זיין בריוול, און אויך אַ סך צוזאָגן, — צוזאָגן צו זיין גוט און פרום אַלע זיינע יאָרן.

דאָס בריוועלע האָט ער געשריבן אין לשון קודש, ניט וואָס גאָט פאַרשטייט ניט קיין יידיש. ער פאַרשטייט דאָך אַלע לשונות, אָבער לשון קודש איז דאָך די שפּראַך, וואָס די אָבות און אַלע נביאים און צדיקים האָבן גערעדט צו אים. דאָס גערשעלע האָט זיך געהיט ניט צו מאַכן אַפילו קיין איין קלעק, און יעדער אות זאָל זיין קלאָר. ער איז אַרויפגעקראָכן אויפן בוידעם און אַריינגעלייגט דאָס בריוועלע אין קאַסע...

דאָס איז געווען דאָנערשטיק אין דער פרי. פאַרנאַכט איז ער אַהיימגעלאָפן פון חדר מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ אַרויפגעקראָכן אויפן בוידים... אָבער — וויי, וויי... איר וועט זיך אפילו ניט קאָנען אָנשטויסן... די קאַסע איז געווען נקי, וואָס נקי הייסט... דאָס הייסט, אַפילו זיינע בלוטיק אָפּגעשפּאָרטע פינף און זיבעציק קאָפּיקעס זיינען אויך דאָרטן ניט געווען...

ביז היינט צו טאָג ווייסט ניט גרשון ווער ס'האָט דאָס געטאָן. אַ שטיקל פאַרדאַכט האָט ער אויף זיין מאַמען. זי האָט אים שוין פון לאַנג צוגעזאָגט קויפן נייע שיכלעך, מחמת די אַלטע זיינען שוין געווען לאַטעס אויף לאַטעס. דער צווייטן טאָג, פרייטיק, איז זי טאַקע געגאַנגען מיט גרשונען אין קראָם און אים געקויפט אַ פּאָר נייע שיכלעך...

# גרשונס ערשטע פאַרפאַסונג

ר׳ יאַנקל ליפּמאַן איז דער גרעסטער מלמד אין בערשאַד. ס׳איז גאָר ניטאָ קיין גרעסערער פון אים, סיי אין גמרא און סיי אין העברעאיש.

זיין חדר איז אויף דער יערושאַלימקע, און אויף דער יערושאַלימקע מיט די קרומע, ענגע געסלעך און ליקלעך וואוינען מערסטנס די קבצנים. דאָרטן, אַז ס׳האָט זיך צעבראָכן אַ שויב אין פענצטער, איז דאָס שוין אַזוי פאַרבליבן צעבראָכן ביז משיח וועט קומען. ווינטער האָט מען דאָס פאַר־שטאָפּט מיט שמאַטעס. דאָרט האָבן די גאָלע שטרויענע דעכער שוין מע־רער ניט געהאַט קיין שטרוי. די הונגעריקע בערשאַדער ציגן האָבן שוין דערצו „אַטענדעט״, ווי מען זאָגט אין אַמעריקע. דאָרטן איז ניט געווען קיין ברוקאַווקע, — און אַז ס׳איז געוואָרן אַ בלאָטע, האָט זי גאָרניט גע־וואָלט אַרויסלאָזן אַ מענטשנס פוס. דאָרטן איז געווען די היים פון די פינף באַרימטע גנבים, וואָס מען האָט זיי אין צייט פון דעם בירגער־קריג אויפגעהאַנגען אין דער מאַרק־גאַס, אויף פינף טעלעפאָן־סלופּעס. און פון אַלע פינף גנבים האָט גרשונען ווי געטאָן דאָס האַרץ אויף שמו־אליק גאַנאַפּטי, דער שלאַנקער, לאָווקער בחור מיט די העל ברוינע קוטשעראַווע האָר, און מיט די זייער וואַכנדיקע, פריילעכע ברוינע אויגן. שמואליקל איז געווען כמעט גרשונס אַ חבר.

און אין די האַרבסטיקע און ווינטערדיקע טעג האָט דאָרטן שטענדיק געדרונען ביי די קינדערלעך פון די בעזלעך. די זעלביקע קינדער, ווען זיי זיינען אויסגעוואַקסן זיינען געווען די לערן־אינגלעך ביי די שניידערס, שוסטערס, סטאָליאַרעס, קירזשנער, רימערס, שטעל־מאַכער, בלעכער, ביי־טאַרינס, זאָקן־מאַכער, משרתים און דינסטן. פון דאָרטן און אויך פון דער דאָלינע, זיינען געקומען די מערסטע קינדער, וואָס האָבן אין 1918, אין דעם באַרימטן מאַרש פון ערשטן מאַי, מאַרשירט מיט אַ גרויסן, רויטן פלאַ־קאַט, וואו מיט רויטע אותיות איז געווען אָנגעשריבן: „מיר זיינען דייַנע יורשים, וועלט״...

דאָרטן האָט מען אָפט געזען דעם ציינזן־מאַנער גיין אין באַגלייטונג פון סטראַזשניק, וואָס האָט געטראָגן קישנס, אָדער לייכטער, פאַר ניט צאָלן קיין ציינזן... דאָרטן איז אויך געווען אַ ליידיק שטיקל פּלאַץ, גראָדע אָן מצבות, וואו ס׳זיינען געווען באַערדיקט די הרוגי כמעלניצקי. גרשון האָט איינמאָל צוגעלייגט דאָרטן זיין אויער צו דער ערד. מען האָט גע־זאָגט, אַז מען קאָן הערן אַ זיפצן, וואָס קומט פון דער טיפעניש. האָט

ער קיין זיפצן ניט געהערט, אָבער ווי אַ האַרץ קלאַפּט, האָט ער יאָ גע־הערט...

און יאַנקל ליפּמאַן איז געווען אַ הויכער ייד, אַ דאַרער, מיט אַ לענג־לעך אַסקעטיש פּנים, מיט שוואַרצע פינקלדיקע אויגן. מען האָט גערעדט אין שטאָט, אַז ער שרייבט זיך דורך מיט שלום־עליכמען אַליין...

יאַנקל ליפּמאַן האָט אַלע זיינע תּלמידים געוואָלט מאַכן פאַר שריי־בער. כמעט יעדן טאָג האָבן די אינגלעך געשריבן ביי אים חיבורים (קאָמ־פּאָזיציעס). אַ טרוים האָט ער געטרוימט, אַז די שטאָט בערשאַד וועט אַרויסגעבן מיט דער צייט אַ גרויסן שרייבער ביי יידן, און דאָס וועט זיין איינער פון זיינע תּלמידים. אַן אויג האָט ער געלייגט אויף יאַנקעלען, נחום דיינס אַן איניקל.

און מיט דעם דאָזיקן יאַנקעלען איז גרשון אויסגעקומען צו זיין אין כּיתּה אויך ביי יאַנקל ליפּמאַנען. מען האָט איצטער אויך, פּונקט ווי ביים פריערדיקן רבין, נחום באַגאַמאַלני, ניט געלעבט בשלום, דאָס מאָל ניט צוליב איבערמישן אַ בלעטל, נאָר שוין צוליב קנאת סופרים, שרייבערישע קנאה. גרשון האָט הפּנים זייער מקנא געווען יאַנקעלען, וואָס יענער, וואָס פאַר אַ חיבור ער זאָל ניט אָנשרייבן, לויבט אים דער רבי, און ער, גרשון, וואָס ער זאָל ניט אָנשרייבן זאָגט דער רבי, אַז ס'איז ניט גוט. צוויי זאַכן האָט גרשון אָנגעשריבן ביי יאַנקל ליפּמאַן, און מערער שוין ניט געוואָלט שרייבן, אַז ס'איז רק ניט גוט און מען מאַכט נאָך אויך חוזק פון אים. די ערשטע זאַך איז געווען אַ שיר, און די טעמע איז געווען זשעניאַ.

ווער איז זשעניאַ ? די שענסטע צווישן די טעכטער פון בערשאַד. צוויי לאַנגע צעפּ, פייערדיק־שוואַרץ, אַ פּאָר אויגן פלוימיק־ברוין, איר קול ווי מען זינגט, איר גאַנג ווי אויף אַ חתונה. זומער האָט זי געטראָגן אַ רויט זיידן זאַנטיקל, און ווינטער אַ גרינלעך קאַטיקאָווע קוטשמעלע, און דערצו נאָך איז איר טאַטע געווען אַן אַדוואָקאַט, און זיינע אויגן אויך פלוימיק־ברוין, און דער שיר איז אומגעפער געגאַנגען אַזוי:

איר גאַנג ווי אַ פּאַווע,
איך האָב צו איר אהבה
(ליבשאַפט)
אירע עינים (אויגן)
ווי די שטערן בשמים (אין הימל),
על משכבי (אויף מיין געלעגער)

נאָר פון איר איך טראַכט,
דאָס פייגעלע זינגט ציף ציף,
אין מיין האַרץ — טריף, טריף...

יאַנקל ליפּמאַן האָט ניט געוואָלט לאַכן, פאַרשטעלט מיט דער האַנט דאָס מויל, אָבער אַלע האָבן געזען, אַז ער לאַכט. שפּעטער האָט ער גע־זאָגט, אַז גרשון זאָל מער ניט שרייבן קיין שירים. נאָר עפּעס אַ סיפּור, אַ דערציילונג. און ס'איז נאָך געווען ערגער. מען האָט עטלעכע טעג גע־לאַכט. די טעמע איז געווען וועגן אַ ציגעלע. די ציג האָט געבוירן אַ ציי־געלע, ווייס ווי שניי. נאָכדעם האָט די באַלעבאָסטע פון הויז, וואָס האָט געהייסן מלכה, אויסגעמאָלקן די ציג, איר מילך אָפּגעוועלט (אָפּגעקאָכט) און אַלע קינדער אין שטוב האָבן געטרונקען געוועלטע מילך. האָט דאָס ציגעלע אָנגעהויבן צו וויינען. פרעגט מען ביים ציגעלע: ציגעלע, ציגע־לע, וואָס ווײנסטו? ענטפערט דאָס ציגעלע: הלמאי זאָל איך ניט וויינען, אַז אַלע טרינקען די געוועלטע מילך פון מיין מאַמעס ברוסטן, און מיר גיט מען ניט. האָט מען געלאַכט פון דעם. שפּעטער ביינאַכט האָט מלכה פאַרוויגט איר קלענסט אינגעלע, שמעונען און געזונגען אַ לידעלע: „אונטער שימעלעס וויגעלע, שטייט אַ קליין ווייס ציגעלע״. נעמט דאָס אמתע ציגעלע און זאָגט, איך וויל ניט זיין אין לידעלע, ווייל מען מעלקט אויס מיין מאַ־מעס מילך, מען וועלט זי אָפּ, און מיר גיט מען ניט. איז מלכה געוואָרן אין כעס אויף דעם און דאָס פאַרקויפט צו יאָקלען דעם קצב...

ערשט איצטער האָט מען געלאַכט. מען האָט זיך געהאַלטן ביי די בייכער. דער רבי האָט ווידער פאַרשטעלט מיט זיין האַנט דאָס מויל, מען זאָל ניט זען, אַז אויך ער לאַכט. ערשט פאַרנאַכט, גייענדיק פון חדר, האָט מען ביי אים גענומען די לעבער. צונעמעניש, ווי „געוועלטע מילך״, „ציגעלע מע״ זיינען געפלויגן פון אַלע זייטן. דער גרעסטער פאַרדראָס איז אָבער געווען, וואָס יאַנקעלע נחום־דיינס חיבור האָט דער רבי שטאַרק געלויבט פאַרן גאַנצן חדר. ס'איז געווען אַ מאמר, אַן (אַרטיקל). וואָס האָט געהייסן אי־האַחדות ביהודים (די ניט־אייניקייט צווישן יידן).

דערפאַר אָבער, ווען דער פאַרקלעמטער גרשון האָט געוויזן זיין שוועסטער חנה רבקהן די פאַרפאַסונג, האָט זי אים געקושט, געזאָגט, אַז ס'איז זייער גוט, מחמת ער נעמט זיך אָן די קריוודע פאַר דעם געליטענעם ציגעלע, און ער זאָל שרייבן נאָך. אָבער אונדזער בחורל האָט שוין ניט געוואָלט שרייבן נאָך, געטראָגן אַ גרויסן כעס אויף דער וועלט. דער רבי

אַליין האָט אים אויך קיינמאָל ניט געזאָגט, אַז ער זאָל שרייבן נאָך, ווייזט אויס ניט געגלויבט, אַז פון אים וועט עפּעס אויסוואַקסן אַ שרייבער. אָבער כדי אים צו פאַרגיטיקן האָט ער אים געמאַכט פאַרן עוזר העורך ((געהילפס רעדאַקטאָר), דאָס הייסט, ער זאָל איבערקוקן די חיבורים פון אַנדערע אינגלעך און פאַרריכטן די גרייזן אין אויסלייגן און אין דקדוק. דאָס האָט אונדזער בחורל געטאָן מיט האַרץ, זיך צוגעטשעפּעט צו יעדער קלייניקייט, און די אינגלעך האָבן אים פיינט געהאַט דערפאַר...

## די שוועסטער חנה רבקה

איינמאָל אַ דאָנערשטיק בייטאָג, אום ווינטער, פייפט דער הודאַק אין דעם מיל לעבן חרם־טייך. דאָס מיינט ס'איז צוועלף אַ זייגער און צוועלף אַ זייגער צעלאָזט יאַנקל ליפּמאַן די אינגלעך אַהיים פאַר אָנבייסן. לאָזט זיך גרשון מיט אַלע אינגלעך אַהיים, ווי יעדן טאָג. דאָס הייסט, ניט גלייך אַהיים, אויפן וועג האָט ער תמיד ליב זיך אָפּשטעלן אַביסל לעבן קליינעם דראַטש, צוקוקן ווי רב אהרן האַלט אין איין טאַנצן אויף די זיך־דרייענדיקע טרעפּלעך. אין אַ פאַרפאַראָשעטער יאַרמולקע, און באָרד און פּיאות, און אַפילו די ברעמען און וויען, אַלץ איז פאַרפאַראָשעט. אָן אַ רעקל, בלויז אין אַ העמד. אָט אַזוי טאַנצט ער. דאָס הייסט ס'ווייזט זיך נאָר אויס, אַז ער טאַנצט. ער דאַרף האַלטן אין איין שטייגן אָן אויפהער פון טרעפּל צו טרעפּל כדי דער דראַטש זאָל זיך דרייען און מאָלן און שניידן. אַ דראַטש מאָלט ניט קיין מעל, נאָר הרעטשקע, און פּאַפּשויעס, און שניידט שטרוי אויף שיטשקע. אויף דער טאַרהאָוויצע איז אויך דאָ אַזאַ דראַטשל אָבער דאָרט האַלט אין איין טאַנצן אַ בלינד פערד אויף די טרעפּלעך, און דאָ להבדיל, אַ מענטש, ר' אהרן אַליין.

און ווי אַזוי גרשון שטייט און קוקט און חידושט זיך, ווי פּלוצלונג — מענטשן לויפן אויף דער גאַס. וואוהין לויפט מען? צו דער טאַרהאָוויצע. וואָס עפּעס צו דער טאַרהאָוויצע? אַ מיידל האָט זיך פאַרסמט. וועמענס מיידל האָט זיך פאַרסמט? ווייסט מען ניט, נאָר מען לויפט. לויפט גרשון אויך און ס'קלאַפּט אים דאָס האַרץ... און אויף דער טאַרהאָוויצע — אַ ים מיט מענטשן. און פאַר וועמענס הויז איז מען זיך אָנגעלאָפן? פאַר מאיר דעם בלינדס!...

דער ברודער נחום איז געשטאַנען פאַר דער טיר און קיינעם ניט אַריינגעלאָזט, אַפילו גרשונען אויך ניט. ער האָט אים נאָר געזאָגט, אַז דאָס איז חנה־רבקה, און אַז דער דאָקטאָר האַלט איצט אין אַרויספּאָמפּען פון איר די קאַרבאָלקע.

אַ האַלב פלעשל קאַרבאָלקע האָט זיין שוועסטער חנה־רבקה אויסגעטרונקען, און אַלץ צוליב דעם, וואָס זי האָט זיך געסרעזשעט, ניט אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען. פאַר זעקס קלאַסן האָט זי עקסטערניטשאַיעט, דאָס הייסט, זיך געגרייט אין דער היים. אין די גימנאַזיעס, ווייסט איר דאָך, האָט מען קיין יידן ניט אַריינגענומען. האַלטן עקזאַמענס האָט מען אָבער יאָ געקאָנט. איז ווידער אַמאָל ווען ס׳איז געקומען צו אַ יידן, האָט מען פּראָסט און פּשוט געריעזשעט, געשניטן, געשטעלט אַזוינע האַרבע קשיות, און אָפּטמאָל, קלאָץ־קשיות, וואָס האָבן גאָרניט געהאַט צו טאָן מיטן ענין.

איר לערער, וואָס האָט זי געגרייט צו די עקזאַמענס איז געווען יאַנקעלע שאַפּיראָ, וואָס האָט אויך פריער עקסטערניטשאַיעט, און וואָס האָט אויסגעהאַלטן גאַנצע אַכט קלאַסן און געוואָלט שטודירן אויף דאָקטאָר. אַ קליינינטשקער געווען, דער יאַנקעלע שאַפּיראָ, מיט געלע וואָנצעלעך, און גערעדט טשיפּעליאַטע, אָבער אַ קאָפּ האָט ער געהאַט אויף זיך, האָט מען געזאָגט אויף אים אין בערשאַד, איינער אין אַ גובערניע, און אַ האַרץ האָט ער געהאַט פון אַ צדיק. איז ער דאָס געווען חנה־רבקהס לערער. געקומען אַלע טאָג, זיך פאַרשפּאַרט מיט איר אין אַלקיר און געלערנט מיט איר.

אין בערשאַד איז ניט געווען קיין גימנאַזיע, אָבער אין באַלטע און אין אַנאַניעוו — יאָ. יאַנקעלע האָט אויסגעהאַלטן זיינע עקזאַמענס אין אַנאַניעוו, איז די שוועסטער אויך געפאָרן אַהין. די מאַמע האָט אויסגענומען מיט איר, אַז אויב זי וועט אויסהאַלטן, זאָל זי גלייך קלאַפּן אַ דעפּעשע מיט איין און איינציק וואָרט, און דאָס וואָרט זאָל זיין: „ווידערזשאַלאַ״ (אויסגעהאַלטן).

קיין דעפּעשע האָט זי ניט געקלאַפּט, נאָר איז געקומען אַהיים — אַ שאָטן, אַ מענטש, געלייגט זיך אויף דער שוואַרצער סיראַטענער קאַנאַפּקע און ניט געוואָלט עסן און ניט געוואָלט גאָרניט.

— אָבער טאָכטער מיינע — האָט די מאַמע ביי איר זיך געבעטן — ס׳איז דאָך ניט גוט אַזוי, חס וחלילה...

אָבער אַז חנה רבקה האָט אַפילו ריידן צו קיינעם אויך ניט געוואָלט,

און אַז איר לערער יאַנקעלע שאַפּיראָ איז זי געקומען זען, האָט זי זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו דער וואַנט.

וואָס ס'איז פאָרגעקומען דאָרטן אין אַנאַניעוו ביי די עקזאַמענס, האָט זי קיינעם ניט געוואָלט דערציילן, ערשט גאָר שפּעטער האָט זי דערציילט אין פריידן, ווי אַזוי זי האָט כמעט אַלע פּרעדמעטן (געגנשטאַנדן) אויסגעהאַלטן מיט די העכסטע צייכנס, נאָר ווען ס'איז געקומען צו לאַטיין, האָט דער לערער, אַ באַקאַנטער שוואַרץ־מאַהניק, זי געמוטשעט און געמוטשעט, לאַנג, לאַנג זי געהאַלטן מיט אָן אַ שיעור פראַגן... ער האָט זי סרעזשיעט, געקוילעט...

דאָס פּלעשל קאַרבאָלקע איז געווען פאַר דעם מאַמעס פינגער. ס'האָט איר עפּעס אָנגעריסן אַ צרה אויפן פינגער און זי האָט אים געהיילט מיט קאַרבאָלקע. כמעט אַ האַלב פלעשל האָט די שוועסטער אַריינגעפּאַקט אין זיך און איז געפאַלן באַוואוסטלאָז... און דאָ קומט די מאַמע אַהיים פון מאַרק, עפנט די טיר — און איר געלערנטע טאָכטער ליגט אויפן דיל מיט שוים אויף די ליפּן און לעבן איר וואַלגערט זיך ס'ליידיקע פלעשל און ס'פילט זיך שאַרף דער ריח פון קאַרבאָלקע. האָט זי שוין פאַרשטאַנען, וואָס ס'איז געשען. אַרויסגעלאָפן אינדרויסן און אָנגעהויבן שרייען: געוואַלד, און געוואַלד...

ווען דער טאַטע האָט זיך אומגעקערט פאַרנאַכט פון באַלאַניוּוקער וואַלד איז שוין חנה רבקה געווען געראַטעוועט. מען האָט ביי איר אויסגעפּאָמפּעט די קאַרבאָלקע פון מאָגן. געדאַרפט האָט זי איצט טרינקען אַלע פינף צי צען מינוט סיראָוועטקע (זויער מילך). אַזוי האָט דער דאָקטאָר געהייסן. ווי נאָר דער טאַטע האָט געעפנט די טיר, האָט מען שוין געוואוסט, אַז ער ווייסט. קיין וואָרט ניט אויסגערעדט, נאָר צוגעלאָפן צו דער סיראָטענער קאַנאַפּע און געוואָלט זי נעמען פאַטשן. די מאַמע אָבער, דוקא שטיל און דוקא געלאַסן, האָט אַ זאָג געטאָן:

— איך וועל שטאַרבן אויב דו רירסט זי אָן.

זי האָט טאַקע געקאָנט חס וחלילה שטאַרבן, זי האָט געהאַט אַ טבע צו חלשן אויב ס'איז איר צוגעטראָטן צום האַרצן פון אַ צרה, און ס'איז געווען שווער זי אָפּצומונטערן. געהאַט זייער אַ שוואַך האַרץ, שרה. דאָקטאָר בערלינסקי האָט אויף איר געזאָגט, אַז צוליב איר שוואַך האַרץ זיינען אירע טעג געציילטע... און אָט אַזוי זיינען אירע טעג געווען געציילט ביז זי האָט פאַוואָלינקע אָפּגעלעבט אַכט און אַכציק יאָר, און געשטאָרבן איז זי אויך ניט מיט איר נאַטירלעכן טויט, אין די טעג פון די נאַציס...

דער טאַטע איז אַריינגעלאָפן אין קאַמער אויסצולאָזן זיין כעס צו די קלעצער. געכאַפּט אַ האַק און געהאַקט... און אַז ס׳איז געוואָרן פינצטער, האָט ער אָנגעצונדן אַ לעמפּל און ווייטער געהאַקט... עטלעכע וואָגנס האָלץ האָט ער אָנגעהאַקט יענע נאַכט. גרשון איז איינגעשלאָפן אונטערן קלאַנג פון דער האַק אין קאַמער און זיך אויפגעכאַפּט פאַרטאָג אונטערן קלאַנג פון דער האַק אין קאַמער.

— אָבער דאַוונען — איז די מאַמע אַריינגעלאָפן צו אים מיט אַ טענה.

צוליב דאַוונען האָט ער אויפגעהערט צו האַקן. אַריינגעקומען אין שטוב, זיך אָנגעטאָן טלית און תפילין און זיך געשטעלט אַנטקעגן דער מזרח וואַנט, געשאָקלט און זיך געשאָקלט... פּלוצלונג זיך אויסגעדרייט צו חנה רבקהן, וואָס איז געלעגן אויף דער קאַנאַפּע בלייך ווי די וואַנט און צו איר אַ זאָג געטאָן מיט כעס:

— איז אַנאַניעוו ניט, אָבער אפשר אין באַלטע יאָ ?... מען נעמט און מען סמט זיך דערפאַר ?! טפו !...

— דער טאַטע איז דען ניט גערעכט — האָט די מאַמע געזאָגט האַרציק. אויב דו האָסט ניט אויסגעהאַלטן אין אַנאַניעוו וועסטו אימירצעשעם אויסהאַלטן אין באַלטע.

חנה רבקה האָט אויף דאַרויף ניט געענטפערט, נאָר געזאָגט, אַז זי וויל אַ גלאָז הייסע ציקאָריע (אַלע אינדערפרי האָט מען ביי מאיר דעם בלינדן אין הויז געטרונקן ציקאָריע, און ציקאָריע שמעקט אַ מחיה. גרשון וועט אייך ניט אָוועקגעבן איין גלאָז ציקאָריע פאַר צען גלעזער קאַפע. דעם אמת געזאָגט, האָט ער פאַרזוכט קאַפע ערשט מיט יאָרן שפּעטער, ווען ער איז געווען אין גאַליץ, רומעניע...) און פון דער הייסער גלאָז ציקאָריע האָט זיך געשטעלט אַ גוטע פאַרב אויף אירע באַקן, און זי האָט אָנגעהויבן קומען צו זיך...

הכלל, זי האָט זיך ווידער גענומען צו די ביכער, ווידער אָנגעהויבן צו חזרן, און ווידער ניט געשלאָפן קיין נעכט, און דעם צווייטן יאָר נאָך פּסח אָוועקגעפאָרן קיין באַלטע, און אין אַ פּאָר וואָכן אַרום איז אָנגעקומען פון איר אַ טעלעגראַמע מיט אַן איין און איינציק וואָרט: „ווידערזשאַלאָ״ (אויסגעהאַלטן), און די מאַמע איז געלאָפן פון הויז צו הויז איבער דער טאָרהאָוויצע ווייזן די טעלעגראַמע...

# מען פֿאָרט קיין אַמעריקע

מאיר דער בלינדער מיט דער גאַנצער משפּחה גייט צו פֿאָטאָגראַפֿ־טשיק. כאָלאָווידאָווסקי, הייסט ער, מיט געלע האָר, און ווייסע ברעמען. ס'איז צוליב אַמעריקע, וואָס מען גייט צום פֿאָטאָגראַפֿטשיק...

אַמעריקע! ווען האָט גרשון געהערט דאָס דאָזיקע וואָרט? דאַכט זיך פֿון קינדווייז אָן. מען האָט געהאַלטן אין איין פֿאָרן פֿון בערשאַד קיין אַמע־ריקע. פֿריער אַ טאַטע, צי אַ זון, אָדער אַ טאָכטער, נאָכדעם — די גאַנצע משפּחה. צו רעב פֿיניק, און אויך צו יאַנקל ליפּמאַן, זיינען פֿרויען געקו־מען מען זאָל זיי איבערלייענען אַ בריוו פֿון אַמעריקע, אָדער מען זאָל זיי אָנשרייבן אַ בריוו קיין אַמעריקע. אַ בריוו פֿון אַמעריקע האָט מען שוין דערקענט צוליב די מאַרקעס. גרינע אָדער ראָזעווע מאַרקעס מיט אַ מיידל, וואָס האַלט אין דער האַנט הויך אַ פֿאַקל. אַן אַמעריקאַנער מאַרקע האָט די ווערט געהאַט ביי די חדר־אינגלעך צען קנעפּלעך. צו אַ אינגל, וואָס זיין טאַטע איז אַוועקגעפֿאָרן קיין אַמעריקע איז מען געווען גוט אין שטאָט, כמעט ווי צו אַ יתום.

דאָס איז מען אַלץ געפֿאָרן קיין אַמעריקע פֿון אַנדערע גאַסן, פֿון דער טאַרהאָוויצע האָט זיך נאָך קיינער ניט גערירט, ווער שמועסט פֿון מאיר דעם בלינדנס הויז — אוודאי און אוודאי ניט. ס'איז אָבער געקומען איינ־מאָל אַ טאָג נאָך פּסח, און חיים ראָסיס, איינער פֿון די צען גיבורים, וואָס האָט געוואוינט אין דער הויז פּונקט אַנטקעגן מאיר דעם בלינדן, איז אַוועקגעפֿאָרן אויף פּיוויש דעם בעל עגלהס פֿייעטאָן קיין אַמעריקע. פֿריינט און נאָענטע שכנים האָבן אים נאָכגעשריען:

— פֿאָר געזונטערהייט, חיים, און זיי מצליח!

און ער האָט זיך געהאַלטן אין איין פֿאַרנויגן צו זיי עפּעס אַ שולדי־קער. אין אַ פֿאַרעך־מאַנטל איז ער געפֿאָרן קיין אַמעריקע, און איבער־געלאָזט זיין יונגע און געפּאַקטע פֿריילעכע פֿרוי מיט דריי קינדער. מלכה האָט זי געהייסן. אַ פֿייערדיקע ברונעטין. דעם זעלביקן טאָג איז מלכה גע־קומען צו גרשונס מאַמען און געזאָגט:

— אַנטלייט מיר אייער זיסלען.

זי האָט עפּעס מורא צו שלאָפֿן אַליין אין הויז. אַי, אירע דריי קינדער, די עלטסטע אַרום פֿערצן יאָר? זיינען זיי ביי איר עפּעס ניט קיין שמירה. ווייל זי מען זאָל איר אַנטלייען זיסלען. און אָט אַזוי אַ יאָר צייט ביז אויך מלכה מיט אירע קינדער זיינען אָפּגעפֿאָרן קיין אַמעריקע, האָט זיסל גע־

נעכטיקט ביי מלכהן אין הויז.

און זיסל איז געווען גרשונס מיטלסטע שוועסטער. דריי שוועסטער האָט ער געהאַט: חנה־רבקה, זיסל און רחל. און חנה־רבקה איז געווען די פּרינצעסין אין הויז — שיין ווי אַ פּרינצעסין און אָנגעטאָן ווי אַ פּרינצע־סין. די אַנדערע צוויי שוועסטער ניט אַזוי שיין, און אָנגעטאָן ווי טעכטער פון אַ קבצן.

אַ גרויסער קבצן געווען מאיר דעם בלינדער. קוים געווען גענוג עסן פאַר אַלעמען, און דאָ די מיידלעך וואַקסן קיין עין הרע, און זיי דאַרפן לייַ־טישע קליידער, האָט מען זיסלען איבערגעניצעוועט חנה־רבקהס אָפּגע־טראָגענע קליידער און רחלען איבער־איבערגעניצעוועט זיסלס קליידער.

איין חברטע האָט זיסל געהאַט, האָט זי געהייסן אסתר. איז זי אויך געווען אַ קבצנס אַ טאָכטער. זיינען זייביידע געגאַנגען שפּאַצירן אין די ווינטערדיקע שבתים, אין זייערע איבערגעניצעוועטע סאַקלעך (מאַנטלען). זיסלס איז געווען אַ גרינלעכס, און די אַרבל זיינען געווען צו־קורץ; אסתרס איז געווען אַ רויטלעכס און די אַרבל זיינען אויך געווען אויף איר צו־קורץ. זייערע הענט געלענקן זיינען געווען רויט פון פראָסט, און אויך די נעזער. קיין חתנים האָבן זיך ניט געשדכנט צו זיי. מיידלעך אָן נדן.

זיסל האָט זיך געקלאָגט, אַז טאַטע מאַמע גיבן חנה רבקהן אַלעס.

דעם אמת געזאָגט, האָט מען חנה־רבקהן ניט געגעבן אַלעס. זי האָט זיך אַליין גענומען. דאָס האָט זי פאַרדינט פון אירע אוראָקן (לעקציעס), וואָס זי האָט געגעבן אין רוסיש. פון פערצן יאָר אַז זי איז געווען אַ פאַר־דינערין.

איינמאָל זיינען אַלע אין שטוב געגאַנגען אויף העניעס חתונה, נאָר זיסל איז געבליבן. פּשוט ניט געהאַט וואָס אָנצוטאָן צו דער חתונה. איז זי געזעסן אויף די קלעצער פאַרן הויז און געהערט די חתונה פונדערווייַ־טענס, דאָס הייסט דאָס שפּילן פון די כלי זמר. מען האָט זי איבערגעלאָזט אויף די קלעצער פאַרנאַכט, ווען די זון האָט זיך געהאַלטן אין זעצן. אַרום איינס אַזייגער ביינאַכט, ווען מען האָט זיך אומגעקערט פון דער חתונה, האָט מען זי נאָך אַלץ געטראָפן זיצן אויף די קלעצער.

אָן אומעטיקע שוועסטער געווען. נאָך אומעטיקער געוואָרן, ווען זי האָט זיך אָנגעהויבן צו לערנען ביי ציפּע דער מאָדיסטקע נייען. געקומען פון דער אַרבעט, ווען ס׳איז שוין געווען פינצטער, און אין די ווינטער־נעכט, גאָר שפּעט, און דאָס ביסל עסן וואָס מען האָט איר איבערגעלאָזט פון דער וועטשערע איז שוין געווען פאַרדאַרט.

איר פּנים איז געווען מיט זומער־שפּרענקלעך, איר נאָז אַביסל דיק־לעך, אירע ציין שיטערע, אירע האָר — זאַמד־קאָליר, דערפאַר אָבער אין אירע העיזל־אויגן — אַ מאַגנעטישע אויסשטראַלונג, און מענטשן האָבן זיך געצויגן צו איר. געווייגלעך די פּאַרוויטיקטע מענטשן, וואָס האָבן זיך געגוויטיקט אין אַ טרייסט. זי האָט אַזוי שיין געקאָנט טרייסטן, ניט מיט ווערטער, נאָר מיט דער וואַרעמער אויסשטראַלונג פון אירע גרוי־ברוינלעכע אויגן. מענטשן האָבן זיך צו איר געקלעפּט, און די דאָזיקע מלכה האָט שוין געביינקט נאָך איר, ווען זי איז אַנגעקומען צו איר חיימען קיין אַמעריקע. עס האָט ניט געדויערט קיין האַלב יאָר און זי האָט איר געשיקט אַ שיפס־קאַרטע.

אַ שבת אין ווינטער איז דאָס געווען. דער לעצטער שבת אין דער היים, איז זיסל געגאַנגען שפּאַצירן אין אַ שפּאָגל נייעם מאַנטל, מיט איר חברטע אסתר. דער ערשטער נייער מאַנטל, דאַכט זיך אין איר לעבן. אַ טונקל ברוינער מאַנטל מיט אַ פוטערנעם קאָלנער, און אויך מיט אַ קאַ־טיקאָווע קוטשמעלע. ניט גראַדע געווען קיין אמתע קאַטיקאָווע, אָבער ס׳האָט שוין אויסגעקוקט אַזוי.

גרשון איז איר אומיסטן נאָכגעגאַנגען צו זען, ווי זי שפּאַצירט אין איר נייעם מאַנטל. האָט זי געשפּאַצירט אַזוי שיין, ניט אָרימאַנסקע ווי פריער אין איבערגעניצעווטן גרינעם סאַקל. בחורים האָבן זיך אומגעקוקט אויף איר. אַהיים געקומען איז זי אַ צעדרויטלטע, אַ צעשטראַלטע. שפּעט אין דער נאַכט האָט זי געוויינט אויף איר געלעגער, איז די מאַמע געלאָפן צו איר, און דער טאַטע האָט איר געזאָגט:

— אויב דו ווילסט ניט פאָרן קיין אַמעריקע, שיק איך אָפּ צוריק די שיפס־קאַרטע.

— אוי, מאַמע, אוי, טאַטע — האָט זי געוויינט...

זי איז אַוועקגעפאָרן... און גלייך האָבן אָנגעהויבן צו קומען פון איר דיקע בריוו. בריוו אפשר אויף צוועלף אָדער פערצן בייגעלעך פּאַפּיר. און צו חנה־רבקהן — די דיקסטע בריוו. מיט אָט דער חנה רבקהן האָט זי זיך גראַדע אָפּט געקריגט אין דער היים. אַ צייט געווען ברוגז און ניט גערעדט איינע צו דער אַנדערער, אָבער איצטער, פון אַמעריקע, אַזוינע בייִנקענדיקע שוועסטערלעכע בריוו...

ס׳איז טאַקע געווען חנה רבקהס געדאַנק, מען זאָל זיך אַלע פאָטאָגראַ־פירן און איר שיקן אַ בילד פון דער משפחה, וועט זיסל אפשר אַזוי שטאַרק ניט בייִנקען אַהיים. גרשון האָט נאָך עד היום די פאָטאָגראַפיע, אָן אָפּגעי־

בליאַקעוועטע שוין, אָן אָפּגעטשיפּעטע ביי די ברעגן. די מאַמע מיטן אָפּגעצערטן פּנים אין אַ פאַרוק מיט טרויעריקע אויגן און אַזאַ מידע, און אַזאַ קליינינקע זיצט אויף אַ ווייסן שטרויענעם שטול, אירע אויסגעהאָ־רעוועטע הענט אויף די קני. אויף אַ קליין ביינקעלע, מיטן עלנבויגן אויף דער מאַמעס שויס, זיצט איר צדיקל, מיטן חן־גריבעלע אין דער גאָמ־בעטשקע, די הויזן פאַרקאַטשעט, קוקט זייער סעריאָזנע מיט זיינע פינקל־דיקע ברוינע אייגעלעך. אויף דעם צווייטן שטול זיצט דער טאַטע, מיט דער לאַנגער שוואַרצער באָרד, אין שבתדיקן קאַשקעט און אין דער שבת־דיקער קאַפּאָטע, האַלט אויפן שויס, דאָס אייניקל דודל. מען קאָן מיינען אויף דער פאָטאָגראַפיע, אַז ער טראָגט שיך, אָבער אין אמתן זיינען דאָס שטיוול, נאָר די הויזן זיינען אַראָפּגעלאָזט. ער און זיין אייניקל דודל אַקו־ראַט, ווי מען דאַרף זיי גאָרניט פאָטאָגראַפירן, פילן זיך ווי אין דער היים. די שוועסטער חנה רבקה מיט פּענסנע אויף אַ שנירל, שטייט הינטער דער מאַמען. אירע געדיכטע האָר מיט אַ באַנד, און מיט אַ שרינט פונקט אין מיטן, איר פולער קיילעכדיקער פּנים זייער סעריאָזנע. דער בייזער ברו־דער נחום — ער שטייט פונקט ווי מען דאַרף אים באַלד אויפהענגען, אָדער ווי מען דאַרף אים באַלד נעמען פאַר אַ סאָלדאַט. זיין שיינע פרוי, ברײנע — אויך שטייף, מיט פאַרביסענע דינע ליפּעלעך, מיטן גילדענעם זייגערל און קייטל, איר חתונה מתנה, צוגעשפּיליעט צו איר קאָפּטל. די שוועס־טער רחל שטייט לעבן טאַטן, פּעסט מיט אירע שטאַרקע פיס און פולן קערפּער, פאַרלייגט די האַנט אַרונטער. מיט אירע צוויי צעפּ אויך פאַר־לייגט אַרונטער. זי איז עפּעס אין כעס. דער ברודער שמאי מיט זיין ווייב זיינען ניטאָ אויף דער דאָזיקער פאָטאָגראַפיע, גרשון געדענקט ניט פאַרוואָס.

און בשעת גרשון שרייבט איצט וועגן דער פאָטאָגראַפיע, און כאַפּט אַלע מאָל אַ בליק אויף דער פאָטאָגראַפיע, זיצט אין דערבייאיקן צימער זיין טעכטערל, דאָס אייניקל פון מאיר דעם בלינדנס און שרה דער פרו־מער, און שפּילט אויף דער פּיאַנאָ שאָפּענס אַ נאָקטורן. און די מוזיק איז ווי אַ פליסנדיק וואַסערל אין דער נאַכט און דאָס וואַסערל — ווי ס׳רעדט וועגן פאַרגאַנגענע יאָרן און דערציילט וועגן אַ פאַרשוואונדענעם דור, וואָס האָט געלאָזט אַ צייכן נאָך זיך אויף אָפּגעבליאַקעוועטע פאַרגעלטע פאָ־טאָגראַפיעס...

# די שוועסטער רחל

אַמעריקע, אַז זי כאַפּט זיך אַריין אין אַ משפּחה, מאַכט זי ליידיק אַ הויז. פריער זיסל, דערנאָכדעם רחל, און דערנאָכדעם אפשר גרשון אַליין. דערווייל איז דאָס רחל. ס׳האָט ניט גענומען לאַנג און ס׳איז אָנגעקומען פאַר איר אַ שיפסקאַרטע פון זיסלען.

און דאָ האָבן זיך די עלטערן געכאַפּט, אַז די דאָזיקע רחל איז זיי אַזוי ליב און טייער, אַז מען וועט ממש גאָרניט קאָנען לעבן אָן איר. די לעצטע וואָכן פאַר איר אָפּפאָרן קיין אַמעריקע האָט מען איר אַרויסגעוויזן אַזויפיל גוטסקייטן, אַז יענע האָט דאָס גאָרניט געקאָנט פאַרדייען, פשוט ניט געוועז צוגעוואוינט, אַז מען זאָל זיין גוט צו איר. געווען דאָס לעצטע קינד אין הויז. ניט לעצט אין געבורט, נאָר לעצט אין אַלצדינג, וואָס די אַנדערע קינדער האָבן באַקומען: אַ גוטער ביסן, אַ ניי קליידל, אַפילו אַ גוט וואָרט, אַ גלעט. דערפאַר אָבער איז זי געווען די ערשטע אין קריגן פעטש, און אין ווערן געקנייפּט פון דער מאַמען. דערפאַר איז זי אויך גע־ווען די ערשטע אין אויפשטיין גאָר פאַרטאָג, ווען ס׳האָט זיך איר אַזוי געוואָלט שלאָפן, און איינהייצן די הרובע, אויסוואַשן די דילן, אָנטראָגן וואַסער פון דער קערניצע.

זי איז אויך געווען די ערשטע ווען דער דלות האָט אַלע טאָג געקלאַפּט אין דער טיר פון מאיר דעם בלינדנס הויז אין אַ געוויסן שווערן ווינטער. ס׳איז פשוט ניט געווען גענוג עסן פאַר אַלעמען, און מען האָט זי, אַ פער־צען־יאָריק מיידל אָפּגעשיקט קיין פעסטשאַנקע צו דער מומע באָבען. גרשון האָט שטאַרק געבענקט נאָך איר און איר געשריבן בריוו אין העבראיש. און יעדער בריוו האָט זיך אָנגעהויבן מיט אחותי היקרה והנכבדה (מיין שוועסטער, טייערע און געשעצטע). צוריק פון איר קיין בריוו האָט ער ניט באַקומען, ניט מחמת רחל איז געווען אויף אים ברוגז, נאָר האָט פשוט ניט געקאָנט שרייבן. זי האָט בפירוש זייער שטאַרק זיך געוואָלט אויסלער־נען שרייבן! חנה־רבקה, די אוטשיטעלניצע, די לערערין, וואָס האָט אַ גאַנצע שטאָט מיט קינדער געלערנט שרייבן סיי יידיש און סיי רוסיש האָט איר אייגענע שוועסטער אַפילו קיין אות ניט געלערנט. ניט געהאַט קיין געדולד פשוט, נאָך אַ גאַנצן טאָג אומלויפן פון הויז צו הויז אויף די אוראָקן.

דריי חדשים אָפּגעווען ביי דער מומע באָבען — און איז געקומען אַהיים אַן אָפּגעצערטע און אַ וויינענדיקע. בייטאָג האָט זי ניט געוויינט,

נאָר ביינאַכט און אין שלאָף. גרשון האָט זי געפרעגט פאַרוואָס זי וויינט אין שלאָף. האָט זי אים געזאָגט, אַז ס'חלומט זיך איר, ווי מען וויל זי ניט האָבן אין הויז.

שפּעטער מיט יאָרן, שוין אין אַמעריקע, האָט זי דערציילט גרשונען ווי די מומע באָבע אין פּעסטשאַנקע, האָט איר געגעבן עסן פון בעסטן און שענסטן. אָבער זי האָט ניט געהאַט קיין אַפּעטיט און נאָר געבענקט נאָך די קאַרטאָפליעס, וואָס זי האָט געגעסן אינדערהיים. ביי מאיר דעם בלינדן אין הויז האָט מען ווינטער צייט געגעסן אַ סך קאַרטאָפליעס. קאַרטאָפליעס מיט הערינג, קאַרטאָפליעס מיט ציבעלעס, קאַרטאָפליעס מיט דער שאָלעכץ, קאַרטאָפליעס אין סוף באַגאָסן מיט בוימל, קאַרטאָפליעס אין די קנישעס, און אויך שבת אין די קוגלען, פּונקט ווי דאָס לידעלע גייט: זונטיק בולבעס, מאָנטיק בולבעס — און אַזוי ווייטער.

און די גרעסטע עולה האָט מען איר געטאָן, ווען זי האָט זיך אומגעקערט צוריק פון פּעסטשאַנקע. די מאַמע האָט זי אַנידערגעזעצט פליקן פעדערן. וואָלט מען זי כאָטש געשיקט לערנען צו אַ נייטאָרין. ניין. פליקן פעדערן בייטאָג און ביינאַכט. זעקס רובל פאַר אַן אָקע פעדערן האָט מען געקאָנט פאַרדינען. און אויספליקן אַן אָקע פעדערן האָט געדויערט אפשר צוויי חדשים. אַזויפיל לידלעך האָט רחל אויסגעזונגען ביים פליקן די פעדערן אויף דער סאָפּקעלע לעבן דער הרובע. צווישן זיי איז געווען דאָס לידעלע: „אוי, מאַמע, איך האָב זיך פאַרליבט אין זיין שיינער פּאָכאָדקע, אַז דו וועסט מיר אים ניט געבן, באַקום איך די טשאַכאָטקע". די מעשה איז געווען, אַז זי האָט זיך טאַקע פאַרליבט אין אַ בחור, וואָס האָט געהאַט אַ שיינע פּאָכאָדקע, און דערצו איז ער נאָך געווען אַ משורר ביים חזן, אהרן דער משורר. אויך האָט זי ליב געהאַט צו זינגען אַ לידעלע, וואָס ווען גרשון דערמאָנט זיך אין דעם, טיאָכקעט אים עפּעס דאָס האַרץ, מחמת זי האָט דאָס געזונגען מיט אַזויפיל האַרץ:

איך האָב געקליבן פּערל,
איך האָב אַ פּערעלע פאַרלוירן,
איך האָב געהאַט אַזאַ טייערן דימענט
און האָב אים אָנגעוואוירן. . .

נאָך אַ לידעלע האָט זי געזונגען, וואָס גרשון האָט דאָס שפּעטער געזוכט אין אַלע זאַמלונגען פון פאָלקס־לידער און דאָס ניט געפונען:

אוי, פעדערן, פעדערן, ווייס ווי שניי,
און מיין האַרץ טוט מיר אַזוי ווי...
אוי, פעדערן, פעדערן, נאָר איך טו פליקן,
און אין מיין האַרצן די טרערן טוען מיך שטיקן.
וואָלט דאָס כאַטש זיין אַ קישן פאַר מיר —
ניין, איז דאָס גאָר פאַרן גיבר.
אינדרויסן גייען מיידלעך שפּאַצירן,
און איך טו מיינע יונגע יאָרן פאַרלירן.
אוי, גאָטעניו, טו שוין אַ נס,
און לאָמיך אַוועקפאָרן קיין אָדעס.

פאַרוואָס אָדעס? אָדעס איז געווען אַ מין שטיק אַמעריקע פאַר די קליינע שטעטלעך. „ער לעבט זיך ווי גאָט אין אָדעס", האָט מען געזאָגט אין בערשאַד.

און כאָטשבי זי האָט געזונגען אַזוינע אומעטיקע לידלעך, האָט קיינע צווישן אירע חברטעס ניט געלאַכט אַזוי הילכיק און פריידיק ווי רחל. און כאָטשבי זי איז אויפגעצויגן געוואָרן מערסטנס אויף קאַרטאָפּליעס און ציבעלעס, איז זי אויפגעגאַנגען זייער געראָטן: פּאָמפּושקע באַקן, אַ דיקער צאָפּ רויטלעכע האָר, פעסטע פיס, ברייטע היפּטן, אַ הויכער בוזעם, אַ הילכנדיק קול און פריידיקע בלויע אויגן.

און אַז די שיפסקאַרטע איז איר אָנגעקומען פון זיסלען איז איר געווען זייער גוט — און זייער ניט גוט. וועגן אהרן דעם משורר האָט זיך שוין איצט זייער געפּאַסט זינגען דאָס לידל: „איך האָב געקליבן פּערל, איך האָב אַ פּערעלע פאַרלוירן, איך האָב געהאַט אַזאַ טייערן דימענט, און אים אָנגעוואוירן". זי האָט טאַקע אָפט געזונגען דאָס דאָזיקע לידל מיט זייער אַן אומעטיק האַרץ. וואָס נאָך איז איר געווען זייער ניט גוט איז דאָס, וואָס זי האָט ניט געקאָנט שרייבן, און ווי אַזוי זשע וועט זי שרייבן בריוו פון אַמעריקע צו אירע טרייע און ליבע עלטערן? דאָס האָט שוין איר ברודערל גרשון מתקן געווען (צערעכט געמאַכט). אין די צען וואָכן פון איר גרייטן זיך אין וועג אַריין האָט ער מיט איר געקנעלט זייער שטאַרק און איר אויסגעלערנט ווי צו האַלטן אַ פען אין דער האַנט.

און פונקט ווי זיסל, אין דער לעצטער נאַכט פאַר איר אַוועקפאָרן, אַזוי האָט אויך רחל געוויינט מיט ביטערע טרערן, און דער טאַטע האָט געזאָגט, אַז אויב זי וויל ניט פאָרן קיין אַמעריקע וועט ער גלייך, מאָרגן איני־

דערפרי, אָפּשיקן די שיפסקאַרטע צוריק צו זיסלען. און די מאַמע האָט געזאָגט:

— נו, שאַ, שאַ, רחלע, קינד. דו ווייסט דאָך, ווי אַזוי דו ביזט ביי אונדז ליב און טייער...

און רחלס אַוועקפאָרן קיין אַמעריקע איז ביי גרשונען פאַרבונדן מיט דעם ריח פון געפּרעגלטע קאָטלעטן, וואָס ביי מאיר דעם בלינדן אין הויז איז דאָס געווען אַ זעלטנהייט. די מאַמע האָט דעמאָלט אָנגעפּרעגלט אַ סך קאָטלעטיקלעך, פאַרפּראַוועט מיט קנאָבל מיטצוגעבן רחלען אין וועג. גרשון האָט, פאַרשטייט זיך, אויך הנאה געהאַט פון די דאָזיקע קאָטלעטיקלעך...

און אַז רחל איז אַוועקגעפאָרן איז עפּעס געוואָרן אַזוי שטיל אין הויז... ביינאַכט אויפן געלעגער האָבן טאַטע־מאַמע גערעדט פון רחלען: וואָס טוט זי איצט? וואָס עסט זי? וואו שלאָפט זי? אַזאַ יונג קינד, אַזאַ יונג קינד... זי איז אינגאַנצן אַלט געווען זעכצן יאָר...

# אין באַלאַניוועקער וואַלד

שוין אויס יאַנקל ליפּמאַן, אויס חדר אינגאַנצן. שוין אויסגעלערנט די גאַנצע תורה ביים גרעסטן מלמד פון בערשאַד. זאָל מען אים שיקן אין דער ישיבה קיין קעשעניעוו? דאָרטן עסט מען ניט קיין טעג, דאָרטן האָט די ישיבה אַן אייגענע קיך, אַפילו בעטלעך צום שלאָפן.

און גרשון, אַ צוועלף יאָריק בחורל וויל גראַדע פאָרן אין דער ישיבה, ניט אַזוי צוליבן לערנען, ווי צו זען אַ וועלט. קיינמאָל נאָך ניט געווען אין אַן אַנדער שטאָט, און קעשעניעוו איז אַ גרויסער כרך. דאָרטן, דערציילט מען, לויפט איבער די גאַסן אַ טראַמוואַי, דאָרטן וואוינט דער גובערנאַטאָר אַליין. דאָרטן איז דאָ אַ גאָראָדסקאָי סאַד (אַ שטאָטישער גאָרטן) און כלי־זמר שפּילן אַלע פאַרנאַכט אין גאָרטן. דאָרטן האָט אַמאָל געוואוינט פּושקין, דער גרויסער רוסישער פּאָעט, און ס׳איז דאָ אַ גאַס אין קעשעניעוו, וואָס רופט זיך טאַקע פּושקינסקאַיאַ, און אַ סך פּושקינס לידער קאָן גרשון אויף אויסנווייניק (דאָס האָט מיט אים די שוועסטער חנה רבקה געלערנט רוסיש). דאָרטן איז אויך פאָרגעקומען אַ שרעקלעכער פּאָגראָם אויף יידן, דער קעשעניעווער פּאָגראָם. און די ליד וועגן קעשעניעווער פּאָגראָם, האָט מען יאָרן לאַנג געזונגען אין בערשאַד:

אין קעשעניעוו ברענט אַ גרויסער פייער
מיט אַ גרויסן פלאַם.
גאָט האָט געוואָלט שטראָפן די יידן,
האָט ער געשיקט אויף זיי אַ פּאָגראָם.

ווייל אָבער דער טאַטע ניט אַז גרשון זאָל פאָרן קיין קעשעניעוו. פאַר־וואָס, זאָגט ער ניט, אָבער מען שטויסט זיך שוין אָן. די מעשה איז, וואָס גרשון איז איצט דאָס איינציקע קינד אין הויז. שמאַי און נחום זיינען שוין בעלי־בתים פאַר זיך. שמאַי וואוינט אויף דער יערושאַלימקע און נחום אויף דער מאַרק גאַס. זיסל און רחל זיינען אין אַמעריקע. חנה רבקה איז אין אָדעס, לערנט אויף זובנאַי וורּאַטש (ציין־דאָקטאָר). בלויז דאָס איינע גערשעלע איז איבערגעבליבן פון אַלע קינדער אין הויז. די מאַמע שרה האָט אים אוודאי אויך שטאַרק ליב, אָבער אַ צדיק דאַרף קאָנען גוט לערנען, און זי גרייט זיך מקריב צו זיין, גרייט צו בלייבן אָן אַ קינד אין הויז, אַבי ער זאָל דאָרטן זיצן אין קעשעניעוו און לערנען תורה.

דער גבורדיקער מאיר מיטן בלינדן אויג, איז ווי אַ שטיין ווען ער עקשנט זיך איין. זי, די שוואַכע קליינינקע מאַמע, איז אָבער ווי אַ וואַ־סער, וואָס האַלט אין איין פליסן איבערן שטיין, און טאַטשעט אים און רייבט אים, און זי וועט אים מסתמא אויסטאָטשן, אויסרייבן... דערווייל אָבער נעמט מאיר זיין גרשונען מיט אין באַלאַניוקער וואַלד, אים לער־נען די קענטעניש פון אַ האָלץ־פירער. מאַכט אונדזער בחורל ניט אויס. פאַרקערט, ער רייסט זיך גאַר אַהין, ער וויל זען דעם באַלאַניוקער וואַלד, וואו דאָרטן האַלט זיך אויף, זאָגט מען, דער באַרימטער רויבער ראַגאַוואַי, וואָס רויבט ביי די רייכע און גיט דאָס אַוועק צו די אָרעמע.

צופוס האָט זיך דער הויכער טאַטע געלאָזט מיט זיין דאָרן גרשונען צום באַלאַניוקער וואַלד אין אַ האַרבסטיקן פאַרטאָג. אַנטקעגן איבערן שטויביקן שליאַך, האָבן געהאַלטן אין איין אָנקומען צופוס און אויף וועגע־נער פויערים און פויערטעס מיט זעקלעך און טאָרבעס. דאָס פירן זיי קיין בערשאַד די תבואה פון די פעלדער און די פרוכט פון די גערטנער צו פאַרקויפן.

— דאָברי דיען (אַ גוטער טאָג).

— דאַי באָזשיע זדאָראָוויע (גיב גאָט געזונט).

גרשונען געפעלט שטאַרק, וואָס דער טאַטע גריסט זיך מיט יעדער פויער און פויערטע, און זיי גריסן צוריק. ס׳שאַפט אָפּ די מורא פאַר דער

פרעמדער וועלט, מחוץ דער שטאָט, וואו ער און זיין טאַטע זיינען די איינ־ציקע צוויי יידן. וואָס מען דאַרף יאָ מורא האָבן, מחוץ דער שטאָט, האָט גרשון געלערנט, איז פאַר הינט. אין דעם דאַרף בערליוזקע אויפן וועג צום באַלאַניוזקער וואַלד זיינען דאָ אַ סך הינט, טיטשקעס גאַנצע ווי די וועלף באַפאַלן זיי אַ פרעמדן. דער טאַטע טראָגט אָבער אין זיינע הענט זייער אַ גראָבן שטעקן, אַ סוקעוואַטן, און די הינט האָבן שוין גרויס דרך ארץ פאַרן שטעקן. אַנטלויפן גראַדע ניט, שטשירען די ציין, אָבער נאָענט קומען זיי ניט צו.

די זון שיינט עפּעס גאָר אַנדערש ווי אין זומער. ווי די גרויסע גאָלדע־נע קאַבאַקעס אויף די גערטנער שיינט זי, די זון, און אין דער לופט אַזוי לויטער, פליען אום פעדעמלעך ווי פּאַאוטינע (שפּינוועבס) אויף ביידע זייטן וועג. אויף די פעלדער גראָבן פויערים און פויערטעס בוראַקעס.

— באָג פּאָמאָשטש (גאָט העלף), — באַגריסט דער טאַטע די אַרבעטנ־דיקע אין פעלד.

און די הויכע שלאַנקע סלופּעס מיט די טעלעגראַף דראָטן לאָזן זיך גאַרניט אויס. „אַזש ביז פּעטערבאָרג גייען זיי", זאָגט דער טאַטע. גרשון לייגט צו אַן אויער צו איינעם פון די סלופּעס און הערט ווי ס׳זשומעט אינעווייניק אין קלאָץ. דער טאַטע לייגט אויך צו אַן אויער און שמייכלט צו גרשונען ווי אַ חבר. „דאָס שיקט עמיצער אַ טעלעגראַמע", מאַכט ער.

מען זאָגט „שטיל ווי אין אַ וואַלד". ס׳איז געווען אַזוי שטיל, ווען דער טאַטע מיטן זון זיינען אָנגעקומען אין וואַלד, אַקוראַט ווי אוממיסטנע. שטיל און קיל און האַלב טונקל. אַ באַזונדערע וועלט. דער טאַטע האָט אַ געשריי געטאָן מיט אַן אויסגעצויגענעם געשריי: ש־ל־ל־ו־ם ע־ל־י־כ־ם. און עמיצער טיף פון וואַלד האָט געענטפערט מיט אַ פאַרדומפּן קול: ש־ל־ו־ם ע־ל־י־כ־ם. ס־ק־אַ־צ־ל ק־ו־מ־ט, האָט דער טאַטע ווידער אַ געשריי געטאָן, און ווידער טיף פון וואַלד האָט געענטפערט דאָס פאַר־דומפּן קול: ס־ק־אַ־צ־ל ק־ו־מ־ט.

קיינמאָל נאָך ניט געזען דעם טאַטן אַזוי־אָ. עפּעס גיכער ווי אַ חבר איידער אַ טאַטע. ער האָט אַפילו אָנגעהויבן צו זינגען זייער פריילעך, דער טאַטע:

היום תחזקנו,

היום תאמצנו.

און גלייך איבערגעגאַנגען אין אַ פייפן מיט די ליפּן, און דאָס איז שוין געווען דער גרעסטער חידוש ביי גרשונען. קודם כל איז דאָס געווען אַ

שיין פּייפן, הלוואַי אויף גרשונען געזאָגט געוואָרן. צווייטנס, ער אַליין שרייט גאָר אָן אויף גרשונען, ווען ער צעפּייפט זיך אַמאָל אין שטוב.

געפונען אַ נייעם טאַטן, ניט קיין פאַרזאָרגטן, ניט קיין פאַרכמורעטן ווי אין דערהיים, אַ פריילעכער טאַטע, און אַ וויצלער גאָר. צוריקצו־וועגס, מיט די פויערים וואָס האָבן געפירט די וואָגנס־האָלץ, האָט ער זיך געוויצלט גאָר אויף אַ פריילעכן אופן, און די פויערים האָבן ג־ע־ל־אַ־כ־ט. גרשון האָט אויך געלאַכט, כאָטשבי ניט פאַרשטאַנען גוט קיין אוקראַאיניש. דאָס האָט אין אים די פרייד געלאַכט.

שפּעטער אין שטאָט ביים הויז, האָט דאָס בחורל פון גרויס דאַנק־באַרקייט, וואָס ס'איז אים געווען גוט אַזוי היינטיקן טאָג, אַ קלאַפּ געטאָן גוט־ברודעריש דעם טאַטן איבער דער פּלייצע, ווי מען טוט אַזוי צו אַ חבר, וואָס מען האָט שטאַרק ליב. האָט יענער אָבער געמאַכט אַ בייזן פּנים און אים דערלאַנגט אַ פּאַטש אין דער באַק און אָ הוקע געטאָן:

— דרך ארץ פאַר אַ טאַטן, שייגעץ...

— טאַקע — האָט אים געמוסרט די מאַמע — אַ טאַטן קלאַפּן איבער דער פּלייצע ?! וואו איז דאָס געהערט געוואָרן? עפּעס איז ער אַ אינגל ?!

גיי דערצייל איר, אַז ווען ער האָט צוגעלייגט אָן אויער צום טעלע־גראַף סלופּ דאָרטן אין פעלד, און ווען ער האָט אַ געשריי געטאָן צום וואַלד: ש־ל־ו־ם ע־ל־י־כ־ם איז געווען טאַקע פּונקט ווי אַ אינגל...

:: :: ::

אַ סך מאָל אויסגעקומען צו גיין מיטן טאַטן אין וואַלד, און שטענדיק אַזוי. דאָרטן אַ חבר, און קומענדיק אין שטאָט, צוריק דער שטרענגער, דער פאַרכמורעטער, דער פאַרזאָרגטער טאַטע...

:: :: ::

שפּעטער מיט יאָרן, אין אַמעריקע, ווען גרושן איז שוין כמעט אַלט געווען אַזוי פיל ווי זיין טאַטע אין יענע יאָרן פון גיין אין וואַלד, האָט ער באַקומען אַ בריוו פון זיין מאַמען, אַז ער דאַרף שוין זאָגן קדיש נאָכן טאַטן... איז דאָס האַרץ אוודאי געווען שטאַרק צעבראָכן, און טרויער אָן אַ סוף... ביינאַכט האָט זיך געחלומט, ווי ער, גרשון, איז נאָך אַ אינגל, גייט מיטן טאַטן אין באַלאַניוקער וואַלד, און יענער זינגט און פייפט: ה־י־ו־ם ת־ח־ז־ק־נ־ו, און די וועלט שמעקט מיט בשמימדיקע ריחות און דאָס האַרץ איז אַזוי שטאַרק, אַזוי פריילעך...

# דער טאַטע און דער רויבער

ס׳וואָלט שוין געדאַרפט מאַראַקען אָן אויפהער אַ נודניע רעגנדל; און די ערד וואָלט שוין געדאַרפט זיין בלאָטיק שוואַרץ; און שוואַרצע וואָראָנעס (קראָען), וואָלטן שוין געדאַרפט שטיין אויף די דעכער, איז אָבער דער האַרבסט־טאָג געבענטשט מיט גאָלדענער ליכטיקייט. אפשר דער לעצטער טאָג׳ פון גאָלדענער ליכטיקייט. מחיהדיק וואַרעמט די זון און ס׳שמעקט פון די אָפּגעקאָסעטע פעלדער מיט די פאַרבליבענע ריחות פון זומער. טיף אין דער בלויקייט פון הימל קוקט אָבער אויס, ווי ס׳וואָלט שוין דאָרטן געווען קאַלט.

אין אַזאַ טאָג, איז דער הויכער שטאַרקער טאַטע געגאַנגען מיט זיין דאַרן זונדל אין באַלאָניוקער וואַלד, און ווידער אַמאָל איז דאָס ניט געווען קיין טאַטע, נאָר עפּעס אַ חבר, עלעהעי — פּוליע...

און אַז גרשון וועט הײנט זען דעם באַרימטן רויבער ראָגאָוואָי, וואָס נעמט ביי די רייכע און גיט די אָרימע, האָט ער זיך גאָרניט געריכט. ס׳הייסט, געריכט האָט ער זיך יאָ, יעדן טאָג ווען ער איז געגאַנגען מיטן טאַטן אין באַלאָניוקער וואַלד, האָט ער זיך געריכט, אָבער, ס׳איז געווען פון אַזאַ ריכטן זיך, וואָס מען ווייסט פריער, אַז גיכער ניט...

ס׳איז שוין געווען צוריק פון וואַלד, ווען די וואָגנס שווער אָנגעלאָדענע מיט האָלץ, האָבן זיך געשלעפּט באַרג אַרויף, און די פּויערים האָבן געפּאַכעט מיט די בייטשן. ניט חלילה געשמיסן די פערד, נאָר בלויז געשראָקן, ווען ער איז מיטאַמאָל ווי אויסגעוואָקסן פון דער ערד אַרויס. ער האָט גאָרניט געהאַט קיין פּנים פון אַ גזלן, פאַרקערט, פון אַ גוטן מענטשן; ווייכע גרויע אויגן מיט לוסטיקע פייערלעך, אַ פאַרריסענע און שמייכלענדיקע נאָז, און אויף זיינע הויכע באַקן־ביינער, ווי ביי אַ מאָנגאָל, פריילעכע געלעכטערלעך. ניט קיין הויכער, נאָר מיט זייער ברייטע פּלייצעס, אין אַ שאָפּן פּעלצל, אַרומגעבונדן מיט אַ שטריקל, אין הויכע שטיוול מיט לאַטעס. דער איינציקער סימן פון אַ גזלן, — וואָס ער האָט געהאַלטן אין זיין רעכטער האַנט אַ ביקס. די פּויערים האָבן זיך דערשראָקן, די פערד אויך, אָבער ווען ער האָט אַ שמייכל געטאָן צו די פּויערים מיט זיינע ווייכע לוסטיקע גרויע אויגן, האָבן זיי זיך אויך צעשמייכלט.

— דאָברי דיען, לידי דאָברי (אַ גוטער טאָג, גוטע מענטשן). — האָט ער זיך געגריסט צו זיי גאָרניט ווי קיין רויבער, נאָר ווי אַ פּויער גריסט זיך צו פּויערים, וואָס מען באַגעגנט זיך אויפן וועג.

וואָס האָט ער געוואָלט? גאָרניט. גלאַט אַזוי שפּאַנען צוזאַמען מיט אַלע לעבן די וואָגנס, ריידן פון דעם און יענעם, זיך נאָכפרעגן אויף זיינע באַקאַנטע אין באָלאָניוקער דאָרף. ס׳איז אים מסתמא געווען אומעטיק אין זיין באַהעלטעניש אין וואַלד. די בערשאַדער סטראַזשניקעס האָבן אים אין יענער צייט שטאַרק אַרומגעזוכט. גרשונס טאַטן האָט ער, ווייזט אויס, געקענט, אים אָנגערופן ביים נאָמען, גרשונען אַליין האָט ער אַ קיצל געטאָן אונטער זיין גאָמבעטשקע, אים געשאָנקן אַ וואַרעמען שמייכל, און אַ מאַך געטאָן:

— איש, טי, טשאָרני בראָווי (היי, דו, שוואַרץ ברעמענדיקער).

די באַגעגעניש מיט ראָגאָוואָיען איז נאָך אַלץ געווען אין וואַלד, דאָס הייסט, אויף אַ גרויס פעלד, באַרג אַרויף אַרומגערינגלט מיט וואַלד. מיט יאָרן צוריק, האָט מען דאָ אויסגעהאַקט די ביימער, אויסגעקאָרטשעוועט די וואָרצלען, און פאַרזייט פאַרשיידענע תבואות. ביים סוף פון פעלד, וואו ס׳האָט זיך ווידער אָנגעהויבן וואַלד, האָט ראָגאָוואָי זיך פּלוצלונג אָפּגעשטעלט און זיך אָנגערופן מיט אַ געלעכטערל:

— מאַיאָרקאַ, לאָמיר זיך באָרען, מען זאָגט, אַז ביזט זייער אַ שטאַרקער זשיד.

— באָרען זיך גאָר?! — האָט דער טאַטע געשמייכלט פאַרלוירן.

— האָסט מורא? — האָט ראָגאָוואָי זיך מיט אים גערייצט.

אין די יונגע יאָרן, האָט מאיר דער בלינדער אַ סך שטאַרקע פויערים צעלייגט אין פּעטאַשנער וואַלד. דער ברודער נחום, אויך אַ גיבור, וואָס אַלס אינגל איז אויך געגאַנגען מיטן טאַטן אין וואַלד, האָט ליב געהאַט צו דערציילן וועגן די דאָזיקע פאַרמעסטן. אָבער איצט האָט זיך אונדזער בחורל געשראָקן, מחמת ראָגאָוואָי איז געווען אַ סך אינגער, און אַ חוץ דעם איז ער דאָך אַ רויבער און האָט אַ ביקס.

דער טאַטע האָט אַזוי ניט געוואָלט זיך באָרען, אָנגעגעבן פאַרשיידענע תירוצים, אָבער ראָגאָוואָי האָט אים אַ כאַפּ געטאָן אַרום דעם רוקן און געוואָלט גלייך אָנהויבן. איז שוין ניט געווען קיין אַנדער ברירה, אָבער פריער, האָט מאיר אויסגעטאָן זיין קאַפּאָטע און זיין קאַשקעט און געגעבן זיין זון דאָס האַלטן. ראָגאָוואָי האָט זיין ביקס געגעבן אַ פויער אויף צו האַלטן און אויך אַראָפּגעוואָרפן זיין שאָפּן פּעלצל און זיין קוטשמע. אונטער דער קאַפּאָטע האָט דער טאַטע ניט געטראָגן קיין אַנדער בגד, אַ חוץ עפּעס אַ לייבל אָן אַרבל און דעם טלית קטן. איז ער געבליבן שטיין אָנגעבויגן אין פאָראויס, אויסשטרעקנדיק זיינע מעכטיקע אָרעמס,

מיט מוסקולן גרויס ווי די דיניעס. ראַגאַוואַי איז אויך געבליבן שטייען אַנגעבויגן אין פאָראויס, אויך אויסשטו׳עקנדיק זיינע הענט מיט די מעכ־טיקע מוסקולן, אָבער ניט אַזוינע גרויסע ווי ביים טאַטן. יעדער איינער האָט געטשאַטעוועט צו זיין דער ערשטער אַרומצוכאַפּן דעם געגנער. ווער ס׳טוט אַ כאַפּ אַרום דער ערשטער אַרום רוקן, דער האָט מערער שאַנסן צו געווינען.

— כאַפּ אים! כאַפּ אים! קוועטש אים! קוועטש אים! — האָבן די פויערים צעהיצטע און צעקאָכטע ווילד געשריען.

גרשונס האַרץ האָט זיך אַזוי שטאַרק צעטיאָכקעט, אַזש ער האָט אָנ־געהויבן הוסטן און גאָרניט געקאָנט אויפהערן. דער הויכער טאַטע אין טלית־קטן מיטן בלינדן אויג, און מיט די צעשויבערטע שוואַרצע האָר, עטוואָס גרוי, האָט איצט אויסגעקוקט נאָך העכער, עפּעס ווי אַן עוג מלך הבשן. ראַגאַוואַי איז געווען מיט אַ קאָפּ נידעריקער פון טאַטן, אָבער דער־פאַר אַזוי ביסטרע, אַזוי פלינק, אַז ער האָט טאַקע דער ערשטער אָנגעכאַפּט מאירן אַרום דעם רוקן, אָבער מאיר האָט אַ ווילדן געשריי געטאָן, עפּעס גאָר ניט ווי קיין טאַטע, זיך אַ בויג געטאָן, און זיך אַרויסגעריסן פון זיי־נע הענט...

איז איצטער ווידער אַמאָל באַנייעס איינער געגן אַנדערן מיט אויס־געשטרעקטע אָרעמס, און די פויערים פון די וואָגנס, זיי גיבן אונטער זשאַר (היץ), און הוקען און שרייען, און טיף פון וואַלד שרייען אויך די עכאָס, און ס׳דאַכט זיך אויס, אַז דער גאַנצער וואַלד מיט אַלע ביימער פון איין עק ביזן אַנדערן האַלט אין איין שרייען.

איצטער האָט רעב מאיר אָנגעכאַפּט ראַגאַוואַיען דער ערשטער, און אים שוין ניט אַרויסגעלאָזט. דאָס אָנכאַפּן אַרום רוקן, איז כדי אַריינ־צוכאַפּן דעם געגנער אין אַ קלעם און אים קוועטשן מיטן ברוסטקאַסטן, קוועטשן און קוועטשן, ביז ס׳פאַרפעלט יענעם דעם אָטעם, און דערנאָכ־דעם נעמען בויגן אים צו דער ערד מיט דער גאַנצער משא פון קערפּער... האָט אים דער טאַטע געקוועטשט מיט אַלע כוחות, אָבער ראַגאַוואַי האָט זיך ניט געלאָזט קוועטשן, זיך איינגעגראָבן מיט זיין שאַרפער אייזערנער מאָרדע אין יענעמס ברוסטקאַסטן, און אים געבויערט דאָרטן, שיעור ניט קיין לאָך געמאַכט...

האָט דער טאַטע געזען, אַז ער קאָן אים ניט איבערברעכן, האָט ער אים געגעבן אַ הויב אויף אין דער לופטן אין דער גאַנצער הויך און אים אַ שליידער געטאָן פון זיך ווי מען טוט אַ שליידער אַ פאַליענאָ האָלץ.

אָבער יענער איז ניט געפאַלן, עפּעס ווי אַ טענצער געבליבן שטיין אויף זיינע פיס און מיט אַ פלינקן מאַך פון זיינע פּלייצעס גאָר אַ וואָרף געטאָן דעם טאַטן צו דער ערד. דאָס וואָלט שוין געהייסן פאַרשפּילט. האָט אים אָבער דער טאַטע מיטגענומען מיט זיך, און דאָ האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאַטשעניש אויף דער ערד: אַט איז מאיר פון אויבן, און אַט איז דער רויבער פון אויבן, און צום סוף איז טאַקע מאיר געבליבן פון אויבן, און יענער האָט בשום אופן אים ניט געקאָנט אַראָפּוואַרפן פון זיך...

ערשט איצטער האָט גרשון מורא געהאַט, אַז ראַגאָוואַי איז אין כעס וואָס ער האָט פאַרלוירן, קאָן נאָך וועלן שלעכטס טאָן, אָבער אַ שווער־סאַפּנדיקער האָט ער זיך אויפגעהויבן און דערלאַנגט דעם טאַטן אַ גוט־ברודערשן זעץ אין דער ברוסט און געזאָגט:

— דו קענסט, מאַיאָרקע, קענסט. דער אמתער זשיד... דערנאָכדעם האָט ער זיך אָפּגעטרייסלט, זיך אָנגעטאָן, גענומען די ביקס, אַ מאַך געטאָן: „פּראָשטשאַיטע" (זייט געזונט) און איז פאַרשוואונדן געוואָרן צווישן די ביימער...

דעם דרך ארץ, וואָס די פויערים פון די פורן האָבן אַרויסגעוויזן צו רעב מאירן דעם גאַנצן וועג אַהיים, איז געווען עפּעס ווי צו אַ גרויסן העלד, אָבער ר' מאיר אַליין איז גאָר געווען פאַרזאָרגט, מורא געהאַט אַז זיין ווייב שרה זאָל זיך חס וחלילה פון דעם ניט דערוויסן. גענומען ביי זיין מיזיניקל אַ שבועה, אַז ער זאָל זיך ניט דערוועגן צו דערציילן וועגן דעם זיין מאַמען. האָט טאַקע דאָס בחורל הייליק געהאַלטן די שבועה, אָבער שרה האָט זיך דאָך דערוואוסט. די פויערים האָבן דערציילט אין שטאָט, און עמיצער האָט איר שוין אָפּגעטראָגן...

עפּעס אַ חודש האָט די קליינטשינקע דאַרינקע שרה ניט געוואָלט ריידן צו איר מאַן. די איינציקע פאַר ווערטער, וואָס זי האָט יאָ אויסגערעדט צו אים, איז: „גיי וואַש זיך" און אים שטומערהייט דערלאַנגט דאָס עסן. און אַז דער הויכער רעב מאיר האָט שוין ניט געקאָנט אויסהאַלטן איר פאַרביסענע שווייגעניש, און האָט איינמאָל אַ קלאַפּ געטאָן אָן טיש און אויסגעשריען: — אָבער שרה, איינמאָל פאַר אַלעמאָל!... — האָט די ברוגזע שרה אַ מאַך געטאָן מיט אירע דינע פרומע ליפּעלעך:

— אַ ייד קיין עין הרע אין די יאָרן, אַ טאַטע פון קינדער, זאָלן לעבן, זאָל זיך נעמען באָרען מיט אַ שייגעץ, ווי אַן איוואַן פערעפּערדעלע!... פע!

# דער אוראַדניק און דער רויבער

אַ טורמע איז געווען אין בערשאַד, וואָס מען האָט גערופן די פּאָליציי, און גראָד ניט אַרויס דער שטאָט, נאָר פּונקט אַנטקעגן דער באָבעס קלויז, אין שכנות מיט חיים סומיוועקערס שיינער דירה מיט אַ גאַניק און מיט אַ גאָרטן. (חיים סומיוועקערס אַ זון, הערשעלע, איז איצט באַקאַנט אַלס בן חיים, אַ בויער און אַ שוישפּילער פון דער באַרימטער העברעאישער טרופּע „הבימה״). אין שכנות מיט דער פּאָליציי איז געווען אַן אַנדער דירה, וואו ס׳האָט געוואוינט זייער אַן ערלעכער ייד, מיט זיין זייער ער־לעכן זון, מיט זיין זייער ערלעכער טאָכטער און זייער ערלעכער פרוי. דער שרייבער פון אָט די מעשיות געדענקט שוין ניט זיין נאָמען. אָבער וואָס ער געדענקט יאָ, אַז סיי דער ערלעכער ייד און סיי זיין ערלעך הויז־געזינד, זיינען אַלע געווען רויט־האָריקע; (שפּעטער האָט זיך גראָד גע־טראָפן אַ זייער ניט ערלעכע מעשה מיט זיין זייער ערלעכן רויט־האָריקן זון. אָבער וועגן דעם אפשר אין איינער פון די שפּעטערדיקע מעשיות). די טורמע איז אויך געווען אין שכנות מיט יעקב־לייב דעם סטאַראָסטעס שיינער הויז, אויך מיט אַ גאַניק און אויך מיט אַ שיינעם גאָרטן. כמעט אַלע קינדער דאָרטן אין הויז, האָבן געקאָנט אָדער שיין זינגען אָדער שיין שפּילן אויף מאַנדאָלינעס און גיטאַרעס. האָט זיך שטענדיק פון דאָרטן געטראָגן געזאַנג און שפּיל. אויך איז דאָס געווען דאָס הויז מיטן ערשטן גראַמאָפאָן אין בערשאַד. און אַז מען האָט געשפּילט אויפן גראַמאָפאָן האָבן די שטובּיקע אומיסטנע געעפנט די פענצטער צו דער גאַס, כדי אַלע יידן, וואָס האָבן זיך פאַרזאַמלט אינדרויסן זאָלן אויך קאָנען הערן...

יאָ, אַ טורמע איז געווען אין בערשאַד מיט זייער אַ הויכן שוואַרצן הילצערנעם פּאַרקאַן, אַ פּאַרקאַן, וואָס איז געווען העכער אַפילו פון דעם דאַך פון דער טורמע. דער דאָזיקער שוואַרצער הויכער, הילצערנער פּאַר־קאַן איז געווען ווי עפּעס אַ פינצטערער פלעק אין אַ גאַס מיט פרידלעכע הייזער, מיט געזאַנג, מיט שפּיל און נאָך מיט אַ גראַמאָפאָן.

גרשון האָט זיך אָפט אָפּגעשטעלט לעבן דעם דאָזיקן פּאַרקאַן און אַריינ־געקוקט דורך די שפּאַרונעס. וואָס איז דאָרטן געווען צו זען? גאָרניט, סיידן די גראַטנדיקע פענצטער, און אַמאָל אין איינעם פון די גראַטנדיקע פענצטערלעך דאָס אומעטיקע פּנים פון אַן אַרעסטירטן פויער.

דער אוראַדניק פון בערשאַד, וואָס האָט אויסגעקוקט ווי צאַר ניקאָלאַי דער צווייטער, ניט נאָר מיטן בערדל, נאָר אַפילו מיט דער נאָז, מיטן שטערן,

מיט די אויגן, האָט אַ באַזונדערע הנאה געהאַט צו שלאָגן אַן אַרעסטירטן פּויער מיט דעם שיידל פון זיין שווערד, אײדער ער האָט אים אַריינגע־שטופּט דורך דער מיט בלעך־באַדעקטער טיר, אין דער טורמע. דער דאָזיקער אוריאַדניק האָט ווי מיט ליכט געזוכט דעם רויבער ראַגאַוואַי, וואָס נעמט ביי די רייכע און גיט די אָרעמע. אָבער גיי זוך אַ מענטשן אין באָלאָניוקער וואַלד, אַז ער איז אַזוי גרויס, ציט זיך פאַר עטלעכע וויאָרסט, און די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער זיינען גאָרניט קיין הילף. פאַרקערט, אַ שטערונג. מען גיט אים גלייך צו וויסן, ווען פּאָליציי פרעגט זיך נאָך אויף אים, אָדער ווען מען זעט די סטראַזשניקעס זיך אַרומדרייען אין וואַלד.

ס׳איז שוין געגאַנגען דעם אוריאַדניק אין לעבן. ראַגאַוואַי האָט אים געמאַכט צום נאַר פאַר דער גאַנצער שטאָט.

איינמאָל אַ דינסטיק אין דעם געשוואוירענעם וועכנטלעכן יאַריד־טאָג, ווען דער הו־האַ איז געווען אין פולן שוואונג: חזירים קוויטשען, און פערד הירזשען, און סוחרים און קונים דינגען זיך און פּאַטשן זיך אין די הענט, ווי פּלוצלונג — ראַגאַוואַי! גאָר ניט קיין מורא, נאָר פראַנק און פריי פאַר אַלעמען, שפּאַנט ער זיך אַ שמייכלענדיקער, אין זיין הויכער גרויער קוטשמע מיט אַ כוואַטסקע קנייטש אינמיטן, און אין נייע הויכע שטיוול מיט אַ שיינעם גלאַנץ. ער שפּאַנט און גריסט זיך צו די פּויערים, מיט אייניקע וויטעוועט ער זיך ביי די הענט.

די פּויערים האָבן געשטוינט פון אַזאַ סמעלאָסט (געוואַגטקייט), און דאָ פּלוצלונג קומט אָן דער אוריאַדניק אַליין, פאַרלירט זיך ניט ראַגאַוואַי, נעמט אַראָפּ זיין קוטשמע מיט אַ געוויסן חוזק, פאַרנויגט זיך און זאָגט:

— דאָבראַ זדאָראָוויע, וואַשע וויסאָקאָ בלאַגאָראָדיע, (אַ גוטער געזונט, אייער הויך וואויל־געבורט). און איידער דער אוריאַדניק האָט זיך גע־כאַפּט אַז דאָס איז טאַקע דער ראַגאַוואַי, וועמען מ׳זוכט אַזוי אַרום, ווי מיט ליכט, איז שוין יענער פאַרלוירן געגאַנגען צווישן די וואָגנס, צווישן דער מענגע פּויערים. דער אוריאַדניק האָט, פאַרשטייט זיך, באַלד גע־שלאָגן טרעוואָגע, צונויפגענומען אַלע בערשאַדער סטראַזשניקעס און אים אָנגעהויבן צו זוכן צווישן די וועגענער, אין די ווינשענקעס, אַפילו אין די קלייטן, אָבער — והילד איננו, ניטאָ דער חברה־מאַן. ער האָט געשלאָגן די סטראַזשניקעס, דער אוריאַדניק, אינמיטן מאַרק פאַר אַלעמען אין די אויגן, האָט ער זיי געשלאָגן, אַי, וואָס זיינען זיי, נעבעך, געווען שולדיק? פון דעמאָלט אָן איז שוין געווען, ער, אָדער ראַגאַוואַי. ער מיט זיינע

סטראַזשניקעס האָבן זיך איבערגעטאָן אין פֿויערשע קליידער און איבערגע־לעגן אין באַלאַגניוקער וואַלד. גרשון האָט אַזוי פֿרום געבעטן גאָט מען זאָל ראַגאָוואָיען ניט פּאַקן, אָבער גאָט האָט זיך ניט צוגעהערט צו גרשונס געבעט. און אין איין גאָר הייסן זומערדיקן טאָג, די שטאָט לױפֿט. וואָס איז די מעשׂה? מען האָט געפּאַקט ראַגאָוואָיען. און וואו? אין דער כאַ־טע פֿון זיין געליבטער, גאָר אין דאָרף זאַבאָקריטשקע. איז גרשון אויך געלאָפֿן, און צווישן אַ וואָלקן פֿון שטויב האָט דער אוריאַדניק מיט די סטראַזשניקעס געפֿירט ראַגאָוואָיען. דער אוריאַדניק מיט די סטראַזשני־קעס האָבן געריטן אויף פּערד און אינמיטן, צופֿוס, האָט זיך קוים גע־שלעפּט, אַ באָרוועסער און אָן אַ היטל, דער צעביילטער, צעקלאַפּטער ראַ־גאָוואָי. זיינע הענט געפּענטעט מיט אַ שטריק אונטער זיין רוקן. דער אור־ריאַדניק איבערבויגנדיק זיך אַלעמאָל פֿון פּערד, האָט מיט זיין שווערער לעדערנער נאַגאַיקע דערלאַנגט דעם אַרעסטאַנט גלייך אין פּנים אַריין. יענער האָט ניט געוויינט, ניט געשריען, נאָר געקריצט מיט די ציין... און ערשט ביי דער בלעך־באַדעקטער טיר פֿון דער טורמע האָט ער אים גע־שלאָגן מיטן שיידל פֿון זיין שווערד האָט ער אים געהאַקט אין קאָפּ אַריין. יענער האָט ווידער ניט געוויינט, געוויינט האָט גאָר גרשון. ס'הייסט, ניט געוויינט הויך אויף אַ קול, נאָר ביי זיך אין האַרצן געוויינט.

ביז שפּעט אין דער נאַכט איז דער שוואַרצער הויכער פּאַרקאַן פֿון דער טורמע געווען באַלאַגערט פֿון איינגלעך און אויך פֿון יידן מיט בערד. יעדער איינער האָט זיך געשטופּט צו אַ שפּאַרונע, אָבער ראַגאָוואָי האָט אַפֿילו קיין איין מאָל ניט אַרויסגעקוקט דורכן גראַטעװנדיקן פֿענצטערל. מען האָט אים אָבער געהערט זינגען. אַ שיינעם צאַרטן טענאָר האָט ער פֿאַר־מאָגט:

סאָלנעטשקאָ ניזענקאָ
נאָטשענקאָ בליזענקאָ
גדיע טי, מאָיאַ מילענקאָ

(די זון איז נידעריק, די נאַכט איז נאָענט, וואו ביזטו ערגעץ, מיין טייערינקע).

צומאָרגנס, גאָר פֿאַרטאָג, ווען בערשאַד איז נאָך געשלאָפֿן, האָט מען אים אַוועקגעפֿירט ווידער אַ געפּענטעטן אין דער קרייז־שטאָט האַלטעפּאָ־ליע, וואו דאָרטן איז געווען אַ גרויסע געמויערטע טורמע...

# גרשון פּאָרט אין דער קעשעניעווער ישיבה

די פרומע שרה האָט פּאָרט אויסגעפירט. דאָס גערשעלע איז פּאָרט אין דער ישיבה. אין אַ זעקל האָט זי אים איינגעפּאַקעוועט דריי העמדער, דריי פּאָר גאַטיעס, אַ חלה, אַ האַלבן טוץ האַרטע אייער, צוויי פּערטלעך געבראָטן עוף, אַ שקאַרמיצעלע זאַלץ און זיינע תפילין (מיט אַ דריי חדשים צוריק איז ער געוואָרן בר־מצוה). דאָס דריי רובלדיק פּאַזיטל, האָט זי איינגענייט אין אַרבל פון זיין רעקל, מען זאָל דאָס חס וחלילה ניט צו־גנבענען אין פּאַיעזד, און דער טאַטע האָט אים אָפּגעפירט צום וואָקזאַל, אַ דריי־פיר וויערסט פון בערשאַד. צופוסנס האָבן זיי ביידע געשפּאַנט איבערן שאָסעי, איבער וועלכן פּאַטעאָנען אָנגעפּאַקט מיט פאַרשוינען (פּאַ־סאַזשירן), האָבן זיך אויך געיאָגט צום וואָקזאַל. בעלי עגלות האָבן מיט חוזקדיקן אַליאַרם געשריען צו די צוויי קבצנישע גייער:
— גיכער, גיכער, דער פּאַיעזד קומט שוין אָן...

:: :: ::

גרשון האָט זיך אַלעמאָל אומגעקוקט אויף צוריק צו זען, אויב די הויכע ווייסע שול, מיט די בערשאַדער דעכער גייען אים נאָך אַלץ נאָך. יאָ, זיי גייען אים נאָך אַלץ נאָך, אָבער ווערן קלענער און קלענער. ווען ער שעמט זיך ניט פאַרן טאַטן, וואָלט ער זיך אַביסעלע צעוויינט. אַי, וואָס איז דאָ צו וויינען? פאַרקערט, ניט יעדער אינגל אין בערשאַד איז דאָך זוכה צו פאָרן אין אַ ישיבה. און ס׳איז ניט אַזוי די ישיבה, ווי דאָס פאָרן מיט אַ פּאַיעזד. נאָך קיינמאָל אין זיין לעבן ניט געפאָרן מיט קיין פּאַיעזד. און ס׳איז ניט אַזוי דער פּאַיעזד, ווי קעשעניעוו. בערשאַד איז אַ מיעס־טיעשקאַ, אַ קליין שטעטל, קעשעניעוו איז אַ גאָראָד, אַ כרך, אַ גרויסער כרך מיט אַ גובערנאַטאָר, מיט טראַמוואַיען, מיט בולוואַרן, מיט טעאַטערס, מיט עלעקטריע...

און די אויפגייענדיקע נאָך־פּסחדיקע זון, — זי פרייט זיך אַ געוואַלד. און צו וואָס זי רירט זיך צו, ווערט גלייך אויך פרייד: אַ טעלעגראַף סלופּ, אַ שטיק פעלד, אַפילו דער בית עולם. אויף אַ בערגל שטייט דער בית עולם צעשאָטן מיט מצבות. גרשונס צוויי באָבעס און איין זיידע רוען דאָרטן אויפן בית עולם. ווייסט ער גאַנץ גוט, אַז טויטע קאָנען ניט זען, ניט הערן, אָבער פונדעסטוועגן וויל ער זיך איינשמועסן, אַז זיין זיידע און די צוויי באָבעס קוקן אים איצט נאָך, און אפשר אַפילו געזעגענען זיי זיך מיט אים און זאָגן:

— פאַר געזונטערהייט, אונדזער איינינקל, לערן זיך גוט אין דער ישיבה און וואַקס אויס אַ צדיק...

:: :: ::

ס׳האָט געוומען דער קלוגער מענטש און געמאַכט קליינע שטיבע־לעך מיט פענצטערלעך, מיט טרעפּלעך, זיי אויפגעשטעלט אויף רעדלעך, צוגעטשעפּעט צו זיי אַ מאַשין און ס׳איז געוואָרן אַ פּאַיעזד, כדי ער, גרשון, זאָל פאָרן מיט אים אין דער קעשעניעווער ישיבה. קוקט איצט דאָס בחורל דורך איינעם פון די פענצטערלעך פון פּאַיעזד, און כל זמן דער הויכער טאַטע שטייט אויף דער פּלאַטפאָרמע אַנטקעגן און שמייכלט צו אים אין פענצטער, וויינט ער נאָך ניט, אָבער אַז ס׳האָט זיך דערהערט דער דריטער זוואָנאָק (קלונג), און די רעדער האָבן אַ בריאַזגע געטאָן, און די שטיבעלעך האָבן זיך אַ ריס געטאָן, און דער הויכער טאַטע איז גע־וואָרן אַלץ קלענער און קלענער, דערנאָכדעם אינגאַנצן ניט געוואָרן — ערשט דעמאָלט האָט ער געוומען און זיך ביטער צעוויינט...

:: :: ::

גרשון האָט געמיינט, אַז ער איז דער איינציקער אין פּאַיעזד, וואָס פאָרט אין דער ישיבה, צום סוף לאָזט זיך אויס, אַז ס׳זיינען געווען נאָך, אין זעלביקן וואַגאָן טאַקע, צוויי בחורים, אַ כאַטשעוואַטער און אַ האַיסינער, דער כאַטשעוואַטער אין אַ לאַנגער קאַפּאָטקע און מיט לאַנגע פּיאות, ווי ער, גרשון, און דער האַיסינער אין זייער אַ קורצער קאַפּאָטקע און מיט זייער קורצע פּיאות. דער כאַשטשעוואַטער איז געפאָרן אין דער בעלצער ישיבה, אַן אומבאַקאַנטע ישיבה, און דער האַיסינער אין דער אָדעסער ישיבה, שוין גאָר אַ באַקאַנטע. אין דער אָדעסער ישיבה לערנט מען ניט נאָר גמרא, נאָר אויך רוסיש, מאַטעמאַטיקע, געשיכטע, געאָגראַפיע און אַנדערע וויסנשאַפטן, און צווישן די לערער, האָט אים דער האַיסינער דערציילט, געפינען זיך חיים נחמן ביאַליק און דאָקטאָר יוסף קלויזנער. גרשון האָט אים שטאַרק מקנא געווען, דעמדאָזיקן האַיסינער...

שרה האָט נעבעך ניט געוואוסט, אַז ווען מען פאָרט מיטן פּאַיעזד, דאַרף מען מיטגעבן אַ טשאַיניק. דער כאַשטשעוואַטער און האַיסינער האָבן ביידע געהאַט טשאַיניקעס, בלויע בלעכענע טשאַיניקעס, און אויף יעדער סטאַנציע, וואו דער פּאַיעזד האָט זיך אָפּגעשטעלט זיינען זיי געלאָפן נאָך

קיפּיאַטאָק, הייסע וואַסער, וואָס זיי האָבן געצאַפּט פריי פון אַ קראַנט פון אַ גרויסן זידנדיקן קעסל, איינגעמויערט אין אַ וואַנט פון וואָקזאַל. קיין צוקער האָט גרשון אויך ניט געהאַט, אָבער די צוויי חברים האָבן אים גע־געבן צוקער, און אויך אויסגעליען אַ גלאָז. ער האָט נאָך קיינמאָל אויף זיין לעבן ניט געטרונקען אַזוי פיל טיי, ווי אויפן פּאָיעזד...

* * *

געמיינט האָט גרשון, אַז דער פּאָיעזד, וואָס האָט אים געפירט ביז סטאַנציע רודניצע, איז דער אמתער פּאָיעזד, לאָזט זיך אויס, אַז אין פאַר־גלייך מיט דעם פּאָיעזד אויף דער שיראָקאָ ליניע (ברייטע ליניע), וואו ער האָט געדאַרפט בייטן אין רודניצע, איז דער ערשטער עפּעס אַ קאַר־ליקל. אַז ס'קומט אָן אַ פּאָיעזד אויף דער שיראָקע ליניע, פון דער צוויי־טער זייט סטאַנציע, איז אַ שרעק צו קוקן. ס'ציטערן אַזש די ווענט פון וואָקזאַל, און דער לאָקאָמאָטיוו איז אַזאַ הויכער, אַזאַ ריזיקער, טוט אַלע־מאָל אַ פּלאַץ אַרויס מיט אַזאַ קראַכנדיקן ברומען, אַז מען קאָן אַזש טויב ווערן. און אַזוי פיל וואַגאָנען שלעפּט דער דאָזיקער לאָקאָמאָטיוו, אַז מען ציילט און מען ציילט, און זיי קומען נאָך און נאָך... און די וואַגאָנען זיי־נען אויך הויכע, שטאַרקע, און פאַרפּוצטע, מיט שיינע פאַרהענגלעך אין די פענצטער, און פון די פענצטער קוקן אַרויס פריצישע פּנימער אַלערליי. אויף אַזאַ פּאָיעזד קאָן ניט גרשון און ניט זיינע נייע חברים פאָרן. צו טייער אַ בילעט. דאָס איז דער ערשטער, דער צווייטער און דער דריטער קלאַס. דער פּאָיעזד פון פערטן קלאַס דאַרף ערשט קומען שפּעט ביינאַכט, און דאָ איז ערשט אַרום איינס בייטאָג. אָבער גרשון באַמערקט סיי ווי סיי ניט, ווי די צייט גייט פאַרביי. ס'זיינען דאָ אַזוי פיל זאַכן צו זען...

אַזוי פיל מענטשן אויפן וואָקזאַל, וואָס וואַרטן אויפן פערטן קלאַס פּאָיעזד. און כמעט אַלע מיט טשאַיניקעס. מען זיצט אויף די ביינק און אויף דער שטיינערדיקער פּאָדלאָגע, מען טרינקט, מען עסט, מען רוי־כערט, מען שפּייט, מען זינגט, מען לאַכט. דערפאַר אָבער איז זייער גראַם אין בופעט פון ערשטן און צווייטן קלאַס וואָקזאַל. אַז מען קוקט אַריין דורכן פענצטער פון דרויסן, קאָן מען זען פריצים זיצן דאָרטן אַרום טישלעך מיט שניי־ווייסע סערוועטלעך, און בופעטשיקעס אין ווייסע פאַרטוכער דערלאַנגען טיי אין קרישטאָלענע גלעזער, אויך שמאָלע גלעזער מיט ווייַן, און קליינטשיקע קעלישקעלעך מיט קאָניאַק. אויפן בופעט־טיש איז אָנ־

געשטעלט מיט פאַרשיידענע קאָלבאַסן, געריכערטע און געזאַלצענע פישן, און אַ גרויסער אויסגעשייערטער קופּערנער סאַמאָוואַר שטייט און רוי־כערט.

דאָס אינטערעסאַנטסטע איז געווען געדרעש.

ווער איז געדרעש? כמעט אַ קאַרליק, אָבער מיט זייער ברייטע פּליי־צעס, מיט זייער דיקע פיס, מיט זייער אַ ברייטן פון־אונטן, מיט זייער אַ גרויסן קאָפּ, שטעכיקע שוואַרצע האָר און מיט שוואַרצע האַלב משוגענע לאַכנדיקע אויגן. ער איז געווען דער שיך־פּוצער אויף רודניצער וואָק־זאַל. אָבער זיין אָפיציעלער אַמט איז געווען קלינגען אין גלאָק, איידער אַ פּאָיעזד האָט געדאַרפט אָפּגיין... האָט ער געמעגט האַלטן אין פוצן ביי אַ פריץ די שיך, אָבער אַז אַ פּאָיעזד איז אָנגעלאָפן האָט ער איבערגעלאָזט דעם פריץ מיט זיין ניט־דערפּוצטן שוך און זיך געלאָזט צום גלאָק. גע־שטאַנען אַ וויכטיקער, אַ פייערלעכער און געוואַרט אויפן מאַך פון דער האַנט פון נאַטשאַלניק סטאַנציע, ווען צו געבן דעם קלונג. פאַרן קלינגען אין גלאָק האָט מען אים ניט באַצאָלט. אַ לעבן האָט ער געדאַרפט מאַכן פון פוצן שיך. אָבער ס׳האָט אים געצויגן קלינגען אין גלאָק, ווי איינעם ציט דאָס צו שפּילן טעאַטער. מען זאָגט, אַז ער האָט זיך אומישנע גע־שמדט, כדי מען זאָל אים צולאָזן צום גלאָק...

און אָט אַזוי איז אַוועקגעגאַנגען די צייט מיט זען זאַכן ביז די נאַכט איז אָנגעקומען. און אַז די נאַכט איז אָנגעקומען זיינען אַ סך אינעווייניק אין דער סטאַנציע איינגעשלאָפן אויף זייערע קלומעקעס. גרשון אָבער מיט זיינע נייע חברים האָבן זיך איינגעמאָשטשעט אינדרויסן אויף דער פּלאַט־פאָרמע. און זיינע נייע חברים זיינען ניט נאָר געווען דער כאַשטשעוואַ־טער און דער האַיסינער, ער האָט אָנגעטראָפן אויפן רודניצער וואָקזאַל אַ סך בחורים פון אַנדערע שטעטלעך, וואָס זיינען געפאָרן אין די פאַרשיי־דענע ישיבות. און אַלע צוזאַמען, די בחורימלעך אין לאַנגע קאַפּאָטקעלעך, מיט פּיאות, ווי אַ באַזונדערער שבט (שעיוועט), האָבן זיך צעלייגט אויף דער פּלאַטפאָרמע אַרום זייערע קלומוקעס און געוואַרט אויפן פּאָיעזד פון פערטן קלאַס.

ס׳איז געווען אַ שמעקנדיקע, אויסגעשטערנטע פרילינג נאַכט. אַ ביסל קילבלעך, אָבער ווער האָט געקוקט דערויף. פאַר אַ סך פון די בחורים איז דאָס געווען דאָס ערשטע מאָל אין זייער לעבן אויף דער גרויסער פרעמדער וועלט, וואָס האָט זי אי געשראָקן, אי געצויגן מיט אַזוי פיל נייע איינדרוקן...

און אָט שפּעט אין דער נאַכט האָבן די רעלסן אָנגעהויבן צו רוישן, און ס׳האָט געגעבן אַ קום אָן אַ לאַנגע, לאַנגע באַן מיט פאַרשטויבטע גרויע וואַגאָנען, מיט נאַסע דעכער. ס׳האָט, ווייזט אויס, מיט אַ פּאָר סטאַנציעס אַוועק געדעגנט. מיט אַ געזאַנג האָט זיך אָנגעטראָגן דער פערטער קלאַס באַן. כמעט אין אַלע וואַגאָנען האָט מען געזונגען און געשפּילט אויף גאַרמאָשקעס. אַלע פענצטער זיינען געווען באַקלעפּט מיט פּנימער. פּנימער פון פויערים, מעשטשאַנעס, און אויך פּנימער פון ישיבה־בחורים. ס׳איז געווען נאָך פּסח, דער סעזאָן, ווען פון די אוקראַינער שטעטלעך זיינען בחורים געפאָרן אין די ישיבות...

# ביים פעטער רפאל אין קעשעניעוו

אין קעשעניעוו איז אונדזער בחורל פאַרפאָרן צום פעטער רפאל, אַ נאָמען נאָך רפאל בערשאַדער.

ס׳ערשטע מאָל אין זיין לעבן האָט גרשון געזען, אַז אַ חזן זאָל דאַוונען פאַר דער עדה אידן אין יידיש, און אַפילו ניט אין פאַרצייטיקן עברי־טייטש, נאָר טאַקע אין אַזאַ יידיש, וואָס מען האָט גערעדט אין קעשעניעוו. ער האָט אויך ס׳ערשטע מאָל געזען, ווי דער בעל־קורא זאָל לייענען די תורה אין יידיש. דער פעטער רפאל איז געווען, אי דער חזן, אי דער בעל־קורא, אי דער אויפבויער פון דער שול. מיט זיינע אייגענע הענט אויפ־געבויט די שול און אויך זיין שטוב. וואָס האָט דער פעטער רפאל דען ניט געקאָנט טאָן? ער האָט געקאָנט שניצן, מאָלן, אויך צונויפשטעלן זאַלבן פאַר פאַרשיידענע צרעתן. ער איז געווען אַ חוץ חזן, בעל־קורא, פלאָטניק, רופא, אַ דרדקי מלמד און אויך אַ שטיקל גוטער־איד.

ס׳ערשטע מאָל אין זיין לעבן האָט אונדזער בחורל געזען, ווי אַ דרדקי מלמד לערנט די קינדער, ניט מיטן טייטל אין סידור, נאָר מיט אַ לאַנגן ווייס־געפאַרבטן דינעם שטעקן איבער אַ הויכן געשטעל, ווי אַ שול־ברעט, אויף וועלכער ס׳זיינען געווען אַריינגעשטעלט צווישן שוואַרצע לייסטעלעך, ווייס־געפאַרבטע הילצערנע אותיות פון פאַרשיידענער גרויס, וועלכע מען האָט געקאָנט איבערדרוקן און צונויפשטעלן פון זיי ווערטער. די קינדער זיינען אַלע געזעסן אויף דער ערד, און דער פעטער רפאל מיטן לאַנגן שטעקן ווייזט די אותיות אויפן געשטעל, און זינגט דערביי צו מיט אַזאַ

זיס קול, אַז ס׳האָט ממש פאַרכישופט.

די שול און דאָס הויז זיינען געווען אין אַ געסל, ניט ווייט פון וואָק־זאַל. אַן אָרעמע געגנט, און די דאָונער ביי אים אין שול זיינען געווען טרעגער, מאַרק־זיצער, בינדיוזשניקעס, וואָס האָבן ס׳רוב אַפילו ניט גע־קאָנט איבערלייענען קיין וואָרט אין סידור. איז דער פעטער רפאל מיט זיין דאַוונען פאַר זיי און לייענען די תורה אין יידיש געווען אַ געשאַנק פון גאָט. דער פעטער רפאל אַלס חזן האָט געוויינלעך פריער אַרויסגעזונגען אַזוי ווי ס׳שטייט אין סידור, דאָס הייסט, אין לשון קודש, און גלייך דאָס פאַרטייטשט אין יידיש:

— לכו נרננה לה׳ נריעה לצור ישענו, — קומט לאָמיר זינגען צו גאָט, לאָמיר שאַלן צו דער פעלז פון אונדזער הילף.

ס׳ערשטע מאָל אין זיין לעבן האָט גרשון אויך געזען אַ באַצאָלטע מעשה־פאָרלייענערין. די מומע איטע, דעם פעטער רפאלס פרוי, וואָס האָט געשטאַמט פון אַ יידישער קאָלאָניע אין כערסאָן, אַ שוואַרץ־חנעוודיקע, מיט שטראַלנדיקע שוואַרצע אויגן, האָט פאַרגעלייענט פרייטיק ביינאַכט מעשהלעך צו דינסט־מיידלעך, שוסטער־און שניידער־געזעלן, און יעדער צוהערער האָט באַצאָלט אַ קאָפּיקע. פאַר דער זעלביקער קאָפּיקע האָט די מומע איר דערלאַנגט זון־קערנדלעך צו קנאַקן, אָדער שאָנישנעק, ווי מען רופט דאָס אין דער אוקראַינע, אָדער רויזן, ווי מען רופט דאָס אין בעסאַראַביע. די מומע איטע האָט געקאָנט וואונדערלעך שיין פאָרלייענען. דאָרטן, וואו ס׳איז געווען הומאָר אין דער מעשה, האָט זי געלייענט מיט הומאָר אין איר קול. דאָרטן, וואו ס׳איז געווען טרויעריק, האָט זי געליי־ענט מיט טרויעריקייט אין איר קול. דאָרטן וואו מען האָט זיך געדאַרפט אויסבייזערן, האָט זי זיך געבייזערט. און די דינסט־מיידלעך און די גע־זעלן זיינען געזעסן מיט אָפענע מיילער און מיט בלישטשענדיקע אויגן און מיט פאַרטאַיעטע הערצער, און זיך צוגעהערט צו שמרס אַ מעשה, ביז די ליכט און לייכטער זיינען אויסגעגאַנגען. און אַז די ליכט אין די לייכטער זיינען אויסגעגאַנגען, איז מען זיך ניט צעגאַנגען, נאָר מען איז געזעסן אין דער פינצטער און געשמועסט וועגן דער נאָר־וואָס איבערגעלייענטער מעשה...

דער פעטער רפאל איז געווען אין דער יוגנט אַן עלוי און דערצויגן האָט ער זיך ביי זיינעם אַ עלטער־פעטער, דער טשיטשעלניקער רבי. אָבער אינמיטן דערינען האָט ער אַוועקגעוואָרפן ס׳לערנען און געוואָרן אַ באַ־העלפער אין גראַסעליס, כערסאָנער גובערניע. דאָס האָט ער געוואָלט

גיין אין די וועגן פון רבי ישראל בעל שם טוב, וואָס איז אויך געווען אַ באַהעלפער. אַז רפאל האָט חתונה געהאַט, האָט ער זיך איבערגעקליבן קיין קעשעניעוו, זיך באַזעצט אין דעם אָרעמען געסל לעבן וואָקזאַל, אויפ־געבויט מיט זיינע אייגענע הענט אַ שול, אַ שטוב פאַר זיך, און איז גע־וואָרן חזן, בעל־קורא, רופא, דרדקי מלמד און אויך אַן אָרעמאַנסקי גו־טער ייד. מען איז געקומען צו אים מיט פּאַרוויטאָקטע הערצער, באַצאָלט אים אַ קאָפּיקע אָדער צוויי, און ער האָט זיי געהאָלפן. און געהאָלפן זיי, דאַכט זיך, האָט זיין האַרציקער שמייכל און זיינע לאַשטשענדיקע בלויע אויגן און דאָס גלעטנדיק זינגעוודיק קול. אַז ער האָט אַ זאָג געטאָן צו אַ פאַרוויינטער אידענע: „גייט געזונטערהייט, גאָט וועט שוין העלפן", איז זיין גוט קול געווען ווי אַ זאַלב.

ער האָט אויך ליב געהאַט צו האָדעווען טויבן, דער פעטער רפאל. אויפן דאַך פון דער שול האָט ער געהאַט אַ טויבן־שלאַק. זיין גרעסטער פאַרגעניגן איז געווען צו שטיין פאַרנאַכט אויפן דאַך, וואָרפן קערנדלעך, און מחנות טויבן האָבן געפּאָכעט איבער זיין קאָפּ מיט זייערע ווייסע פליג־לען.

קיין קינדער האָבן דער פעטער רפאל און די מומע איטע ניט געהאַט, אָבער זיי האָבן דערצויגן ביי זיך אַ אינגל, גבריאל האָט ער געהייסן, וואָס איז דעמאָלט אַלט געווען אַכט יאָר. קיין מאַמען האָט גבריאל ניט געהאַט, נאָר אַ טאַטן, אַ קאַטערינשטשיק, און ער פלעגט זיך אָוועקלאָזן מיט זיין קאַטערינקע איבער די בעסאַראַבער דערפער און שטעטלעך אויף לאַנגע חדשים. דער דאָזיקער גבריאל האָט פאַרמאָגט אַ פּאָר טיף שוואַרצע אויגן, וואָס אַז זיי האָבן זיך אָנגעצונדן מיט פרייד האָט אייך אויך אָנגעכאַפּט אַ פרייד, און אַז זיי זיינען פינצטער געוואָרן ווי אַן אומעטיקע נאַכט, איז אויך אייך געוואָרן אומעטיק. ווען גרשון איז געקומען קיין קע־שעניעוו איז גראַדע אויסגעפאַלן, וואָס זיין טאַטע, דער קאַטערינשטשיק, איז געקומען פון זיין וואַנדער־וועג האַלטן פּסח מיט זיין זון, און איז דער־וויל פאַרבליבן אַ צייט נאָך פּסח. זיין פּנים איז טאַקע געווען ווי פון אַ קאַ־טערינשטשיק, אַ באַוואָקסענער קאַטערינשטשיק, וואָס גייט אין די ווינטן, אין די שנייען, אין די פרעסט, אין די רעגנס און אין די היצן, איבער די וועגן. זיין פּנים און זיין האַלדז און זיינע הענט זיינען געווען ווי פון פאַרדאַרטן צעטראַסקעטן לעדער, אָבער זיינע שוואַרצע אויגן — פריילעכע און כיט־רע. אַ גרינעם פּאַפּוגאַי האָט ער געהאַט, וואָס האָט געקאָנט זאָגן: „דוראַק" און „שוט". שטאַרק ליב געהאַט זון קערלעך און אַ גרויסער מייסטער גע־

וועז צו קנאַקן די דאַזיקע קערלעך. אַ שנעלן פּיק געטאָן מיט זיין שפּיציקן שנאָבל, און די שאָלעכץ איז זיך גלייך צעפאַלן אין צוויי גלייכע העלפטן.

אויפן אויוון זיינען זיי ביידע געשלאָפן — דער טאַטע דער קאַטערינ־שטשיק מיט זיין זון. אַרומגענומען איינער דעם אַנדערן ביים האַלדז זיי־נען זיי געשלאָפן. דעם טאַטנס האַלדז אַ פאַרברוינטער, אַ געקאַרבטער, און דעם זונס האַלדז, אַ ווייסער, אַ צאַרטער. אַ גאַנצן טאָג האָט מען זיי ביידע ניט אָנגעזען. דער טאַטע איז איבערגעלעגן אין אַ טראַקטיר, וואו די קאַ־טערינשטשיקעס קומען זיך צונויף. און ער האָט שטענדיק מיטגענומען גבריאלן. דער גרינער פּאָפּוגאַי האָט שטאַרק געביינקט נאָך זיין באַלע־באָס, און איז אומגעלאָפן אין שטייגל אַהין און צוריק זייער אַן אומרואי־קער. ווי באַלד אָבער דער קאַטערינשטשיק האָט זיך באַוויזן, האָט דער פויגל אָנגעהויבן צו שרייען מיט אַ הייזעריקלעך קוויטשענדיק קול: „דו־ראַק״, „שוט״.

פאַרנאַכט צו, געווײנלעך, האָט ער זיך באַוויזן, טראַגנדיק גבריאלן אויף זיינע פּלייצעס. און אַז ער איז אַריין אין הויז, האָט ער דעם אינגל נאָך אַלץ ניט אַראָפּגעלאָזט פון זיינע פּלייצעס. דאָס אינגל אַליין האָט גאָר־ניט געוואָלט אַראָפּגיין פון טאַטנס פּלייצעס. ס׳איז אים דאָרטן געווען זיי־ער גוט.

און אַז די מומע איטע האָט זיי דערלאַנגט וועטשערע, אַ זופּ פון קאַר־טאָפליעס, אָדער הערטשענע קאַשע מיט ראַבע פאַסאָלקעלעך, האָט דער טאַטע זייער ווייניק געגעסן, נאָר געקוקט, ווי דער זון עסט. מיט גרויס חידוש געקוקט אויף אים, אַקוראַט ווי יענער טוט עפּעס זייער אַ קלוגע און וואונדערלעכע זאַך, און די הונדערטער קנייטשן אויפן קאַטערינשטשיקס לעדערנעם פּנים האָבן אַלע געלויכטן מיט ליבשאַפט אָן אַ גרעניץ.

דער אינגל האָט זייער ניט ליב געהאַט דער טאַטע זאָל אים צוואָגן. דער טאַטע האָט אָבער זייער ליב געהאַט אים יאָ צו צוואָגן. דאָס אינגל האָט זיך געריסן, געמאַכט קולות און געוואַלדן, און דער טאַטע האָט גע־לאַכט, געשטופּט גבריאלס קאָפּ אין דער שיסל זייער הייסע וואַסער און געזייפט און געריבן, און דערנאָכדעם שטאַרק געקעמט יענעמס האָר מיט דעם זייער האַרטן אייזערנעם קעמל.

זעענדיק, ווי טאַטע און זון שלאָפן צוזאַמען אויפן אויוון אַרומגע־נומען; אָדער ווי זיי עסן פון איין שיסל און דער קאַטערינשטשיק פאַר־זוכט כמעט גאָרנישט, נאָר קוקט מיט גרויס נחת ווי זיין זון עסט; אָדער ווי ער צוואָגט אים אַזוי געטריי, האָט גרשון געפילט אַזאַ געפיל, וואָס ער

האָט אים גאָרניט געקאָנט אויסטייטשן. נאָר עפּעס ווי מען לייענט אַ ליד פון אַ פּושקין, אָדער אַ ביאַליק, קומט אָן אַזאַ געפיל. אפשר וועט גרשון נאָך אַמאָל דיכטן לידער, ווי ביאַליק, אָדער ווי פּושקין, וועט ער אויס־דיכטן אַ ליד וועגן קאַטערינשטשיק און זיין אינגל...

# כאַבאַר פאַר לערנען תורה

דאָס דרייערל, וואָס די מאַמע האָט אים מיטגעגעבן, האָט גרשון צע־ביטן און געלעבט אַ גוטן טאָג אין קעשעניעוו. אַ גרויסן פאַרגעניגן האָט ער געהאַט ארומצופאָרן אויף דער קאָנקע, אַ טראַמוואַי אַזאַ, געשפּאַנט צו פערד. ס׳האָט ניט אויסגעמאַכט וואוהין — אַבי פאָרן.

אַ גרויסן פאַרגעניגן האָט ער אויך געהאַט צו גיין איבער דער אַלעק־סאַנדראָווסקיאַ און קוקן אין די ריזיקע שוי־פענצטער פון די רייכע קראָ־מען. די גאַסטראָנאָמיטשעסקי מאַגאַזינען האָבן אים גאָר געפלעפט. אין די פענצטער זיינען געלעגן גאָלדענע גערויכערטע פיש פאַרשיידענע, גאַנ־צע געבראָטענע קאַטשקעס אַפילו מיט די פיסלעך, גראָבע סאַלאַמיס, שוויי־צאַרישע קעזן מיט ראָזאָווע שאָלעכץ און שוואַרצע פעטע מאַסלינעס.

אין מיטן דער גאַס האָבן געקנאַקט עלעגאַנטע אויסגעפּוצטע פאַטעאָ־נען אויף גומענע שינעס, געשפּאַנט צו שלאַנקע לאָווקע פערד און אינע־וויניק זיינען געזעסן אָפיצערן און רייכע דאַמען און האָבן געלאַכט.

וואו זעט מען דאָס אין בערשאַד?

און דאָ אַנטקעגן דער אַלעקסאַנדראָווסקי אויפן בולוואַר שיינט דער סאָפיעווסקי קלויסטער מיט אַ ריזיקן קוטשמע־דאַך פון גאָלע גאָלד, און אַז די זון טוט זיך אַ כאַפּ צו דעם דאָזיקן ריזיקן קוטשמע־דאַך איז דאָס שוין צוויי מאָל גאָלד.

היינט דער בולוואַר אַליין מיט די ביימער, מיט די בלומען, מיט די לאַנקעס, מיט די כלי זמר וואָס האָבן געשפּילט אויף טרובעס. די צרה איז אָבער געווען, וואָס שטענדיק האָבן זיך געפונען אויפן בולוואַר אָפּגעריי־סענע אינגלעך, וואָס האָבן אים געוואָלט שלאָגן. זיי האָבן זיך געטשע־פּעט צו זיינע פּיאות, צו זיין לאַנגער קאַפּאָטע. איינס אויף איינס וואָלט זיך גרשון נאָך געקאָנט פאַרמעסטן מיט די דאָזיקע אָפּגעריסענע אינגלעך, אָבער דאָרטן זיינען געווען גאַנצע שאַיקעס־ווייז. איז שוין די בעסטע

זאָך צו אַנטלויפן, און לויפן האָט אונזער בחורל גראַדע געקאָנט זייער גוט.

בכלל האָט אונדזער בחורל אין קעשעניעוו געדאַרפט האַלטן אין איין אַנטלויפן, אויף אַלעקסאַנדראָווסקי, פון די קריסטלעכע אינגלעך, און אין די נידעריקערע גאַסן — פון די אידישע אינגלעך. „פּוילישע דריפּקע" האָט מען אים נאָכגעשריען. וואָס פאַר אַ פּוילישער איז ער, אַז ער קומט גאָר פון דער אוקראַינע? אָבער ביי זיי איז יעדער איינער אַ פּוילישע דריפּקע, און דריפּקע מיינט דאָך פאַרשמירט, פאַרמורזעט, און זיין קאַ־פּאָטקעלע איז גאָר געווען אַ נייס, אַ ציכטיקס.

אין בערשאַד קענען דאָך די אינגלעך זיך אויך גוט שעלטן, אָבער ווי קומט דאָס צו די קעשעניעווער?

— ס׳זאָל אַ רוח אין דיין טאַטנס, טאַטנס, טאַטנס פּרעסטאַטן אַריין און דיין מאַמען זאָל דאָס אויך ניט שאַנעווען.

— ס׳זאָל דיר טאַראַראַמען אין בויך, ס׳זאָל דיר הודזשען אין מוח, ס׳זאָל דיר טראַסקן אַן אויער, ס׳זאָל דיר דריגען אַ פּוס. (ניט מער און ניט ווייניקער).

די קעשעניעווער ישיבה, אַ ברייטע, געמויערטע געביידע אין אַ שמאָלן פּערעאולאָק (געסל) האָט געקישעט מיט בחורים פון פאַרשיידענע שטעט און שטעטלעך פון דער אוקראַינע און בעסאַראַביע: מאָגערע בחורים, פעטע בחורים, קליינע בחורים, הויכע בחורים און אפילו גיבורים בחורים, וואָס האָבן אַ פּאָר מאָל אַזוי שטאַרק צעטרייבערט אַ באַנדע קריסטלעכע כוליגאַנעס, אַז זיי האָבן שוין געהאַט גרויס דרך ארץ פאַר דעמדאָזיקן פּע־רעאולאָק.

דער טאַטע זיינער האָט געמיינט, אַז וואָס זיין זון גרשון דאַרף טאָן כדי אָנגענומען ווערן אין דער קעשעניעווער ישיבה, איז קומען אַהין און זאָגן, אַז ער וויל לערנען. גרשון אַליין האָט אויך אַזוי געמיינט, ווייל אַלע ווילן דאָך אַז אַ אידיש אינגל זאָל לערנען תורה, און דאָ נאָך, אַז ער וועט קומען מיט אַ בריוו פון שמערל דיין אין בערשאַד, וועט שוין ניט זיין די מינדסטע מניעה. און שמערל דיינס בריוו פון בערשאַד, געשריבן אין לשון קודש מיט אַ געציקלט רבנישן כתב, איז געווען אַדרעסירט צום משגיח פון דער ישיבה. געשריבן האָט ער, אַז דער טרעגער פון אָט דעמדאָזיקן בריוו איז אַ בן טובים, דאָס הייסט אַ קינד פון פיינע עלטערן, אַ ירא שמים (גאָטס פאַרכ־טיגער) און קאָן און וויל לערנען, און אַז ער איז בספוג, ווי אַ שוואָם, וואָס זאַפּט אין זיך אַריין אַלצדינג וואָס מען לערנט מיט אים און ער וועט זיין איינער פון די תלמידים להתפאר בו (זיך באַרימען מיט אים).

נו, דאַרף מען דען מערער פון אַזאַ בריוו! אָבער דער משגיח, אַ שטאָלטנער ייד, מיט אַ שיינער שוואַרצער באָרד און מיט פייערדיקע דורכדרינגלעכע ברוינע אויגן, האָט אַ שמייכל געטאָן און געזאָגט:

— האָט דער טאַטע דיינער, בחורל, דיר מיטגעגעבן עפּעס מעות (געלט) אויף דיינע הצטרכותן (באַדערפעניש)?

— איך האָב צוויי רובל מיט צען קאָפּיקעס — האָט אונדזער בחורל זיך אַ נעם געטאָן צו דער קעשעניע.

— ס'וועט אפשר קוים קלעקן אויף דיינע הוצאות מיטן פאַיעזאַד (באַן) אַהיים — האָט יענער אַ מאַך געטאָן האַרטלעך — און וואָס רייסן זיך אַלע דוקא אין קעשעניעווער ישיבה? זיינען ניטאָ קיין ישיבות, ברוך־השם, אין אַנדערע שטעט? ביי אונדז איז שוין ניטאָ קיין אָרט.

ביי גרשונען האָט אַ ציטער געטאָן די אונטערשטע ליפּ. דער משגיח האָט דאָס גלייך באַמערקט און ניט געוואָלט הפּנים, אַז אַ אינגל זאָל אים וויינען אין קאָפּ אַריין, און ער האָט אים געזאָגט:

— קום מאָרגן.

איז ער געקומען מאָרגן, און נאָך אַ סך מאָרגנס, און יענער האָט שטענ־דיק ניט געהאַט קיין צייט, און דאָ הויבן זיך שוין אָן די לימודים, און דאָ איך ווערט שוין פון זיינע צוויי רובל מיט צען קאָפּיקעס, בלויז אַ רובל מיט זעכציק. אַ קאָפּיקע אַהין, אַ קאָפּיקע אַהער און ס'צעקריכט זיך, און דאָ גייט אים נאָך אין לעבן זיך צו לערנען אין דער קעשעניעווער ישיבה צוליב אלתר ווינטפעלד.

אלתר ווינטפעלד, זיין בן עיר (לאַנדסמאַן), אַ הויך שלאַנק בחורל מיט אַ ים פון חן און קלוגשאַפט אין זיינע שטראַלנדיקע ברוין־גרינלעכע אויגן און מיט אַ געפעלנקייט אין זיינע זייער לעבעדיקע ליפּן, האָט שוין געלערנט אין דער קעשעניעווער ישיבה דעם צווייטן זמן. גרשון האָט אים מקנא געווען נאָך אין דערהיים, ווען ער איז געקומען אַהיים אויף די ימים־טובים, און עלטערע יידן אין אַלטן בית המדרש האָבן אים אָפּגעגעבן כבוד. דאָ, אין דער קעשעניעווער ישיבה האָט ער אים נאָך שטאַרקער מקנא געווען, זעענדיק ווי היימיש ער איז מיט אַלע ישיבה־בחורים, לאַכט און שטיפט, שפּרינגט איבער די טרעפּ, לויפט איבער די קאָרידאָרן, און ער, גרשון, האָט מורא אַ טריט צו טאָן.

אלתר ווינטפעלד איז געווען אַ יתום. זיין טאַטע איז אים, נעבעך, גע־שטאָרבן — זיין מאַמע וויטל, אַן אָרעמע אלמנה, האָט געוואוינט אין דער דאָלינע. זיינע צוויי שוועסטער זיינען געווען נייטאָרינס, גאָר געראָטענע

ניטאָרינס. ער אַליין איז געבענטשט געווען מיט אַ שיינעם געשטאַלט, מיט אַ גוט קעפּל און מיט חן ביי יעדן איינעם אין די אויגן. דערזעלביקער אַלתר האָט גרשונען אויפגעקלערט אַז ס׳איז טאַקע אמת, זייער אַ סך בחורים פון פאַרשיידענע שטעט און שטעטלעך זיינען אָנגעקומען דעם זמן זיך לערנען אין דער קעשעניעווער ישיבה, אָבער פונדעסטוועגן, ווען ער גרשן זאָל אַריינשטעקן דעם משגיח אין דער יד אַריין אַ פופצן אָדער צוואַנציק רובל, וואָלט מען שוין יאָ געמאַכט אַן אָרט פאַר אים.

אָבער נאָך אַלע דערקלערונגען, האָט זיך ביי אונדזער בחורל ביט געקאָנט פּאָטאָפּיען אין מוח, וואָס הייסט אַ יידיש אינגל וויל לערנען תורה און ער דאַרף נאָך באַצאָלן פאַר דעם כּאַבאַר עמיצן? ס׳איז דאָך אַן אומווירדיקע זאַך... און וועגן דעם, אַז ס׳איז ניטאָ קיין אָרט, זעט ער דאָך, ווי אין דעם צימער, וואו אלתר ווינטפעלד לערנט זיך, איז דאָ גענוג אָרט. און דאָ דערמאָנט ער זיך וועגן הלל הנשיא, וואָס האָט אויך געוואָלט לערנען אין דער ישיבה און דער היטער ביי דער טיר האָט אים ניט אַריינגעלאָזט ביז ער וועט באַצאָלן עפּעס, איז ער געקראָכן אויפן דאַך, הלל הנשיא. ניין, גרשון וועט ניט קריכן אויפן דאַך. פאַר לערנען גאָטס תורה דאַרף מען קיינעם ניט באַצאָלן. ער וועט פּשוט און פּראָסט אַריינגיין מיט אַלע אינגלעך אין דעם צימער, וואו אלתר ווינטפעלד לערנט זיך און זיך אויך אַנידערזעצן לערנען, און לאָמיר זען ווי מען טרייבט אים אַרויס...

נו... האָט מען אים טאַקע אַרויסגעטריבן, פּשוט און אָפן אַרויסגעטריבן... און אַלע אינגלעך האָבן נאָך געלאַכט, אַ חוץ אלתר ווינטפעלד, וואָס האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן און זיין פּנים האָט געפלאַמט פון בושה...

ער האָט זיך געשעמט פאַר זיין בן עיר...

# רעב מרדכי מאָנפּאַסיע

אין דער בעסאַראַביער שטאָט בעלץ האָט געוואוינט אַ גרויסער גביר מיט אַ זילבערנער באָרד און מיט גאָלדענע ברילן, ליפּסאָן האָט מען אים גערופן, און ער האָט פאַרמאָגט אין עק פון שטאָט אַ גרויסע מיל מיט אַ סך מאַגאַזינען און שייערס און אַן אייגענע קלויז. ער האָט אויך פאַרמאָגט אַ סך זין, טעכטער, איידעמס און שנורן. זיינען די שנורן געווען גרויסע שיינהייטן און די איידעמס אַלע עילויס.

און אין בעלץ האָט אויך געוואוינט אַ שטיקל גוטער ייד, וואָס מען האָט גערופן דאָס רביל, אַ דאַרינקער, אַ קליינינקער. ער האָט געטראָגן אַ גרויסן טונקל גרינעם קאַפּעליוש און זייער אַ לאַנגע זיידענע שוואַרצע קאַפּאָטע, און אויסגעקוקט האָט ער ווי אַ אינגל, וועמען מען האָט אָנגעטאָן דעם טאַטנס בגדים. דערפאַר האָט ער געהאַט זייער לאַנגע און זייער געדיכטע פלעשלדיקע פּיאות, (דאָס בערדל דאַווקא אַ קליינס), און צוויי שוואַרצע אויגן, וואָס האָבן שטענדיק געגליט מיט אַ הייליקן פייער... ער האָט אויך געהאַט אַ גבאי, אַ הויכער, אַ רויט האָריקער מיט אַ גראָבן שטעקן, וואָס מען האָט גערופן רעב מרדכי מאָנפּאַסיע. פאַרוואָס רעב מרדכי מאָנפּאַסיע? ווייל ער האָט ליב געהאַט אַרומצוגיין צווישן די חדרים אין די אָרעמע געסלעך און פאַרהערן קינדערלעך אין לערנען, און יעדן קינד וואָס ער האָט פאַרהערט, צי עס האָט געקאָנט, אָדער ניט, האָט ער געטיילט מאָנפּאַסיע.

און וואָס אַזוינס איז מאָנפּאַסיע? מאָנפּאַסיע איז אַ נאַקעטע צוקער־קע, דאָס הייסט, ניט געוויקלט אין אַ פּאַפּירל. די מאָנפּאַסיעס זיינען געווען אָדער רויטע, אָדער גרינע און אויסגעקוקט האָבן זיי ווי מאַלינעס. אָדער פּילניצעס (סטראָבעריס). אַ מאָנפּאַסיע האָט מען ניט געקייעט, נאָר געזויגן. מען האָט זי אַרויפגעלייגט אויף דער צונג און זי דאָרטן געלאָזט ליגן און פון זיך אַליין איז זי צעגאַנגען אין מויל. אַ מאָנפּאַסיע האָט געקאָנט שמעקן ווי אַ מאַלינע, ווי אַ פּילניצע, אָדער גאָר ווי אַן אתרוג.

האָט דער דאָרטיקער רויטער גבאי מיטן גראָבן שטעקן שטענדיק זיך אַרומגעטראָגן מיט אַ גרויסער בלעכענער פּושקע מאָנפּאַסיע, און ווען ער איז געקומען אין אַ חדר איז געווען ששון ושמחה. האָט רעב מרדכי מאָנפּאַסיע איינגערעדט דעם רביל און דאָס רביל האָט איינגערעדט דעם גביר ליפּסאָנען צו גרינדן אַ ישיבה אין דער בעסאַראַביער שטאָט בעלץ און אויסשרייבן אַ גרויסן ראש־ישיבה פון דער ליטע. און אַז די ישיבה איז געגרינדעט געוואָרן איז רעב מרדכי איבערגעלעגן מער אין דער ישיבה ווי ביים רביל. ער האָט געזען, אַז יעדן אינגל זאָל שוין ניט אויספעלן קיין טאָג, אויך האָט ער געזען, אַז מען זאָל וואַשן זייער וועש. האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט בינטלעך קויטיקע וועש און געזוכט באַלעבאָסטעס, וואָס זאָלן דאָס וואַשן אומזיסט. און אַז אַ ישיבה בחור איז געוואָרן קראַנק, האָט ער געשלעפּט צו אים דאָקטוירים, אַלץ אומזיסט, און אַליין איז רעב מרדכי אָפּגעזעסן לעבן זיין קראַנקן בעט בייטאָג און ביינאַכט, ביז דער חולה איז געזונט געוואָרן.

און ווי אַזוי האָט מען זיך דערוואוסט אין בערשאַד אַז אין בעלץ האָט זיך נאָר וואָס געעפנט אַ ישיבה? ראובן דער טליתניק, וואָס איז אַרומ־געפאָרן איבער די בעסאַראַביער שטעטלעך מיט די באַרימטע בערשאַדער טליתים, האָט געבראַכט די דאָזיקע ידיעה. האָט מאיר גלייך צוגעשיקט זיין זון אַ ביי דריייערל און ויסע — און ער איז געפאָרן, גרשון, מקעשעניעוו אין אַ וואָגן אויסגעבעט מיט שטרוי, ויחנה, און זיך אָפּגעשטעלט אין קאַ־לאַראַש, איבערגענעכטיקט דאָרטן אַ נאַכט און אינדערפרי זיך אויפגעזעצט אויף אַ צווייטער פור און ויסע, און ער איז געפאָרן גלייך קיין בעלץ.

און פאַר אַזאַ אינגל ווי גרשון איז דאַכט זיך קיין גרעסערער פאַרגעניגן אויף דער וועלט ווי פאָרן איבער דער גרויסער וועלט גאָר ניטאָ... און וועגן דער בעסאַראַביער ערד, האָט מען דערציילט אין בערשאַד, אַז זי איז גראַדע אַ פעטע און אַלצדינג וואַקסט דאָרטן געדיכט און זאַפטיק, אָבער ניט קיין ביימער. אויך האָט מען דערציילט, אַז די יידן אין בעסאַ־ראַביע זיינען פאַרגרעבט, דאָס הייסט זיי קאָנען ניט דאַוונען, האָבן ליב צו טרינקען וויין פון גרויסע גלעזער, פאַרבייסן מיט שאָפּן פלייש, אָדער מיט מאַמאַליגע און ברינזע, און דערפאַר זיינען זיי אַזוינע געזונטע און האָבן רויטע פּנימער און געזונטע קאַרקן. אויך האָט מען דערציילט אַז דאָרטן הייצט מען ניט די אויוונס מיט האָלץ, ווייל ס׳זיינען דאָרטן דאָ ווינציק ביימער, נאָר מיט קיזיק (די צואה פון בהמות) דורכגעקנאָטן מיט שטרוי און אויסגעטריקנט אויף דער זון. אַז מען פאָרט אַריין אין אַ בע־סאַראַבער דאָרף אָדער שטעטל אין אַ פאַרנאַכט, ווען מען הייצט די אוי־וועגס פילט זיך דאָרטן מיטן ריח פון קיזיק.

קעשעניעוו איז דאָך אויך אַ בעסאַראַביער שטאָט, אָבער דאָרטן הייצט מען ניט מיט קיזיק, און ס׳זיינען דאָרטן דאָ זייער ווינציק יידן מיט רויטע פּנימער און געזונטע קאַרקן, אָבער אין קאַלאַראַש און דערנאָכדעם אין בעלץ האָט ער יאָ געזען אַ סך היכע יידן מיט רויטע פּנימער, געזונטע קאַרקן, וואָס האָבן געגעסן מאַמאַליגע מיט ברינזע און געטרונקען וויין פון גרויסע גלעזער, און פאַרנאַכט ווען מען האָט געהייצט אין די אויוונס צו קאָכן וועטשערע האָט געשמעקט אויף די גאַסן מיט קיזיק...

און די בעסאַראַבער ערד — נאָר סטעפּ און סטעפּ, דאָס אויג איז אַזש מיד צו קוקן, און אויפן סטעפּ דאָ און דאָרטן, — מאָלדאַוואַנער־פּאַסטוכער אין היכע שאָפענע קוטשמעס, מיט גרויסע טאָרבעס, מיט לאַנגע שטעקנס, פּאַשען גרויסע טשערעדעס שעפּעלעך, הונדערטער און הונדערטער שעפּע־

לעד, וואָס האַלטן אין איין מעקען...

ווען ס'איז געוואָרן נאַכט און גרשון האָט פאַרמאַכט די אויגן אין וואָגן, האָט ער פון אַלע זייטן געהערט אַ מעקען, און ס'האָט זיך אויסגעוויזן, ווי דאָס קומט ניט פון די שעפעלעך, נאָר פון סטעפּ אַליין, פון דער בעסאַראַביער ערד... די בעסאַראַביער ערד מעקעט אַזוי...

ס'איז שוין געווען שפּעט אין דער נאַכט ווען די פור איז אַריין אין בעלץ. פאַרפאָרן איז ער גלייך צום רביל. דער רביל און זיין הויזגעזינט זיינען שוין געשלאָפן, נאָר דער גבאי רעב מרדכי איז געווען אויף. און אַז מען קומט אָן אין אַ גרויסער פרעמדער שטאָט אינמיטן דער נאַכט און אַלע ביינער זיינען צעבראָכן פון אַ גאַנצן טאָג העצקען זיך אויפן וואָגן, און מען איז נאָך אַ יונגער אינגל, איז אויפן האַרצן זייער אומעטיק, אָבער דער גרויסער וואַרימער שמייכל דעם גבאַיס האָט שוין אַלץ גוט געמאַכט. גראַדע האָט ער פאַרמאָגט פערדישע ציין, אָבער צוליבן שמייכל זיינען זיי געוואָרן פול מיט חן:

— איך דערקאָן אין דיר, בחורל, אַז דו האָסט אַ גוט קעפּל — האָט ער גרשונען אַריינגעקוקט אין די אויגן מיט טאַטעשער ליבשאַפט, און גרשונס ברוינע אויגן, שמאָל געשניטן ווי ביי אַ כינעזער, זיינען מסתמא געווען דעמאָלט פול אָנגעגאָסן מיט פינקלדיקייט און האָבן זייער נייגעריק באַטראַכט דעם פרעמדן יידן, וואָס שמייכלט צו אים אַזוי וואַרעם...

— וואַש זיך, וועסטו עסן קאַשע מיט מילך — האָט רעב מרדכי צו אים געלאַכט.

— איך זע, אַז דו ביזט אַ שעמעוודיקער — האָט ער ווידער צו אים געלאַכט — און ס'איז ניט גוט. וועסט מוזן עסן טעג אין פרעמדע הייזער, און אַז דו וועסט זיין שעמעוודיק וועסטו זיין הונגעריק. עס, עס.

אויף דער ערד האָט זיך דער גבאַי אויסגעבעט, און גרשונען אָפּגעטראָטן זיין געלעגער אויף דער ווייכער קאַנאַפּע.

און אונדזער בחורל האָט ניט געקאָנט צומאַכן קיין אויג. „עסן טעג" האָט אים געשראָקן. ווי אַזוי וועט ער קאָנען אַריינגיין אין אַ פרעמדער הויז זיך זעצן ביי אַ פרעמדן טיש און עסן? און אַלע טאָג נאָך אין אַן אַנדער הויז. אַ חוץ דעם, האָט ער שוין געזען אין קאַלאַראַש, אַז די בעסאַראַביער יידן עסן שאָפּן־פלייש, און ער קאָן גאָרניט פאַרטראָגן דעם ריח פון שאָפּן־פלייש. און דעם ריח פון ברינזע און קאַטשקעוואַל, אויך אַזאַ מין קעז, קאָן ער אויך ניט פאַרטראָגן. ס'איז אויך פון אַ שאָף, פון דער מילך פון אַ שאָף. ס'האָט אים שוין באַנג געטאָן דער גאַנצער עסק.

רעב מרדכי אויף זיין געלעגער אויף דער ערד, האָט ווייזט אויס גע־פילט, אַז דאָס בחורל שלאָפט ניט, און אַז ס׳איז אים זייער שווער אויפן האַרצן, האָט ער אָנגעהויבן צו אים רעדן, און זיין קול — ווי ער וואָלט גע־זונגען די שבתדיקע זמירות.

— שלאָף, בערשאַדער, אַלע גאָטס באַשעפענישן אויף דער וועלט שלאָפן שוין איצט. פון דיין רעכטער זייט איז דער מלאך גבריאל און פון דיין לינקער זייט איז דער מלאך רפאל. אוודאי בייַנקט מען נאָך טאַטע־מאַמע און נאָך ברידער און שוועסטער, דערפאַר וועסטו לערנען תורה. ס׳איז דאָך אַזאַ שמחה צו לערנען תורה. האָסט כאָטש אַ גוט קולכל? תורה דאַרף מען לערנען מיט אַ גוט קולכל. עס וועט דיר שוין ניט פעלן, און קיין נאַכטלעגער אויך. שלאָף בחורל, שלאָף...

## דער קאָפּ טוט גרשונען ווי אין בעלץ...

ווער וועט זיך ריכטן, אַז גרשון זאָל אַזוי אויסנעמען מיט זיין לער־נען און דער ראש הישיבה זאָל אים אויסדערוויילן פון אַלע איינגלעך זאָגן די דרשה ביים גביר ליפּסאָן אין הויז צו די מילכיקע קנישעס?

אַ סעודה האָט דער גביר ליפּסאָן געמאַכט אום שבועות פאַר אַלע ישיבה בחורים, און ס׳זיינען געווען איינגעלאַדן נאָך גבירים פון בעלץ, און גרשון מיט פייערדיקע אויגן און מיט פאַרפלאַמטע באַקן האָט זיך גע־שטעלט אויף אַ שטול און אָנגעהויבן:

— רבותי, איך וויל צו אייך ריידן ניט וועגן יום־טוב שבועות, נאָר וועגן די הייליקע ספירות (ציילונגען) ...

געווי געדענקט שוין ניט איצט גרשון די גאַנצע דרשה, נאָר ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף הוד שבהוד (פּראַכט שבפּראַכט) און אויף תפארת שבתפארת (שיינלעכקייט שעבעשיינלעכקייט)... פּראַכט שעבעפּראַכט און שיינלעכקייט שעבעשיינלעכקייט מיינט די תורה, אַז אָן דער תורה וואָלט גאָט גאָרניט געוואָלט האָבן קיין וועלט, ווייל וואָס דאַרף ער דען אַ וועלט, וואו מען עסט בלויז און מען טרינקט און מען שלאָפט? תורה — דאָס איז דער לייטער אויף וועלכן מען גייט צו דער פּראַכט שעבעפּראַכט און צו דער שיינלעכקייט שעבעשיינלעכקייט. זאָל גאָט צונעמען די תורה, ווערן אַלע מענטשן אומעטיק און האָבן שוין ניט צוליב וואָס צו לעבן אויף דער

וועלט. און נאָך און נאָך אַזוינע געדאַנקען...

און געהערט גרשונס דרשה, האָבן אויך דעם גבירס אַלע טעכטער, זין, איידעמס און שניר, און חיהלע, די יינגסטע שנור, אַ הויכע, אַ שטאַלטנע, מיט פייערדיקע שוואַרצע אויגן און מיט אַ ווייס קלאָר פּנים, און מיט ברע־נענדיקע שוואַרצע צעפּ. זי איז געווען נעבעך אַן עקרה און אונדזער בחורל איז איר אַזוי געפעלן, אַז זי האָט אים צוגענומען צו זיך אין איר רייכער הויז. און ער האָט שוין דאָרטן געגעסן, דאָרטן געשלאָפן. און נייע בגדים האָט זי אים אויפגענייט. און פּריוואַטיק בייטאָג האָט זי מיט אירע אייגענע הענט אים געוואַשן דעם קאָפּ און געצוואָגט און געקעמט.

אויף זיין לעבן האָט גרשון נאָך ניט געגעסן אַזוינע גוטע מאכלים, און אויף זיין לעבן איז ער ניט געשלאָפן אין אַזאַ ווייכן, ציכטיקן בעט. און אויף זיין לעבן איז ער בכלל ניט געווען אין קיין גבירס הויז, מיט גע־וועקסלטע דילן, מיט באַמאַלענע ווענט, מיט קרישטאָלענע לאָמפּן, מיט דינסטן, מיט משרתים.

אָבער פונדעסטוועגן איז אונדזער בחורל פעטער ניט געוואָרן, נאָר מאָ־גערער. אַ זייער מאָגערער גרשון, מיט לאַנגע פּיס, מיט אַ דאַרן האַלדז, מיט שמאָלע אויגן ווי ביי אַ כינעזער.

דער גבאַי, רעב מרדכי, האָט גרשונען געוואָלט פאַרענטפערן פאַר חיהלען, וואָס האָט זיך געזאָרגט, הלמאי איר קעסטניק האָט ניט אַרויפ־געטאָן אויף זיך קיין איין לויט וואָג זינט ער איז ביי איר, נאָר פאַר־קערט, געוואָרן איינגעפאַלן. ער האָט געזאָגט, דער גבאַי, אַז התורה מתשת כוחו של אדם, דאָס הייסט, די תורה שוואַכט אָפּ דעם כוח פון מענטשן און אַזוי ווי גרשון לערנט אַ סך תורה, דעריבער איז ער מאָגער. דער אמת אָבער, אַז די תורה איז דאָ גאָרניט געווען שולדיק, נאָר אונדזער בחורל האָט פּשוט געבענקט אַהיים, אַזוי שטאַרק געבענקט, אַז ער האָט אפילו ניט גע־האָט קיין אַפּעטיט צום עסן. דאָ דערלאַנגט מען אים די שמעקנדיקע גע־פּרעגלטע קאָטלעטן, וואָס אין דער היים איז דאָס געווען אַ גרויסע זעלטנ־הייט, מען דערלאַנגט אים די סמעטענעס, די פּוטערס, די טייערע פישן, די גוטע געבעקסן. אַלץ אַזוינע זאַכן, וואָס אין דערהיים האָט ער אפילו ניט געחלומט פון זיי, אָבער דאָ קוים, קוים וואָס ער פאַרזוכט.

ער האָט געבענקט קיין בערשאַד, געבענקט נאָך טאַטע און מאַמע, גע־בענקט נאָך זיין חבר פּוליען; געבענקט נאָך זשעניאַן, די שענסטע צווישן די טעכטער. געבענקט נאָך די קלעצער פאַר זייער הויז; געבענקט נאָך דער באָבעס טייך; געבענקט נאָך די פלאַמענדיקע זומערדיקע פאַרנאַכטן;

געבענקט נאָך די שטויביקע גאַסן פון בערשאַד; געבענקט נאָך דער שוואַרצער סיראַטענער קאַנאַפּע, וואו ער איז געשלאָפן נאָכדעם ווי זיין שוועסטער חנה־רבקה איז אַוועקגעפאָרן קיין אָדעס זיך לערנען אויף ציינ־דאָקטאָרין; געבענקט אַפילו נאָך דער קאַץ ביי זיי אין הויז...

און גראָד איז גרשונען געווען ליב די דאָזיקע היהלע, די גבירישע שנור. די הויכע, די שטאַלטנע, די פּייערדיקע ברונעטין, און גראָד איז אים געווען אויך ליב איר מאַן, אַ בלאַסער, אַ בלאָנדער, מיט אַ פיינעם שמייכל, וואָס האָט זייער שיין געשפּילט פידל. און אויך איז ער געווען שטאָלץ, וואָס ער געפעלט אַזוי שטאַרק מענטשן, אַז מען האַלט אים ווי אַן אייגן קינד. אָבער אַז ער וויל גאָר אַהיים, אַז ס׳איז אים גאָר ליבער די קאַרטאָפליעס מיט הערינג אין דערהיים, און ברויט מיט ציבעלעס.

איינמאָל אויפן גרויסן יאַריד אין בלעץ, וואָס איז פאָרגעקומען אויף אַ ריזיק שטיק ליידיק לאַנד, האָט גרשון פלוצלונג אָנגעטראָפן אַ בערשאַדער בעטלער, אַ קאַליקע, וואָס האָט ניט געהאַט קיין פיס, און ער האָט זיך גע־רוקט אויף זיין פון־אונטן מיט לעדער באַשלאָגן, מיט דער הילף פון אַזוינע צוויי ברעטלעך אין זיינע הענט. אין בערשאַד פלעגט ער זיצן לעבן דעם ברוק, זיך געצלמט און געבעטן נדבות. גרשון האָט זיך זייער שטאַרק דער־פרייט איבער אים, און יענער איבער גרשונען. מען האָט גערעדט פון בער־שאַד און ביידן איז צוגעקומען אַ שטיק געזונט. אָבער דער יאַריד איז זיך פאַרנאַכט צעפאָרן. דער קאַליקע האָט איינער אַ פויער, וואָס האָט זיך גע־טיילט מיט אים אין די נדבות, אַרויפגעזעצט אויף זיין וואָגן און אָפּגעצויגן, און גרשונען איז געוואָרן אַזוי אומעטיק...

און דאָ קומט אים נאָך אָן אַ בריוו פון זיין חבר פוליען, אַז זשעניע האָט זיך איבערגעקליבן אויף „אונדזער גאַס“, דאָס הייסט, אויף דער טאָר־האָוויצע, און אַז אַלע פאַרנאַכט שפּילט זי אויף דער פּיאַנאָ און פוליע שטייט אונטערן פענצטער און הערט זי שפּילן פּיאַנאָ, און נאָך שרייבט ער, אַז נחום באַגאָמאָלני האָט אויפגעעפנט אַ ביבליאָטעק אין בערשאַד מיט אַ סך יידישע ביכער, און אויך אַז משה ליטוואַק האָט זיך גענומען בויען אַן עלעקטרישע סטאַנציע לעבן קלויסטער, און מען וועט אַריינציען אין אַ סך הייזער עלעקטריע, און אויך, אַז ס׳איז אָנגעקומען אַ צירק קיין בערשאַד און אַלע אויפדערנאַכט גיט מען דאָרטן פרעדסטאַוולעניעס (פאָרשטעלונ־גען), און ער, פוליע, קריכט אויפן דאַך און זעט דורכן לייוונט אַלצדינג וואָס מען שטעלט דאָרטן פאָר...

די אַנדערע ישיבה בחורים, וואָס זיינען מערסטנס געקומען פון די אַנ־

דערע שטעטלעך, בלאַסע און מאַגערע, האָבן זיך אין בעלץ גאַנץ פיין פאַר־פראַוועט. קיינעם האָט ניט געפעלט, ברוך השם, קיין טאָג. די בעסאַ־ראַביער יידן האָבן אַליין ליב צו עסן און האָבן ליב אַז אַנדערע זאָלן אויך עסן, איז ויאכלו, האָט מען געגעסן, ווי אין פסוק שטייט, און ווין האָט מען געטרונקען כמעט צו יעדן הויפּט מאָלצייט. איינער אַ זאַגיוועקער, דאָס הייסט, פון שטעטעלע זאַגיוועקע, אַ בחורל פון זייער אָרעמע עלטערן, האָט זיך גאָרניט געקאָנט אָפּלויבן פון די בעסאַראַביען זראַזעס (אַ מין ווייניק ראָסל־פליישׂ). בכלל ליב געהאַט שטענדיק רק צו רעדן וועגן עסן, וואָס מען האָט אים געגעבן אין די הייזער. איינער אַ טשודנאָווער, איז אויך גע־קומען קיין בעלז אַ בלאַסער און אַ מאַגערער, און זייער שנעל געוואָרן אַזוי פעט פון די בעסאַראַביער קעסט, אַז די באַקן זיינע האָבן זיך אַזש גע־באַמבלט.

אַ טייערע שטאָט געווען בעלץ פאַר די ישיבה בחורים. אָבער גראָד גרשון וואָס קומט אויך, ווי מיר ווייסן, פון אָרעמע עלטערן, און נאָך אַ קעסטניק ביי אַ גביר אין שטוב — ער, פאַרקערט, איז גאָר קראַנק געוואָרן. קיין היץ ניט געהאַט, נאָר געליטן פון שטאַרקע קאָפּ־שמערצן. חיהלע האָט גערופן אַ דאָקטאָר, און דער דאָקטאָר האָט ניט געוואוסט, וואָס מיט אים איז. אפשר פרישע לופט. האָט אים דער גבאי רעב מרדכי, געפירט אַלע טאָג אין שטאָטישן גאָרטן שעפּן פרישע לופט. האָט גרשון געשעפּט און געשעפּט און דער קאָפּ טוט אים נאָך אַלץ וויי.

דער סוף איז געווען, אַז מען האָט אים געמוזט אָפּשיקן מיט דער באַן אַהיים קיין בערשאַד. און ווי נאָר ער האָט אַ שמעק געטאָן די בערשאַדער לופט, און ווי נאָר ער האָט זיך אַרומגעכאַפּט מיט זיין מאַמען און מיט זיין טאַטן, און מיט זיין חבר פוליען און מיט דער קאַץ איז דער קאָפּ־ווייטיק פון אים אַוועק, ווי מיט דער האַנט צוגענומען... זיך אַזש געשעמט...

## דער גע׳גנב׳עטער רובל

גרשון איז געוואָרן אַ פּוסט און פּאַסניק, נאָכדעם ווי ער האָט זיך אומגעקערט פון בעלצער ישיבה. אַ בחורל פון דרייצן און אַ האַלב יאָר, און ניט די מאַמע וויל אים אָפּגעבן צו אַ בעל מלאכה, זיך אויסלערנען עפּעס אַ קענטשאַפט, ניט אַפילו אין קראָם אַריין פאַר אַ משרת (ס׳שטייט

איר ניט אָן), ניט אַפילו לאָזט זי דעם טאַטן אים מיטנעמען אין וואַלד זיך אויסלערנען דעם מסחר פון האָלץ־פירעריי.

האָט כאָטש רעב מאיר געוואָלט, אַז דער זון זאָל אים העלפן האַקן האָלץ, האָט דער זון ניט געהאַט קיין איבעריקן חשק האַקן האָלץ...

„לײדאַטשטי", האָט אים דער טאַטע גערופן, און אויך „נאַכליע". וואָס מיינט „לײדאַשטשי"? מסתמא דאָס זעלבע, וואָס „לײדאַק", אַ לײדיק־גייער, אַ פוילער. און וואָס מיינט „נאַכליע"? מסתמא פון וואָרט נאַכ־לעסיק, אַן אָפּגעלאָזענער, אַ צעכראַסטעטער.

און ביי נחום באַגאַמאָלניע אין דער ביבליאָטעק זיינען געווען אי יידישע ביכער, אי העברעאישע, אי רוסישע. קיין געלט פאַר זאַלאָג (איינלייג), אַ גאַנצן רובל, און פינף קאָפּיקעס אַ וואָך פאַרן לייענען האָט גרשון ניט געהאַט. וואָס־זשע האָט ער געטאָן? געקומען אין דער ביבליאָ־טעק כמעט אַלע טאָג, גענומען אַ ביכל אין דער האַנט, כלומרשט כאַפּן אַ קוק, און געשטאַנען און געלייענט דערווייל, און דער „דערווייל" האָט אָפט מאָל געדויערט אַ שעה אָדער צוויי. ס׳זיינען דאָרטן אפילו געווען ביינק־לעך, אָבער זעצן זיך און לייענען וואָלט געמיינט, אַז ס׳איז ניט אויף דער־ווייל.

האָבן אים ניט געטאָן ווי די פיס פון שטיין אַזוי לאַנג? ניט ווען אונ־דזער בחורל איז פאַרטיפט אין אַ פאַרכאַפּנדיקן בוך.. דער אמת געזאָגט, זיינען אַלע ביכער אין נחום באַגאַמאָלניס ביבליאָטעק געווען פאַרכאַפּנ־דיק: אברהם רייזענס, שלום אַשס, י. ל. פּרצעס, מרדכי ספּעקטאָרס, מענ־דעלעס, און וועגן שלום עליכמען איז דאָך שוין אָפּגערעדט.

האָט נחום באַגאַמאָלני גאָרניט געזאָגט, וואָס מען לייענט אים אויס אומזיסט אַלע זיינע ביכער? ניין, ער האָט גאָרניט געזאָגט, פאַרקערט, טיף אין האַרצן האָט ער זיך געפרייט, וואָס זיין געוועזענער תלמיד איז אַזוי פאַרקאָכט אין לייענען, אַז ער שטייט באַדאַי שעהן און שעהן. האָט דאָך נחום באַגאַמאָלני פאַר דעם אייגענעם געלט אים געקאָנט בעטן זיך זעצן? ניין, דאָס ניט, ווייל אַז ער וועט אים בעטן זיך זעצן און אים לאָזן אומזיסט לייענען זיינע ביכער, וועט ער דאָך דאַרפן אַנדערע אויך בעטן זיך זעצן און זיי לאָזן אומזיסט לייענען זיינע ביכער.

גאַנץ „יאָסעלע" דינעזאָנס האָט גרשון איבערגעלייענט אַזוי שטייענ־דיקערהייט און זיך גוט אָנגעוויינט דערביי. די מענטשן, וואָס זיינען גע־קומען בשעת מעשה אין ביבליאָטעק אַרויסנעמען ביכער, האָבן זיך מסתמא שטאַרק געחידושט, וואָס ס׳שטייט אַ אינגל לעבן דער פּאָליצע מיט אַ בוך

אין דער האַנט און באַוואַשט זיך מיט טרערן...

אָבער ניט שטענדיק האָט ער געוויינט, ער האָט אויך געלאַכט, אַז מען לייענט שלום עליכמען מוז מען לאַכן, און זיי האָבן זיך מסתמא אויך שטאַרק געחידושט, וואָס ס׳שטייט אַ אינגל מיט אַ ביכל אין דער האַנט, ווי מען שטייט שמונה עשרה, קרימט מיטן פּנים, מאַכט העויות, האַלט זיך איין מיט אַלע כוחות, און מיטאַמאָל זעצט ער אויס אין אַן אויפטרייסלנדיקן געלעכטער... וואָס־זשע האָט ער זיך געדאַרפט איינהאַלטן? ער האָט געפילט, אַז לאַכן פאַר זיך אַליין איז ניט בדרך הטבע, נאָר אַ משוגענער לאַכט פאַר זיך אַליין...

דאָס שטיין שעהן און שעהן אין דער ביבליאָטעק און לייענען, איז גאָרניט געפאַלן שווער. וואָס ס׳איז אים יאָ געפאַלן שווער און ניט איבערצוטראָגן ממש, איז וואָס גראַדע דאָס ביכל, וואָס ער האָט געהאַלטן אין לייענען, האָט גאָר געוואָלט איינער פון די אַבאָנעמענטן, און נחום באַגאַמאָלני האָט דאָס אַרויסגענומען פון בחורלס הענט און אים געלאָזט סאַמע אינמיטן...

דער טאַטע איז דעמאָלט געווען אַ קבצן שבקבצן. וואָס אַ יאָר איז צוגעקומען אַ נייער האָלץ־פּירער. די צוויי ברידער, נחום און שמאַי, נאָכדעם ווי זיי האָבן חתונה געהאַט, זיינען אויך געוואָרן האָלץ־פּירער. דאָס הייסט, זיי האָבן ניט געדאַרפט ווערן, שוין געווען פּריער אויך, אָבער ס׳איז געווען בשותפות מיטן טאַטן. נאָך זייערע חתונות האָבן זיי זיך אָפּגעטיילט, יעדער איינער באַזונדער פאַר זיך און נאָך צוגענומען דעם טאַטנס אַלע אַלטע קונים. ניט איינמאָל האָט רעב מאיר זיך געקריגט אינמיטן מאַרק מיט איינעם פון זיינע צוויי זין איבער אַ צוגענומענעם קונה. אַז די ברידער האָבן זיך צעקריגט מיטן טאַטן איז נאָך געווען צו דערליידן, פאָרט אַ טאַטע, און ער האָט געלאָזט זיינס איבערגיין. אָבער אַז ווען די צוויי ברידער האָבן זיך געקריגט צווישן זיך, איז געווען גאָר מיאוס. ס׳זיינען געפלויגן פּעטש.

איינמאָל אַ טאָג, ווי פּלוצלונג מען לויפט, וואוהין לויפט מען? צום מאַרק. וואָס איז די מעשה? מען שלאָגט זיך. לויפט גרשון אויך. דערגרייכט דעם מאַרק, ערשט נחום און שמאַי שלאָגן זיך, און דער טאַטע קאָן זיי גאָרניט צענעמען. ס׳איז נאָר גוט, וואָס ס׳איז איינגעפאַלן גרשונען אַ געשריי טאָן: „אוי ווי, די מאַמע גייט“, און זיי האָבן גלייך אויפגעהערט. פאַר דער קליינינקער, דאַרינקער מאַמען האָבןביידע גיבורים־דיקע ברידער שטאַרק מורא געהאַט. זי האָט זיי ניט געמוסרט, ניט גע־

שטראָפט, ניט געקוקט אַפילו אויף זיי קרום, נאָר פּשוט געחלשט... מיט איר חלשן האָט זי ניט איינמאָל געראַטעוועט דעם שלום פון איר הויז־געזינט.

איז, יאָ, דער טאַטע איז דעמאָלט געווען אַ קבצן שבקבצן, און ווי אַזוי האָט ער אים געקאָנט בעטן אַ גאַנצן רובל פאַר זאַלאָג און אַרויסנעמען ביכער מיט לייטן צוגלייך?

זשעניאַ האָט אויך דאָרטן אַרויסגענומען ביכער, די שיינע זשעניאַ, מיטן רויטן זיידענעם זאָנטיקל. די גאַנצע אינטעליגענץ פון בערשאַד האָט דאָרטן אַרויסגענומען ביכער. טראָגן זיך מיט אַ ביכל איבער דער גאַס איז געווען אַ כבוד...

הכלל, אונדזער חברה־מאַן האָט איינמאָל אינמיטן דער נאַכט זיך דער־קליבן מיט אַ דונערדיק האַרץ צום טאַטנס הויזן, בשעת יענער איז גע־ווען טיף אין שלאָף און אַרויסגעלקחנט אַ זילבערנעם רובל... מילא דאָס גנבענען איז אים מערער אָדער ווייניקער אָנגעקומען גרינג, אָבער דער־נאָכדעם, נאָכן גנבענען, איז געווען גאָרניט איבערצוטראָגן. די מורא, אַז מען וועט זיך ווי עס איז דערוויסן, און אויך ס׳בייסעניש פון געוויסן, איז געווען גאָרניט צו באַשרייבן. ס׳האָט געביסן און געריסן, און גאָרניט אָפּגעלאָזט אויף קיין רגע. ער האָט ניט געקאָנט עסן און ניט געקאָנט שלאָפן און שוין ניט געקאָנט הנאה האָבן פון ביכל, וואָס ער האָט אַרויס־גענומען פון דער ביבליאָטעק.

ביי פאַרמעגלעכע טאַטעס, אַ רובל ווערט פאַרלוירן, פאַרגעסט מען אינגיכן. גרשונס טאַטע אָבער האָט דאָס גאָרניט געקאָנט פאַרגעסן, ער האָט דאָס געהאַלטן אין איין זוכן: אויפן בעט, און אונטערן בעט, אויף דער שאַפע, און אונטער דער שאַפע (אַז דאָס מיזיניקל זיינס האָט דאָס אים אַרויסגעלקחנט פון זיינע הויזן, איז אים גאָרניט איינגעפאַלן). ער איז ממש אַרומגעגאַנגען אַ צעדולטער, דער טאַטע. וואו האָט געקאָנט אַהינ־קומען דאָס קערבל? ער קאָן שווערן, אַז...

דאָס קערבל האָט זיך אויפן דריטן טאָג געפונען. צוליב דעם, אַז גרשון זאָל קאָנען לעבן בשלום מיט זיך אַליין, האָט ער געמוזט צוריק אָפּנעמען ביי נחום באַגאַמאָלני דעם רובל זאַלאָג, און שפּעט אין דער נאַכט צוריק דאָס אַריינלייגן אין דער זעלביקער קעשענע פון טאַטנס הויזן, פונוואַנעט ער האָט דאָס פריער אַרויסגענומען.

מיינט איר אפשר, אַז דער טאַטע, ווען ער האָט דאָס צומאָרגנס געפו־נען, איז געוואָרן רואיקער? פאַרקערט, ער איז נאָך געוואָרן שטאַרקער

צעטראָגן. ווייל פונוואַנעט איז צוריקגעקומען דאָס קערבל אין דער קע־שעניע, וועלכע ער האָט פריער געטאַפּט, און געטאַפּט, און אויסגעדרייט דעם אונטערשלאַק, אפשר הונדערט מאָל?...

טעג און טעג, אַז ער האָט זיך געבראָכן דעם קאָפּ, אומגעגאַנגען ווי אין אַ טשאַד... אין קיין שדים, רוחות און לצים, גלויבט ער דאָך ניט, איז ווי זשע פאַרט?...

## גרשון וויל אַנטלויפן קיין אַמעריקע

ער איז נאָך אַלץ געווען אַ פּוסט־און־פּאַסניק, גרשון, און זיך ניט גע־האַט וואו אַהינצוטאָן. זיין חבר פוליע האָט שוין געהאָלפן זיין מאַמען אויף די יאַרידים אין די פאַרשיידענע דערפער צו פאַרקויפן שניט־סחורה, און ער, גרשון, האָט זיך אַרומגעדרייט איינער אַליין אָן אַ גראָשן אין קע־שענע, און בחורים אין זיינע יאָרן האָבן זיך שוין אַרומגעטראָגן מיט געלט אין די קעשענעס, און גענאַשט סאַכאַרני מאַראָזשעני (אייז קרים), און מאַנדלען און איריסלעך ביי ישראל ליפּמאַנען אין קלייטל.

וואָס אַזוינס איז אַ מאַנדל? אַ לענגלעכע צוקערקע באַשאָטן מיט מאָן, אָדער מיט געלן, אָדער מיט שוואַרצן. און וואָס אַזוינס איז אַן אי־ריסל? אַ פירעקיכדיק שטיקל זיסקייט, אַ האַרטס אַזאַ, פאַרפראָוועט מיט אַזוינע טראָפּנס, וואָס האָבן געשמעקט מיט דעם ריח פון אַן איריס־בלום. דאָס, וואָס ס׳איז געווען האַרט כמעט ווי אַ שטיין איז געווען גוט, ווייל מען האָט דאָס געקאָנט קייען און קייען און אויפן גומען איז געווען אַ דויערנדיקער יום טוב. ס׳זיינען אויך געווען ווייכע איריסלעך, אָבער מען האָט זיך ניט אומגעקוקט אויף זיי.

יחיאל וויינער, וואָס האָט שטענדיק געזופּט מיט דער נאָז, אַ אינגל פון פאַרמעגלעכע עלטערן, האָט זיך שטענדיק אַרומגעטראָגן מיט אַ קעשענע געלט און גענאַשט זיסקייטן וויפיל זיין האַרץ האָט געגלוסט. אויך אהרן בייגעלמאַן, אַ אינגל מיט אַ סך פרישטשיקלעך אויפן פנים, און אַנדערע ניט אָרעמע אינגלעך, זיינען שטענדיק איבערגעלעגן אין קלייטל און זיך געלאָזט וואוילגיין.

וואָס זשע איז גרשון איבערגעלעגן דאָרטן? שלינגען די סלינע? ניין, ס׳לאָזט זיך אויס, אַז ער האָט אויך גענאַשט איריסלעך מיט מאַנד־

לען, אָבער ער האָט געמוזט פריער שווער האָרעווען צוליב זיי. זיין אַר־בעט איז געווען אַ קינסטלערישע, אַזוי צו זאָגן. די קונסט איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט אַרויפגעלייגט אַ איריסל, אָדער אַ מאַנדל סאַמע לעבן אויג און באַוואויגן מיט די מוסקולן פון די באַקן זייער פאַרזיכטיק, און דאָס מאַנדל, אָדער איריסל, האָט זיך געגליטשט פּאַוואָליע איבער זיין פּנים, ביז ס׳איז געקומען צום מויל. און אַז ס׳איז געקומען צום מויל, האָט ער, פאַרשטייט זיך, דאָס גלייך אַריינגעכאַפּט. אויב ס׳איז אַראָפּ־געפאַלן פון דער באַק, און דאָס האָט געטראָפן זייער זעלטן, האָט ער פאַרלוירן. פאַרלוירן האָט ניט געמיינט, אַז ער האָט געדאַרפט באַצאָלן פאַר דעם. ס׳האָט נאָר געמיינט, אַז דאָס מויל זיינס איז געבליבן אָפּגע־נאַרט. דאָס איז געווען אַזאַ געוועט, וואָס די פאַרמעגלעכע אינגלעך האָבן אָנגעפירט מיט אים.

און גרשון איז איבערגעלעגן דאָרטן ניט נאָר צוליב די איריסלעך און מאַנדלען, דער עיקר צוליב די ביכער. די דאָזיקע קראָם האָט גע־הייסן „קניזשני אי פּיסטשעבומאַזשני מאַגאַזין״. דאָס הייסט אַ ביכער און שרייבגעצייג קראָם, און פונקט ווי ביי נחום באַגאַמאַלני אין דער ביבליאָטעק, אַזוי אויך דאָ, האָט ער ווי אַ ביכל איבערגעלייענט, און ניט שטייענדיקערהייט, נאָר שוין געזעסן באַקוועם. ישראל ליפּמאַן האָט אים געלאָזט זיצן...

דערוויל, איינמאָל אַ טאָג, דאַרף ישראל ליפּמאַן אָפּשיקן קיין אָדעס צו דער באַוואוסטער פירמע בלעטניצקי צוויי הונדערט און פופציק רובל פאַר סחורה. רופט ער זיך אָן צו גרשונען:

— אפשר וואָלסטו זיך אַריבערגעכאַפּט פאַר מיר צו דער פּאָסשט און אויפגעלייגט דאָס געלט סטראַכאָוונעם אַבראַזאָם (פאַרסטראַכירט, פאַר־רעגיסטרירט).

און גלייך באַלד האָט ביי אונדזער בחור׳ל אַ בליץ געטאָן זייער ניט קיין ערלעכער געדאַנק. ס׳האָט זיך שוין פאַרלאָפן אין בערשאַד אַזאַ מעשה. אויב איר געדענקט, האָב איך אייך דערציילט, אַז הינטער דער טורמע, האָט געוואוינט אַ משפחה פון רויטע יידן: דער טאַטע, אַ רויטע, די מאַמע אַ רויטע, דער זון אַ רויטער, די צוויי טעכטער רויטע. זייער אַן ערלעכע משפחה. אַזוי ערלעך, אַז דער גרויסער גביר, מאיר האַלפּערין, האָט דעם רויטן זון געמאַכט פאַר אַ נאמן (אַ באַגלויבטער) ביי זיך אין דער באַנקירסקאַיאַ קאָנטאָרא. יאָרן און יאָרן האָט דער זייער ערלעכער רויטער זון געדינט ביי אים, אויפגעמאָנט געלטער, אָפּגעטראָגן געלטער,

אַפּטמאַל גרויסע געלטער. אָבער אין איין שיינעם טאָג — והילד איננו, זיך אָפּגעטראָגן מיט גאַנצע פינף הונדערט רובל. אַנטלאָפן קיין אַמעריקע. שפּעטער מיט יאָרן האָט ער דעם מאיר האַלפּערין אָפּגעשיקט דאָס געלט פון אַמעריקע...

און איצטער, אַז איר ווייסט שוין די מעשה מיט דעם רויטן, וועלן מיר גיין ווייטער. מיט די צוויי הונדערט און פופציק קערבלעך, גאָלע אין פּאַזיטלעך, וואָס ישראל ליפּמאַן האָט גרשונען געגעבן, האָט גרשון זיך געלאָזט ניט צו דער פּאָטשט נאָר צום וועג, וואָס פירט צום וואָקזאַל, און איידער וואָס, און איידער ווען, האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז דער גאַנצער מאַרק שרייט צו אים: גנבֿ! גנב!

וואָס האָט געוואָלט טאָן אונדזער בחורל? פּשוט — אַנטלויפן קיין אַמעריקע. וואָס וועט ער טאָן אין אַמעריקע? מען דאַרף נאָך פרעגן? אַ לאַנד וואוהין די גאַנצע וועלט רייסט זיך אַהין! און ער האָט נאָך צוויי שוועסטער דאָרטן. און וואָס איז פאַר אים אַ תכלית דאָ אין בערשאַד? אומ־גיין פּוסט און פּאַס? און דער טאַטע זאָל קוקן קרום אויף אים און אים רופן: לאַדאַשטשי, און נאַכליע.

דער חרם־טייך האָט אויך געשריגן צו אים: גנב! גנב! און די מיל, און נאָכדעם יעדער טעלעגראַף סלופּ אויפן וועג צום וואָקזאַל. און זיין רייכע פאַנטאַזיע אַרבעט ביי אים זייער שנעל. ער שטעלט זיך פאָר, ווי די גאַנצע שטאָט ברומט און רעשט, און יעדער איינער זאָגט: האָסט געהערט? האָסט געהערט? מאיר דעם בלינדנס בנאָק איז אַנטלאָפן קיין אַמעריקע מיט ישראל ליפּמאַנס שווער פאַרהאָרעוועטע געלטער. און זיין מאַמע חלשט און מען קאָן זי ניט דערמינטערן. און זיין טאַטע לאָזט זיך לויפן צום וואָקזאַל נעמען אַ פּאַיעזד און יאָגט אים נאָך, אפשר וועט ער אים כאַפּן אויף סטאַנציע רודניצע. און וואָס וועט זיין חבר פּוליע זאָגן? און זשעניאַ? און זיין שוועסטער חנה רבקה, וואָס לערנט זיך אויף זובנאָי וורעטש (ציין דאָקטאָרין)? און דאָ וויל ער נאָך ווערן אַ שרייבער, ווען ער וועט אויסוואַקסן, און אַ שרייבער דאַרף דאָך זיין די ערלעכקייט אַליין. און ישראל ליפּמאַן, נעבעך, פאַרוואָס קומט דאָס אים? פון גאַנץ פרי ביז שפּעט אין דער נאַכט ליגט ער איבער אין קראָם, קוקט אויס בלאָס און אַ תל.

אָבער דער איבערגעוועלטיקטער כוח פון זיבנד שטופּט אים ווייטער און ווייטער. שטופּט ממש אין דער פּלייצע און ער קאָן זיך שוין ניט אומ־קערן אויף צוריק... און ער גייט און גייט ניט מיט זיין ווילן... און דאָ איז

אַזאַ שיינער זומערדיקער טאָג, דער הימל אַזוי לויטער בלוי. און ס׳שמעקן די פעלדער אַרום מיט די זומערדיקע גוטע ריחות, און ער, אַ וויסטער גנב. איינער אַליין איבערן שליאַך... און דאָ הוסט ער נאָך, עפּעס אַ שלעכטער הוסט איז אים מיטאַמאָל באַפאַלן און ער קאָן גאָר ניט פּטור ווערן פון אים... אָבער וואָס פלוצלונג קלינגען גלעקער? אפשר יאָגט מען אים שוין נאָך. ער באַהאַלט זיך גלייך אין אַ ריוו (גראָבן). אַ פאַעטאָן יאָגט זיך, דאָס איז איינער פון די בני פּיזווישעס, לויפט אָן מיט אַ פאַעטאָן פול מיט פאַר־שוינען (פּאַסאַזשירן). ניין, מען מיינט ניט אים. אָבער דער פאַטעאָן האָט אים דאַכט זיך געראַטעוועט, ס׳האָט עפּעס איבערגעריסן דעם כוח פון זינד, וואָס האָט אים רק געשטופּט צום וואָקזאַל. ער האָט זיך אַ קער געטאָן מיטאַמאָל אויף צוריק און אָנגעהויבן צו לויפן. געלאָפן, ווי פון אַ שריפה, ס׳האָט אים פאַרפעלט אָטעם, אָבער ער איז געלאָפן. אַריין אין שטאָט און נאָך אַלץ געלאָפן...

נאָכדעם, ווען ס׳איז שוין געווען אויס, דאָס הייסט, ווען ער האָט אויפגעלייגט דאָס געלט סטראַכאָוונעם אָבראַזאָם (פאַררעגיסטרירט), באַ־קומען אַ קוויטאַנציע און איז אַרויס אויף דער גאַס, איז אויף אים אַרויף אַזאַ גרויסע פרייד, וואָס מען קאָן גאָרניט באַשרייבן. דער אינדרויסן האָט געלויכטן צו אים, ווי גאָלד, און יעדן מענטשן, וואָס ער האָט באַגעגנט, האָט ער נאָר געוואָלט אַרומנעמען און אַ קוש טאָן. גאָר ניט געוואוסט, אַז ער האָט אַזוי שטאַרק ליב מענטשן, אַ געוואַלד...

ישראל ליפּמאַן האָט זייער וואויל אַ שמייכל געטאָן צו אים, ווען ער האָט באַקומען די קוויטאַנציע און אים געגעבן צוויי שוואַרצע איריסלעך. איין איריסל, האָט ער אַריינגעלייגט גלייך אין מויל און ער האָט נאָך קיינמאָל פריער ניט געפילט אַזאַ טעם, ווי איצט. דאָס צווייטע איריסל, האָט אַוועקגעגעבן אברהמלען דעם משוגענעם, וואָס איז בשעת מעשה פאַרבייגעגאַנגען די קראָם, און אברהמל דער משוגענער האָט דאָס גלייך אַריינגעלייגט אין מויל, זיינע שוואַרצע אויגן האָבן זיך גרויס צעשיינט און ער האָט אַ געשריי געטאָן איבער דער גאַנצער גאַס:

— אוי, געוואַלד יידן, ס׳איז זיס!!!...

# גרשון אַ מלמדל

גרשון איז געוואָרן אַ מלמדל אין דאָרף באַלאַניוווקע, פאַר פופציק קערבלעך אַ זמן.

ס'איז אַ סך געלט. צען קערבלעך האָט מען אים גלייך געגעבן אַן אַדערויף, און ער האָט זיך געקויפט אַ פּאָר שיך פון דער פירמע „סקאָ־ראָכאָד" פאַר גאַנצע פינף קערבלעך. דאָס איז געווען כמעט דער בעסטער שוך אין רוסלאַנד. זייער שטאַרקע פּאָדעשוועס, און דער לעדער האָט זיך געפּוצט זייער גוט. פאַר דעם איבעריקן געלט און אויך דאָס וואָס דער טאַטע האָט צוגעלייגט, האָט ער זיך אויפגענייט אַ קאָרטאָנענעם גאַרניטור פון בלאָוון (בלויען) שטאָף. ער האָט זיך נאָך געוואָלט קויפן אַ קאַפּעליוש, ווי די גרויסע אינגלעך טראָגן, אָבער ס'האָט שוין ניט געקלעקט קיין געלט, און ער האָט זיך געמוזט באַנוגענען מיט אַ רויטלעך־ברוינעם קאַש־קעט, וואָס האָט געהאַט אַ שוואַרצן גלאַנצנדיקן דאַשעק.

אין זיינע מלכותדיקע בגדים, האָט ער זיך דורכגעשפּאַצירט פאַר זשע־ניעס הויז. זי איז גראָדע געשטאַנען דעמאָלט אינדרויסן אויפן גאַניק און געקוקט אויף אים פאַרחידושט מיט אירע פלומיקע ברענענדיקע אויגן. וואָס אַ שטייגער האָט זי געטראַכט פון אים אין זיין נייעם גאַרניטור און אין די נייע סקאָראָכאָד שיך? קליינערהייט, האָט ער און זיין חבר פוליע, וואו נאָר מען האָט זי געפּאַקט — געשלאָגן. וואָס האָבן זיי דען בייסדע געהאַט צו איר? גאָרניט. אָבער ניט שלאָגן, וואָלט זי אפילו ניט גע־וואוסט אַז גרשון און פוליע לעבן בכלל אויף דער וועלט. אַז מען איז גע־וואָרן עלטער האָט מען זי מער ניט געשלאָגן, נאָר גלאָט אַזוי שטומער־הייט געקוקט אויף איר און זי — אויף זיי.

באַלאַניוווקע איז אינגאַנצן אַן אַכט אָדער צען וויאָרסט פון בערשאַד, און גרשון איז אַריינגעפאַלן אין גאַנצן אין אַ נייער וועלט: קליינע כאַ־טעס מיט ווייסע ליימענע ווענט, מיט געלע אָדער רויטע פּריזבעס, מיט געדיכטע שטרויענע קוטשמע־דעכער, מיט קליינע פענצטערלעך באַהאַנגען מיט סיטצענע קאָלירטע פאָרהענגלעך, מיט אַ הויף און אַ סטאָדאָלע פאַר די בהמות און אַ קלוניע אויף צו מאָלאָציען די תבואה, מיט אַ גאָרטן פון ווינשל הינטערן הויז, עפּל און באַרן בוימער, מיט אַ הונט אין יעדן הויף, וואָס האָט גרשונען קיינמאָל ניט געלאָזט דורכגיין די גאַס, מיט אַ צווייגן געפלאָכטענעם פלויט, און מיט אַ קאַליטקע (טירל) ביי יעדן פלויט, וואָס האָט געסקריפּעט, ווען מען האָט דאָס געעפנט, מיט אַ קערניצע אונטער אַ

דעכל כמעט ביי יעדע צען פופצן הייזער, און איבער יעדער קערניצע אַ לאַנגער שטאַנג מיט אַ צוגעבונדענעם הילצערנעם עמער, און נאָענט דער־ביי אַ צלם צו וועלכן ס׳איז געווען צוגענאָגלט אַ האַלב נאַקעטער יעזוס...

שטיל איז דאָרטן אין די זומער טעג, ליידיק און פוסט די גאַסן, כמעט אַלע זיינען אויפן פעלד. שטיל איז אויך אין די שמעקנדיקע זומער־נעכט. כמעט אַלע פויערים שלאָפן מידע פון אַ גאַנצן טאָג אין פעלד. נאָר פון די לעוואַדעס טראָגן זיך טרויעריקע פאַרחלומטע ליבעס געזאַנגען פון דער יוגנט... און דער הימל איז אָנגעפּיקעוועט מיט מילי־מיליאַסן קלאָר־פינקל־דיקע שטערנדלעך. פונקט אַזוי ווי אין גאַגאָלס ליד: „טיכאַ אוקראַינ־סקאַ נאָטש זוויעזדי בליעשטשוט״ (שטיל איז די אוקראַינער נאַכט, די שטערן בלישטשען).

די ערשטע נאַכט אין באַלאַניוווקע אין יאַנקל קאָסאָיס הויז האָט זיך גרשון ניט געפילט אַזוי פויגלדיק. די וואוינונג איז געווען בלויז איין צימער, וואו דער אויוון האָט פאַרנומען דאָס גרעסטע פּלאַץ. אַכט קינדער האָט ער געהאַט, יאַנקל קאָסאַי, און אַלע זיינען געשלאָפן אויפן אויוון סיי זומער און סיי ווינטער. איין בעט איז געווען אין שטוב, און אויפן בעט איז געשלאָפן די יאַנקלכע, אָן אויסגעדאַרטע אויסגעהאָרעוועטע פרוי מיט קאַליע אויגן. יאַנקל קאָסאַי אַליין איז געשלאָפן אויף דער ערד. וואו זשע איז גרשון געשלאָפן? אויפן טיש. מען האָט דעם מלמדל אויסגע־בעט אויפן טיש און ס׳האָט אים נעבעך גוט געקוועטשט אין די דאַרע זייטן.

רבי, האָט מען גערופן דעם נאָך ניט פערצניאָריקן גרשונען. אַלע האָבן אים גערופן רבי, סיי די דערוואַקסענע און סיי זיינע תלמידים. און אַ פּאָר פון זיינע תלמידים זיינען גאָר געווען עלטער פון אים, הויכע געזונטע בחורים שוין מיט סימנים פון וואָנצעלעך. און די דאָזיקע הויכע געזונטע בחורים האָבן מורא געהאַט פאַר זייער רבין, מחמת גרשון האָט זיי גע־שלאָגן. און שלאָגן האָט ער זיי געשלאָגן, ווייל אַזוי איז אָנגענומען, — אַ רבי דאַרף שלאָגן זיינע תלמידים, ס׳איז זיין הייליקע רעכט. און גראַדע ווען איינער פון זיי וואָלט געשלאָגן צוריק, וואָלט פון אים, פונם רבין, כמעט גאָרניט געבליבן. אָבער זיי זיינען אַלע געזעסן ביים טיש, ווי די סטאַטיקעס, און דער רבי אינגער פון זיי, קלענער אין וואוקס פון זיי, האָט געוועלטיקט איבערן חדר, ווי אַ קיסר. דאַוונען האָט ער זיי געלערנט, און חומש מיט רש״י און שרייבן שורה־גריסלעך — און דערלאַנגט פּעטש.

אין באַלאַניוווקע איז געווען אַ טייך, וואָס האָט איבערגעשניטן דאָס

דאָרף אין צוויי טיילן. אויף יענער זייט טייך, אין אויבערשטן טייל, האָבן געוואוינט אַ פּאָר צענדליק יידן, אָבער די פאַרמעגלעכע, איינציקע פון זיי גאַנץ רייכע. אויף דער זייט טייך, וואו גרשון איז געווען דער מלמד — גאָלע קבצנים. שבת אינדערפרי איז מען געגאַנגען אַהין, צו די רייכע יידן, דאָרטן איז געווען אַ שולכל מיט אַ ספר תורה, מיט אַ שוחט, וואָס האָט גערעדט שבת נאָר לשון קודש.

גרשון האָט גלייך דערפילט, אַז זיינע בעלי בתים שעמען זיך מיט אים צווישן די רייכע יידן. אַנטקעגן יענעם מלמד פון די רייכע יידן, האָבן זיי זיך געשעמט מיט אים. יענער מלמד איז שוין אַ גרויסער בחור פון אַ יאָר אַכצן־ניינצן, און אַ חוץ דעם האָט ער געטראָגן פּענסנע מיט באַגילדעטע רעמלעך, און אַ געלן קאַפּעליוש, און אַ ווייס העמד מיט אַ שוואַרצן שניפּס. און בכלל איז געווען אויף וועמען צו קוקן. זייער מלמדל — אַ אינגל כמעט, אַ דאַרס מיט לישאַיעס אויפן מאָגערן פּנים, טראָגט ניט קיין קאַפּעליוש, נאָר אַ קאַשקעטל מיט אַ גלינצערן דאַשעק, און פון פּענסנע און אַ שניפּס רעדט מען שוין ניט.

אַלע יידן פון יענער זייט האָבן גרשונען גראַדע אָפּגעגעבן שלום עליכם, אָבער אין די אויגן זיינען געווען חוזק־פייערלעך, ווי איינער זאָגט: „וואָס זאָגט איר צו אַזאַ מציאה". דער מלמד מיט די פּענסנע האָט אויך גרשונען אָפּגעגעבן שלום עליכם, און זיך שוין מער ניט אומגעקוקט אויף אים.

נאָכן דאַוונען, האָט דער שוחט מיט זיידענע שוואַרצע קלוגע אויגן, און מיט אַ זיידענער שוואַרצער באָרד, צוגערופן ביידע מלמדים. אַלע האָבן גלייך דערפילט, אַז דאָ וועט זיין אַ מין אומאָפיציעלער פאַרהערן, און מען האָט זיך נייגעריקע אַרומגעשטעלט.

— מאין באתה? — (פונוואַנעט אַ ייד) — האָט דער שוחט געפרעגט גרשונען.

— מעיר בערשאַד (פון דער שטאָט בערשאַד) — האָט גרשון גלייך געענטפערט.

— ומאין באתה? (און פונוואַנעט קומסטו) — האָט ער געפרעגט דעם בחור מיט דער פּענסנע.

— מעיר כאַשטשעוואַטע (פון דער שטאָט כאַשטשעוואַטע).

און נאָך אַזוינע פראַגן האָט זיי דער שוחט געפרעגט אין לשון קודש, און דערנאָכדעם זיי דערציילט אַ מעשה, ווי ער איז געווען אין אָדעס און האָט געהערט דעם חזן מינקאָווסקי און אַז ס'איז געקומען צו דערציילן וועגן

די משוררים, האָט ער געוואָלט זאָגן אין העברייאיש, אַז זיי האָבן געזונגען פון נאָטן. צי ער האָט טאַקע ניט געוואוסט, ווי אַזוי מען זאָגט אויף העברע־איש נאָטן, צי דער קלוגער שוחט האָט געוואָלט אויספּרואוון ביידע לערער, און ער האָט זיך געווענדט צום כאַשטשעוואַטער, ער זאָל אים זאָגן, ווי אַזוי זאָגט מען אויף העברעאיש נאָטן. יענער האָט נעבעך ניט געוואוסט. האָט ער געפרעגט גרשונען, און יענער האָט יאָ געוואוסט, און גלייך זיך אָנגע־רופן: תוי הנגינה.

— אַ, אַ, תוי הנגינה, — האָט זיך דער שוחט דערפרייט און אַ קניפּ געטאָן גרשונען אין בעקל.

דאַרף מען שוין ניט דערציילן, ווי חשוב די אָרימערע בעלי בתים האָבן זיך דערפילט. שיינענדיקע יידן זיינען זיי געגאַנגען אַהיים, און גע־פירט גרשונען, ווי מען פירט אַ גרויסן רבין.

שפּעטער מיט יאָרן, ווען גרשון האָט זיך דערמאָנט אין די באַלאַניוו־קער דאָרפס־יידן און די דאָרפס־יידן פון אַן אַנדער דאָרף, שוין אין בע־סאַראַביע, וואו ער איז אויך געווען אַ לערער, איז זיין האַרץ אויסגעגאַנ־גען צו זיי. דאָס זיינען געווען גאַטס כשרע לעמעלעך. פּאַרביינקטע לע־מעלעך. ניט אין די וואָכעדיקע טעג, געווען צו שטאַרק פאַרהאָרעוועט. אָבער אין אַ שבת, אָדער אַ יום טוב, האָבן זיי אַזוי שטאַרק געביינקט, נאָך עפּעס גייסטיקס: אַ לשון קודשדיק וואָרט, אַ דערהויבנדיקן ניגון...

# דער צאַרסקי פּריקאַז

אין איין פאַרטאָג, ס׳איז געווען אין חודש יולי, 1914, אוז גרשון שלאָפט זיך גאַנץ געשמאַק אויפן טיש ביי יאַנקל קאָסאָי אין הויז, (זיך שוין צוגעוואוינט צום האַרטן טיש) ווי פּלוצלונג דערפילט ער אין שלאָף, אַז ס׳איז עפּעס טרעוואָזשנע אין דרויסן.

ער כאַפּט זיך אויף, און אין שטוב איז גאָר קיינער ניטאָ, נאָר אויף דער גאַס הערט זיך אַ ברומען פון אַ סך מענטשן. טוט ער זיך אָן אויף דער גיך, לויפט אַרויס אינדרויסן, ערשט פּויערים און פּויערטעס און אויך יאַנקל קאָסאָי מיט זיין משפחה, שטייען אַרום אַ טעלעגראַף סלופּ, און אויפן טעלעגראַף סלופּ איז צוגעקלעפּט אַ בלאָס־ראָזעווע בלעטל און אַלע מיט דערשראָקענע פּנימער צום בלאָס־ראָזעווע בלעטל, און לעקסעי, אַ

הויכער געזונטער פויער, אַ גראַמאַטנע, לייענט דאָס בלעטל, הויך אויף אַ קול.

ווען מען האָט דערזען דעם ראַבין (אַזוי האָבן די פויערים גערופן גרשונען), האָט מען אים געבעטן, ער זאָל דאָס בלעטל אויך איבערלייענען, אפשר האָט לעקסעי געמאַכט עפּעס אַ טעות. און דער ראַבין האָט דאָס אויך איבערגעלייענט, און לעקסעי האָט גאָרניט געמאַכט קיין טעות. אָבער פּאַרט, ווי איז דאָס מעגלעך? עפּעס גלויבט זיך גאָרניט. און דאָ גייט אויף אַזאַ גאָלדענער זומערדיקער טאָג און ס'איז אויף די פעלדער אין רעכטן שניט.

אַ גרויסע גרעטעניש געווען דעם זומער אויף די פעלדער, און אַלע פּאַרטאָג איז דאָס גאַנצע דאָרף מיט די ווייבער און קינדער געפאָרן צו די פעלדער, און אַלע פּאַרנאַכט, פאַרנדיק פון דער אַרבעט, האָט די יוגנט אויף די וועגענער געזונגען פריילעכע לידער. און די טעג זיינען געווען גאָלדענע שמעקנדיקע, און אין די פאַרנאַכטן האָט געברענט דער מערב־זייט מיט רויט פון אַלערליי שאַטירונגען. און היינט פאַרטאָג, האָט מען אויך זיך געזאָלט לאָזן אין פעלד — ווי פלוצלונג — דאָס דאָזיקע בלאָס־ראָזע־ווע בלעטל אויפן טעלעגראַף סלופּ.

אפשר האָט דער ראַבין אויך געמאַכט אַ טעות? און אַז מען האָט דערזען דער אוטשיטל (לערער) פון דער צוויי קלאַסיקער שול אַנקומען, האָט מען אים אויך געבעטן דאָס איבערלייענען.

און דאָס בלאַס־ראָזעווע בלעטל מיטן צלמל פון אויבן, איז געווען פון צאַר אימפּעראַטאָר אַליין, וואָס קעניגט איבער רוסלאַנד, פּוילן, פינלאַנד, און נאָך און נאָך מדינות. און דער צאַר אימפּעראַטאָר ניקאָלאַי דער צווייטער רופט די מענער פון אַלע קלאַסן, פון אַלע ראַזריאַדן, מען זאָל תיכף ומיד זיך צושטעלן אין דער קרייז־שטאָט האַליפּאַלי, אין דער דאָרטיקער פּריסוטסטוויע. ס'איז אַ מאָביליזאַציע, אַן אַלגעמיינע מאָביליזאַציע צו האַלטן מלחמה קעגן שונא.

און ניט גרשון און ניט די פויערים אין באַלאַגיוקע און ניט די יידן אין בערשאַד, און ניט די פויערים און אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן איבער גאַנץ רוסלאַנד, לייענענדיק יענעם פאַרטאָג דאָס בלעטל פון צאַר אימפּעראַטאָר, האָבן געוואוסט, אַז דאָס איז דער אָנהויב פון אַ נייער צייט, וואָס וועט איבערקערן דעם גאַנצן אַלטע איינגעשטעלטן סדר פון לעבן. דער צאַר אימפּעראַטאָר אַליין, מסתמא, האָט דאָס אויך ניט געוואוסט.

יאַנקל קאָסאַי, גרשונס באַלעבאָס, איז אויך אַוועק אויף דער מלחמה.

אַ קאָסאָקער געווען, און צוליב דעם האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז ער איז אַ בייזער. ער איז טאַקע געווען אַ בייזער, געשריגן אויף זיינע קינדערלעך, און זיי געשאָלטן מיט בייזע קללות. אָבער נאָר אין דער וואָכן, פון פרייטיק צונאַכטס ביז שבת צונאַכטס, האָט ער אויף זיי ניט געשריגן און ניט געזידלט, געררעדט בנעימותדיק צו זיי, געגלעט זיי איבער די קעפּלעך. ער האָט געהאַלטן אַ באַקאַלעינע לאַוואָטשקע (אַ שפּייז־קרעמל), און אויך געהאַנדלט מיט פיש, וואָס ער האָט געכאַפּט אין באַלאַניוועקער טייך. ס׳האָבן זיך געפּלאָדיעט זייער פּעטע שלייענס און קורעסן אין באַלאַניוועקער טייך.

לעקסעי, דער גראַמאָטנער פּויער, איז אויך אַוועק אויף דער מלחמה, און איבערגעלאָזט זייער אַ שיינע פרוי, האַנוסיאַ, וואָס האָט ליב געהאַט ניט מיר און ניט דיר אויסשיסן אין אַ פאַרשייטן קלינגנדיקן פרויענשן געלעכטער. ער האָט איבערגעלאָזט דריי קינדערלעך, אַ מיידעלע מיט צוויי אינגעלעך. ער איז געווען, לעקסעי, דער בעסטער האָרעפּאַשניק אין דאָרף. אַרויסגעקראָגן פון זיינע זעקס מאָרג ערד דעם מאַקסימום שפע.

און אַ גרויסער געוויין האָט זיך געטראָגן אין דאָרף. די פרויען מיט זייערע קינדערלעך האָבן אַרויסבאַגלייט זייערע מענער און זייערע זין אויף דער מלחמה. נאָכגעגאַנגען די וועגענער געפּאַקט מיט רעקרוטן, און האָבן געוויינט.

אַ פּאָר טעג בלויז, און דאָס דאָרף איז געוואָרן אַ דאָרף בלויז פון פרויען, אַלטע לייט און קינדער. און די פרויען, אַלטע לייט און קינדער, האָבן זיך איינגעשפּאַנט אין דער אַרבעט, און קיין איין ווייצעלע, קיין איין קאָרנדל, קיין איין שטרויעלע איז ניט געגאַנגען לאיבוד... און אינגיכן איז דער ראַבין, דאָס הייסט, גרשון, באַלאַגערט געוואָרן אַלע טאָג פון פּויערטעס מיט בריוו פון דער מלחמה. ער זאָל זיי איבערלייענען, און אויך ענטפערן צוריק... און כמעט אַלע בריוו זיינען געווען מיט איין און דעם זעלביקן נוסח:

„מיין טייערע פרוי! איך נויג זיך צו דיר פון דער טיפעניש פון מיין האַרצן. מיין טייערער זינדל, איך נויג זיך צו דיר פון דער טיפעניש פון מיין האַרץ. מיין טייערע טעכטערל, איך נויג זיך צו דיר פון דער טיפעניש פון מיין האַרצן. מיין טייערער פּאָטער, איך נויג זיך צו דיר פון טיפעניש פון מיין האַרצן. מיין טייערע מאַמע... מיין טייערע שוועסטער...״ און אַזוי רעכנט זיך אויס יעדע שוועסטער, יעדער ברודער. דערנאָך קומען צו די מומעס, די פעטערס, די שכנים, די שכינות, יעדערן: „איך נויג זיך פון דער טיפעניש פון מיין האַרצן״. און דאָס אַלעס פאַרנעמט אַ דריי־פיר

זייטלעך. ערשט צום סוף, פרעגט דער בריוו־שרייבער צי די קו האָט זיך שוין געקעלבט, צי מען האָט געקאָוועט דאָס פערד, צי מען האָט שוין געמאָ־לאָיצעט די תבואה.

לעקסעיעס ווייב, האַנוסיאַ, די יונגע שיינע און געזונטע פּויערטע, האָט געשפּאַנט די פערד אין וואָגן אַלע פּאַרטאָג, אַריינגעזעצט אירע קינדער־לעך, מיטגענומען עסן, און געפאָרן אין פעלד. פאַרנאַכט זיך אומגעקערט אַ פאַרשטויבטע, אַן אָנגעהאָרעוועטע. זי האָט אויך ניט געלאָזט גיין לאיבוד קיין איין ווייצעלע, קיין איין קאָרנדל, קיין איין שטרויעלע.

בריוו זיינען איר אָנגעקומען די ערשטע צייט זייער אָפט פון איר מאַן לעקסעי. אָבער מיט אַמאָל האָבן זיי אויפגעהערט צו קומען. זי האָט זיך געעקט, ניט געוויינט, ניט געבראָכן מיט די הענט, נאָר ניט גערוט קיין מינוט פון טאָג, אַלץ געאַרבעט. האָט זיך פאַרענדיקט די אַרבעט אויפן פעלד, האָט זי זיך גענומען צו איר כאַטע, צורעכט געמאַכט דעם שטרוי־ענעם דאַך, איבערגעפאַרבט די ווענט, אָנגענייט וואַרעמע קליידער פאַר אירע קינדערלעך אויפן ווינטער.

שוין סוף זומער איז ענדלעך אָנגעקומען אַ בריוו פון איר מאַן. און ווי יעדער „סאָלדאַטקע" אין דער גאַס, איז זי געלאָפן צום ראַבין, דאָס הייסט, צו גרשונען, ער זאָל איבערלייענען. האָט ער אָנגעהויבן צו לייע־נען, און ווי געוויינלעך, האָט זיך דער בריוו אָנגעהויבן מיט „איך נויג זיך פון דער טיפעניש פון מיין נשמה" צו האַנוסיאַן, צו יעדער קינד, צו זיינע ברידער, שוועסטער, פעטערס, מומעס, שכנים, שכינות, אויך צו יאַנקל קאָסאָיס משפחה, און צום ראַבין. דערנאָך האָט ער זיך אָנגעפרעגט אויף דער באַלעבאַטישקייט, און אויף די כודאָבעס, בהמות, און צי זי האָט אויסגעמאָלאָיצעט דעם ווייץ, און צי זי האָט איבערגעזופּט די הרעטשקע. ערשט אויפן סוף פון בריוו האָט ער געלאָזט וויסן מיט איין שורה:

— און איך בין געוועזן געראַנעט (פּאַרוואונדעט), און מען האָט מיר אַראָפּגעשניטן דעם רעכטן פוס...

# בערשאַד און די מלחמה

אַנטקעגן גרשונס הויז אויף דער טאָרהאָוויצע האָט געוואוינט משה לערנער.

משה קאַרנאָוואָוך האָט מען אים גערופן, ווייל דאָס לעפל פון רעכטן אויער איז ביי אים געווען צעפּלעטשט. האָט דער דאָזיקער משה קאַרנאָוואָוך געהאַט אַ פרוי, שייוע, איז די שייוע געווען אַ הויכע און פעסטע, לייביקע פרוי. אַ זון האָבן זיי געהאַט, האָט ער געהייסן איציק, און שייוע — איר גאַנצע עובדא אַלס מאַמע אַלע יאָרן, איז געווען אים צו שטאָפּן. און דאָס איציקל האָט זיך גראָד געלאָזט שטאָפּן: לויזע אייער — איז לויזע אייער; קאָטלעטיקלעך — איז קאָטלעטיקלעך; סמעטענעס, פּוטערס, מיל־כען, איינגעמאַכצן, קיכעלעך. ער האָט געגרוקט אין זיך, און איז קיין עין־הרע אויסגעוואַקסן אַ פיינער פּעמפּיק, מיט פעטע ראָזעווע באַקן, מיט אַ היפּשן קאַרק, מיט אויסגעבעטע פּלייצעס. אַ גוט פּאַרפּראַוועטער איציק מיט פייערדיקע שוואַרצע אויגן, אַ ביסל קאָסאָקע. זי האָט אוודאי ניט געוואוסט, די הויכע לייביקע, שייוע, אַז זי שטאָפּט איר קינד פאַר דער מלחמה...

גרשון געדענקט אין אַ ווינטער בייטאָג, ער איז געזעסן אין הויז און געלייענט אַ בוך, (געוואָרן אויס מלמד. מערער שוין ניט געוואָלט) ווי פּלוצלונג — אַ האַרץ־רייסנדיקער יאָמערדיקער געוויין. ער לויפט אַרויס אין דרויסן — שייוע מיט צעפּאַטלטע האָר שלאָגט זיך אין קאָפּ אַריין מיטביידע פויסטן און שרייט:

— אוי, אוי!...

און גרשון האָט די טעג נאָכדעם געטראַכט פון דעם דאָזיקן איציקן. ער האָט זיך פאַרגעשטעלט אין זיין פאַנטאַזיע, ווי דער דאָזיקער פּעמ־פּיק ליגט אין דער אָקאָפּע (טרענטש), חלומט מסתמא פון אַ קאָטלעטיקל, אָדער פון אַ הייס קוגעלע, און דאָ גיסט אַ רעגן, און דער דייטש האַלט אין איין שיסן. און וואָס האָבן זיי צו אים? און וואָס האָט ער צו זיי? . . . און דערנאָך הייסט דער „זוואָדנע" (עלטסטער) לויפן „נאַ שטיקי", לויפט ער מיט זיין פעטן קערפּער... און דאָ פּלוצלונג שפּרינגט אויף אים אַרויף אַ דייטש און שטעכט אים אין בויך, און איציק פאַלט. קאָרטשעט זיך אין דרייען און שרייט:

— מאַמע, מאַמע . . .

גרשונס ברודער שמאַי, איז אויך אַוועק אויף דער מלחמה, און גיטל,

שמאַיס פרוי, האָט איבערגענומען זיין פרנסה, דאָס הייסט, האָלץ־פירעריי. אַ צאַרטע, אַן אָפגעהיטע פרוי איז זי געווען, אָבער אַז איר מאַן איז אַוועק אויף דער מלחמה, האָט זי זיך שוין גאָרניט אָפגעהיט, געפאָרן אין וואַלד אַריין אין די בלאָטעס, אין די רעגנס, אין די פרעסט. איר פנים איז געוואָרן אָפגעקנייפּט פון די ווינטן, פון די פרעסט, פון די היצן, געפירט פורלעך האָלץ אין שטאָט אַריין און זיך געקריגט מיט די אַנדערע האָלץ־פירערס. דעם שווער אירן, דאָס הייסט, גרשונס טאַטן, איז זי דערגאַנגען די יאָרן. ווי אַ קונה האָט זי ביי אים צוגענומען, און זיך נאָך געקריגט מיט אים אינמיטן מאַרק און אים גערופן „בלינדער בעטלער״ . . .

און אין דער פאָטשט אַרום צוועלף אַזייגער בייטאָג איז געווען אַ גרויסע געדרענגעניש: מאַמעס, פרויען, שוועסטערלעך, ברידערלעך האָבן זיך דאָרטן געשטופּט מיט דער האָפענונג, אַז ס׳וועט אָנקומאַן אַ בריוול פון דער מלחמה. אינעווייניק אין דער פאָטשט איז געהאַנגען אַ קאָלירטער פאָרטרעט פון צאַר ניקאָלאַי און זיין גאַנצער לענג. אַ גאַנצע וואַנט האָט ער פאַרנומען, דער קיסר, מיט בלויע אויגן, מיט ראָזעווע באַקן, מיט אָן אַ שיעור מעדאַלן און צלמלעך אויף דער ברוסט, אַ שמייכלענדיקער קיסר. אַלע האָבן געדאַרפט אַראָפּנעמען די היטלעך, אַז מען איז אַריינגעגאַנגען אין פאָטשט, אָבער קאָפּל, אַ אינגל פון פערצן יאָר, האָט געהאַט אַ פאַרך נעבעך, און נאָך אַ יתום אויך דערצו, האָט זיך געשעמט אַראָפּצונעמען דאָס היטל און ער איז געשטאַנען אינדרויסן, צוגעפאַלן מיט זיין פנים צום פענצטער און זיך שטאַרק צוגעהערט, אפשר וועט מען אויסרופן אַ בריוו פון זיין ברודער הערשלען אויף דער מלחמה.

און געווען איז אין פאָטשט אַ יידישע בריוון־טרעגערין, אפשר די איינציקע יידישע בריוון־טרעגערין אין גאַנץ רוסלאַנד. באָבע פון דער פאָטשט האָט מען זי גערופן. אַ שלאַנקע, אַ ציכטיקע, אַ חנוודיקע, מיט קלוגע שוואַרצע אויגן און מיט אַן איידל בלאַס פנים. זי איז גאָר געווען אַ געשאַנק פון גאָט פאַר די בערשאַדער יידן, מחמת ניט נאָר האָט זי צעטראָגן בריוו, נאָר אויך איבערגעלייענט די בריוו אין אַזוינע הייזער, וואו מען האָט ניט געקאָנט לייענען ניט יידיש, ניט רוסיש. זי האָט סאָרטירט די בריוו און אויסגערופן נעמען פאַר די אַלע פרויען, מאַמעס, שוועסטער און ברידערלעך, וואָס האָבן זיך מיט טיאָכקנדיקע הערצער צונויפגעשטופּט אין דער פאָטשט, וואו ס׳האָט אַראָפּגעקוקט צו זיי דער אויסגעפּוצטער שמייכלענדיקער צאַר אימפּעראַטאָר... נאָכן אויסרופן נעמען האָבן אַ סך פרויען געוויינט, באַזונדערס די, וואָס האָבן שוין וואָכן און חדשים ניט

באַקומען קיין בריוו פון זייערע זין, צי פון זייערע מענער אויף דער מל־חמה . . .

און די מלחמה האָט געבראַכט ניט נאָר אומגליק, נאָר אויך גליק צו געוויסע מענטשן. מען האָט אָנגעהויבן צו פרעגלען פּאָווידלע פון פלוימען אין ריזיקע קעסלען. די מלחמה האָט עפּעס פאַרבראַכט אַ סך פּאָווידלע, און די עטלעכע ייִדן אין בערשאַד, וואָס האָבן אָנגענומען די דאָזיקע פּאָד־ריאַדן, זיינען געוואָרן קורח רייך. אויך סוכאַרעס האָט מען געטריקנט פאַר דער מלחמה, און געניית שטיוול. און די מלחמה־גבירים האָבן אָנגעהויבן צו שיקן זייערע טעכטערלעך און זינדלעך קיין אָדעס אין דער גימנאַזיע. און ניט אַזוי די טעכטערלעך, ווי די זינדעלעך, ווייל אַז מען האָט געלערנט אין גימנאַזיע, האָט מען ניט געדאַרפט גיין אויף דער מלחמה... און אין די קאַניקולעס, דאָס הייסט, ערב קריסטמעס אָדער זומער צייט, זיינען גע־קומען די דאָזיקע זינדלעך אויף וואַקאַציע אין די שיינע אוניפאָרמען, מיט זילבערנע הערבן אויף זייערע טונקל בלויע היטלעך, און געקנאַקט רוסיש אויף די גאַסן.

זשעניאַ איז אויך געפאָרן קיין אָדעס אין דער גימנאַזיע. און סיי גרשון און סיי פּוליע האָבן שטאַרק געבענקט נאָך איר...

און מיטאַמאָל האָבן זיך געיאַוועט אַ סך פרעמדע יונגעלייטלעך אין בערשאַד, שיינע יונגעלייטלעך, איידעלע יונגעלייטלעך, אין פּוזימענע טור־ליפּעס, אין קאַראַקולנע היטלעך, אין געפּוצטע שטיוועלעך און קאַלאָשן. מען איז געקומען פון אַלע אַרומיקע שטעטלעך. „האָזן" האָט מען זיי גערופן, זינדעלעך פון פאַרמעגלעכע עלטערן, וואָס האָבן זיך געלאָזט קאָסטן מי יודע וויפיל געלט, אַבי זייערע קינדער זאָלן ניט גיין אויף דער מלחמה. בער־שאַד איז געוואָרן אַ גן־עדן פאַר די האָזן, צוליבן גוטן פּריסטאַוו. און גוט איז ער געווען, ווייל ער האָט „גענומען" און דער אוריאַדניק האָט אויך „גענומען" און די סטראַזשניקעס אַוודאי און אַוודאי.

דער פּריסטאַוו, לעאָנטיעוו, אַ יונגער, אַ שיינער, אַ הויכער, אַ בלאָנ־דער, האָט ערשט חתונה געהאַט פאַר אַ ברונעטער שיינהייט. ער האָט זי אָנגעטאָן אין פוטערס און אין זיידנס, געפּראַוועט בעלער און זי אַרום־געפירט אין פאַרפּוצטן פאַעטאָן. די מלחמה האָט אים גוט צוגעשפּילט.

אַ פּעסטע מלוכה פון האָזן געווען אין בערשאַד, און כאַבאַר איז געווען דער מעכטיקער קעניג. דער צאַר אימפּעראַטאָר מיט אַלע זיינע זשאַנדאַר־מען האָבן גאָרניט געקאָנט אויפטאָן קעגן דעם דאָזיקן מעכטיקן קעניג. מען האָט זיך אַפילו ניט געדאַרפט באַהאַלטן, מען איז אַרומגעגאַנגען פראַנק

און פריי איבער די גאַסן. און אין די שבתים אויף דער אַפּטייק גאַס האָבן זיי פריילעך געשפּאַצירט מיט די בערשאַדער שוואַרץ־חנעוודיקע מיידלעך, און אין די אָוונטן געגאַנגען אין אילוזיאָן (סינעמאַ) אָדער געשפּילט אין קאָרטן, אָדער אין דאַמקעס. ס׳איז געווען חי געלעבט, סיידן אַז ס׳האָט געדאַרפט אָנקומען אַ זוך־עקספּעדיציע פון האַלעפּאָליע. אָבער די האָזן האָבן זיך דערוואוסט וועגן דעם, איידער די זוך־עקספּעדיציע אַליין האָט געוואוסט וועגן דעם, און מען האָט זיך באַהאַלטן אין גוט־אויפגעבויטע סעקרעטן. דאָס האָט שוין דער „גוטער״ פּריסטאַוו געלאָזט וויסן אין פאַר־אויס.

אָבער ניט יעדער איינער האָט געהאַט בכוח צו זיין אַ האָז, מען האָט געדאַרפט האָבן אַ רייכן טאַטן, אָדער שווער און אַ סך בערשאַדער יונגע־לייט זיינען געלאָפן „נאַ שטיקי״ אויף די גאַליציאַנער ווינטערדיקע בלוטיקע פעלדער, געשריגן הו־ר־ר־ר־אַ, געשטאָכן מענטשן און ניט געוואוסט פאַר־וואָס. אַליין געשטאָכן געוואָרן און אויך ניט געוואוסט פאַרוואָס...

און אַרום צוועלף אַזייגער בייטאָג אויף דער פּאָטשט, ווען מען האָט געסאָרטירט די בריוו, איז דער עולם געוואַקסן יעדן טאָג, און קאָפּל פּאַרך מיט זיין פאַרשמאָלצעוואַטער גרויער קוטשמע אַריבערגערוקט איבער די אויערן, איז גאָרניט אָפּגעטראָטן פון פענצטער, אפשר וועט ער דערהערן, ווי מען רופט אויס אַ בריוו פון זיין ברודער הערשל אויף דער מלחמה. ער האָט געהאַט אַ שטיף־מאַמע, און דער טאַטע דער פלאָטניק האָט געהוסט, און ניט אַרויסגעוויזן צו אים קיין וואַרעמע מינע. דער ברודער הערשל, אויך אַ פלאָטניק, איז געווען גוט צו אים, אים באַשיצט און באַשירמט, אָבער איצטער איז הערשל אויף דער מלחמה, און אַזוי פיל וואָכן זיינען פאַרגאַנגען און קיין בריוו פון אים איז נאָך אַלץ ניטאָ...

## דער פייער

די רעגירונגס בראָנפן־מאָנאָפּאָלן זיינען דאָך געווען געשלאָסן אין דער צייט פון דער מלחמה, — איז צוגעקומען אין בערשאַד נאָך אַן אינדוסטריע — סאַמאָגאָן, אָדער כאַנזשאַ. ס׳הייסט פשוט מען האָט געמאַכט היימישן בראָנפן אין אַ סך הייזער, און צוליב דעם זיינען פאָרגעקומען אָפטע שריפות.

ביי אהרן דעם שמש אין הויז, האָט מען אויך געמאַכט בראָנפן, און אהרן דעם שמשס הויז איז זייט ביי זייט מיט מאיר דעם בלינדנס הויז. נאָר אַ שמאָלע וויליצע (געסל) האָט אָפּגעטיילט ביידע הייזער. פֿערל די שמשטע האָט אָפּט געדופֿן גרשונען צו זיך אין הויז איבערלייענען אַ בריוו פֿון אַרגענטינע. אַ טאָכטער האָבן זיי געהאַט אין אַרגענטינע, און איר פֿאָטאָגראַפֿיע מיט אירע צוויי קינדערלעך איז געהאַנגען אויף דער וואַנט. די טאָכטער אויף דער פֿאָטאָגראַפֿיע האָט גאָרניט אויסגעקוקט ווי אהרן שמשס אַ טאָכטער. אין אַ רייכער זיידן קליידל מיט אַ שלעפּ, מיט אַ שנירל פּערל אַרום האַלדז, מיט אַ גילדן זייגערל צוגעשפּיליעט צום קאָפּטל. איר פֿריזור אַ הויכע, מיט אַ סך שיינע קעמעלעך. איר פּנים אַ קלאָרס, אַ שמייכלענדיקס, האָט זי אויסגעקוקט ווי אַ פּריצעטע, און אירע צוויי אינגעלעך פּוכלינקע, מיט געקרייזלטע קעפּלעך, אין טייערע וואָלענע געקעסטלטע אַנצוגלעך, האָבן אויסגעקוקט ווי פּריצעמלעך.

און אויף דער דאָזיקער פֿאָטאָגראַפֿיע אויף דער וואַנט מיט דער רייך־אָנגעטאָנענער טאָכטער און צוויי אייניקלעך פֿון אַרגענטינע, האָט פֿון אַלע ווינקעלעך געקוקט אַ קנאַקנדיקער דלות; אַ טישל מיט דריי פֿיסלעך, אָנשטאָט דעם פֿערטן — אַן אונטערגעלייגט קלעצל; אַ צוויי אויסגעריבענע טאַבורעטקעס (ביינקלעך אָן ווענטלעך); אַ פֿענצטער מיט אַ פּאָר אויסגעקלאַפּטע שויבן פֿאַרשטאָפּט מיט שמאַטעס; בייכיקע גרינע ווענט; אַ פּאָליצע מיט אַ פּאָר שוואַרצע ברויטלעך.

געקוקט אויף דער דאָזיקער פֿאָטאָגראַפֿיע פֿון צייט צו צייט, האָבן אויך אהרן שמשס צוויי אַנדערע טעכטער, ציפּע און העניע, וואָס האָבן געאַרבעט פֿון פֿאַרטאָג ביז שפּעט אין דער נאַכט אין דער מאַקאַראָנע פֿאַבריקע, געקוקט אויף זייער רייך אָנגעטאָנענע שוועסטער פֿון אַרגענטינע און זיך מסתמא געוואונדערט, וואָס פֿון איין טאַטע־מאַמע — און יענע קוקט אויס ווי אַ פּריצעטע.

און אהרן דעם שמשס דאַך איז געווען אַ שטרויענער, כאָטשבי קיין סך שטרוי איז אויף אים שוין ניט פֿאַרבליבן. פֿיני שאַיעס ציג, די ירח־מיאַלעכע, האָט שוין געזען דערצו. פֿריער האָט זי אָפּגעשטשיפּעט די ברעגן און צוליב דעם האָט זי געדאַרפֿט זיך בלויז שטעלן אויף די הינטערשטע פֿיס, און זי האָט געקאָנט דערלאַנגען. שפּעטער, ווען ס׳איז שוין ניט געווען וואָס צו שטשיפּען ביי די ברעגן, איז איר טאַקע ניט געווען גוט, אָבער זי האָט מיט דער צייט זיך אויסגעלערנט שפּרינגען אויף דעכער. ניט אַלע ציגן אין בערשאַד האָבן דאָס געקאָנט, אָבער די ירחמיאַליכע — יאָ.

ווי מיר האָבן דערמאָנט אין אַ פריערדיקער מעשה, האָט זי געהאַט אַ גרויסן טאַלאַנט צו לעבן אין אַ יידיש שטעטל. פּוזשעלעס און שטעקנס האָבן איר ניט ווי געטאָן, בייטשן האָבן איר ניט געאַרט, אַז מען האָט זי צוגע־בונדן מיט אַ שטריק, האָט זי צעקייט דעם שטריק...

יאָ, אהרן שמש, אַ ייד גראָדע מיט אַ שיינער שוואַרצער באָרד, און קלוגע ברוינע אויגן האָט געמאַכט בראָנפן, און דער דאַך פון זיין הויז איז געווען אַ שטרויענער. און איינמאָל אין אַן אָוונט, גרשונס טאַטע האָט זיך געלייגט שלאָפן אין זיין בעט, גרשונס מאַמע האָט זיך געלייגט שלאָפן אין איר בעט. און גרשונס מאַמע, די קליינגעוויקסיקע, אויסגעדאַרטע, אויסגעהאָרעוועטע שרה, האָט געהאַט שטענדיק אַ ווערטל, ווען זי האָט זיך געלייגט זייער אַ מידע אין בעט:

— אַך, מאיר, איך וועל זיך איצט ניט בייטן אפילו מיטן קיסר.

האָט זי יענעם אָוונט אויך געזאָגט דאָס דאָזיקע ווערטל זיך לייגנדיק אין בעט. גרשון איז געזעסן ביים טיש — ביים פאַררויכערטן לעמפּל אין געשריבן אַ חיבור, און פּלוצלונג, ס׳איז רויט אין די פענצטער. אַלע פענ־צטער זיינען רויט... ס׳געדויערט ניט קיין סעקונדע, ווי מען שרייט שוין אין דרויסן:

— געוואַלד, יידן, ס׳ברענט!

און ס׳געדויערן ניט נאָך עטלעכע סעקונדן, ווי די קלויסטער גלאָקן קלינגען טרעוואָזשנע: „באָם גאָן, באָם גלאָן״, און ס׳געדויערט ניט ווידער נאָך עטלעכע סעקונדן, ווי גאַנץ בערשאָד לויפט שוין. אַ סך לויפן מיט עמערס. אַ כלל איז שטענדיק, אַז אויב אַ שריפה, איז איידער וואָס ווען, כאַפּ אַן עמער און לויף...

און דעם וויסטן יאוש פון אהרן דעם שמש מיט זיין ווייב פערל, און מיט זיינע צוויי טעכטער ציפּע און העניע, מיט צעפּאַטלטע האָר, מיט פאַרבראָכענע הענט, מיט איבערגעקערטע פּנימער, וועט גרשון לאַנג, לאַנג געדיינקען... ער וועט אָבער אויך געדיינקען, אַז ער האָט אויך דע־מאָלט געוואָלט אַ לאַך טאָן, און געוואָלט אַ לאַך טאָן האָט ער דערפאַר, וואָס די שמשטע האָט געראַטעוועט פון דער ברענענדיקער הויז ניט קיין קישן, ניט קיין לייכטער, ניט קיין געשיר, נאָר — די פאָטאָגראַפיע פון איר רייכער טאָכטער מיט אירע צוויי אייניקלעך פון אַרגענטינע...

און דאָס הויז האָט געברענט פון אַלע פיר זייטן, פריילעך געברענט. דאָ אַרום און אַרום — יאָמערדיקע קולות, אָבער די פלאַמען פייער קנאַקן פריילעך. עפּעס ווי זיי האָבן לאַנג געוואַרט אַ הוליע טאָן אויף אהרן

שמשׂס אָרעמער נחלה. זיי זיינען געשפּרונגען, די פלאַמען, מיט חשק, מיט לוסטיקייט, איינער איבערן אַנדערן געשפּרונגען, קליינע פלאַמען האָבן זיך געצויגן צו גאָר גרויסע פלאַמען, צו די גאָר פלאַקערדיקע פלאַמען... און דאָס וואָס הונדערטער מענטשן אַרום האָבן געהויבן קולות, געליאַרעמט, האָט זיי, די פלאַמען, ווי הנאה געטאָן. ס׳איז געווען, ווי מען וואָלט זיי צוגעזונגען צו זייערע ווילדע, פאַרשייטע טענץ... און די עמער וואַסער, וואָס מען האָט געגאָסן אויף זיי, און די וואַסער, וואָס די קישקע פון דער פאַזשאַרנער מאַשין האָט געשפּריצט אויף זיי, איז באמת געווען ווי אַ געלעכטער... אַ גאָס אַ שטראָם וואַסער אויף אַ פלאַם, טוט ער אַ ציטער, טוט אַביסל אַ פאַל אַראָפּ און גלייך טוט ער זיך אַ הויב אויף מיט נאָך אַ גרעסערן פאַרנעם.

— דאַוואַי וואָדי!!! דאַוואַי וואָדי!!! — האָט מען געשריגן, און יידן זיינען געלאָפן צו דער קערניצע ניט ווייט און שנעל געבראַכט וואַסער.

און גרשון וועט אייביק געדיינקען דעם צער פון זיין אויסגעדאַרטער, אויסגעהאָרעוועטער מאַמען, און דעם אַנגסט פון זיין הויכן טאַטנס איינציק זעעוודיקן אויג באַלויכטן פון דער שריפה... אַט טוען די פלאַמען אַ שפּרונג אַריבער צום דאַך פון זיין הויז, און וואָס וועט ער טאָן? אָן דער הויז, איז כאָטש זיך אָנטאָן אַ טאָרבע און גיין איבער די הייזער...

אָבער מאיר דער בלינדער האָט געהאַט חברים, — חברים פון דער „חברה תהילים". אין אַלטן בית המדרש, וואו גרשונס טאַטע האָט גע־דאַוונט, האָבן זיך די ווייניק־פאַרמעגלעכע יידן געמאַכט אַ חברה פאַר זיך און דוד סטאָליער, אַ רויט־האָריקער איד, איז געווען דער גבאי. ס׳האָט געזאָלט הייסן, אַז מען קומט זיך צונויף אין אַלטן בית המדרש אַלע אינאיינעם זאָגן תהילים. האָט מען טאַקע געזאָגט תהילים, אָבער אין אמתן איז דאָס געווען אַ חברה געבוירן געוואָרן אַלס פּראָטעסט געגן די שיינע יידן, וואָס האָבן אין שול ביים אויסרופן צו דער תורה און צו די הקפות, צוגענומען פאַר זיך דעם גאַנצן כבוד. די חברה תהילים האָט אָפּט אין די שבתים און די ימים טובים און באַזונדער שמחת תורה, זיך אָפּגע־טיילט אין אַ באַזונדער שטיבל, און ביים אויסרופן צו דער תורה, און ביים גיין מיט די הקפות, יעדן איינעם חבר אָפּגעגעבן כבוד. קיינעם ניט פאַר־שעמט.

און אָט צו דער דאָזיקער שריפה זיינען געקומען צו לויפן די חברים פון דער „חברה תהילים" און האָבן זיך גלייך געגעבן אַ שבועה, אַז זיי וועלן בשום אופן ניט דערלאָזן מאיר דעם בלינדנס הויז אַוועקגיין מיטן פייער...

זיי האָבן דערטאַפּט זעק און רעדנעס, זיי גוט איינגעוויקלט אין וואַסער און זיי אויסגעלייגט אויף מאיר דעם בלינדנס דאַך, וואָס איז געווען אַ בלעכענער, און דערנאָך מיט עמער וואַסער שטייענדיק אויפן דאַך, און ווי נאָר זיי האָבן דערזען אַ פלאַם אַ שפּרינג טאָן, גלייך אים פאַרטריבן מיט קולות און געפילדערס, און מיט עמערס וואַסער...

— דאַוואַי וואַדי!!! — האָבן די „חברה תהילים״, זייערע פּנימער רויט אין אָפּשיין פון דער שריפה, געשריען ביז צום הייזעריק ווערן.

ס'איז געווען דער גרויסער פאַרמעסט צווישן צוויי מעכטיקע כוחות, דער כוח פון ווילדע פלאַמען פייער, געגן כוח פון דער געטרייער מענטשלעכער חברשאַפט... און אַז די פלאַמען האָבן נישט געקאָנט שפּרינגען אויפן דאַך, זיינען זיי געשפּרונגען אויף די ווענט, אָבער ביי די ווענט זיינען אויך געשטאַנען חברים פון דער „חברה תהילים״ און ממש מיט די הענט צעקוועטשט דעם פייער...

:: :: ::

שבת האָט מאיר דער בלינדער געדאַרפט מאַכן אַ קידוש פאַר דער חברה תהילים, אָבער די גוטע שרה האָט געזאָגט, ווי אַזוי קאָן מען זיך פרייען אַז ביים שכן וויינט זיך. האָט דאַריבער מאיר דער בלינדער מיט דער חברה תהילים ניט גערוט, ביז די שטאָט האָט אויפגעשטעלט אַ נייע הויז פאַר אהרן דעם שמש. ערשט דעמאָלט איז שוין געווען אַ קידוש. מען האָט געטרונקען לחיים, זיך צוגעוואונטשן איינער דעם אַנדערן און געזונגען: „וואָס מיר זיינען, זיינען מיר, אָבער יידן זיינען מיר...״

## אָדעסאַ מאַמאַ

אַך, אָדעס! „אָדעסאַ מאַמאַ״!

די יוגנט אין בערשאַד האָט געחלומט פון אָדעס פונקט ווי פון אַמעריקע. אַז אַן אָדעסיט איז אַמאָל אַראָפּגעקומען אין שטעטל האָט מען געקוקט אויף אים ווי אויף אַ חידוש. ניט דערפאַר וואָס ער איז געווען אַ גרויס־שטאָטישער. דאָס אויך מסתמא, נאָר עפּעס דאָס גאַנגעלע זיינס, אַ וואויל־יונגערישס, אַ טאַנצנדיקס און די אויגן שאַרף און ביסטרע, און דאָס לשון אַ גיכס און פול מיט פעפערדיקע ווערטלעך, און דאָס אָנטאָן ענג־געפּאַסט. און דער עיקר דאָס מאַכן זיך גלייך היימיש מיט יעדן איינעם.

שפעטער מיט יאָרן אין אַמעריקע האָט גרשון געהערט אהרן לעבע־דעוו זינגען אַ לידל אין טעאַטער וועגן אַדעס, וואָס איז זייער באַרימט גע־וואָרן:

אין אַדעס, אין אַדעס,
אויף דער מאָלדאַוואַנקע,
האָב איך געטאַנצט אַ טעלענעשט
מיט אַ שאַרלאַטאַנקע...

און דערביי האָט לעבעדעוו וואוויליונגעריש געפּאַטשט מיט די הענט איבער די ענג־געפּאַסטע כאַליעווקעס פון זיינע שפּיגלדיקע שטיוועלעך, און געוואָרפן פלינק און אויסטעלעריש מיט זיינע לאַווקע פלייצעלעך און אויסגעדריקט אין זיין געזאַנג און אין זיין יעדער באַוועגונג, דעם לעב־יונג, דעם זאָרגלאָזן פריילעכן לונג־און־לעבער. אין אַזאַ ליכט טאַקע האָט מען אין בערשאַד געזען דעם אַדעסיט.

יאָ, גרשונען האָט געטראָפן דאָס גרויסע גליק, זיין שוועסטער חנה־רבקה, וואָס האָט זיך געלערנט אין אַדעס אויף ציין־דאָקטאַרין, האָט אים אויסגעשריבן צו זיך און אים אַריינגעגעבן אין דער אַדעסער ישיבה! און אין אַדעס איז אויך דאָ זשעניאַ, וואָס לערנט זיך אין דער פּרויען גימ־נאַזיע. ס׳וועט אים אַ סך אַרויסקומען, וואָס זי איז דאָרטן דאָ, — אַז מען רעדט איינער צום אַנדערן במילא ניט אויס קיין וואָרט. זי — פון רייי־כערן קלאַס, ער — פון אָרימערן קלאַס. אַ גרויסער אָפּגרונט. ער וועט זיך אָבער פרייען אין האַרצן, וואָס ער וועט זי זען. זי וועט מסתמא אַ קוק טאָן אויף אים מיט אירע שיינע פינקלדיקע ברוינע אויגן, גרויס צע־עפנט מיט וואונדער, ווי איינער זאָגט: „ער איז אויך דאָ, דער פאַרשוין״!

און ס׳איז טאַקע געווען, ווי ער האָט זיך אויסגעמאָלט. זי האָט טאַקע אַזוי אַ קוק געטאָן אויף אים, ווען זי האָט אים דערזען אין אַדעס. אויף דער רישילעווסקי האָט ער זי איינמאָל אַ טאָג פּלוצלונג אָנגעטראָפן. זי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ קאָטיקאָווען גרינלעך שוואַרצן פוטערנעם מאַנ־טעל, אין אַ פוזים קוטשמעלע און אירע הענט אַריינגעטאָן אין אַ קאַראַקולער מופטע. ס׳איז דעמאָלט געפאַלן אַ שניי און אירע באַקן — רויט פון פראָסט, און אירע ליפּן אויך רויט, אירע ציין אַזוי בלענדנדיק ווייס פונקט ווי דער שניי. זי איז געגאַנגען מיט חברטעס גימנאַזיסטקעס. און אַלע האָבן געלאַכט. און געלאַכט האָבן זיי, ווייל ס׳איז געווען גוט, און בכלל,

אַז מען איז אין אָדעס, און נאָך אויף דער רישעליעווסקי, לאַכט מען.

און גרשונען איז גראָד ניט געלעגן אינזינען קיין לאַכן. ס'איז אים געווען אַזוי קאַלט, אַז ער איז ניט געגאַנגען אויף דער גאַס ווי מענטשן גייען, נאָר געלאָפן. עפּעס זיין ברוין־געלבלעכער מאַנטל, וואָס די שוועס־טער האָט אים געקויפט אויפן טאָלטשאָק, ווי נאָר ס'האָט געכאַפּט אַ פראָסט, איז גלייך פאַרפרוירן געוואָרן, און געוואָרן שטייף ווי בלעך. בכלל געדענקט זיך גרשון אין די אָדעסער ווינטערס, ווי נאָר ער לויפט איבער דער גאַס, אַקוראַט ווי עמיצער יאָגט אים נאָך. אַז מען לויפט איז וואַרע־מער. כמעט שטענדיק הונגעריק איז ער אויך געווען, און אויסגעדאַרט ווי אַ שפּון. אויך האָבן די קאַלטע ווינטן פון שוואַרצן ים אים דורך און דורך געגומען...

יאָ, ער איז געווען כמעט שטענדיק הונגעריק אין אָדעס, כאָטש מען האָט אין דער ישיבה געגעבן צו פרישטיק אַ ווייס שטיק ברויט מיט אַ זי־סער גלאָז טיי, צו מיטאָג אַ טעלער מיט זופּ פון קאַרטאָפליעס אָדער אַ קאַליש. וועטשערע האָט מען שוין ניט געגעבן. וועטשערע האָבן די ישיבה בחורים געדאַרפט קויפן פאַר זייער אייגן געלט. און וואו־זשע האָט גרשון געהאַט אייגן געלט? בלויז 5 רובל אַ חודש האָט אים זיין טאַטע געשיקט, זיינען דריי רובל אַוועק אויף זיין קוואַרטיר, דאָס הייסט, פאַר זיין גע־לעגער אויף צונויפגעשטעלטע ביינקלעך ביי דער מאַדאַם ראַזענבערג אויף דער יעווריעיסקאַיאַ, און פאַר די איבעריקע צוויי רובל קאָן מען שוין קיין סך וועטשערעס אין אַ חודש ניט עסן. אַ גליק די פּאַסילקעס (פּעקלעך פון דער היים. די גוטע מאַמע האָט אַריינגעלייגט אין אַ פּאַסילקע אַ טע־פּעלע געגנזן שמאַלץ, צוויי גרויסע ווייצענע ברויטן, אַ סלאָי מיט פּאַווידלע און פלעצלעך (חנה־רבקה איז לאַנג ניט געבליבן אין אָדעס, נאָכדעם ווי גרשון איז אַריין אין דער ישיבה. זי איז אַוועקגעפאָרן קיין כאַרקאָוו). אָבער אַ פּאַסילקע פון דערהיים האָט געקלעקט אפשר אויף אַ וואָך, אָדער אויף צען טעג, און געדאַרפט האָט מען וואַרטן אויף אַ נייער פּאַסילקע צוויי דריי וואָכן.

פונדעסטוועגן, ווען מען זאָל זאָגן גרשונען: אויב דו ביזט שטענדיק הונגעריק אין אָדעס און דו ציטערסט אַזוי פון קעלט אין אָדעס, פאַר צו־ריק אַהיים, וואָלט ער געענטפערט מיט אַ שטאַרקן „לא" — ניין! ס'איז ניט אַזוי געווען דאָס לערנען זיך אין דער ישיבה, און דאָס קאָנען זען זשע־ניאַן פון צייט צו צייט, ווי די שטאָט אַליין, וואָס האָט געפאַנגען זיין האַרץ. און ער איז דאָך שפּעטער מיט יאָרן שוין אויסגעווען אין אַ סך גרעסערע

שטעט איבער דער וועלט, אָבער — אַי, אָדעס, אָדעס... אין קיין שום שטאָט לאַכט מען ניט אַזוי פיל אויף די גאַסן, סיי ווינטער, סיי זומער ווי אין אָדעס (זומער, פאַרשטייט זיך, מערער). אין קיין שום שטאָט וועלן מענטשן אויף די טראָטואַרן, אָדער אין די טראַמווייען, פרעמד איינער צום אַנדערן, ניט ווערן גלייך היימיש, ווי אין אָדעס. אין קיין שום שטאָט, וועט די יוגנט ניט שפּאַנען אַזוי ראַשיק, און אַזוי וואויל־יונגעריש איבער די גאַסן, ווי אין אָדעס. אין קיין שום שטאָט שפּילט מען ניט אין די פאַר־נאַכטן אויף מאַנדאָלינעס און אויף באַלאַלאַיקעס אין די פּאַרקס, אין די סקווערן און אפילו אויף די בענק אונטער די גאַסן־לאָמפּן אַזוי פיל, ווי אין אָדעס.

און וועגן דער אָרעמקייט וועט איר פרעגן? — אוי, איז דאָרטן גע־ווען אַן אָרעמקייט! אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אויף די גאַסן פון דער מאָלדאָוואַנקע איז די אָרעמקייט געווען אַזוי הימל־שריי־ענדיק לגבי דער שפע, דאָס אַלדאָס גוטס אין די גרויסע קראָמען און מאַגאַזינען.

די גרויסע קראָמען און מאַגאַזינען זיינען געווען אָנגעשטאָפּט מיט די בעסטע שפּייזן פון גאַנץ אוקראַינע און אויך פון אויסלאַנד; מיט די בעס־טע קליידערוואַרג און שוכוואַרג; מיט די טייערסטע ווינען און ליקערן; מיט די פיינסטע אַפּעטיט־רייצנדיקע קאָלבאַסן, הערינגס, סאַרדינען, מאַס־לינעס; מיט די געשמאַקסטע פּיראָזשנעס, לעקעכער, פלאָדנס און שטרו־דעלס.

מלחמה ספּעקולאַנטן זיינען זיך אַהין צונויפגעפאָרן פון אַלע עקן, און ס׳איז געווען חי געלעבט. טאַקע ווי „גאָט אין אָדעס". פאַרמעגלעכע עלטערן פון די אוקראַינישע שטעטלעך האָבן דאָרטן איינגעאָרדנט זייערע זינדלעך און טעכטערלעך אין די גימנאַזיעס. און אין די פאַרנאַכטן האָבן געשפּאַצירט די ז׳אָזיקע זינדלעך און טעכטערלעך אין אויסגעפּוצטע גימ־נאַזיע־יוניפאָרמען אויף די רישיליעווסקע און אויף דער דעריבאַסאָווסקע און פאַרהילכט די טראָטואַרן מיט זייערע יונגע געלעכטערס. ס׳האָבן אויך געשפּאַצירט הויך־ראַנגיקע מיליטער־לייט מיט די רייכסטע און שענ־סטע אָדעסער טעכטער, אָדער זיך געטראָגן אין עלעגאַנטע דראָזשקעס און פיאַקערס. און אַז ס׳האָט פאַרבלאָנדזשעט אַהין אַ פּשוטער סאָלדאַט מיט איין אָרבל אַ ליידיקן, דאָס הייסט, ס׳האָט געפעלט אַ האַנט, אָדער מיט איין הויז אַ ליידיקן, דאָס הייסט, ס׳האָט געפעלט אַ פוס, איז דאָס געווען, ווי אַן אַקט פון אומהעפלעכקייט פון זיין זייט...

און אויף דער מאָלדאַוואַנקע האָט די אָרעמקייט זיך געוויקלט אין שמאַטעס און אין לאַטעס, געגעסן סטרולקעס און טאַראַנען, אַזויגע ביליקע פּישלעך, געטרונקען פּיר גלעזער טיי מיט איין שטיקל צוקער, און אין די אויגן האָט געברענט אַזאַ גרויסע לוסט צום לעבן... זומער לעב — אַ רע־טעכל, אַן אוגערקע, אַ פּאָמידאָרל, אַ ווײַנשל, אַ באַר, אַ ווײַנטרויב, אַ שטיקל קאַוועגע און דיניע, און אין די מילדע שמעקנדיקע פאַרנאַכטן — הילכיקע געלעכטערס און לידער פון האָפענונגען.

אין קיין שום שטאָט ווי אָדעס האָבן ניט געוואַקסן אויף די טראָטו־אַרן אַזוי פיל אַקאַציע און קאַשטאַנען ביימער. און אונטער די אַקאַציע און קאַשטאַנען ביימער אויף די טראָטואַרן האָט מען געזונגען אין די פאַר־נאַכטן פריילעכע לידער, און אָפט־מאָל רעוואָלוציאָנערע לידער. ס'האָט געווימלט און געשוויבלט אויף דער מאָלדאַוואַנקע מיט רעוואָלוציאָנערע קרייזלעך. אַז די רעוואָלוציע וועט קומען, איז מען דאָרטן געווען זיכער ווי גאָלד. און אַז די רעוואָלוציע איז טאַקע געקומען, האָט זיך אַרויסגעלאָזט די „באָסאָטא" (די באָרוויסקייט) און „גאַלאָטאַ" (די נאַקעטקייט) פון דער מאָלדאַוואַנקע אויף די הויפּט־גאַסן מיט רויטע פאָנען און זיך געפילט ווי די גלאַוונע מחותנים...

„אַך טי יאַבלאָטשקאַ" האָט מען שטאַרק געזונגען אין אָדעס אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע.

אַך טי יאַבלאָטשקאַ
קודאַ קאָטישסיאַ?

(אַך, דו עפּעלע, וואוהין קאָטשעסטו זיך). און דאָס עפּעלע האָט גע־מיינט דעם בורזשוי, דעם קאָנטער־רעוואָלוציאָנער און אַלערליי שעדיגער).

און גרשון, דאָס אויסגעדאַרטע אינגל פון בערשאַד, האָט געציטערט אין אָדעס, סיי זומער און סיי ווינטער, און ניט פון קעלט, נאָר פון דעם ראַשיקן לעבן, פון דער שפע פון קאָלירן, געזאַנגען און ריחות...

# חיים נחמן ביאַליק און די קאַלאָשן

חיים נחמן ביאַליק איז גאָר ניט געווען איינער פון די לערער אין דער ישיבה, ווי מען האָט געשמועסט אין בערשאַד, און אויך ניט דר. יוסף קלויזנער. זיי זיינען אין די פריערדיקע זמנים געווען לערער, אָבער ניט איצטער. מען האָט אָבער געזאָגט, אַז אין דער שול „יבנה" קאָן מען אַמאָל זען ביאַליקן. איז גרשון געגאַנגען עטלעכע מאָל אין דער שול יבנה און ניט געזען ביאַליקן. דר. קלויזנערן — יאָ, — אַ קליינגעוויקסיקער, אַ דאַרינקער, מיט אַ שפּיציק שוין גרוילעך בערדל, מיט קלוגע דורכדרינג־לעכע אויגן. ער האָט עפּעס אויסגעקוקט ווי גרשונס אַמאָליקער רבי פּיני שאַיעס.

זיין אין אָדעס און ניט זען חיים נחמן ביאַליקן? וואָס וועט ער זאָגן זיין חבר פּוליען? זיי ביידע האָבן געחזרט אויף אויסנווייניק אַ סך פון ביאַליקס שירים און זיך געקוויקט מיט יעדער וואָרט. אָפטמאָל אין די אָוונטן, ווען זיי זיינען ביידע געזעסן אויף די קלעצער פאַר גרשונס הויז, האָבן זיי זיך דערמאָנט אין ביאַליקס שיר, וואָס הייבט זיך אָן מיט די דאָזיקע ווערטער:

התדע מאין נחלתי את שירי?
בביתי השתקע משורר ערירי.....

(ווייסטו פון וואַנען איך האָב געירשנט מיין ליד? אין מיין הויז האָט זיך באַזעצט אַ דיכטער אָן עלנדער).

און דער דיכטער דער עלנדער, איז געווען אַ גריל, און אין די אָוונטן, ווען אין ביאַליקס טאַטע און מאַמעס אָרעם הויז איז געווען אומעטיק און ס׳האָט געפייפט דער דלות, האָט דער עלנטער דיכטער, דאָס הייסט, דער גריל, אויסגעזונגען זיין ליד פון ווייסטער אָרעמקייט.

און דערמאָנט האָבן זיי זיך ביידע אין דער דאָזיקער ליד פון ביאַליקן, ווייל אויך אין גרשונס הויז האָט זיך באַזעצט אַ גריל, און אין די אָוונטן, ווען אין מאיר דעם בלינדנס הויז איז געווען אומעטיק, און טאַטע־מאַמע זיינען געזעסן פאַרזאָרגטע, וואו נעמט מען אויף אַ געבעקל ברויט פאַר דער וואָך, האָט דער גריל אין הויז געהאַלטן אין איין גרילן: אור־הו, אור־הו, ניט אויפגעהערט אַפילו אויף קיין סעקונדע.

איז גיי ריכט זיך, אַז גרשון וועט ניט נאָר זען ביאַליקן, נאָר אַפילו

ריידן צו אים, און אים העלפן אָנטאָן די קאַלאָשן!

די מעשה איז געווען אַזוי: ביי דעם דירעקטאָר פון דער ישיבת פּאָ־וועל איסאַקאָוויטש קאַזאַק, איז געשטאָרבן זיין מאַמע, האָט מען געשיקט איינמאָל אַ פאַרנאַכט צו אים אין הויז צען ישיבה בחורים צו דאַוונען מנחה און מעריב, און גרשון איז געווען איינער פון די גליקלעכע. פאַר־וואָס גליקלעך? ווייל מען האָט זיך גערעכנט, אַז נאָכן דאַוונען וועט מען דערלאַנגען אַ קיי. און אַזוי איז טאַקע געווען. נאָכן דאַוונען האָט דעם דירעקטאָרס פרוי דערלאַנגט אויף אַ גרויסן טעלער טשאַי־נאַ קאַלבאַסאַ, אויף אַ צווייטן גרויסן טעלער אָנגעשניטענע ווייסע רעפטלעך ברויט, און אויך יעדן איינעם אַ גלאָז טיי. דעם טעות וואָס זי האָט געמאַכט, איז וואָס זי האָט ניט אויסגעטיילט יעדן איינעם אַ באַזונדערע פּאָרציע טשאַי־נאַ קאַלבאַסאַ, און דאָס דערלאַנגט אין איין אַלגעמיינעם טעלער. זי האָט אוודאי ניט געוואוסט, אין איר זאַטן הויז, ווי הונגעריק אַ ישיבה בחור קאָן זיין, באַזונדערס אין די אָוונטן. זיינען די חברה באַפאַלן דעם טעלער ווי הונגעריקע וועלף. אַפילו אויסגעכאַפּט איינער פון אַנדערן פון די הענט, און אין איין סעקונדע, אפשר נאָך ווינציקער פון אַ סעקונדע, איז דער טע־לער געוואָרן נקי — ריין. און פאַרשטייט זיך, אַז די שטאַרקערע און די פלינקערע האָבן געכאַפּט צו צוויי און צו דריי שטיקלעך, און די שוואַכערע אַפילו ניט קיין איינס. גרשון איז געווען צווישן די שטאַרקערע און פלינ־קערע. גראַדע ביזן דערלאַנגען דאָס, האָבן זיך די ישיבה בחורים באַנו־מען מיט זייער שיינע מאַניערן, געזעסן שטילע, מיטפילנדע, ווי ווען מען זיצט אין הויז פון אַן אָבל.

אָבער די דאָזיקע מעשה מיט כאַפּן פון טעלער האָט ניט צו טאָן מיט חיים נחמן ביאַליקן. ס'איז גלאַט אַזוי באַשריבן אַן אינצידענט פון דעם לעבן פון די אָדעסער ישיבה בחורים.

חיים נחמן ביאַליק איז אַריינגעקומען ווען מען האָט שוין געהאַלטן אין דערקייען די לעצטע ביסנס. אַריינגעקומען אין הויז אַ מאַן, אין אַ פּוטערנער שובע (מאַנטל) מיט אַ קאַראַקולנער קוטשמע און אין פּליטקע קאַלאָשן. אַ געוויינלעכער מאַן, אפשר אַ סוחר, אָבער גרשון האָט אים גלייך דערקענט. איידער ער האָט נאָך אויסגערעדט אַ וואָרט, האָט אים גרשון דערקענט, און ניט אַזוי זיין קיילעכדיק פולבלעך פּנים, ווי זיינע אויגן. דאָס זיינען געווען די אויגן פון חיים נחמן ביאַליק, וואָס האָבן ניט איינמאָל אַראָפּגעקוקט צו אים פאַרחלומטע און וואַרעמע פון דעם בילד אויף דער וואַנט ביי נחום באַגאַמאָלני אין דער ביבליאָטעק. אַלע ישיבה

בחורים האָבן אים דערקענט. אַ לעגענדע כמעט אין די יידישע שטעטלעך — און איצטער שטייט ער פאַר זיי אין בלוט און אין פלייש, אַזאַ לע־בעדיקער...

ער טוט זיך אויס זיין טייערע שובע און הענגט איר אויף אין דער פּראָכאָדנע (דורכגאַנג). ער טוט אויס זיין שוואַרצע קאַראַקולענע קוטשמע און הענגט זי אויף איבער דער שובע. ער טוט זיך אויס זיינע פּליטקע קאַלאָשן און פאַררוקט זיי אין אַ ווינקל. די אַלע איינצלהייטן האָט גרשון נאָכדעם באַשריבן אין אַ בריוו צו זיין חבר פּוליען, ביט פאַרגעסן צו דער־מאָנען וועגן ביאַליקס שיטערע האָר אויפן קאָפּ, און וועגן זיין פולן קיי־לעכדיקן פּנים, וואָס איז געווען אַזוי פּראָסט, ווי גאָרניט ביי קיין משורר, און נאָך אַזאַ באַרימטן משורר. זיינע אויגן האָבן שוין אָבער פאַרגיטיקט. פון זיינע אויגן האָט געשטראָמט אַ דערהויבענע ליכטיקייט. יעדער איי־נער בחור איז צוגעגאַנגען און אים אָפּגעגעבן שלום עליכם. ווען גרשון איז צוגעגאַנגען צו אים און אים אָפּגעגעבן שלום עליכם, האָט ער אַזש געוואָלט מאַכן אַ ברכה. דאָס האָט ער אָנגערירט די וואַרעמע לעבעדיקע האַנט פון דעם גרעסטן משורר ביי יידן!

— אדוני המשורר, חיים נחמן ביאַליק — איז עפּעס גרשון געוואָרן געוואַלדיק געוואָגט — קראתי את כל שיריך, והם היו מרפא ללבי (איך האָב געלייענט אַלע דיינע לידער, און זיי זיינען געווען ווי אַ היילונג צו מיין האַרצן).

ביאַליק האָט אַ לאַך געטאָן, גרשונען אַ גלעט געטאָן אין דער באַק און זיך אָנגערופן צו אים אויך אין העברעאיש:

— נעים מאוד (זייער אָנגענעם). און פון וואַנעט קומט אַ בחור? — איז ער גלייך איבערגעגאַנגען אין יידיש.

— פון בערשאַד, — האָט אים גרשון אויך געענטפערט אין יידיש.

— אַ בערשאַדער — דערפרייט ער זיך — געהערט פון בערשאַד. אַ נוסח צום דאַוונען איז דאָרטן געבוירן געוואָרן, זייער אַ האַרציקער נוסח — ווענדעט ער זיך צום דירעקטאָר — מען רופט אים טאַקע „דער בערשאַדער נוסח״, אַ נו, בחור, גיב מיר אַ זאָג דעם „ואני, איך יעקב״, ווי אַזוי דו האָסט אים געזאָגט אין חדר פאַר דיין רבין, און מיט אַ ניגון.

דעם אמת געזאָגט, איז גרשון כאָטשבי ער שטאַמט פון בערשאַד, אָבער אַ קנאַפּער בעל מנגן, פונדעסטוועגן האָט ער דעם „ואני, איך יעקב״ געקענט אויסזינגען מיט אַלע קליפּערלעך. מחמת ער אַליין האָט ליב געהאַט דעם דאָזיקן שטעל אין חומש, וואָס מען פלעגט דאָס אויסזינגען אין יידיש,

ווי יעקב פאַרענטפערט זיך פאַר זיין זון יוספן, אַז ער האָט מיט זיין מו־טער רחל ניט אַזוי געטאָן, ווען זי איז געשטאָרבן אין מיטן וועג אין כנען, ווען ער איז געגאַנגען פון פדן ארם, און ער האָט זי באַערדיקט ניט אין דער מערת המכפלה, נאָר אויפן וועג קיין אפרת, וואָס דאָס איז בית לחם. האָט אונדזער בחור אָפּגעקנאַקט דעם „ואני איך יעקב״ פּונקט ווי אַמאָל אין חדר פאַר זיין רבין, און ביאַליק האָט אָנגעקוואָלן.

און גרשון איז ניט געווען דער איינציקער גליקלעכער, צו וועלכן דער גרויסער משורר האָט גערעדט. אָבער די טשיקאַווסטע זאַך איז געווען, וואָס ביאַליק האָט גערעדט צו די ישיבה בחורים רק אין יידיש און גע־וואָלט זיי זאָלן אים אויך ענטפערן אין יידיש. איינער אַ בחור פון האַ־לעפּאָליע, וואָס מען האָט אים גערופן אין דער ישיבה „דער האָלעפּאָליער עקשן״, האָט רק געוואָלט ריידן צו ביאַליקן אין העברעאיש, האָט זיך דער משורר אָנגערופן צו אים גוטמוטיק:

— רעד בעסער צו מיר אין יידיש. מען רעדט ביי אייך אין האָלעפּאָ־ליע זייער שיין יידיש.

שפּעטער ווען חיים נחמן ביאַליק האָט זיך געזעגנט און זיך געלאָזט אין דער „פּראָכאָדנע״, האָבן אַלע ישיבה בחורים זיך אַ יאָג געטאָן נאָך אים. יעדער איינער האָט אים געוואָלט העלפן אָנטאָן דעם מאַנטל. גרשונען איז געלונגען אַ כאַפּ טאָן די קאַלאָשן און אָנגעהויבן אַרויפציען אויף זיינע פיס. ביאַליק האָט זיך פאַרלוירן פון דעם גרויסן אייפער פון די בחורים, איז ער געשטאַנען אַ הילפלאָזער און געלאָזט זיך אָנטאָן זיין מאַנטל, און געלאָזט זיך דריקן די האַנט פון יעדן איינעם, און קוים זיך אַרויסגע־כאַפּט פון הויז.

און אַז גרשון האָט זיך געלאָזט אַהיים צו זיין קוואַרטיר אויף דער יעווריעיסקאַ, דאָס הייסט, צו זיין געלעגער פון צונויפגעשטעלטע בענק־לעך, איז ער ניט געגאַנגען, נאָר געשוועבט מיט אַ גרויס שטיק גוטס אין זיין האַרצן... די לבנה האָט געשיינט... די גאַסן ווייס פון שניי. און אונדזער בחור האָט געחלומט אַ חלום...

# גרשון דער פרעסער

אָפיציעל האָט גאָר די גאַס געהייסן: „אוליצאַ סקאָבעליאָווע״, אָבער גערופן האָט מען זי די „יעוורעיסקאַיאַ״. אפשר דערפאַר, ווייל דאָרטן איז געווען די באַרימטע גרויסע שול, וואו ס׳האָט געדאַוונט דער וואונדערלעכער חזן שטיינבערג מיט אַ סך משוררים; און ס׳איז דאָרטן אויך געווען דער יידישער ביכער פאַרלאַג פון די ברידער בלעטניצקי; און אויך פעלדמאַנס יידישער טעאַטער, וואו ס׳האָט געשפּילט קלאַראַ יאַנג און פּעפּי ליטמאַן; און בכלל האָבן דאָרטן געוואוינט אַ סך יידן...

און דאָרטן אויף דער יעוורעיסקאַיאַ צו זיין הונגעריק איז אַ גרויסע אָפּקומעניש, מחמת ס׳איז דאָרטן געווען כמעט אין יעדן הויף אַ דאָמאַשני רעסטאָראַן (אַ היימישער רעסטאָראַן). און פון די רייצנדיקע געשמאַקע ריחות, וואָס האָבן זיך געטראָגן פון די דאָמאַשני רעסטאָראַנען האָט אונדזער אויסגעהונגערטער בחור כמעט ווי געחלשט עטלעכע מאָל אַ טאָג.

און דאָ נאָך ביי דער מאַדאַם ראָזענבערג אויפן פינפטן שטאָק, וואו גרשון האָט געהאַט זיין געלעגער אויף צונויפגעשטעלטע בייִנקלעך, איז אויך געווען אַ „דאָמאַשני רעסטאָראַן״ (צו איר זיינען געקומען עסן מיטאָגס גאָלע בוכבינדערס, ווייל איר מאַן איז אויך געווען אַ בוכבינדער). העט פאַרטאָג, ווי די באַלעבאָסטע האָט זיך שוין אָנגעהויבן צו פּאָרען אין קיך אויף צוצוגרייטן דעם מיטאָג פאַר די שטענדיקע עסערס אין „דאָמאַשני רעסטאָראַן״, און העט פאַרטאָג האָבן זיך שוין געקאָכט אויף דער פּליטע גרויסע טעפּ מיט פלייש און מיט עוף, און די אַפּעטיטנע דאַמפן האָבן זיך געשפּרייט איבער דער גאַנצער שטוב און אויפגעוועקט אונדזער בחור פון שלאָף... און דאָ נאָך איז אונטן אין הויף געווען אַ בעקעריי, און אַלע פאַרטאָג האָבן געיאָגט פון דער בעקעריי צו גרשונען אין די נאָזלעכער די געשמאַקע רייצנדיקע ריחות פון פרישן געשמאַקן ברויט...

אַ כלומרשט הומאָריסטישן בריוו האָט ער דעמאָלט געשריבן פון אָדעס צו זיין חבר פּוליען:

„...איך האָב נאָך קיינמאָל אין מיין לעבן ניט געגעסן אַזוי פיל גוטע זאַכן ווי אין אָדעס. און ווייסטו ווען? גאָר אין מיין שלאָף. כמעט אַלע ביינאַכט, ווי ס׳חלומט זיך מיר, אַז איך האַלט אין איין עסן. איך עס געבראָטענע לעבערלעך, און געפּרעגלטע קאָטלעטיקלעך אין שמאַלץ, און מילכיקע קרעפּלעך, און וואַרניטשקעס מיט קאַשע, און באַלאַבאָשקעס מיט קנאָבל, און פאַרשיידענע אַלערליי קאָמפּאָטן... גרויסע סעודות פּראַווע איך

אין מיין שלאָף... און וויפיל איך עס איז ניט געווען, ס׳ווילט זיך נאָך און נאָך... איך בין געוואָרן דער אמתער פּרעסער אין אָדעס... כאַפּ איך זיך אויף אינדערפרי עס איך אויף אין מיין דמיון אַלצדינג, וואָס ס׳קאָכט זיך אין די טעפּ ביי דער מאַדאַם ראָזענבערג אין דער קיך אויף דער פּליטע... גיי איך אַראָפּ אין הויף אַריין, עס איך אויף, ווידער אין מיין דמיון, אַלע פרישע ערשט־געבאַקענע ברויטן אין דער בעקעריי... מיינסטו, אַז איך ווער זאַט מיט דעם? הויבט זיך ניט אָן. פאַרקערט, דער אַפּעטיט ווערט נאָך שאַרפער... עס איך נאָך און נאָך. איך עס אַלצדינג אויף, וואָס איך דער־זע אין די פענצטער פון גאַסטראָנאָמיטשעסקי מאַגאַזינען אויף דער רי־שעליעווסקאַ: קאָלבאַסן, געריכערטע סקאָמבריעס און אַנדערע אַלערליי פישלעך, און מאַסלינקעס פּעטע, און פאַרשיידענע קעזן, און געפּרעגלטע קאָטשקעס... און נאָכדעם עס איך אויך אַלע פּיראָזשניעס און אַנדערע טייערע געבעקסן, וואָס איך דערזע אין די פענצטער פון די מאַגאַזינען אויף דער רישעליעווסקאַ״...

און דאָ קומען מיר צו אַ יידן אַ שניידער, אין אָדעס, וועמען מען האָט גערופן אהרן „קאָפּיקע״, און ער האָט אויך געוואוינט אויף דער יעווריעיסקע. אַ ייד מיט פאַנאַטישע פייערלעך אין זיינע גרויע אויגן, און מיט אַ פאַר־עקשנטער היפּשער נאָז און מיט אַ פייערדיקער רויטער באָרד. זיין גאַנצער פאַנאַטיזם און עקשנות איז צו בעטן „קאָפּיקעס״, ניט פאַר זיך, חס וחלילה, נאָר פאַר די הונגעריקע. אין זיין שניידער־וואַרשטאַט, וואָס איז אַ קעלער, איז געווען כמעט ווי אַ צדקה־ביוראָ, הונגעריקע יידן זיינען געקומען צו אים אַלע טאָג. אָבער קיין געלט האָט ער זיי ניט געגעבן, נאָר צעטעלעך אין די דאָמאַשני רעסטאָראַנען... דאָנערשטיק און פרייטיק איז זיין צדקה־ביוראָ, דאָס הייסט, דער שניידער־וואַרשטאַט געווען געשלאָסן. דאָנער־שטיק און פרייטיק איז ער געגאַנגען איבער די הייזער און איבער די קראָ־מען, און געבעטן קאָפּיקעס. אויב אַ גביר האָט געוואָלט אים געבן אַ סך מערער ווי אַ קאָפּיקע, האָט ער ניט געוואָלט נעמען און נאָך זיך געבייזערט אויף אים:

— וואָס־זשע, ווייל דו ביזט אַ גביר קומט דיר אַ גרעסערן חלק מצוה?

ניין, דאָס וועט ער ניט דערלאָזן. אַלע, אָרעם און רייך, זאָלן האָבן אַ גלייכן חלק אין דער מצוה, און דעריבער האָט ער ביי קיינעם ניט גע־וואָלט נעמען מערער ווי אַ קאָפּיקע. אויך האָט ער ניט געוואָלט לײדן, אַז דער וואָס האָט אים געגעבן די קאָפּיקע האָט געוואָלט מיט אים כאַפּן אַ שמועס. מוחל געווען די קאָפּיקע און איז זיך אַוועק. אַז ער האָט קיין

צייט ניט, אַז מען פאַרהאַלט אים אין דער מצווה...

און אין דער אָדעסער ישיבה זיינען געווען געזונטע בחורים קיין עין־הרע, און אַלע כמעט אין דעם עלטער, וואָס מען האָט געהאַלטן אין וואַקסן, און זיי האָבן געקאָנט אַריינפּאַקן אין זיך. דאָס ווייסע שטיקל ברויט מיט דער זיסער גלאָז טיי, וואָס מען האָט געגעבן אין דער ישיבה צו פרישטיק, איז געווען ויאכלו, מאַכט רש״י, זיי האָבן דאָס פאַרברענט. און דעם טעלער סוּפּ פון פּאַסאָליעס צי פון קאַרטאָפליעס, צי מיט קאָליש, איז ווידער געווען ויאכלו — פאַרברענט, און ס׳איז געווען אַקוראַט, ווי מען האָט גאָרניט געגעסן. זייער גלאַנציקע אויגן האָבן די ישיבה בחורים געהאַט — געגלאַנצט פון הונגער. פונדעסטוועגן האָט מען געלערנט זייער געשמאַק. צונויפגעפּאָרן זיינען זיך אַהער פון אַלע עקן, די בעסטע קעפּלעך, און אויך פאַרברענט יעדע נייע לעקציע אין קלאַס. אַריינגעכאַפּט אין זיך זייער שנעל יעדעס שטיקל לערע, וואָס האָט אָנגעצונדן די געדאַנקען און געגעבן ליכטיקייט. ווען ס׳איז אָבער געקומען דער שבת איז געווען זייער אומעטיק, ניט מען האָט געגעבן דער קאַרגן פרישטיק און בידנעם מיטאָג, ניט מען האָט געלערנט. שבת האָט יעדער איינער געמוזט האַלטן פאַר זיך...

און דאָ קומט אַריין דער טייערער ייד, דער אָרעמען שניידער אהרן „קאָפּיקע״. ער האָט זיך דערוואוסט, אַז די ישיבה בחורים הונגערן נעבעך אום שבת, און גלייך געטאָן מען זאָל ניט הונגערן. ער האָט, ווייזט אויס, זייער גוט אַראָפּגענומען די מאָס פון אַזוינע בחורים, דאָס הייסט, ווי פייאיק זיי זיינען אויף אַריינצופּאַקן אין זיך, דעריבער זיינען די שטיקער געקאָכטע קאַרפּ, וואָס ער האָט געבראַכט אין די בעקנס, געווען געשניטן מיט גאָר אַ ברייטער האַנט. און יעדן ישיבה בחור — אַ גאַנצן פערטל עוף, און חלה וויפיל מען וויל. ער אַליין האָט אויסגעטיילט די פּאָרציעס, און געהאַט זיין באַזונדערן קאַפּריז דערביי, און דער קאַפּריז איז געווען, אַז קיינער זאָל זיך ניט צורירן צו זיין פּאָרציע, ביז ער וועט פאַרטיק ווערן מיטן אויסטיילן. האָט מען נאָכגעגעבן זיין קאַפּריז, און זיך איינגעהאַלטן מיט אַלע כוחות ביז ער איז פאַרטיק געוואָרן מיטן אויסטיילן. און אַז ער איז פאַרטיק געוואָרן, האָבן יונגע ציינער אָנגעהויבן צו קנאַקן. און ער איז געשטאַנען אַ צערויטלטער. געקוקט מיט פאַרחידושטער פרייד, ווי בחורים אַרבעטן מיט אַלע כלים, און זייערע גרויע אויגן האָבן זיך געשמאָלצן פון תענוג.

נאָך אַ קאַפּריז האָט ער געהאַט, אַז צווישן איין געריכט און צווייטן

זאָל מען זינגען זמירות (טעלערלעך מיט פלוימען קאָמפּאָט האָט ער אויך געטיילט). און פונקט ווי מען האָט ניט געדאַרפט בעטן די בחורים עסן, אַזוי האָט מען זיי ניט געדאַרפט בעטן זינגען זמירות. מען האָט געזונגען מיט דעם זעלביקן חשק ווי מען האָט געגעסן און געווען זייער צווישן דער חברה זייער גוטע זינגער, און מען האָט אַ נעם געטאָן אַ זמירה מיט דעם גאַנצן פייער און ברען פון יונגע הערצער. און דער שניידער „קאָפּיקע" איז אויך אַריין אין די זמירות, מיט זיין הייזעריקן באַריטאָן, אָבער וואָס מיר הייזעריקייט, דער עיקר — די התלהבות...

## אָדעס און די סוואָבאָדאַ

גרשון האָט געהאַט דעם גרויסן מזל צו זיין אין אָדעס, ווען ס׳האָט אויס־געבראָכן די פעברואַר־רעוואָלוציע פון 1917. און אַז ער דערמאָנט זיך אין יענע טעג, קומט אים גלייך אַרויף אויפן זינען דער דוואָרניק (הויף־אויפזעער) אויף דער יעוורעיסקע.

דאָס איז געווען אַ נעבעכדיק, קליינגעוויקסיק אוקראַיניש פּויערל מיט פלאַקסענע האָר. זיין דירה — איין צימערל מיט אַ קיכל, איז געווען גלייך לעבן די הויף־אָטכאָזשעס (אָפּטריטן). זיין פרוי, אַ מאָגערע, אַ לאַנגע, מיט אַ קרומען האַלדז, און מיט דיקע גרינע אָדערן אויף די אויסגעהאָרעוועטע הענט, האָט שטענדיק געוואַשן וועש אין הויף אין אַ גרויסער הילצערנער באַליע. זיינע פיר קינדערלעך, אַלע מיידעלעך אין עלטער פון פיר ביז אַכט, און אַלע מיט פלאַקסענע האָר, און אַלע מיט בלייכע פּנימלעך, און אַלע מיט שטענדיק רינענדיקע נעזלעך אום ווינטער, האָבן אויך געהאָלפן זייער מאַמען וואַשן וועש.

און אין הויף, אין די פינף־שטאָקיגע אָפּגעקראָכענע טויערן, זיינען געווען אפשר אַ דרייסיק דירות, און זיי זיינען אַלע געווען איבערגעפּאַקט מיט איינוואוינער. און אין יעדער דירה, אַחוץ מאַן און ווייב, און קינ־דערלעך, האָבן אויך געהויזט קוואַרטיראַנטן. די מאַדאַם ראָזענבערג, ביי וועלכער גרשון האָט געוואוינט, אַ חוץ דעם דאָמאַשנעם רעסטאָראַן (היי־מישן רעסטאָראַן), האָט אויך געהאַט זעקס קוואַרטיראַנטן אין איר דירה פון צוויי צימערן מיט אַ קיכל. מאַן און ווייב זיינען געשלאָפן אויף דער פּליטע אין קיכל, און אין די אַנדערע צוויי צימערן — אירע זעקס קוואַר־

טיראַנטן, און גרשון אויך צווישן זיי אויף צונויפגעשטעלטע ביינקלעך.

דער אײַזערנער טויער איז געווען אין די אָוונטן געשלאָסן, און ס׳האָט זיך געצויגן פון אים אַ לאַנגער דראָט, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ גלאָק גלײַך ביים דוואָרניק אינעווייניק אין זיין שטיבל. און דער דאָזיקער גלאָק איז געווען דער ערגסטער שונא פון דעם דוואָרניק און זיין משפחה. אין טיפסטן שלאָף, אין יעדער צייט פון דער נאַכט האָט ער זיך אינמיטן דרינגען צעקלונגען. דאָס האָבן פאַרשפּעטיקטע איינוואוינער זיך געבעטן, מען זאָל עפענען דעם טויער און זיי אַריינלאָזן. האָט דער דוואָרניק זיך אָפּגעריסן פון זיין טיפן שלאָף, געכאַפּט אויף זיך דעם פּעלץ, אַריין אין זיינע שטיוול און אַפילו אין דער גרעסטער זאַווערוכע זיך געלאָזט מיטן שליסל צום טויער. מען האָט אים דערפאַר געגעבן אַ גראָשן צי אַ קאָפּיקע און ער האָט געזאָגט „ספּאַסיבאָ״ (אַ דאַנק).

דער גלאָק, דער ביטערער שונא דעם דוואָרניקס, האָט אויך אַמאָל געקלונגען בייטאָג, מיט אַ געוויסן באַזונדערן קלונג, און דאָס איז געווען אַן אָנזאָג פון אומגליק. מיט דעם באַזונדערן קלונג האָט געקלונגען דער הויכער, ברייט־פּלייציקער אויסגעפּאַשעטער נאַדזיראַטעל (פּאָליצײ־באַאַמטער). און אַרויסגערופן האָט ער דעם נעבעכדיקן דוואָרניק, כדי אים צו פּאַטשן. און געפּאַטשט האָט ער אים פאַר ניט אַרויסלויפן אַזוי גיך פון הויף, און אָפּראַמען דעם אָפּפאַל, וואָס אַ פאַרבייפאָרנדיקער פערד, געשפּאַנט צו אַ דראָזשקע, האָט איבערגעלאָזט אינמיטן דער גאַס. גרשון האָט ניט איינמאָל געזען, ווי דער הויכער, אויסגעפּאַשעטער נאַדזיראַטעל, פּאַטשט דעם קליינגעוויקסיקן דוואָרניק אין ביידע באַקן מיט די לאַדאָניעס פון זיינע געזונטע הענט. און דער דוואָרניק האָט זיך נעבעך געמוזט לאָזן פּאַטשן, און זיין פּנים האָט זיך פון פּאַטש אויף דער רעכטער באַק געגעבן אַ וויג לינקס, און פון דעם פּאַטש אויף דער לינקער באַק — רעכטס. און גרשון האָט אויך ניט איינמאָל געזען, ווי זיינע פיר מיידעלעך שטייען ביים טויער, און מיט צעקרומטע פּנימלעך צוגעקוקט ווי מען פּאַטשט זייער טאַטן.

און דאָ קומען אָן יענע טעג...

מען האָט אין אָנהויב אין אָדעס נאָך ניט געננו געוואוסט, וואָס ס׳האָט זיך פאַרלאָפן אין פּעטערבורג, מען האָט געוואַרט ביז ס׳וועלן אָנקומען גענויערע ידיעות, און דערווייל האָט מען זיך געשושקעט. ס׳איז געווען אומנאַטירלעך פאַר אָדעס, ווייל אָדעס איז אַזאַ שטאָט, וואו מענטשן ריידן הויך אויף אַ קול אויף די טראָטואַרן, און מען לאַכט און מען זינגט...

און ערשט פאַראַיאָרן ווינטער, איז צאַר ניקאָלאַי דער צווייטער, מיט זיין יורש אין אַן אָפענער קאַרעטע דורכגעפאָרן די פושקינסקאַיאַ. אויף די טראָטואַרן פון ביידע זייטן זיינען געשטאַנען ווענט מיט פּאָליציאַנטן און מיט דעם קייסערס גוואַרדייצעס, און ערשט אונטער די ווענט פון די פּאָ־ליציאַנטן און גוואַרדייצעס איז געשטאַנען דער עולם. גרשון איז אויך דעמאָלט געווען אויף דער פושקינסקאַיאַ, מיט אַ גרויסער מורא אין האַרצן. ער האָט מורא געהאַט, טאָמער טוט ער אַ געשריי אויס אינמיטן דרינען, ווען דער קיסר פאָרט פאַרביי: „דאָלאָי ניקאָלאַי". טאַקע דערפאַר, וואָס ס'קומט ממש שיסן פאַר שרייען „דאָלאָי ניקאָלאַי", האָט זיך אָנגעזעצט אין אים עפּעס אַ דיבוק, ער זאָל יאָ שרייען: „דאָלאָי ניקאָלאַי". ער האָט זיך אַזש געמוזט צוהאַלטן מיט ביידע הענט דאָס מויל.

גאַנצע יאָרהונדערטן גייען אַמאָל אַוועק, איידער ס'ברעכט אויס אַ רעוואָלוציע. און דאָ איז באַשערט אין גרשונס לעבן זיך אויפכאַפּן איינ־מאָל אַן אין דער פרי און — „דאַ זדראַוסטוואויעט סוואָבאָדאַ"! (לעבן זאָל די פרייהייט).

דער טאָג איז געקומען מיט אַן ערב פריליגנדיקער זון, און מיט בלאָס־בלויע הימלען, און מענטשן פון דער יעווריעיסקאַ, פון דער רישע־ליעווסקע, אַלע לויפן אויף דער פושקינסקע. און אויף דער פושקינסקע גייט די רעוואָלוציע. מיט פריילעך פלאַטערנדיקע רויטע פאָנען גייט די רעוואָלוציע. ווי אַזוי האָט מען געקאָנט איבערנאַכט אָנניייען אַזוי פיל פאָ־נען? אַ סך פאָנען זיינען נאָך פון די פאַרבאַהאַלטענע פאָנען, און אַ סך פרישע, נייע.

און אויף דער פושקינסקע קאָן מען זיך דען שוין דערשטופּן? ניט אויף דער גאַס, וואו די דעמאָנסטראַציע גייט, און ניט אויף די טראָטואַרן, וואו טויזנטער און טויזנטער שטייען געפּאַקט איינער אויפן אַנדערן. אין די פענצטער און אויף די באַלקאָנען שטייט מען אויך, און אַפילו אויף די דעכער. גרשון האָט זיך אַרויפגעקלעטערט אויף אַ סלופּ פון אַ גאַסן־לאָמפּ, לאַנג זיך ניט געקאָנט אָנהאַלטן, זיך גוט צעדראַפּעט די הענט, אָבער די מינוט, אָדער אַ האַלבע, איז כדאי געווען...

און — „דאַ זדראַסטוואויעט סוואָבאָדאַ", (לעבן זאָל די פרייהייט), ס'גייט גאָר ניט אַוועק קיין איין סעקונדע, מען זאָל ניט שרייען „דאַ זדראַווסטוואיעט סוואָבאָדאַ". מען שרייט פון אינמיטן דער גאַס, פון די טראָטואַרן, פון די פענצטער, פון די באַלקאָנען, פון די דעכער, פון די לאָמפּן־סלופּעס, און אַפילו דער הימל, דאַכט זיך, שרייט אויך...

און מען מאַרשירט... ס׳איז דען אַ מאַרשירן ? ס׳איז ווי דאָס צעשטראָ־מען זיך פון אַ ברייטן טייך, נאָכדעם וואָס ער איז געווען געקאָוועט אַ גאַנצן ווינטער אין אייז... ס׳שטראָמט אין אַ ים פון רויטע פאָנען די באָסאָטאַ און די גאָלאָטאַ (די באָרוועסקייט און די נאַקעטקייט) פון דער מאָלדאָוואַנקע, און מיט ביז גאָר צעלויכטענע פּנימער, און מיט ביז גאָר צעשיינענדיקע אויגן, הערן זיי גאָרניט אויף צו שרייען „דאַ זדראַווסטוואויעט סוואָבאָדאַ" און צו זינגען די מאַרסעליעזע...

עס שטראָמען גאַנצע פּאָלקן סאָלדאַטן, מיט שטיקלעך רויט אויף זייערע היטלען, און שרייען מיט זייערע געזונטע העלדזער „דאַ זדראַווסטוואויעט סוואָבאָדאַ". ס׳שטראָמען אויך סערבישע סאָלדאַטן, וואָס האָבן זיך דעמאָלט געפונען אין אָדעס, ס׳שטראָמען מחנות גימנאַזיסטן און גימנאַזיסטקעס...

און אַלע — „דאַ זדראַווסטוואויעט סוואָבאָדאַ" און ווידער אַמאָל: „דאַ זדראַווסטוואויעט סוואָבאָדאַ"...

און פּלוצלונג מען לאַכט... גאַנץ אָדעס לאַכט... וואָס לאַכט מען ? די אָדעסער פּאָליציי גייט אויך אין דער דעמאָנסטראַציע... מיט אָנגעפּרעסענע פּנימער, מיט געדיכטע וואָנצעס, מיט פעטע קאַרקן, מיט שטיקלעך רויט אויף זייערע קאָקאַרדעס. זיי שרייען ניט „דאַ זדראַווסטוואויעט סוואָבאָדאַ", זיי שעמען זיך צו שרייען, אָבער זיי מאַרשירן אויך מיט אַלעמען... אפשר וועט די נייע מאַכט זיי דאַרפן האָבן. מען קאָן ניט וויסן...

:: :: ::

און אַז ס׳איז געקומען דער אָוונט איז גאַנץ יעקאַטערינאָסלאַוו... 

און אַז ס׳איז געקומען דער אָוונט איז גאַנץ יערווערעיסקאַ באַך אַלץ געווען אינדרויסן. מען איז געשטאַנען פאַר די טויערן, מען איז געשטאַנען אויף די ראָגן, און מען האָט גערעדט און גערעדט... און אַז די נאַכט איז געוואָרן שפּעט האָט מען נאָך אַלץ ניט געוואָלט אַריינגיין אין די הייזער. מען איז געשטאַנען פאַר די טויערן, מען איז געשטאַנען אויף די ראָגן און אַלץ גערעדט און גערעדט... איז מען זייער ווינציק געשלאָפן יענע נאַכט אויף דער יעווערעיסקאַ, און מסתמא איבער גאַנץ אָדעס...

:: :: ::

אויפן צווייטן טאָג איז געשאַפן געוואָרן אין אָדעס אַ מיליציע פון ציווילע מענטשן, און מען האָט איבערגענומען די פליכטן פון דער פּאָליציי... און אָט באַווייזט זיך אויף דער יעווערעיסקע אַ סטודענט, אויף זיין אַרבל

פון דער רעכטער האַנט אַ ווייסער באַנד, אָנגעשריבן „מיליציע", צוזאַמען מיט אונדזער נאַדזיראַטעל, וואָס האָט אים הפּנים געדאַרפט געבן אינ־סטרוקציעס.

אונדזער דוואָרניק. ווי גלייך ער האָט דערזען דעם נאַדזיראַטעל, איז ער צוגעשפּרונגען צו אים און מיט זיינע לאַפּאַניעס אים גענומען פּאַטשן אין די באַקן. ער האָט אים געפּאַטשט אין זעלביקן מאַניער, כמעט אין זעלביקן ריטם, ווי יענער פלעגט דאָס טאָן... און דער נאַדזיראַטעל האָט זיך געלאָזט פּאַטשן... דער הויכער ברייטפּלייציקער, אָנגעפּרעסענער נאַדזי־ראַטעל...

# אָדעס אין טעג פון אויפברויז

ווער קאָן נאָך זיך אַזוי פרייען מיט דער גלעטנדיקער וואַרעמקייט פון די ערשטע פרילינג טעג אין אָדעס, ווי אַזאַ מאָגערער דורכגעפרוירענער בחור ווי גרשון? און ווער נאָך קאָן אַזוי גליקלעך זיין מיט אַ נסיעה אַהיים אויף פסח צו די כרעמזלעך און לאַטקעס, ווי אַזאַ אויסגעהונגערטער בחור ווי גרשון? . . .

פּאַרנאַכט דאַרף ערשט אָפּגיין די באַן. ער האָט נאָך אַ גאַנצן טאָג — אָדעס...

און אַזאַ אָנהויב פרילינג, האָט זיכער אָדעס נאָך ניט געוואוסט פון זינט זי איז אַ שטאָט, ווי אין אָנהויב פרילינג פון יאָר 1917. אָדעס האָט גאָרניט אויפגעהערט צו פייערן די „סוואָבאָדאַ" (פרייהייט). אַלע טאָג כמעט איז פאָרגעקומען ערגעץ אַ דעמאָנסטראַציע, און מען איז געגאַנגען אויף די גאַסן מיט רויטע פאָנען און אָרקעסטערס האָבן געשפּילט און מען האָט געזונגען:

אָטריעטשאָמסיאַ אָט סטאַראָוואָ מיראַ
ווסטראַכניאָם יעוואָ פּראַך איז נאַשיך נאָג.
מיר וועלן זיך אָפּזאָגן פון דער אַלטער וועלט
מיר וועלן אָפּטרייסלען איר שטויב פון אונדזערע פיס).

און אין דעם טאָג, וואָס גרשון האָט געדאַרפט אָפּפאָרן אַהיים איז

דאָך אודאי געווען אַ דעמאָנסטראַציע אין אָדעס — און ניט חס וחלילה אויף צו באַגלייטן גרשונען צום וואָקזאַל, נאָר גאָר מקבל־פּנים זיין די מאַטראָזן פון אַ קריגס־שיף, וואָס איז יענעם טאָג אָנגעקומען צום האַפן. גרשון געדענקט שוין ניט דעם נאָמען פון דער קריגס־שיף, נאָר וואָס ער געדענקט יאָ, איז די רחבותדיקע, זון־באַגאָסענע ווייסע טרעפּ, וואָס האָבן געפירט פון האַפן אונטן אַרויף צו דער יעקאַטערינינסקאַ, און אויף וועלכע ס׳האָבן זיך געהויבן אַ פיר הונדערט פּיס פון מאַטראָסן־יאַטן, איינס אין איינס, מיט דעם גאַנג פון פלינקע אַקראָבאַטן, ווינט־פאַרבריוו־טע, זון־פאַרברענטע, מיט שטאָלצע שטאַרקע העלדזער, אין די חנעוודיקע טונקל־בלויע קיילעכדיקע היטלעך מיט די נאָכהענגענדיקע ברייטע לענ־טעס, און אין די ברייטע שוואַרצע הויזן, און אין די בלוי־ראָזעווע־ווייס געקעסטלטע מאַטראָזקע העמדלעך... און אַז זיי האָבן געזונגען די מאַרסע־ליעזע מיט זייערע יונגע מעכטיקע העלדזער, האָט אַזש זיך געהוידיעט דער הימל פון אויבן. און דאָ קלינגען נאָך אַ סך גלעקער, וואו ווייסט מען ניט, און דאָס קלינגען איז עפּעס אַזוי אימפּעטיק גדולהדיק, גיך, גיך קלינ־גען זיי . . .

און ווידער אַמאָל: ה־ר־ר־אַ, און זדראַוסטוואויעט סוואָבאָדאַ, און נאָכאַמאָל הו־ר־ר־אַ דאַ זדראַוסטוואויעט סוואָבאָדאַ פון דעם גרויסן עולם, וואָס איז געשטאַנען אויבן אויף דער יעקאַטעריניסקאַ, מקבל פּנים זיין די יאַטן פון אַלע ימען. געשריגן הו־ר־ר־אַ האָבן מענער, און געשריגן הו־ר־ר־אַ האָבן פרויען און צווישן זיי אַ סך גימנאַזיסטקעס, און די מיידל־שע רייצנדיקע קולות האָבן גאָר עלעקטריזירט די שטייגנדיקע מאַטראָזן אויף די טרעפּ. די רייצנדיקע מיידלשע קולות האָבן ווי עפּעס געמאַכט אָטעמען די פרילינג ווינטעלעך, שנעלער, גלעטנדיקער און שמעקנדיקער. ס׳האָט פאַרשמעקט מיט די ערשטע דופטן פון אָנהויב פרילינג, ס׳האָט פאַר־שמעקט מיט דער פרייד פון דער סוואָבאָדאַ... די סוואָבאָדאַ אַליין האָט גע־שמעקט... און דאָ ערגעץ קלינגען גלעקער אימפּעטיק־גדולהדיק, גיך, גיך, קלינגען זיי...

דאָס איז געווען די אַלגעמיינע אָפיציעלע קבלת־פּנים דעמאָנסטראַ־ציע פאַר די מאַטראָזן. שפּעטער, ווען די מאַטראָזן האָבן זיך צעשאָטן אין פאַרשיידענע ריכטונגען, זיינען גלייך געמאַכט געוואָרן ספּאָנטאַן נייע קבלת־פּנים דעמאָנסטראַציעס פון די מענטשן אויף די טראָטואַרן, און ווידער־אַמאָל און נאָכאַמאָל: הוראַ, הוראַ. . . און אָפּגעגעבן האָט אָדעס כבוד צו די מאַטראָזן צוליב זייערע חברים די מאַרטירער אויף דער שיף „פּאָטיאָמ־

קין", וואָס זיינען צעלעכערט געוואָרן פון צאַרישע קוילן אין 1905, טאַקע דאָ ניט ווייט פון האַפן...

אין אָדעס ביז די מאַטראָזן זיינען אָנגעקומען יענעם טאָג פון ים, האָט מען עפּעס גאָרניט באַמערקט, אַז כמעט ביי יעדער אַפּטייק אין דער־הויך איבערן אַריינגאַנג, העגנען נאָך אַלץ די צאַרישע באַגילדעטע אָד־לערס, געמאַכט פון האָלץ אָדער פון אַ מין קאַלך־שטאָף... און אָנגעהויבן האָט זיך דאָס אַראָפּרייסן פון די צאַרישע אָדלערס איבער די אַפּטייקן, גאָר צופעליק: אַ הויכער מאַטראָז, שפּאַנענדיק אויף דער יעקאַטערינינ־סקאַ, האָט באַמערקט, אַז ס'הענגט נאָך איבער אַן אַפּטייק דער דאָזיקער סימבאָל פון דער פינצטערער מאַכט, און ער האָט לאַנג ניט געטראַכט און ער קלעטערט שוין אויף אַ לייטער (ווי אַזוי דער לייטער איז פּלוצלונג אויסגעוואקסן, געדענקט ניט גרשון), און ברעכט דעם אָדלער, און וואַרפט אים צום טראָטואַר און ס'ווערט צעטראַסקעט אויף פיץ־פּיצלעך, באַגלייט פון פרייליכע הו־ר־ר־ראַס.

ס'האָבן זיך געיאַוועט אַנדערע מאַטראָזן, זיך צעטיילט אין גרופּקע־לעך און באַגלייט פון אַן עולם יונגוואַרג זיך געלאָזט איבער די גאַסן זוכן צאַרישע אָדלערס אויף די קראָמען... און גרשון איז אויך נאָכגעגאַנגען איינער פון אַזוינע גרופּקעס, און דאָס האַרץ האָט זיך אים געפרייט, ווייל ערשט מיט דעם אַראָפּרייסן פון די אָדלערס האָט ער ממשותדיק געזען, וואו ס'האַלט מיט דעם אַלמעכטיקסטן, אַלערהעכסטן, אַלערוואוילגעבוירנ־סטען, אַלערפּאַרהאַסטן צאַר אימפּעראַטאָר ניקאָלאַי, און ער האָט געשריגן הו־ר־ר־ראַ מיט אַלעמען צוזאַמען, ביים קראַכן פון יעדן אָדלער אויף די שטיינער פון טראָטואַר...

און יענער אָנהויב פרילינג טאָג, ערב זיין אָפּפאָרן קיין בערשאַד, וואָלט זיך פאַרענדיקט אין גאָלער פרייד, ווען ניט דער „סאַמאָסוד", וואָס איז פאָרגעקומען אויף דער מאַלאַ אַרנאַוטסקאַ. אַ המון האָט זיך גענומען דאָס רעכט אַליין באַשטראָפן גנבים, וואָס מען האָט גערופן „סאַמאָסוד". גרשון האָט ניט איינמאָל געלייענט וועגן דעם אין די צייטונגען. איצטער האָט ער דאָס געזען מיט זיינע אייגענע אויגן: אַ מיטל־יאָריקע פרוי מיט אַ קאָשיק, האָט פּלוצלונג אָנגעהויבן צו שרייען אויף קולי־קולות:

— כאַפּט דעם גנב, כאַפּט דעם גנב, ער האָט מיך באַגנבעט.

און אַ המון האָט זיך גלייך אַ לאָז געטאָן, נאָך אַן אַנטלויפנדיקן אַכצן־יאָריק בחורל אין אַ גרויער אָפּגעטראָגענער קוטשמע און אַ צעכראָסטעט כאַקי־רעקל, און אין צעריסענע שטיוול. דאָס בחורל איז אַריינגעלאָפן

אין אַ הויף. אָבער מען האָט אים דאָרטן שנעל געכאַפּט, אַרויסגעפירט אויף דער גאַס, און ניט פרעגנדיק אים, וואָס ווען, האָבן גלייך אָנגעהויבן צו האַגלען אויף אים קלעפּ.

— יאַ ניע קראַל, יאַ ניע קראַל (איך האָב ניט געגנבעט), — האָט דאָס בחורל, פאַרשטעלנדיק זיך מיט די הענט דאָ זיין פּנים, דאָ זיין קאָפּ, דאָ זיין בויך, געשריגן מיט פאַרצווייפלונג פון טויט אין זיין קול — אוי, מאַמע, מאַמע, ראַטעווע! — האָט ער שוין אָנגעהויבן צו שרייען אין אי־דיש, ווען מען האָט אים אומגעוואָרפן אויף דער ערד...

צי מען האָט אים דערשלאָגן ביז טויט, ווייסט ניט גרשון. ער איז אַנטלאָפן, גרשון. ניט געקאָנט צוזען דאָס אכזריות פון המון... און אַנט־לויפנדיק פון „סאַמאָסוד״, האָט ער זיך פלוצלונג געכאַפּט מיט גרויס שרעק, אַז מען קאָן נאָך מיינען, אַז ער איז אויך אַ גנב, ווייל אַ סימן, פאַרוואָס אַנטלויפט ער?... האָט ער תיכף אָנגעהויבן צו שפּאַנען געלאַסן, ווי אַ ליי־טישער מענטש... דערזען אַ טראַמוואַי, זיך אַרויפגעכאַפּט אויף אים און דערפאָרן ביז דער יעוורעיסקאַ.

— מאַמעלעך מיינע — האָט זיך די מאַדאַם ראָזענבערג דערשראָקן — וואָס ביזטו אַזוי בלאַס?

ער האָט אַ קוק געטאָן אין שפּיגל און זיך גאָרניט דערקענט, אַן אַנדער גרשון, ממש אויסגעקוקט ווי דער גנב, ווען מען האָט אים אַרויס־געפירט פון הויף — מיט שרעק פון טויט אין די אויגן...

שפּעטער אויפן אָדעסער וואָקזאַל אין דעם ריזיקן וואַרט־צימער — אַזוי פיל שיינענדיקע מענטשן, סאָלדאַטן און ציווילע, אַלע אינאיינעם מיט אַזאַ ברידערלעכקייט. „גראַזשדאַנין״ (בירגער) האָט מען זיך אייגער דעם אַנדערן גערופן. און מען האָט זיך געהאָלפן טראָגן די פּעקלעך, זיך ניט געשטופּט פאַר דער קאַסע, וואו מען פאַרקויפט בילעטן, נאָר פון זיך אַליין פאַרמירט אַ רייע. אַ פריילעכע באַפרייטע מענטשהייט, וואָס האָט אַליין געהאַלטן אָרדענונג אָן די אָפּגעפרעסענע, מעכטיקע זשאַנדאַרמען. אָבער גרשון האָט ניט געקאָנט פאַרגעסן דעם „סאַמאָסוד״, „מאַמע, מאַמע, ראַ־טעווע״, האָט אַלץ געקלונגען אין זיינע אויערן . . .

# בערשאַד און די סוואָבאָדאַ

קייקלט זיך, יאָרן, אויף צוריק, און פאַרטראָגט גרשונען אין דער פאַרגאַנגענהייט צו אַן אינדערפרי דעם ערשטן טאָג פּסח; צו אַן אינ־דערפרי, וואָס איז גאַלע זויבער־ווייס, און גאַלע זויבער־ליכטיק אין יעדן ווינקעלע פון הויז.

ער ליגט נאָך אויף זיין געלעגער. און טיר און פענצטער זיינען אָפן, און ס׳גייט אַריין די יונגע זון און פרישע שמעקנדיקע לופט אַן אַ שיעור; און די ווענט זיינען נאַר־וואָס, ערשט אויסגעקאַלעכט; און דער טיש באַ־דעקט מיט דעם שיינעם, פּסחדיקן טישטוך, דורכגעוואָרפן מיט גאָלדענע שטרייפן; און אויפן טיש שטייט די גרויסע גרינע פּסחדיקע צוקער־פושקע, געמאַכט פון דיקן גלאָז און באַזעצט אומעטום מיט אַזוינע פּיפּטשיקעס, ווי פאַרפרוירענע גרינע טראָפּנס וואַסער; און דורך דעם גרינעם דיקן גלאָז מיט די פּיפּטשיקלעך שיינען אַרויס די ווייסע ציגעלעך צוקער.

די דאָזיקע גרינע צוקער פושקע האָט זיך געיאָוועט נאָר פּסח־צייט, און אַ גאַנץ יאָר געווען פאַרבאַהאַלטן ערגעץ אויפן בוידים... און דאָס ציכל פון קישן אויף גרשונס געלעגער איז זויבער ווייס, און דאָס ליי־לעך איז אויך זויבער ווייס, און ס׳שמעקט סיי דאָס ציכל און סיי דער ליי־לעך מיט דער יונג פרילינגדיקער לופט אין וועלכער זיי האָבן זיך גע־טריקנט נאָכן וואַשן... און אויפן דיל לעבן געלעגער, שטייען די נייע גלאַנ־ציקע שיך... און אויפן ביינקל ליגט צונויפגעלייגט דער נייער שוואַרצער גאַרניטער... און אויף אַ טשוואָק אויף דער וואַנט הענגט דאָס נייע בלויע היטל מיטן שוואַרצן גלאַנציקן דאַשעק... און אינדרויסן איז גאָלד, און אין דער יונגער זון פליען און זשומען אַ מחנה פליגעלעך, כמעט ערשט געבוירן געוואָרן...

און פּסח האָט קיינמאָל ניט געמיינט ביי גרשונען דאָס באַפרייען די יידן אין מצרים פון קנעכטשאַפט. ס׳האָט געמיינט ביי אים דאָס באַפרייען זיך פון קנעכטשאַפט צו די ענגע צעטראַסקעטע שיך, צום וואַטאָווע טולו־פּעל פול מיט לאַטעס, צו דער הרובע, וואָס האָט שטענדיק געוויכערט, צו די פּאָדוואָינע (טאָפּלטע) פענצטער, וואָס מען האָט אַריינגעשטעלט אי־בערן ווינטער און זיי האָבן פאַרטונקלט די שטוב, צו די גרויסע בלאָ־טעס, צו די צעטראָגענע הויזן, פאַרדריפּעט פון די בלאָטעס, צו דער טונקלעקייט אין הויז, ווייל מען האָט געהאַלטן אַ גאַנצן ווינטער פאַרמאַכט טירן און פענצטער... און דער עיקר — די באַפרייאונג פון קנעכטשאַפט צום חדר...

און דער גרעסטער תענוג ערב פסח אין בערשאַד, נאָך אַ לאַנגן ווינ־
טער פון פרעסט און בלאָטעס איז געווען אַרומשפּאַנען אַ באָרוועסער, אי־
בער די זון־באַגאָסענע ערשט אויסגעטריקנטע סטעזשקעס... איצטער, אַז
ער איז געקומען פון אַדעס אַהיים — שוין אַ בחור פון זעכצן יאָר, האָט
ער זיך ניט געשעמט, אַראָפּגעוואָרפן די אויסגעריבענע שיך, און זיך אַביסל
דורכגעשפּאַנט פאַרן הויז אויף דער ווייכער, וואַרימער ערשט אויסגע־
טריקנטער בערשאַדער ערד.

און קיינמאָל אין זיין לעבן פריער, און קיינמאָל אין זיין לעבן שפּע־
טער, האָט גרשון נאָך ניט געוואוסט פון אַזאַ פריילעכן פסח, ווי אין יאָר
פון דער סוואָבאָדע... ערשט דעמאָלט האָט ער געפילט דעם טייטש פון די
ווערטער, בני חורין (קינדער פון פרייהייט). מען האָט זיך ניט געגריבלט אין
דעם, חוץ דער נייער דאָקטאָר יאַנקל שאַפּיראָ, און אַ פּאָר אַנדערע, וואָס
די פירער און די מיניסטאָרן פון דער נייער רעגירונג זיינען אַלץ פון ריי־
כערן קלאַס, און אַז זיי וועלן אָפּנעמען צוריק גאַנצע שטיקער פון דער
סוואָבאָדע.

גרשון האָט זיך אויך ניט געגריבלט. זעכצן יאָר אַלט געווען. אויף
דער איבערשטער ליפּ וויזט זיך שוין דער שאָטן פון שפּראָצנדיקע וואָנ־
צעלעך, און דאָ נאָך איז ער אָנגעטאָן אין אַ נייעם גאַרניטער פון אַ טיי־
ערן שוואַרצן שטאָף. דעם טאַטן האָט עפּעס אָפּגעגליקט יענעם ווינטער,
געקויפט ביי אַ פּריץ אַן אַלטן בודינאַק אויף צו צעוואָרפן, דאָס הייסט, אַן
אַלטע כאַטע, וואָס האָט געהאַלטן ביים צעפאַלן זיך. פּאַר אַ שיבוש גע־
קויפט, און דער דאָזיקער בודינאַק איז עפּעס געוואָרן אַן אוצר: אַזוי פיל
קראָקוועס, אַזוי פיל ברעטער, סלופּעס און אָפּילקעס האָט מען אַרויס־
באַקומען, ווען מען האָט אים צעוואָרפן. איז שוין געווען פּרנסה אַ גאַנצן
ווינטער...

איז אָט פון דעם בודינאַק, שטאַמט איצט גרשונס שיינער גאַרניטור
פון שוואַרצן טייערן שטאָף און אויך די נייע כראָמאָווע שיך, מיט ווייסע
שטעך, און מיט אַ סקריפּ, און אויך דער מאַמעס נייע געבלימלטע קאָפּטל
מיטן נייעם זיידענעם ווייסן קאָפּ־טיכל און דעם טאַטנס נייע שוואַרצע
קאַפּאָטע, און דאָס פלעשל כרמל־ווין... און פונם פלעשל כרמל־וויין,
האָט מען ניט געטרונקען די ארבע כוסות, די ארבע כוסות האָט מען גע־
טרונקען פון דעם פּשוטן וויין. דאָס פלעשל כרמל וויין איז געווען פאַר
דער מאַמען, און ניט גראַדע אויף פסח, נאָר אויף אַ גאַנץ יאָר. אַז איר
קראַנק האַרץ האָט איר אַ כאַפּ געטאָן, האָט זי פאַרזוכט אַביסעלע, גע־

מאַכט: „אַ, אַ, ס'איז אַ מחיה“, און ס'איז איר גלייך בעסער געוואָרן...

שיינט די מאַמע אַרויס פון איר ניי געבלימלט קאַפּטל און זיידן ווייסן קאַפּ־טיכל, שיינט דער הויכער טאַטע אַרויס פון זיין נייער שוואַרצער קאַפּאָטע, שיינען אַלע יידן פון בערשאַד, די בני חורין (די זין פון פרייהייט) באַנייטע, באַפּרישטע, לכבוד דער סוואָבאָדע. זיי האָבן קיינמאָל נאָך אַזוי ניט געשיינט: ראַוונאַ פּראַווע, (גלייכע רעכט) און קיין פּאָגראָמען וועט מען שוין ניט מאַכן, און יידן וועלן שוין מעגן וואוינען וואו מען וויל, אַפילו אין פּיטערבורג...

אָבער פּאָרט וועגן גיין אין דער דעמאָנסטראַציע, וואָס האָט זיך פאַרשפּעטיקט אין בערשאַד אַזש ביז חול המועד, זיינען אַזוינע יידן, ווי גרשונס טאַטע, און אַזוינע פרויען, ווי גרשונס מאַמע, ניט געגאַנגען. ווי שיקט זיך גאָר פאַר יידן מיט בערד און פאַר פרויען מיט קאָפּ־טיכלעך, זאָלן גיין מיט רויטע פאָנען אין אַ דעמאָנסטראַציע, באַגלייך מיט אַלע ווייסע חברהניקעס! איז מען בלויז געשטאַנען פון ביידע זייטן גאַס און געקוקט. פון די פרומע יידן איז בלויז שאַיע זשערדענאָווסקי, אויך אַ בלינדער אויף איין אויג, אין אַ גרינעם קאַשקעט, מיט אַ געדיכטער לאַנגער שוואַרצער באָרד, געמאַרשירט אין דער דעמאָנסטראַציע, און ער האָט העכער פון אַלעמען געשריגן: „דאַ זדראַווסטוואיעט סוואָבאָדאַ“ און העכער פון אַלעמען געזונגען: „אָטריעטשיאמסיא אָט סטאַראָוואָ מיראַ, ווסטריאַכניאָס יעווא פּריאַך ס'נאַשיך נאָג“ (מיר וועלן זיך אָפּזאָגן פון דער אַלטער וועלט, מיר וועלן אַראָפּטרייסלען איר שטויב פון אונדזערע פיס). דער זעלביקער שאַיע זשערדענאָווסקי, שפּעטער אין אַ צייט פון דעם בירגער־קריג, בשעת אַ פּאָגראָם, ליגנדיק פאַרבאַהאַלטן אין אַ קעלער מיט אַנדערע יידן, האָט אַרויסגעלאָזט פון זיינע ליפּן ביטערע ווערטער קעגן גאָט, און בכלל אָפּגעפרעגט זיין עקזיסטענץ...

אָבער אין יענעם חול המועד פּסח איז גאָר קיינעם ניט איינגעפאַלן, אַז ס'קאָן נאָך חס וחלילה זיין אַ פּאָגראָם. ס'איז געווען אַ טאָג פון גאָלער ליכטיקייט און גוטע בשורות. די יונגע פרילינגדיקע זון האָט אויסגעקושט יעדן פּנים, און יעדעס פּיצעלע שרעק, וואָס איז נאָך פאַרבליבן אין האַרצן. די לינדע שמעקנדיקע ווינטעלעך האָבן אויסגעגלעט יעדעס קנייטשעלע פון זאָרג און אַריינגעשעפּטשעט אין די אויערן: „ס'וועט זיין גוט, יידן, אייביק וועט שוין שיינען די פרייהייט, גלייכהייט און ברידערלעכקייט צווישן פעלקער“...

און ס'ערשטע מאָל זינט בערשאַד איז אַ שטאָט, זיינען יידן געגאַנ־

געך אין אַ דעמאָנסטראַציע, כבגי חורין, ווי קינדער פון פריהייט. די אָרעמקייט פון דער דאָלינע און דער יערושאַלימקע האָט זיך טאַקע ניט אָנגעזען פון אויבן אָן. זיי האָבן זיך נאָכגעשלעפּט פון אונטן. פון אויבן אָן האָט מאַרשירט די אינטעליגענץ און די קינדער פון די פאַרמעגלעכע, אַקוראַט, ווי די סוואָבאָדע האָט געמיינט דער עיקר זיי. די אָרעמקייט פון דער יערושאַלימסקע אין דער דאָלינע איז בכלל ניט געווען אָרגאַני־זירט, אַחוץ אַ גרופּקעלע בונדיסטן אָנגעפירט פון אלישע דעם ריבאַקס. פאַרזאַמלט האָט מען זיך לעבן איצי קלוגמאַנס טאַנץ־זאַל, און פון דאָרטן זיך געלאָזט איבער די גאַסן מיט משה דודס קאַפּעליע, וואָס האָט געשפּילט די מאַרסעליעזע, מיט אַ יידישן קנייטש.

זשעניע שאַראַפּאַן האָט אויך מאַרשירט מיט אַ רויט פענדל סאַמע אין דער ערשטער ריי, און גרשון, מאיר דעם בלינדנס בנאָקל, האָט זיך דאָך אויך גערעכנט פאַר אַן אינטעליגענט, אַ תלמיד פון דער אָדעסער ישיבה, אַחוץ דעם אָנגעטאָן אין אַ גאַרניטער פון טייערן שוואַרצן שטאָף, ער האָט אויך געטראָגן אַ שטעקעלע מיט אַ פּערלמוטערנעם הענטל, און געמאַכט מיט דעם אַהין און צוריק, אָבער דער עיקר — די סוואָבאָדאַ האָט אים געגעבן מוט, און ער איז צוגעגאַנגען צו זשעניאן און זיך אָנגערופן, ווי אַ גלייכער צו אַ גלייכער, אין רוסיש זיך אָנגערופן:

— יאַ וואָס ווידיעל וו׳אָדעסע (איך האָב אייך געזען אין אָדעס).

— אָטשען פּריאַטנאַ, — האָט זי זיך אָפּגערופן קאַלט, און גלייך זיך אויסגעדרייט צו אירע חברטעס.

אירע חברטעס, בײדע טעכטערלעך פון גבירים, און ביידע אָדעסער גימנאַזיסטקעס, האָבן געלאַכט, מיט חוזק געלאַכט — און ס׳איז געווען פון גרשונען. האָט אָבער גרשון אַ טייערן חבר, פּוליע, און יענער האָט באַמערקט מיט זיינע קורזיכטיקע אויגעלעך, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען, און ער האָט זיך אָנגערופן הויך אויף אַ קול, אַז זשעניע און אירע חברטעס זאָלן הערן:

— ס׳איז דער „סטאַרי מיר", די אַלטע וועלט, פול מיט שטויב. איז דעריבער (און ער האָט אָנגעהויבן צו זינגען הייס מיט זיין שיינער טענאָר שטימע):

אָטרעטשיאָמסיאַ, אָט סטאַראָוואָ מיראַ, ווסטריאַכניאָם יעוואָ פּריאַך ס׳נאָשיך נאָג.

(לאָמיר זיך אָפּזאָגן פון דער אַלטער וועלט, לאָמיר אָפּטרייסלען דעם שטויב פון אונדזערע פיס...).

# אין אַ לבנה נאַכט

זומער־נעכט אַזוינע אין דער אוקראַינע... ער ווייסט ניט, גרשון, צי ווען ער וואָלט איצט אָנגעקומען קיין בערשאַד, וואָלט ער געטראָפן אַזוינע זומער־נעכט. ס׳וואָלט אפשר געווען די זעלביקע לבנה; און אַלע דעכער וואָלטן געשיינט מיט אַ חלום; און די טאָרהאָוויצע וואָלט געלעגן אָפּגע־דעקט צו דער נאַכט, פאַרהילט אין אַ מין נעפּלדיקער בלויער ליכטיקייט; און דער גאַניק פון קוני שאַמעסעס הויז וואָלט געווען אינגאַנצן זילבער. אָבער גרשון וואָלט שוין ניט אַלט געווען זעכצן יאָר, און ס׳וואָלט ניט געווען מיט אים זיין ערשטער חבר פוליע און זיין צווייטער חבר בנימ־טשיק (בעניאָמטשיק); און זשעניע שאַראַפּאַן וואָלט שוין ניט געשפּילט אויף דער פּיאַנאָ; און זיין טאַטע און מאַמע וואָלטן שוין ניט געזעסן אויף די קלעצער פאַרן הויז זייט ביי זייט און רק געשוויגן פאַרכישופטע פון אַ וועלט, וואָס איז ניט חלום, ניט וואָר...

יאָ, גרשון איז אַלט געווען זעכצן יאָר. אויך פוליע, אויך בנימטשיק, און ס׳האָט זיך זיי אויסגעדאַכט, אַז זיי זיינען שוין געוואַלדיק דערוואַקסן. און ס׳ליגט שוין אויף זייערע פּלייצעס דער גאַנצער עול פון דער וועלט, און דעריבער האָבן זיי אַלץ געהאַלטן אין איין „ראַזביראַיען" זיך (זיך גריבלען) אין די שווערסטע און קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען פון לעבן. תמיד האָט זיי בערשאַד געזען אַלע דריי צוזאַמען, און אַלע דריי צוזאַמען מיט שטעקלעך, מיט וועלכע זיי האָבן געמאַכט אַהין און אַהער.

בנימטשיקן קאָן נאָך ניט דער לייענער, דאַרף מען אים טאָן אַ מאָל אויס אין דער שנעל. בנימטשיק אַקערמאַן, אַ הויכער בחור מיט לאַש־טשענדיקע בלויע אויגן, מיט אַ לענגלעך אויסגעבלאַסטן פּנים, מיט גע־דיכטע קאַשטאַנעווע ווייכע האָר, מיט אַן אַדלער נאָז און מיט וואַרעמע הענט. שטענדיק זיינען ביי אים די הענט געווען וואַרעם, סיי זומער, סיי ווינטער, און מיט לאַנגע שלאַנקע פינגער. אָבער דער עיקר — זיין קול. איז עמיצער פאַרבייגעגאַנגען און אים געהערט ריידן, האָט מען זיך גע־מוזט אָפּשטעלן — עפּעס אַ כישופדיק קול.

און בנימטשיק האָט גראַדע ניט געוואוינט אויף דער טאָרהאָוויצע, נאָר אין צווייטן עק שטאָט לעבן דעם קלויסטער, אָבער ס׳האָט אים גע־צויגן צו גרשונען און פוליען. אַלע דריי צוזאַמען האָבן שוין ניט געדאַרפט קיינעם. אויפן הויפן קלעצער לעבן גרשונס הויז האָבן זיי זיך פאַרקליבן אין די זומער־נעכט און גערעדט וועגן ליטעראַטור, דראַמע און פילאָזאָפיע.

גרשון האָט שוין געהאַט אָנגעשריבן אַ דערציילונג, פוליע — אַ ליד. און בנימטשיק האָט זיך געקליבן זיין אַן אַקטיאָר. און פילאָסאָפן זיינען זיי געווען אַלע דריי, מען האָט פילאָסאָפירט וועגן לעבן און טויט, און וועגן די הימלשע ספערן. מיט קיין מיידלעך האָבן זיי זיך נאָך ניט געמישט, אָבער אין אַ זומערדיקער נאַכט, וואָס גרשון וועט זי אייביק געדענקען, ווען די דעכער האָבן געשיינט מיט חלום, און די טאָרהאָוויצע איז געלעגן אַן אָפּגעדעקטע צו דער וועלט אין אַ בלוילעך־ווייסער אור־ליכטיקייט, און קוני שאַמעסעס גאַניק איז געווען אינגאַנצן זילבערדיק, און אויפן זעלביקן גאַניק זיינען געזעסן דריי גימנאַזיסטקעס: רושקאַ, בעלאַ און ציופּאַ, — האָט זיך אָנגעהויבן אַן איבעררוף צווישן די דריי מיידלעך אויפן גאַניק אַנטקעגן, און צווישן די דריי בחורים. און דער איבעררוף איז גראַדע ניט געווען קיין דירעקטער. ניט די מיידלעך אויפן גאַניק האָבן געזאָגט צו די דריי בחורים: „קומט זעצט זיך צו לעבן אונדז, וועלן מיר שמועסן“, און ניט די דריי בחורים אויף די קלעצער האָבן געזאָגט: „מיר וועלן זיך זעצן לעבן אייך אויפן גאַניק און שמועסן“. גערופן האָט מען זיך מיט אַנדערע רופן: די מיידלעך האָבן אַלע מאָל געלאַכט מיט קלינגנדיקע רייצנדיקע געלעכטערס, און צוליב די דאָזיקע קלינגנדיקע רייצנדיקע געלעכטערס, האָבן שוין די בחורים ניט געקאָנט רואיק פילאָזאָפירן וועגן לעבן און טויט. ס׳האָט זיי עפּעס געמאַכט פלאַטערן די הערצער... אַביסל שפּעטער, האָט ציופּאַ מיט קוטשעראַווע ליכטיק־ברוינע האָר און מיט וואַכע הייזל־אויגן, אָנגעהויבן זינגען אַ ליד אין רוסיש מיט איר זילבער סאָפּראַנאָ. און דאָס ליד איז געווען זייער אַ נשמהדיקס: „קאַק ליובליו יאַ טעביאַ נאָטש“ (ווי ליב איך האָב דיר, נאַכט), געדענקט בלויז גרושן די דאָזיקע איינציקע שורה, אָבער ער געדענקט די גוואַלדיקע בענקשאַפט, וואָס דאָס ליד האָט אויפגעוועקט אין זיין יונגן האַרצן. אַ בענקשאַפט, אַ דערהויבונג און אַ ליבשאַפט צו דער גאַנצער וועלט.

ווען ציופּאַ האָט אויפגעהערט זינגען, האָבן אַלע דריי בחורים, ניט צונויפגערעדט זיך, אָנגעהויבן צו פּאַטשן בראַוואָ. די מיידלעך דאָרטן אויפן גאַניק האָבן ווידער אַ לאַך געטאָן מיט קלינגנדיקע רייצנדיקע געלעכטערס. פּאַלט גלייך איין פוליען אויססוויטשען דאָס זעלביקע ליד מיט זיינע ליפּן. און פוליע האָט זייער שנעל געקאָנט איבערנעמען אַ ליד, און זייער גוט אויספייפן מיט זיינע ליפּן. און אויסגעפייפט האָט ער דאָס דאָזיקע ליד באַזונדערס שיין און באַזונדערס בענקנדיק, און ווי די גאַנצע ווייס־בלוילעכע טאָרהאָוויצע וואָלט זיך צוגעהערט צו זיין פייפן, און ווי

אַפילו די פולע שאַרף־לויכטנדיקע לבנה וואָלט זיך צוגעהערט צו זיין פייפן... און דאָרטן אויפן גאַניק איז געווען אַזוי שטיל, די גאַנצע נאַכט איז געשטאַנען שטיל, און ווי איינגעהאַלטן דעם אָטעם...

ווען פוליע האָט פאַרענדיקט, האָבן שוין די מיידלעך געפּאַטשט בראַ־וואָ. און מיט אַמאָל, גרשון, בנימטשיק און פוליע, ניט צונויפגערעדט זיך, — ווי זיי לאָזן זיך צום גאַניק און זעצן זיך לעבן די מיידלעך אויף די טרעפּ... און דאָס איז דאָס ערשטע מאָל אין זייער בחוריש לעבן, וואָס מען זיצט אַזוי נאָענט לעבן מיידלעך.

— אַך — כאַפּט זיך אַרויס דער נאַרישער גרשון — ס׳שמעקט דאָ אויפן גאַניק ווי מיט בלומען.

צעלאַכן זיך ווידער די מיידלעך אי מיט פריידיקייט און מיט אָפּלאַ־כערישקייט און מען קנייפּט זיך איינע דער אַנדערער. אין די אָרעמס קנייפּן זיי זיך מיט קליינע קנייפּעלעך... אָבער די דאָזיקע דריי גימנאַזיסט־קעס זיינען גאָר ניט געווען קיין לייכטזיניקע, אויך זיי האָבן זיך אינטע־רעסירט מיט ליטעראַטור, און פילאָזאָפיע, און די שוואַרץ־חנעוודיקע בע־לאַ יאַראָסלאַווסקי מיט די קלוגע פינקלדיקע שוואַרצע אויגן, האָט גע־קאָנט זייער שיין ריידן וועגן ליטעראַטור. איר טאַטע, גרשון יאַראָס־לאַווסקי, אַן אַגענט פון זינגער מאַשינען און אויך אַ לערער פון רוסיש, האָט פאַרמאָגט אַ סך ביכער ביי זיך אין הויז. און ציופאַ מילגרוים, מיט אַ שאַרף־געשניצטן פנים, ווי ביי אַ הירשין, און מיט איר שיינעם וואַרע־מען קול, ווייסט אויך אַ סך וועגן ליטעראַטור. און ס׳הויבט זיך אָן אַ דעבאַטע, וואָס קאָן גאָרניט זיך ענדיקן. גרשונס טאַטע און מאַמע, וואָס זיינען געזעסן די גאַנצע צייט אויף די קלעצער אַנטקעגן און רק געשוויגן, זיינען שוין אַריינגעגאַנגען אין שטוב אַריין זיך לייגן שלאָפן. אַהרן שמש מיט זיין ווייב פערל, וואָס זיינען געזעסן די גאַנצע צייט אויף דער פריזבע פון זייער הויז, זיינען אויך אַריין זיך לייגן שלאָפן. פון אַנדערע פריזבעס און פון אַנדערע גאַניקעס איז מען שוין אויך אַריינגעגאַנגען שלאָפן. געבליבן אינדרויסן איז די טאַרהאָוויצע מיט אַלע הייזער אין דער ווייס־בלוילעכער נאַכט, און די שאַרף לויכטנדיקע פולע לבנה אין הימל, און די דריי בחורים און די דריי גימנאַזיסטקעס אויפן גאַניק. און צום גאַניק איז אָנגעקומען מערער ליכטיקייט, ווי אומעטום. אַזוי ליכ־טיק געווען, אַז מען האָט אַזש געקאָנט לייענען געשריפטס פון אַ פּאַפּיר.

און גרשון האָט טאַקע געלייענט אין דער שיין פון דער לבנה זיין ערשט־אָנגעשריבענע דערציילונג. די דערציילונג איז געווען וועגן דער

סוואָבאָדע, און וועגן דוואָרניק אין אָדעס, וואָס דער נאַדזיראַטיעל פלעגט אים כמעט אַלע טאָג פּאַטשן פאַר ניט אויפראַמען דעם אָפּפאַל פון די פערד, וואָס זיי האָבן איבערגעלאָזט אינמיטן דער גאַס אויף דער יעוו־רעיסקאַ.

— ריסויעט קאַרטינו זשיזני קאַק נאַסטאָיאַשטשי כודאָזשניק (ער מאָלט דאָס בילד פון לעבן, ווי אַן עכטער מאָלער) — האָט זיך אָנגערופן די הירשן־וואַכע און פילבאַרע ציופּקאַ מילגרוים.

— אָן בודיעט פּיסאַטעליעם (ער וועט זיין אַ שרייבער) — האָט זיך אָנגערופן די שוואַרץ־חנעוודיקע, שטיפערישע, בעלאַ יאַראָסלאַווסקי.

פאַר אַ פּיסאַטיעל איז גרשון יענע זומערדיקע לבנה־נאַכט געקרוינט געוואָרן פון די דריי שיינע גימנאַזיסטקעס אויף דעם לויכטנדיקן גאַניק פון קוני שאַמעסעס הויז...

און די לבנה, די שאַרף לויכטנדיקע לבנה, האָט זיך גאָר געסטאַרעט יענע נאַכט, געגאָסן שטיקער ליכטיקייט אויף אַלע דעכער פון דער טאַר־האָוויצע, און אויף אַלע פריזבעס און גאַניקעס, און אויף דעם אַקאַציע בוים אין יאַראָסלאַווסקיס גערטנדל...

## דעם שוסטערס מיידל

אַ זומער אַזאַ אין גרשונס לעבן... יעדע מינוט פון טאָג איז געווען די גרויסע פרייד פון זיין אויף דער וועלט... ס׳האָט אים באמת הנאה געטאָן, וואָס די מאַמע האָט אים געהאַט. אַ שאָד נאָר וואָס מען האָט געדאַרפט שלאָפן. אין שלאָף האָט ער ניט געלעבט. צו אַנדערע קומען כאָטש חלו־מות אין שלאָף, ער גרשון, ווי אַ געהרגעטער. אָט לייגט ער אַוועק דעם קאָפּ אויפן קישן, און גלייך איז ער שוין ניטאָ.

און געלייגט האָט ער זיך שלאָפן זייער שפּעט, ווייל ער, פּוליע און בנימטשיק, אין די סאַמעט־גרינע זומער־נעכט, ווי קאָן מען גאָר איבער־רייסן דאָס זיין צוזאַמען? ווי קאָן מען גאָר איבעררייסן דאָס רעדן וועגן ליטעראַטור, וועגן פילאָסאָפיע, וועגן דער רעוואָלוציע? און דאָ שמעקט נאָך די נאַכט מיטן טייך ניט ווייט, און מיט די סעדער און באַשטאַנען אויך ניט ווייט... און אַז מען האָט שוין באַשלאָסן זיך צעשיידן, האָט זיך אָנגע־הויבן דאָס אָפּפירעניש. פּוליע און גרשון האָבן אָפּגעפירט בנימטשיקן,

וואָס האָט געוואוינט לעבן קלויסטער, דערנאָכדעם האָט בנימטשיק אָפּגע־פירט פוליען און גרשונען, וואָס האָבן געוואוינט אויף דער טאַרהאָוויצע. דערנאָכדעם — צוריק, און אַזוי ווייטער און ווייטער, און מען האָט גע־רעדט און גערעדט...

און פאַרטאָג דאַרף די מאַמע ניט וועקן: „גרשון, שטיי אויף, דער טאָג איז שוין דאָ". ווי באַלד ס'באַווייזט זיך גאָלד אין די פענצטער, אַזוי באַפּט ער זיך גלייך אויף און לויפט צום וואַסער. די פרייד פון באָדן זיך פאַרטאָג אין די שניידנדיקע קאַלטע וואַסערן פון בערשאַדער טייך איז גאָרנישט צו באַשרייבן. ס'שניידט בלויז אין די ערשטע עטלעכע סעקונדן ווען מען שפּרינגט אַריין אַן אָדם נאַקעטער, באַלד אָבער דערפילט מען אַזאַ קראַפט אין די ביינער און אַזאַ עקסטאַז, אַז ס'ווילט זיך שרייען אויף קולי קולות צו דער גאַנצער וועלט, אַז ס'איז טוב, אַז ס'איז גוט, אַז דאָס לעבן איז געבענטשט. באַזונדערס נאָך, אַז מען שווימט לאַזנדיק, דאָס הייסט, אויפן רוקן מיט די אויגן צום קלאָרן, בלויען הימל, ווערט מען ממש אַליין באַהעפט מיטן קלאָרן בלויען הימל.

און גרשונען האָט זיך שוין ניט געפּאַסט זיך באָדן אין אָפענעם טייך אַן אָדם־נאַקעטער. אַ בחור פון זעכצן יאָר קיין עין־הרע, אַ תלמיד פון דער באַרימטער אָדעסער ישיבה, אַ העברעאישער לערער. איז ער זיך געגאַנגען באָדן אין דער קופּאַלניע. די קופּאַלניע איז געווען אין דער דאָלינע, און דער באַלעבאָס פון דער קופּאַלניע, ירחמיאל, האָט זיך, האָט ער געהייסן, איז געזעסן ביים אַריינגאַנג מיט אַ טעלער, און מען האָט געדאַרפט אַריינוואַרפן אַ קאָפּיקע. און אַז מען האָט אַריינגעוואָרפן די קאָפּיקע אין זיין טעלער, האָט מען זיך געלאָזט אונטער אַ דעכל גע־פלאָכטן פון פּרוטיקעלעך, וועלכע זיינען געווען באַדעקט מיט די בלעטער פון די קריך־פלאַנצונגען. איין שטעגל האָט געפירט צו דער מענערשער קופּאַלניע, און אַ צווייט שטעגל — צו דער פרויענשער קופּאַלניע. די מענערשע קופּאַלניע איז געווען אָפן צום טייך, די פרויענשע קופּאַלניע איז געווען פאַרשטעלט מיט אַ הויכער וואַנט פון ברעטער, וואָס זיינען געווען שוין גרין און גליטשיק פון די וואַסער געוויקסן. אָבער צווישן די ברעטער זיינען געווען שפּאַלטן, און די יונגע בחורים האָט געצויגן צו די שפּאַלטן, און ירחמיאל, דער באַלעבאָס פון די קופּאַלניעס, האָט אָפט גע־דאַרפט זיך זעצן אין אַ שיפל און שלאָגן מיטן רודער איבער די רוקנס פון די זייער נייגעריקע בחורים. שרייען צו זיי, אַז מען זאָל ניט אַריינקוקן דורך די שפּאַלטן האָט ניט געהאָלפן, נאָר אַז מען האָט דערלאַנגט מיטן

רודער איבער די רוקנס, האָט יאָ געהאָלפן.

און גרשון, כאָטשבי אַ העברעאישער לערער, אַ תלמיד פון דער באַ־רימטער אָדעסער ישיבה, און אַ בחור אַ פילאָסאָף, אַ צוקונפטיקער „פּי־סאַטיעל״, האָט געמוזט מודה זיין פאַר זיך אַליין אַז ער איז ניט בעסער פון די אַנדערע. טאַקע קיינמאָל ניט געווען דאָרטן ביי די שפּאַלטן, אָבער ס׳האָט אים געצויגן אַהין מיט אַזוינע ציענישן, ממש דאָס חיות איז אים אויסגעגאַנגען.

אָבער אַזוי פּרי אין טאָג איז גרשון געווען דער איינציקער לעבעדיקער אין ביידע קופּאַלניעס און זיין געדאַנק האָט געקאָנט זיין ריין און לויטער, אָן איין זינדיקער מחשבה, און דאָס שטאַרק קאַלטע וואַסער איז אויך ריין און לויטער, און שטיל, און ווי אַ שפּיגל. מען מוז זיך אַ וואָרף טאָן אַהין מיטאַמאָל. איבערטראַכטן טאָר מען ניט, ווייל אַז מען וועט איבערטראַכטן וועט מען קיינמאָל ניט טאָן דעם שפּרונג... מען דאַרף אויך פאַרמאַכן פריער די אויגן, דאָס העלפט עפּעס צו טאָן דעם לעצטן אַנטשיידענעם שריט... און אַז דאָס שטאַרקע קאַלטע וואַסער כאַפּט אַריין דאָס וואַרעמע לייב און צעשטעכט דאָס מיט טויזנטער קאַלטע שפּיזעלעך, און גוט זיך צעשרייען אויף די העכסטע קולות. מען קאָן שרייען: „אוי, געוואַלד יידן, ס׳איז קאַלט!״, אָדער: „אוי, געוואַלד, איך גיי אויס!״. מען קאָן שרייען אפילו אָן ווערטער, אָבער שרייען מוז מען. אַ האַלבע מינוט שפּעטער דאַרף מען שוין ניט שרייען, ווייל די בלוטן הויבן אָן גיך צו יאָגן איבער די איברים, און ס׳ווערט שוין עפּעס ניחא׳ר. דעמאָלט איז גוט זיך צעזינגען, ווייל דאָס האַרץ איז איבערגעפילט מיט אַזאַ גליק, אַז מען מוז לאָזן וויסן דער וועלט, אַז ס׳איז דיר אומדערטרעגלעך גוט. גרשון האָט געווינלעך געזונגען: „לכו נרננה לה׳, נריעה לצור ישענו״ (קומט, לאָמיר זינגען צו גאָט, לאָמיר שאַלן צום פעלז פון אונדזער הילף). און לאָמיר אייך זאָגן, אַז מען באָדט זיך אַ פרימאָרגן אין אַ טייך פול מיט טויזנטער גאָל־דענע שטראַלן, פּאַסט זיך בעסער דער „לכו נרננה״, ווי פרייטאָג צונאַכטס אין שול.

און דאָ איינמאָל אין טייך, ווען גרשון איז געווען באַזונדערס איבער־געפלאָסן מיט פריידיקן כוח, האָט זיך אים געוואָלט כאָטש איין קוק כאַפּן דאָרטן אין פאַרבאָטענעם אָרט. און כאָטשבי ער האָט געוואוסט, אַז קיינער איז דאָרטן ניטאָ אין אַזאַ פריער שעה, פונדעסטוועגן האָט דאָס האַרץ אָנגעהויבן צו קלאַפּן אַזוי שטאַרק ווי מיט האַמערס... און וואָס פאַר אַ זינד באַגייט ער דען דאָ? ער ווייסט דאָך, אַז דאָרטן איז קיינער

ניטאָ. ער איז בלויז נייגעריק צו זען, ווי אַזוי דער אינעווייניק פון אַ פרויענשער קופּאַלניע קוקט אויס.

און דאָ קומט אַריין דעם שוסטערס מיידל פון כאַשטשעוואַטע. ער האָט נאָך ניט געוואוסט, אַז זי הייסט מרים, און אַז זי איז אַ שוסטערס מיידל פון כאַשטשעוואַטע, און אַז זי וועט שפּילן אַזאַ גרויסע ראָלע אין זיין לעבן. ערשט שפּעטער מיט עטלעכע חדשים האָט ער זיך דערוואוסט, אַז זי הייסט מרים, און אַז זי איז אַ קרובה פון ירחמיאל פון דער קופּאַלניע, און אַז זי איז געקומען קיין בערשאַד צו גאַסט אויף אַ פּאָר וואָכן.

און די מעשה איז, וואָס גרשון האָט זיך לחלוטין ניט געפילט זינדיק, ווען ער האָט דערזען דאָס וואָס ער האָט דערזען. ס'איז געווען די גרויסע שיינקייט פון גאָטס ווערק. ס'איז געווען, ווי יהודה הלוי, דער משורר מיט הונדערטער יאָר צוריק, האָט געזאָגט אין זיינער אַ ליד:

„זי וואַרפט די שלייערן אַראָפּ און בלייבט ניט נאַקעט, ווייל חן און פּראַכט און שיינקייט וויקלען זי אַרום“.

זי איז אויך ניט מערער אַלט געווען ווי זעכצן יאָר, און אַזוי ווי זי האָט ניט אָנגעהויבן חושד צו זיין, אַז בחורשע שטאַרק־בלישטשענדיקע און גרויס־צעלאָפּענע אויגן קוקן אויף איר נאַקעטקייט, איז זי אַן אומשול־דיקע, אַ נאַטירלעכע אַריינגעשפּרונגען אין וואַסער און אָנגעהויבן אַרומ־שווימען.

און גרשונען האָט אויך איצט געקלאַפּט דאָס האַרץ, ווי מיט האַמערס, אָבער ניט פון דעם געפיל פון אומווירדיקייט און שולדיקייט, נאָר פון דער גרויסער אַנטפּלעקונג, פון דעם גרויסן וואונדער, פון דער גרויסער פרייד, וואָס זיינע אויגן האָבן זוכה געווען צו זען די פרוי אין איר הוד שבהוד, פּראַכט שבפּראַכט, תפארת שבתפארת, שיינלעכקייט שבשיינ־לעכקייט, זיו שבזיו, לויטערקייט שבלויטערקייט...

# ווידער אַמאָל אָדעס

אַלע פּאַיעזדן זינגען, און גאַנץ רוסלאַנד פאָרט.

גרשון פאָרט אויך, שוין ניט אין דער ישיבה, נאָר אַריינצוטרעטן אין דער גימנאַזיע. פוליע און בנימטשיק פאָרן אויך, און ווילן אויך אַריין אין גימנאַזיע... און אַ סך אַנדערע חברה פון ניט־פאַרמעגלעכע עלטערן פאָרן אויך, און אויך צו דער גימנאַזיע. דען נאָר פון בערשאַד? פון אַלע שטעט און שטעטלעך אויף דער אוקראַינע... אַזאַ דורשט פון די יידישע יינגלעך צו דער גימנאַזיע...

און דאָס איז געווען אין אָנהייב פון האַרבסט פון יאָר 1917, האָט דער פּאַיעזד פון דער שמאָלער ליניע אַלע טאָג געבראַכט יידישע בחורים און מיידלעך פון כאַשטשעוואַטע, בערשאַד, טשיטשעלניק, האָלעפּאָליע, און נאָך און נאָך שטעטלעך צום רודניצער וואָקזאַל, כדי זיך איבערצוזעצן אויף דעם פּאַיעזד פון דער ברייטער ליניע, וואָס לויפט קיין אָדעס. און אַלע זיינען זיי געפאָרן אַריינצוטרעטן אין די גימנאַזיעס. אַז פריער איז דאָס בלויז געווען אַ חלום פאַר יידן, און איצטער — סוואָבאָדאַ, פרייהייט, גלייכהייט פאַר אַלע פעלקער.

דען נאָר אין אָדעס פאָרט מען? מען פאָרט אויך קיין כאַרקאָוו, קיין מאָסקווע, קיין פּעטראָגראַד, אַלץ אין אַזוינע שטעט, וואו די זוואַניע פון יידן האָט זיך פריער ניט געטאָרט געפינען. און גראַדע אין די דאָזיקע שטעט פאָרט מען ניט אין די גימנאַזיעס, נאָר פשוט טאָן מסחר.

און דער היפשער וואָקזאַל רודניצע, וואו מען האָט געביטן פון דער שמאָלער ליניע אויף די פּאַיעזדן פון דער ברייטער ליניע, איז אַזוי געפּאַקט, אַז ס׳איז ניטאָ אפילו וואו צו שטיין. דען נאָר אינעווייניק אין וואָקזאַל? אויף דער פּלאַטפאָרמע אינדרויסן אויך. עס זיצן לעבן די פעק פויערים, פויערטעס, יידן, סאָלדאַטן, מערסטנס טאַקע סאָלדאַטן, און דער טערפּקער ריח פון מאַכאָרקע, און דער דיאָכטענער ריח פון שטיוול, און פון שוויס איז אומעטום, אַפילו אין בופעט פון ערשטן קלאַס. דאָרטן האָט פאַר דער סוואָבאָדע געשמעקט מיטן ריח פון גוטן טאַבאַק, און מיטן ריח פון פאַרפיומירטע פריצעטעס און פריצים, איצט זיצן דאָרטן סאָל־דאַטן און פויערים, מען טרינקט טיי, מען רויכערט מאַכאָרקע און היי־מישן שאַרפן טיטון, און מען שפייט...

און איבערגעפּאַקטע פּאַיעזדן טראָגן זיך פאַרביי אויף דער ברייטער ליניע, און יעדער פּאַיעזד, ווי עפּעס אַ מאָסן־כאָר. מען זינגט. מען זינגט

לידער פון פרייהייט און לידער פון ליבע, און לידער פון דאָרף און פון פעלד...

— מען האָט געלאָזט די זאַסטאַווקעס — האָט אַ זאָג געטאָן דער פּאַר־גאַפּטער בנימטשיק.

און לאָזן די זאַסטאַווקעס האָט געמיינט אין בערשאַד: עפּענען לעבן בריק די שליוזן פון טייך, און די פאַרצוימטע וואַסערן האָבן זיך געלאָזט פריי, ווילד, מיט שטאַרקן גערויש און געפּילדער. פרילינג האָט מען גע־מוזט לאָזן די זאַסטאַווקעס אין בערשאַד, אַניט וואָלט דאָס אַראָפּגעריסן דעם בריק.

:: :: ::

אין אָדעס האָט גערוישט סיי בייטאָג און סיי ביינאַכט. אַזויפיל מענטשן זיינען זיך אָנגעפאָרן פון אַלע שטעט און שטעטלעך, און פון אַלע עקן, אַז אַלע גרויסע גאַסטיניצעס, און קליינע גאַסטיניצעס און היימישע סטאַנ־ציעס און אומעטום, וואו מען האָט פאַרדונגען צימערן, איז געווען גע־פּאַקט...

און אין די גימנאַזיעס האָט מען ווידער ניט אַריינגענומען אַזוינע בחורימלעך, ווי גרשון און זיינע צוויי חברים. ס'איז טאַקע סוואָבאָדאַ, אָבער מען האָט נאָך אַלץ געדאַרפט שמירן. דער תירוץ איז געווען: די קלאַסן זיינען איבערגעפּאַקט — מיט בחורימלעך פון רייכע טאַטעס...

אויף דער פּראָכאָראָווסקאַ, וואָס אויף דער מאָלדאַוואַנקע, האָבן זיך די דריי חברים באַזעצט אין אַ בלינדן צימער. דאָס הייסט, ס'האָט ניט געהאַט קיין פענצטער, און דעריבער איז דאָרטן בייטאָג געווען פינצטער ווי ביינאַכט. אָבער וויפיל האָבן די דריי חברים דען פאַרבראַכט אין בלינדן צימער? בלויז אַ פינף אָדער זעקס שטונדן, ווען מען האָט געדאַרפט אָפּ־געבן דעם שלאָף זיינס. די איבעריקע צייט האָט מען פאַרבראַכט אויף די גאַסן פון אָדעסאַ־מאַמאַ. גרשון איז דאָך שוין געווען אַ תושב אין דער דאָזיקער פריילעכער שטאָט, האָט ער געפירט זיינע חברים אומעטום, וואו ס'איז געווען פאַרכאַפּנדיק. און וואו איז דען ניט געווען פאַרכאַפּנדיק? אַפילו אויף דער מאָלדאַוואַנקע אַליין. דאָרטן טאָג און נאַכט — רק ס'האָט זיך געטאָן, באַזונדערס ביינאַכט. ווי נאָר די זון איז פאַרגאַנגען, און ווי נאָר מען האָט אָפּגעגעסן וועטשערע אין די היימען, האָט זיך אַרויסגעיאַ־ווערט די יוגנט און מען האָט צעטראָגן די טראָטואַרן. דעמאָלט איז גע־ווען אין דער מאָדע אַ פריילעך לידל אָן ווערטער, נאָר בלויז:

אַי דידל, דידל, דידל דאַם,
טאַידידי׳ל, דידל, דידל דאַם.

און דערביי האָט מען געדאַרפט אויסקלאַפּן דעם ריטם מיט די זוילן פון די שיך. און וואו מען איז געגאַנגען יענעם אָנהויב האַרבסט, און וואו מען איז געשטאַנען: „אַי דידל, דידל, דידל דאַם", און אַ קלאַפּעניש מיט די פּאָדעשוועס איבער די שטיינער פון די טראָטואַרן...

און אָדעס איז טאַקע געווען אַ מאַמע פאַר די דריי בערשאַדער אינגלעך. בערשאַד איז אויך געווען אַ ליבע מאַמע, אָבער אַ מאַמע, וואָס האָט ניט געלאָזט אַ שטיף טאָן, אַ הוליע טאָן, וואָס האָט רק דערמאָנט וועגן תכלית. אָדעס איז געווען אַ היפּשע מאַמע, אַ הויכע, אַ געפּאַקטע, אַ פריילעכע, און געלאָזט שטיפן, הוליען, און קיינמאָל ניט דערמאָנט וועגן תכלית. האָבן טאַקע די דריי בערשאַדער חברים הנאה געהאַט פון לעבן און פון די גאָלדענע אָדעסער טעג, וואָס האָבן געשמעקט מיט ים, און פון די מחיהדיקע פרישע קילע אָדעסער נעכט אין די בולוואַרן און אין די פּאַרקס, וואָס האָבן געשמעקט מיט האַרבסטיק־רייפע ריחות פון בלומען און גראָז, און גערוישט מיט קלינגנדיקע יונגע געלעכטערס.

אַלע טאָג זיינען זיי כמעט איבערגעלעגן אויפן לאַנדזשעראָן. און וואָס אַזוינס איז דער לאַנדזשעראָן? אַ ברעג־ים מיט בערגלעך, און די בערגלעך זיינען אין פילע ערטער צעקרישלט, און ס׳זעען זיך אַרויס שיכטן ליים פון פאַרשיידענע שאַטירונגען געל און אפילו רויט... אויפן לאַנדזשעראָן זיינען דאָ קופּאַלניעס אַרומגעצוימט מיט הויכע ווענט פון ברעטער. אָבער ווער האָט זיך געבאָדן אין די קופּאַלניעס, וואו מען האָט געדאַרפט באַצאָלן געלט? מען האָט זיך געבאָדן אין אָפענעם ים. קיין באָד־קאָסטיומען האָט מען ניט געהאַט, האָט מען זיך געבאָדן אין די העמדער, סיי מענער און סיי פרויען.

און זיך באָדן דאָרטן ביים לאַנדזשעראָן אין דעם שטורמישן, שפּרינגענדיקן שוואַרצן ים איז געווען, ווי זיך לאָזן גוט אויספּאַטשן פון טויזנטער קאַנטשיקעס. די לויפנדיקע כוואַליעס האָבן אַזוי אויסגעפּאַטשט דיין לייב, אַז דו ביזט אַרויס פון ים אָן אַ פּיצעלע כוח, און דער עיקר, — הונגעריק. אַזוי הונגעריק, אַז מען האָט געקאָנט אויפעסן די גאַנצע וועלט...

און די דריי חברים, יעדעס מאָל, וואָס מען איז געגאַנגען אויפן לאַנדזשעראָן, האָבן זיי מיטגענומען אַ ריזיקע קאַווענע, אָדער אַ היפּשע דיניע, און אַ לענגלעכן ווייסן אָדעסער ברויט, וואָס מען האָט גערופן „לאָשעק",

און אויך מיטגענומען די ברענענדיקע רויטע כערסאָנער פּעטליזשאַ־נעס (טאָמעיטאָס), מיט זאַלץ. פאַרשטייט זיך, נאָכן באָדן זיך האָט מען געריבן אויף אַלע ציינער, און ערשט נאָכדעם געבליבן הונגעריקע. און אַז מען האָט געוואָלט אַן אמתן הוליע טאָן, איז מען געגאַנגען אין דער ווע־געטריאַנקע, און מען האָט דאָרטן געגעסן טעלער געשמאַקן באָרשטש און סירינקעס, (אַזוינע קעזלעך), און ערשט נאָכדעם איז מען געבליבן הונגעריק, האָט מען פאַרביסן מיט אַ:

אי דיזיל, דידל דאָם.
טאַידיל דידל, דידל דאָם...

און אין די נעכט אויף דער פּראָכאָראָווסקע, ניט נאָר מען זינגט „אַי דידל, דידל דאָם", נאָר ס'שטייען גרופּעס און מען דיסקוטירט, און אין יעדער גרופּע מענטשן פון פאַרשיידענע פּאַרטייען, סאָציאַל־דעמאָקראַטן, סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן, באָלשעוויקעס און נאָך, און נאָך פּאַרטייען... און די באָלשעוויקעס זיינען געווען ניי פאַר די בערישאָדער יינגלעך. די באָלשעוויקעס זיינען עפּעס געווען באַזונדערע מענטשן, ס'הייסט, ניט אַנ־דערש אין קליידונג, נאָר אַזוינע ביסטרע, שאַרפע, אַזוינע ערנסטע, שטרענ־גע, אַזוינע פייערדיקע. און ווילן דיר אַלצדינג. זיי ווילן דיר קיין פּיצל ניט נאָכגעבן. די גאַנצע מאַכט ווילן זיי צו די סאָוועטן פון די ראַבאָטשיך דע־פּוטאַטאָוו. מען זאָל גלייך אָפּשטעלן די מלחמה, — די מינוט. און גלייך נעמען און צעטיילן די פּריצישע ערד צווישן די פּויערים, — די מינוט. און גלייך איבערנעמען די פאַבריקן — די מינוט!...

# אַדעס קאָכט זיך

ווער האָט זיך דען גערעכנט אַרויסכאַפּן אין יענע טעג אויף אַן אָדעסער טראַמוואַי? טאָג און נאַכט זיינען זיי געווען איבערגעפּאַקט. די איבערגע־פּאַקטע טראַמוואַיען האָבן זיך גאַרניט אָפּגעשטעלט דאָרטן אויף די אָפּ־שטעלן, וואו זיי האָבן געדאַרפט אַרויסלאָזן און אַרויפנעמען פּאַסאַזשירן. פאַרקערט, נאָר גיכער זיך צעלאָפן, מורא געהאַט פאַר די מחנות מענטשן, וואָס האָבן געוואַרט אויף יעדן אָפּשטעל. אָבער ס'האָט זיי ניט געהאָלפן

דאָס אַנטלויפן, מחמת אַסך זיינען נאָכגעלאָפן און זיך אָנגעכאַפּט אין וואָס נאָר מען האָט געקאָנט.

און אַז אין גאָראָדסקאַי טעאַטער (שטאָטישער טעאַטער) האָט געדאַרפט פאָרקומען אַ גרויסע פאַרזאַמלונג צוליב דער „אוטשרעדיטעלנע סאָבראַניע" (גרינדונגס פאַרזאַמלונג) זיינען שוין די טראַמוואַיען, וואָס זיינען געלאָפן צום צענטער פון שטאָט, אוודאי געווען איבערגעפּאַקט. אָבער גרשון, פוליע און בנימטשיק, האָבן זיך געגעבן אַן עצה. פּשוט אַריינגעשפּרונגען דורך די אָפענע פענצטער, אויף מענטשן געפאַלן, אָבער די מענטשן האָט עפּעס ניט געאַרט. זיי האָבן געלאַכט פון אַזאַ איינפאַל פון בחורים.

מען האָט געמאָלדן אויף פיר אַ זייגער בייטאָג דעם מיטינג. ס׳איז געווען אַ זונטיק. און שוין אַרום צוויי אַזייגער, זיינען געשטאַנען הונדערטער מענטשן פאַר די פאַרמאַכטע טירן. און וואָס אַ מינוט איז דער עולם געוואַקסן און געוואַקסן. און איידער ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דער מיטינג אינעווייניק, איז דערוויל פאָרגעקומען אַ מיטינג אינדרויסן. דען נאָר איין מיטינג? צענדליקער מיטינגען. אומעטום — גרופּעס צעקאָכטע, צעהיצטע און יעדער איינער האָט געהאַלטן אין אַגיטירן פאַר זיין פּאַרטיי...

און שפּעטער אינעווייניק אין גאָראָדסקאַי טעאַטער — געפּאַקט אומעטום. מענטשן אונטן אין זאַל, מענטשן אויבן אין די לאָזשעס. און אויף די באַלקאָנען מערסטנס סאָלדאַטן אין גרויע שטויביקע שינעלן, און ציווילע פון פּראָלעטאַרישן קלאַס. און אַרום און אַרום איז גאָלע גאָלד און רויטער באַרכאַט, און קריסטאָלענע קאַנדילאַבערעס, און געמאָלענע סטעליעס. און אַ סך פון עולם פונקט ווי די דריי בערשאַדער חברים זיינען ס׳ערשטע מאָל אינעווייניק אין אַזאַ טעמפּל.

קוקט מען מיט צעלאָפענע אויגן און מיט אָפענע מיילער. דער גאַנצער אינעווייניק איז דאָרטן עפּעס קיילעכדיק. אַזוי געבויט, אַז די בינע זאָל ניט זיין ווייט פון קיין שום פונקט אין ווייטסטן ווינקל פון טעאַטער. ס׳זיינען גאָר ניטאָ דאָרטן קיין ווינקלען, אַז אַלצדינג ציט זיך קיילעכדיק. דער אַרכיטעקט האָט באַשאַפן אַ האַלבן קרייז אַרום דער בינע פון אונטן אין זאַל, ביז גאָר הויך צו דעם העכסטן באַלקאָן. און יעדער איינער, וואו ער זאָל ניט זיצן זעט דאָס גאַנצע אַרום.

רעדנער נאָך רעדנער טרעטן אַרויס, און דאָס פאָלק שאַלט, און דאָס פאָלק טומלט, און מען שרייט הוראַ, און די סאָלדאַטן צווישן עולם טופּען מיט די שווערע שטיוול.

דער רעדנער פון די סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן איז איבערגעלעגן אין

די טורמעס געווען פאַרשיקט אין אַ וויסטן העק פון סיבר. אַ נאָענטער חבר פון ברעשקאָ־ברעשקאָווסקאַיאַ, די באָבע פון דער רעוואָלוציע, ווי מען האָט זי גערופן. ער איז אַ מאַן מיט גרייז־גרויע האָר, און אַ ליידנ־דיק־פּילבאַר פּנים. און גראָד ער וויל, אַז מען זאָל ניט אָפּשטעלן די מלחמה, ווייל ס׳וועט אויסקומען, אַז מען פאַרראַט די עלאַיס. ער וויל אַז אַלע זאָלן זיך לאָזן אויפן פראָנט קעגן דייטש. די סאָלדאַטן צווישן עולם, מערסטע פון זיי האָבן שוין פאַרזוכט דעם טעם פון דער מלחמה, ווייסן גוט וואָס דאָס מיינט. און אַ סך הפּנים האָבן שוין געהערט לעניִנס רוף, ליגן זיי ניט קיין אַכט אויפן רעדנער, און מען פאַרשרייט אים, מען פאַרטופּעט אים מיט די פיס.

אָבער דער גרויסער מוזיק אָרקעסטער ראַטעווועט גלייך די לאַגע, הויבט אָן שפּילן דעם רעוואָלוציאָנערן טרויער־מאַרש נאָך די געפאַלענע העלדן אין פּעטערבורג, און אַלע נעמען אַראָפּ די היטלען און ס׳ווערט שטיל.

„וי זשערטוואָיו פּאַלי
איוו באָרבע ראָקאָוואָי״...
(אַ קרבן געפאַלן
אין אַ גורלדיקן געראַנגל).

און שפּעטער, אַז דער מיטינג אינעווייניק האָט זיך געענדיקט, איז ער פאַרגעזעצט געוואָרן אינדרויסן. מען האָט זיך גאָרניט געוואָלט צעגיין. און ס׳איז שוין געווען נאַכט. און אין יענע טעג, אַז דער אָוונט איז גע־קומען, זיינען שוין אַלע טראָטואַרן, אַלע בולוואַרן, אַלע פּאַרקן געווען פול מיט מיטינגען, ניט קיין אָפיציעלע, ספּאָנטאַנע, און אַלץ וועגן דער „אור־טשערדיטעלנאַיע סאָבראַניע״, און וועגן דער קאָרנילאָוושינע, וואָס איז ניט לאַנג אונטערדריקט געוואָרן, און וועגן די מענשעוויקעס און די באָל־שעוויקעס, און וועגן די קאַדעטן און די סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן.

אָבער אָדעס האָט אויך ניט אויפגעהערט צו לאַכן און צו זינגען אויף די טראָטואַרן, אויף די בולוואַרן און אין די פּאַרקן, באַזונדערס אויף דער מאָלדאָוואַנקע. דאָ שפּאַרט מען זיך וועגן פּאַרטיי פּלאַטפאָרמעס. און דאָ די יוגנט, די בחורים נאָך אַלץ אין די ווייסע זומערדיקע הויזן, כאַטשבי ס׳איז שוין אָנהויב האַרבסט און די נעכט זיינען שוין קילבלעך; די מייד־לעך אין די שטרויענע שליאַפּעס און אין נאָך לייכטע זומערדיקע קליידער,

שמעקן מיט דושיסטן זייף (פֿאַרפֿורמירטן זייף), שמעקן מיט זייערע אייגענע יונגע פּאַרפֿיומען. מען זינגט, מען שפּילט אויף מאַנדאָלינעס און מען לאַכט מיט גאָלדענע געלעכטערס... און מען קלאַפּט אויס מיט די זוילן פון די שיך דעם „טידל, טידל־דאַם“.

און דאָ דאַרפֿן די דריי בערשאַדער בחורים שוין אָפּפֿאָרן פון אָדעס. אין דער גימנאַזיע ניט אָנגענומען געוואָרן, מוז מען פֿאָרן צוריק קיין בערשאַד, און אין בערשאַד הויבן זיך באַלד אָן די בלאָטעס.

כאַפּט מען אַריין וואָס מען קאָן פון אָדעס. און איינמאָל אַ פֿאַרנאַכט ווען די דריי בחורימלעך האָבן זיך געלאָזט מיט די שטרויענע קאָרזינעס אויף זייערע פּלייצעס צום וואָקזאַל, אָפּצופֿאָרן אַהיים, איז פֿאָרגעקומען אַ מאַרש פון קאַראַוואַנען. יעדע פּאַרטיי האָט זיך געהאַט איר באַזונדערן קאַראַוואַן. דער הויך־פּונקט פון סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן קאַראַוואַן איז געווען אַן אָפֿענער טראָק, און דאָרטן האָבן מיידלעך, פֿאַרשטעלט זיך פֿאַר פּויערטעס, געשניטן זאַנגען מיט סערפּען; אויף אַ צווייטן טראָק, אַ שיינע שלאַנקע פרוי אָנגעטאָן אין גאָלע רויטן; אויף אַ דריטן טראָק, — אַקט־יאָרן גרימירט ווי באַרימטע רעוואָלוציאָנערע פֿירער הינטער גראַטעס. די מענשעוויקעס האָבן אויך געהאַט אויף אַ טראָק אַקטיאָרן גרימירט אַלס קאַרל מאַרקס, ענגעלס, און אַנדערע באַרימטע פֿירער.

די באָלשעוויקעס האָבן פֿאַרמירט זייער אַ קליינעם קאַראַוואַן, אַ פּאָר אויטאָמאָבילן, מיט אַ קליינעם טראָק. אָבער דערפֿאַר זייער אַ שלאָגנדיי־קער. אויפֿן אָפֿענעם טראָק — אַ קוזניע מיט אַן אמתן בלאָז־זאַק, מיט אַן אמתער קאָוואַדלע, מיט אַן אמתן גליִענדיקן פֿייער. און צווי געזונטע אַר־בעטער, נאַקעט ביז גאַרטל האָבן געקלאַפּט אויפֿן גליִענדיקן אייזן און פונקען זיינען געפֿלויגן אין אַלע זייטן...

⁂ ⁂ ⁂

ס׳איז געווען אַזוי שווער זיך אָפּצורייסן פון אָדעס, און זיך לאָזן אַהיים קיין בערשאַד... אָבער אַ ברירה האָט מען געהאַט. קוים געבליבן אויף רייזע הוצאות אַהיים.

און דער צוג, וואָס איז געגאַנגען אין דער ריכטונג פון רודניצע, איז געווען פול אָנגעפּאַקט מיט סאָלדאַטן, און אין אַלע וואַגאָנעס האָט מען געזונגען. און אָדעס, צעגאָסן מיט מיליאָנען ליכט, האָט אָנגעהויבן אָפּצו־גיין. און דער צוג האָט אָנגעהויבן אַריינצופֿאָרן אין דער נאַכט אַריין, און טיף אין סטעפּ אַריין.

די צוויי בערשאַדער בחורימלעך זיינען געשטאַנען מיט זייערע קאָרזינעס אויף דער פּלאַטפאָרמע פון וואַגאָן, מחמת אינעווייניק איז שוין ניט געווען אַפילו וואו צו שטיין. און אויסגעדאַכט האָט זיך גרשונען, אַז דאָס געזאַנג קומט ניט פון די וואַגאָנען, נאָר דאָס זינגט גאָר נאָך אָדעס, אַז דאָס געזאַנג פון אָדעס לויפט נאָך דער באַן...

—

# מ ר י ם

נאָך אָדעס אַריינפאַלן אַלס לערער אין אַזאַ פאַרוואָרפענעם העק, ווי דאָס דאָרף סיטקאָוואַ איז אַ גרויסע ירידה.

ס׳איז אייגנטלעך ניט אַזאַ פאַרוואָרפענער העק, מען דאַרף בלויז נעמען דעם פּאַראָם אויפן טייך בוג און זיך אַריבערשיפן צו דעם צווייטן עק און ס׳איז גלייך גאַיוואָראָן, די גרויסע אייזנבאַן־סטאַנציע אויף דער שמאָלער ליניע. גרשון האָט טאַקע גענומען אַלע פאַרנאַכט דעם פּאַראָם, אַזאַ ריזיקע מאַכינע, צונויפגעקלאַפּט פון דיקע ברעטער, וואָס האָט זיך געגליטשעט איבער דעם וואַסער, ווען מען האָט געצויגן דעם גראָבן שטריק, אויסגעלייגט פון איין ברעג טייך צום צווייטן. און דאָרטן אויף דער סטאַנציע גאַיוואָראָן, האָט גרשון געקוקט, ווי פּאָיעזדן קומען־אָן און פּאָיעזדן גייען אַוועק, און ס׳איז געווען נאָך ערגער. ער האָט מקנא געווען די מענטשען אין די פּאָיעזדן, וואָס טראָגן זיך צו די שטעט און שטעטלעך, און ער דאַרף זיך אומקערן צוריק אין דאָרף סיטקאָוואַ צו שיע ראַבינאָוויטש אין הויז, וואו די ווענט האָבן געשמעקט מיט טוכלער ליים, און זיך געדאַרפט לייגן שלאָפן אויפן פאַרשטויבטן קרעכצנדיקן שליאַבאָן.

וואָס אַזוינס איז אַ שליאַבאָן? אַזאַ פאַרמאַכטער קאַסטן. אינעווייניק — וועש און אַנדערע קליידער און אויף דעם הארטן דעקל, האָט די ראַבינאָוויטשיכע אויסגעבעט אַלע נאַכט אַ געלעגער פאַרן לערער. (מען האָט גרשונען ניט גערופן „מלמד”, נאָר „לערער”. אַזאַ קענער אין העברעאיש און אין רוסיש!). זייער פּרי האָט מען זיך געלייגט שלאָפן ביי די ראַבינאָוויטשעס, ווי נאָר ס׳איז געוואָרן פינצטער. ס׳איז כדי צו שפּאָרן נאַפט אין לעמפּל. אַ קאַרג הויז...

און ס׳רוישן די וואַסערן אין בוג און גרשונען אויף זיין געלעגער אין האַלבן שלאָף דאַכט זיך אויס, אַז דאָס רוישן אַזוי די גאַסן אין אָדעס...

דאָס גייט מען אויף דעמאָנסטראַציעס... דאָס זינגט מען „וויעראַ, פרעקראַס־נאַיאַ מאָיאַ, וויעראַ טשודנאַיאַ מאָיאַ“ (וויעראַ שיינינקע מיינע, וויעראַ וואונדערלעכע מיינע)...

געוואָרן אָפּגעצערט גרשון ביי די ראַבינאָוויטשעס אין הויז. אַז די ראַבינאָוויטשיכע האָט אים אָפּגעשניטן אַ רעפטל ברויט, האָט מען געזען, ווי זי ליידט נעבעך. און אַז גרשון האָט אַ כאַפּ געטאָן מיט אַ קאַרטאָפליע מערער, האָט זי נעבעך ביטער אַ זיפץ געטאָן. זי אַליין האָט אויסגעקוקט, אַז ווען דער בורא האָט זי באַשאַפן, איז ער אויך געווען קאַרג מיט איר. ער האָט איר געגעבן אַ קליין גופל, אַ קליין פּנימל מיט אַ דריבנער מאָר־דעטשקע, דערפאַר אָבער זיינען אירע שוואַרצע אייגעלעך געווען זייער ניכע און וואַכזאַמע. צו איר מאַן שיע ראַבינאָוויטש איז דער בורא שוין גאָרניט געווען קאַרג. ער האָט אים געגעבן אַ סך לייב אומעטום, און אַ סך וואוקס, און אַ סך באָרד. פון זיין ווייבס קעסט וואָלט ער אפשר אויך גע־ווען אָפּגעצערט, האָט ער אָבער געכאַפּט אַ בייס אַלעמאָל אין זיין שפּייז־קרעמל, ווען זיינע איז ניט געווען דערביי. די קינדער זיינע האָט ער אויך אַריינגערוקט אַלעמאָל אין דער האַנט אַריין אַ גוטע זאַך צום עסן, דעם לערער אויך אַריינגערופן פון צייט צו צייט אין שפּייז־קרעמל, אים געגעבן אַ שטיקל כאַלוואַ, אַ פּאָר וועלטשענע ניסלעך, אָדער אַ קרענצל בייגעלעך...

נאָך גוט, וואָס ס׳איז געווען אַ מחיה צו לערנען מיט זיינע תלמידים. זיי האָבן אַלע אַרויסגעוויזן אַ גרויסן חשק צום לערנען. ער האָט מיט זיי געלערנט העברעאיש און רוסיש. צום רוסיש האָבן זיי זיך צוגעכאַפּט מע־רער, ווי צו העברעאיש. אַלע האָבן געוואָלט אַריינטרעטן אין דער גימנאַ־זיע. אין די פרייטיקס און אין די שבתים איז גרשונען אָבער געווען זייער אומעטיק, נאָך גוט וואָס ער האָט געהאַט מיט זיך גאַנץ גאָרקין, אַ מתנה פון דער שוועסטער. און קיין שום שרייבער, אַ חוץ שלום־עליכמען, האָט גרשון אַזוי ניט ליב געהאַט, ווי גאָרקין. אַ שרייבער מיט אַזאַ וואָרעם האַרץ צו מענטשן, און צום סאַמע אָרעמסטן, וואָרלאָזטן, נאַקעטסטן. ווען גרשון וועט ווערן אַ שרייבער ביי יידן, וועט ער אויך שרייבן וועגן די סאַמע אָרעמסטע, וואָרלאָזסטע און נאַקעטסטע. דעם אמת געזאָגט האָט ער שוין אָנגעשריבן אין סיטקאָווע אַזאַ דערציילונג וועגן שלומעניו דעם כמו קאַר־ליק, מיט דער צווייענדיקער ליפּ, וואָס האָט געוואוינט אין בערשאַד אין סאַמע אָרעמסטן געסל אויף דער יערושאַליעמקע. אָבער גרשון האָט ניט געהאַט פּאָר ווענמען איבערצולייענען די דערציילונג...

און אויף דער סטאַנציע גאַיוואָראָן האָט זיך אַלע פאַרנאַכט אָפּגע־שטעלט אַ צוג, וואָס פלעגט קומען פון כאַשטשעוואַטע און געוואַרט אַ שעה און אַ האַלב, ביז ער האָט זיך ווייטער גערירט... און אָט איינמאָל אַ פאַר־נאַכט, איז פון כאַשטשעוואַטער צוג, צווישן אַלע פּאַסאַזשירן, וואָס זיינען אַרויסגעשטיגן זיך דורכשפּאַצירן אויף דער רחבותדיקער פּלאַטפאָרמע, אָדער כאַפּן אַ בייס אין בופעט, האָט גרשון דערזען דעם הוד שבהוד, פּראַכט שבפּראַכט. און אויב דער לייענער וויסט נישט וועמען דער שרייבער מיינט, זאָל ער זיך דערמאָנען אָן אַ פריערדיקער מעשה, ווי איינמאָל אין אַ זומער פרימאָרגן, איז אונדזער בחור צוגעשוואומען צו דער פּרויענשער קופּאַלניע, און דורך די שפּאַלטן פון די ברעטער געזען זיך באָדן אַן אומ־באַקאַנטע מיידל, און איר נאַקעטקייט האָט ניט אַרויסגערופן קיין שום זינ־דיקן געפיל, נאָר פאַרקערט די ריינסטע, דערהויבנסטע געפילן וועגן גאָטס שיינעם ווערק.

זשעניאַ האָט דאָך פאַרמאָגט די שענסטע ברוינע אויגן אויף דער וועלט, אָבער פון דער דאָזיקער מיידל האָט אַרויסגעלויכטן שוועסטערישע האַרציקייט און נשמהדיקייט. די הויט פון איר פּנים איילבירט קאָליר, אירע געדיכטע האָר, וואַרעמער שוואַרצער סאַמעט. אין אַ באַראַשקן גרוי קוטשמעלע און אין אַ לאַנגן האַריקן גרויען מאַנטל מיט פּערלמוטערנע קנעפּ, איז זי געווען אָנגעטאָן. מען זאָל אַ טראַכט טאָן, האָט זי פאַרמאָגט זיין שוועסטער חנה־רבקהס אויגן. ער האָט געקוקט אויף איר און זי האָט געזען ווי ער קוקט אויף איר, און זיך געשפּאַצירט אויף דער פּלאַטפאָרמע אַהין און צוריק... און וואו גאָר האָט זיך צו אונדזער זיבעצן יאָריקן בחור גענומען אַזאַ געוואַגטקייט!

— איך וויל זיך מיט אייך באַקענען — איז ער צוגעגאַנגען צו איר מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ.

— גוט, לאָמיר זיך באַקענען — האָט זי דערמוטיקט צו אים אַ שמייכל געטאָן.

אָבער נאָכן אויסברוך פון געוואַגטקייט, האָט ער איר ווייטער ניט געוווּסט וואָס צו זאָגן, אָבער זי האָט גלייך דערשמעקט, אַז דער געוואַל־דיק־געוואַקטער בחור האָט זיך דערשראָקן, און זי האָט שוין איבער־גענומען די איניציאַטיוו.

— ווער זענט איר? האָט זי זיך אָנגערופן מיט אַ זעלטן מוזיקאַלישן פּרויענשן קול.

— אַ לערער, דאָ ניט ווייט פון דער סטאַנציע.

— אַ לערער? איז זי געוואָרן פֿאַראינטערעסירט.

און ס׳האָט ניט גענומען קיין פֿינף מינוט און מען איז געוואָרן אמת חבריש, און מען האָט בײדע צוזאַמען געשפּאַצירט אויף דער פּלאַטפֿאָרמע און גרשון האָט בשום אופֿן זיך ניט געקאָנט באַפֿרײַען פֿון דער אילוזיע, אַז ס׳איז ניט קיין פֿרעמד מיידל, נאָר גאָר זײַן שוועסטער חנה־רבֿקה. שפּעטער האָט ער זיך דערוואוסט, אַז זי האָט אַ שטום־טויב ברודערל, וועמען זי האָט דערצויגן פֿון קלײנערהייט אָן, און ער האָט שוין פֿאַרשטאַנען די שוועסטערלעכקייט אין איר.

מרים האָט זי געהייסן. מרים מיט די הייסע באַקן. שטענדיק ווען ער האָט צוגעלייגט זײַן האַנט צו אירע באַקן, זײַנען זיי געווען הייס. אָבער דעמאָלט אין גאַיוואָראָן, האָט ער ניט צוגעלייגט זײַן האַנט צו אירע באַקן. זיי האָבן בלויז געשפּאַצירט אַהין און צוריק איבער דער פּלאַטפֿאָרמע און גערעדט. גרשון האָט איר דערציילט, אַז ער האָט שוין געלייענט דאָסטאָ־יעווסקין, טאָלסטאָיען און פּושקינען. און לעצטנס לייענט ער גאָרקין. זי האָט אויך געלייענט די דאָזיקע שרייבער, און געזאָגט, אַז זיי זײַנען אודי־וויטעלנאָ. (וואונדערבאַר)... דערנאָכדעם, האָט ער איר דערציילט, אַז ער איז אַ שרייבער, און ער שרייבט אין יידיש... און צי זי וואָלט געוואָלט, ער זאָל איר איבערלײענען זײַנע אַן ערשט־אָנגעשריבענע דערציילונג. ס׳באָל־שים אודאָוואָלסטוויעם, (מיט גרעסטן פֿאַרגעניגן), האָט זי אים אַ בליק געטאָן מיט אירע האַרציקע ברוין־פֿלוימיקע אויגן. . .

אויף אַ באַנק לעבן וואָקזאַל האָבן זיי זיך בײדע אַוועקגעזעצט, און ער האָט איר גענומען לייענען די דערציילונג, וואָס ער האָט אָנגעשריבן אין סיטאָוואָקע וועגן שלומניו דעם כמו־קאַרליק, וואָס ער האָט געקאָנט פֿון דער יערושאַלימקע אין בערשאַד.

און אַז ער האָט פֿאַרענדיקט לייענען, האָט ער געקוקט אויף איר מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ, געוואָלט זי זאָל זיך עפּעס אָנרופֿן מיט אַ וואָרט. זי האָט געשוויגן, נאָר געקוקט אויף אים מיט גרויס באַגייסטערונג. ענדלעך האָט זי זיך אָנגערופֿן מיט דער מוזיקאַלישער אָנגענעמקייט פֿון איר יונג־מיידלשן קול:

— בודושטשי גאָרקי, — דאָס הייסט, אַ צוקונפֿטיקער גאָרקי. ניט מער און ניט וויניקער!

מען איז נאָך לאַנג געזעסן אויף דער באַנק, און זי קוקט אויף אים, דעם צוקונפֿטיקן גאָרקין, און אי פֿרייד, און אי טרויער אין אירע טיפֿע ברוינע אויגן... ס׳איז געוואָרן טונקל. פֿרעמדע קאַלטע ווינטן האָבן אָנ־

געהויבן צו בלאָזן. און דאָ דער וואָקזאַל קלינגט אַלאַרמירנדיק: איינס, צוויי און דריי...

דער פּאַיעזד איז אַוועק מיט מרימן. זייענדיק שוין גאָר ווייט, האָט דער לאָקאָמאָטיוו אַרויסגעלאָזט דערשרעקנדיקע געשרייען צו די שוין־פינצטער־געוואָרענע נאַקעטע פעלדער. גרשון איז געשטאַנען אויף דער פּלאַטפאָרמע און געבענקט, ווי נאָר אַ פילבאַרער בחור פון זיבעצן יאָר קאָן בענקען...

# דער הימל איז רויט פון שריפות

גאַנץ רוסלאַנד איז ווי דער ים אין אַ שטורם־ווינט: ס'קאָכט, ס'ברויזט, ס'פּיניעט, ס'קלויצעט, אָבער אויף דער גרויסער סטאַנציע גאַיוואָראָן איז ווי געוויינלעך אין יעדן האַרבסט. די גרויסע סטאַנציע גאַיוואָראָן איז יעדן האַרבסט גוואַלטיק פאַרטאָן אין בוריקעס. אַ פּראַכט־צענטער פון בוריקעס. אָהער פירן פויערים פורלעך מיט בוריקעס פון אַלע פעלדער אַרום, און מען שיקט זיי אָפּ אין די וואַגאָנען צו אַלע צוקער זאַוואָדן אין דעם געגנט.

און אין דעם בופעט פון רויט־ציגליקן וואָקזאַל טומלען זיך יידישע מעקלערס און קאָמיסיאָנערן, ווי געוויינלעך אַלע האַרבסט, און די נייעסן אין די צייטונגען, ווי ס'גייט זיי ניט אָן. יאָ „אוטשרעדיטעלנע סאָבראַניע (גרינדונגס פאַרזאַמלונג), ניט „אוטשרעדיטעלנע סאָבראַניע", יאָ די גאַנצע מאַכט די סאָוועטן, ניט די גאַנצע מאַכט די סאָוועטן — די צוקער זאַוואָדן וועלן אַלע דאַרפן בוריקעס, און איצטער מיט דער סוואָבאָדע, ווען אַ ייד קאָן אָנשפּאַרן אומעטום, אַפילו אין מאָסקווע, וועט ברוך השם זיין פּרנסה.

און ס'איז געווען איינמאָל אַ פאַרנאַכט אין גאַיוואָראָן, אַ פאַרנאַכט אין חודש אָקטיאַבר. גרשון טוט אַ נעם אַ צייטונג און לייענט אַ שטיקל נייעס. לייענט דאָס נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל, און קאָן ניט פאַרשטיין. ניט דאָס שטיקל נייעס קאָן ער ניט פאַרשטיין, נאָר די מענטשן אַרום, וואָס ווייזן ניט אַרויס קיין שום אויפגערעגטקייט. ס'איז רואיק און פרידלעך אין בופעט. מעקלערס און קאָמיסיאָנערן זיצן ביי די טישן, עסן וואַרע־

מעס, שמועסן וועגן וואַגאָנען בוריקעס, עלעהעי ס׳איז גאַרניט געשען.

און שפּעטער, ווען גרשון האָט זיך געלאָזט צוריק קיין סיטקאָוו, איז געווען אַ לייכטער פּראַסטיקער האַרבסט אָוונט, אַ הימל מיט זייער קלאָרע און שאַרפע שטערן, און דער בוג האָט געראַוישט און געטרוישט, און דאָס דאָרף — אַזוי שטיל, און פרידלעך, אין די פענצטערלעך — דער וואַרעמער אָפּשיין פון די ברענענדיקע לאָמפּאַדקעס אָדער קאַניצלעך אין די כאַטעס. די פּויערים האָבן זיך פרידלעך געגעסן וועטשערע און גאָר קיין אַנונג ניט געהאַט וועגן דעם וואָס ס׳איז געשען אין פּעטראָגראַד...

גרשון אַליין האָט אויך ניט אַזאַ קלאָרע אַנונג געהאַט פון דעם, וואָס ס׳איז געשען אין פּעטראָגראַד, — אָבער אין אַ פּאָר טעג אַרום אין אַ פאַרנאַכט איז אָנגעפאָרן אַ פּאַיעזד דורך און דורך געפּאַקט מיט סאָל־דאַטן. דעם „אינטערנאַציאָנאַל" האָבן זיי געזונגען מיט זייערע מעכטיקע העלדזער. פון פראָנט זיינען זיי געפאָרן, די סאָלדאַטן. אויס מלחמה, האָט דער נייער רעזשים פּראָקלאַמירט. געפאָרן זיינען זיי מיט געשוואָ־לענע זעק, מיט ביקסן, מיט גראַנאַטן און אַפילו מיט פּולעמיאָטן...

און ווי נאָר דער פּאַיעזד האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף דער סטאַנציע, אַזוי גלייך האָט זיך צעשפּילט אין אַ וואַגאָן אַ בלאָז־אָרקעסטער און פון דאָרף זיינען אָנגעלאָפן קינד און קייט, און זיך אַרומגעשטעלט דעם פּאָ־יעזד. און גלייך האָט זיך געיאָוועט אויף די טרעפּלעך פון וואַגאָן, אַ נידע־ריקער און זייער אַ ברייט־פּלייציקער סאָלדאַט, מיט אַ שראַם אויף דער נאָז און אָנגעהויבן מיט אַ פייערדיקער הילכיקער שטימע:

— טאָוואַרישטשי, ראַבאָטשיע אי קרעסטיאַני (חברים, אַרבעטער און פּויערים)...

דאָס האָט ער דערציילט די פאַרזאַמלטע, אַז שוין — אויס מלחמה, אויס פּריצים, אויס גענעראַלן און אָפיצערן, אַז די גאַנצע מאַכט איז איי־בערגעגאַנגען צו די אַרבעטער און פּויערים. און אַז דער טאָוואַרישטש לענין האָט געזאָגט די פּויערים זיי זאָלן זיך צעטיילן מיט דער פּריציש ער ערד, און די אַרבעטער זאָלן איבערנעמען די פאַבריקן...

האָט מען געשריען הו־ר־ר־אַ. אַלע האָבן געשריען הו־ר־ר־אַ, די סאָלדאַטן אין די וואַגאָנען, די פּויערים אויף דער פּלאַטפאָרמע. און אַז דער פּאַיעזד איז אָפּגעפאָרן, און די פּויערים זיינען זיך צעגאַנגען, איז אויף דער סטאַנציע גאַיוואָראַן געוואָרן מאָדנע שטיל, ווי נאָך אַ שטורם. אין בופעט ביי די טישלעך האָבן מעקלערס און די קאָמיסיאָנערן עפּעס ווי מורא געהאַט צו ריידן אין דער הויך, ווי נאָך אַ לויה.

פונדעסטוועגן אויף מאָרגן און אין די ווייטערדיקע טעג, האָט מען ווידער געלאָדן וואַגאָנען בוריקעס, און ס׳איז געווען אַ האַוועניש און שמיי־עניש, ווי פריער, אָבער שוין ניט מיט אַזוינע לייכטע הערצער.

די פויערים אין גאַיוואָראָן, און אין סיטקאָווע, און אין די אַרומיקע דערפער, האָבן נאָך ניט געוואוסט, וואָס צו טאָן מיט דער נייער רעוואָ־לוציע. און כאָטשבי ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן אומצוקערן זייערע זין פון פראָנט און זיי געזאָגט וואָס מען דאַרף טאָן, האָבן זיי נאָך אַלץ גאָרניט גע־טאָן, זיך עפּעס ניט געגלויבט, אַז מען קאָן גלייך נעמען און זיך צעטיילן מיט דער פּריצישער ערד און אפילו פאַרכאַפּן זייערע אימעניעס (גיטער).

אַלע טאָג זיינען פאַרבייגעפאָרן די סטאַנציע גאַיוואָראָן געפּאַקטע פּאָ־יעזדן מיט סאָלדאַטן, וואָס האָבן זיך אומגעקערט פון פראָנט. דער נאַ־טשאַלניק סטאַנציע, אַ בכבודיקער, מיטליאָריקער מאַן, מיט גרוילעכע, באַקן־בערד, מיט אַ קלאָר ראָזעווע פּנים, מיט אַ היפּש בייכל, וואָס פלעגט פריער, ווען נאָר אַ פּאַסאַזשיר־צוג איז אָנגעקומען זיך אַרויסיאָווען אויף דער פּלאַטפאָרמע אין זיין פאַרביקער אוניפאָרם, און אין ווייסע הענטשקעס, האָט איצט אינגאַנצן מורא געהאַט זיך צו באַווייזן...

אָבער מיט אַמאָל זיינען אָנגעקומען אויף דער סטאַנציע גאַיוואָראָן גאָר אַנדערע סאָלדאַטן, מיט נייע הערבן אויף די היטלען, די הערבן פון דער צענטראַלער ראַדע, די נייע רעגירונג אויף דער אוקראַינע. ס׳איז געווען אַ סברא, אַז די רייכע גוט־באַזיצער פון געגנט, און די אייגנטימער פון די צוקער־זאַוואָדן האָבן אַרויסגערופן אויף דער סטאַנציע גאַיוואָראָן די דאָזיקע שומרים פון דער ניי־אויפגעשפּרונגענער אוקראַינישער צענט־ראַלער ראַדע, צו היטן דעם וואָקזאַל. אַז ס׳איז דורכגעפאָרן אַ פּאָיעזד מיט סאָלדאַטן פון פראָנט, האָבן די צענטראַלע־ראַדניקעס זיך אויסגע־שטעלט לענג אויס די רעלסן מיט געלאָדענע ביקסן און קיינעם ניט אַראָפּ־געלאָזט פון די וואַגאָנען, אַפילו פאַר אַ טרונק וואַסער...

איז געוואָרן ווידער אַמאָל פריילעך אין וואָקזאַל. אין בופעט ערשטן קלאַס האָט מען ווידער סערווירט טייערע ווײַנען און שפּייזן אויף טישלעך מיט שניי־ווייסע טישטוכער. זאַוואָד־דירעקטאָרן און העכערע באַאַמטע האָבן זיך ווידער באַוויזן, געטרונקען לחיים, געקלאַפּט זיך אין די גלעז־לעך און געשלאָסן קאָנטראַקטן מיט די אָנגעפאָרענע סוחרים...

אָבער איינמאָל אַ פאַרנאַכט האָט מען דערהערט דאָס מעכטיקע זינגען פון „אינטערנאַציאָנאַל", אפשר פאַר אַ וויאָרסט ווייטער פון דער סטאַנ־ציע, און וואָס נעענטער דער פּאָיעזד איז אָנגעקומען, אַלץ מעכטיקער איז

געוואָרן דאָס זינגען. און דער דאַזיקער פּאַיעזד איז געווען באַקלעפּט מיט סאָלדאַטן, אפילו אויף די דעכער. און אַלע האָבן געהאַט ביקסן, און אַלע האָבן געהאַט גראַנאַטן. און גלייך, איידער נאָך מען האָט זיך געריכט, האָבן זיך תיכף דערהערט שאָסן. די צענטראַל־ראַדיסטן, וואָס זיינען געווען אויסגעשטעלט לענג אויס די רעלסן, האָבן גלייך אָנגעהויבן צו אַנטלויפן. די פראָנט־סאָלדאַטן האָבן זיך אַרויסגעלאָזט פון די וואַגאָנען, און אָנגעהויבן נאָכצויאָגן... ווער ווייסט, וואָס פאַר אַ הריגה ס׳וואָלט דאָ געווען, ווען פּלוצ־לינג אָן וואָרנונג, האָט דער פּאַיעזד אָנגעהויבן צו רירן, און די אַטאַקירנ־דיקע פראָנט סאָלדאַטן זיינען צוריק געלאָפן און אָנגעהויבן צו שפרינגען צוריק אין די וואַגאָנען פון גיך אָפפאָרנדיקן צוג...

:: :: ::

און ס׳האָט ניט גענומען לאַנג און אַלע אויפדערנאַכט איז דער הימל געווען רויט פון שריפות. דאָס האָט מען געלאָזט מיטן פייער די פּריצישע אימעניעס אין די דערפער אַרום...

## גרשון אַ ספּעקוליאַנט

אין בערשאַד איז צוגעקומען אַ שפּאָגל נייע פּרנסה — מעשאָטשני־קעס. און הען נאָר אין בערשאַד? איבער גאַנץ רוסלאַנד!

וואָס־זשע אַזוינס זיינען „מעשאָטשניקעס"? גאַנץ פּשוט. מען נעמט אַ זאַק, מען פילט אים אָן מיט אַ פּוד אָדער צוויי ווייסן מעל, אָדער מיט אַ פּוד צוקער, און מען פאָרט קיין אָדעס, אָדער אין אַן אַנדער גרויסע שטאָט און דאָרטן פאַרקויפט מען די סחורה פאַר עטלעכע מאָל מער, וויפיל ס׳האָט געקאָסט אין בערשאַד. און פון אָדעס ברענגט מען צוריק אין זאַק מאַנו־פאַקטור, אָדער גאַלאַנטעריי, און מען פאַרקויפט דאָס אין בערשאַד ווידער־אַמאָל פאַר עטלעכע מאָל טייערער, וויפיל ס׳האָט געקאָסט אין אָדעס.

אין אָדעס און אין די אַנדערע גרויסע שטעט איז געווען אַ גרויסער יקרות אויף שפּייז, נאָך דער אָקטאָבער רעוואָלוציע, און אין די קליינע שטעטלעך, אַ גרויסער יקרות אויף מאַנופאַקטור און גאַלאַנטעריי. אויף די וואָקזאַלן, אומעטום איבער גאַנץ רוסלאַנד האָט מען געקאָנט זען, אין יענע יאָרן, מחנות מעשאָטשניקעס: מענער, פרויען, יונגע בחורימלעך, וואָס זיינען ווי היישעריקן באַפאַלן די אָנלויפנדיקע פּאַיעזדן און זיך גע־

ריסן אינעווייניק אין די איבערגעפּאַקטע וואַגאָנען. און אַז מען האָט זיך ניט געקאָנט אַריינרייסן אינעווייניק אין די איבערגעפּאַקטע וואַגאָנען, האָט מען זיך אָנגעהאַנגען אויף די טרעפּלעך, געקראָכן אויף די דעכער... אָבער דאָס האָט נאָך ניט געמיינט, אַז דאָס פּלאַץ, וואָס זיי האָבן פאַרכאַפּט איז שוין זיכער ביז אָדעס. ביז אָדעס, האָט מען עטלעכע מאָל, פאַר געוויסע סטאַנציעס געדאַרפט אַראָפּשפּרינגען פון פּאַיעזד און אַנטלויפן, מחמת דער רעוויזיע. געוויינלעך האָט מען געמאַכט רעוויזיעס אויף די גרעסערע סטאַנציעס. ס׳זיינען אַרויף סאָלדאַטן מיט ביקסן, געפּאַקט אַ מעשאָטשניק, צוגענומען ביי אים דעם זאַק מיט סחורה און אים געמאַכט אויס סוחר. איז די בעסטע עצה געווען אַראָפּשפּרינגען און אַנטלויפן און שפּעטער, ווען דער באַן האָט אָנגעהויבן צו רירן — ווידער אַרויפשפּרינגען...

און גרשון האָט נעבעך אַזוי ניט געוואָלט ווערן קיין מעשאָטשניק. נאָכדעם ווי ער איז געוואָרן אויס לערער אין סיטקאָווע, צוליב די אומרואיקע צייטן , האָט ער אין בערשאַד גאָרניט געהאַט וואָס צו טאָן. ס׳הייסט, ער האָט גראָד יאָ געהאַט וואָס צו טאָן: לייענען טשעכאָוון. ס׳איז אָנגעקומען אין בערשאַדער ביבליאָטעק גאַנץ טשעכאָוו און אונדזער בחור האָט זיך ניט געקאָנט אָפּרייסן. אָבער ביי טאַטע־מאַמע, האָט דאָס געהייסן אומגיין פּוסט און פּאַס. טאַטע־מאַמע האָבן געהאַט צו אים טענות, הלמאי יעדער גאָרניט פאַרדינט געלט און ער — אַפילו ניט קיין פּרוטה.

ס׳איז טאַקע דעמאָלט געווען אַ גרויסע שפּע אין בערשאַד, אַרומגערינגלט מיט צוקער־זאַוואָדן, גראַלניעס, ביר־ברויערייען, נאָענט צו בעסאַראַביע, אָדעס, קיעוו, און אייניקע די געוואַגטערע, האָבן זיך אַפילו אַראָפּגעכאַפּט אַזוי ווייט ווי כאַרקאָוו, מאָסקווע. מען האָט געהאַנדלט מיט צוקער, מיט בראָנפן, מיט מאַנופאַקטור, מיט וואַליוטע...

און די יידישע טרופּע, וואָס איז אַראָפּגעקומען פון קיעוו האָט שוין ניט געוואָלט אַוועקפאָרן. זיך אַריינגעכאַפּט אין אַ שמאַלץ־גרוב. אַז יעדער איינער פאַרדינט געלט אין בערשאַד, גייט מען אין טעאַטער כמעט יעדע נאַכט. „שלמהקע שאַרלאַטאַן" האָט מען געשפּילט, און „כאַסיע די יתומה" און „קעניג ליר" און „שיר השירים" און „הערצעלע מיוחס" און נאָך און נאָך... און דער בערשאַדער עולם איז געווען פאַרליבט אין שיינפעלדן דעם קאָמיקער, און אין דער מאַדאַם שיינפעלד דער סוברעטין, און אין דער מאַדאַם זשיטקאָווסקי, וואָס האָט וואונדערלעך געשפּילט „כאַסיע די יתומה" און מען האָט זי שוין גערופן ניט ביי איר אמתן נאָמען, נאָר „כאַסיע די יתומה".

הכלל, ס׳איז געווען פריילעך אין בערשאַד, דער פּראָסט האָט געקנאַקט, דער שניי איז געפאַלן, פּרנסה איז געווען, און פון אידל רעכטערס זאַל, וואו מען האָט געשפּילט טעאַטער, האָט זיך געהערט אין די אָוונטן אַ פּאַ־טשעניש פון בראַוואָ. און אויף דער אילוזיאָנאַ גאַס האָבן בחורים גע־שפּאַצירט מיט מיידלעך, גערעדט רוסיש און געלאַכט הויך אויף אַ קול...

און גרשון — „ני דאָ באָהו אי ני דו ליודעי״ (ניט צו גאָט און ניט צו לייט)). אַזוי האָט דער טאַטע אויף אים געזאָגט. טאָג ווי נאַכט, נאָר מיט דער נאָז אין די ביכער, אָדער אַרומגעגאַנגען מיט זיינע טייערע חברימלעך פּוליע און בנימטשיק, און נאָר גערעדט און גערעדט.

— פאַרוואָס אין שטוב שווייגסטו — האָט די מאַמע געהאַט צו אים טענות — און מיט זיי, מיט די „טייערע חברימלעך״, האַלטסטו אין איין ריידן, רעד צו מיר אויך!

גיי דערצייל איר, אַז וואָס מען קאָן רעדן צו חברים, קאָן מען צו קיין מאַמען ניט רעדן, ניט נאָר וועגן טורגעניעוון, טאָלסטאָיען, טשעכאָוון און אַנדערע גרויסע רוסישע שריפטשטעלער רעדט מען צו די חברים, נאָר אויך וועגן מרים דעם שוסטערס מיידל פון כאַשטשעוואַטע, מיט וועלכער ער האָט געשלאָסן קאָנטשאַפט איינמאָל אַ פאַרנאַכט אויף סטאַנציע גאַי־וואָראָן, און קאָן זי גאָרניט פאַרגעסן.

אָבער פונדעסטוועגן איז גרשון יאָ געוואָרן אַ „מעטשאַשניק״. אַ פּוד ווייסע מעל האָט אים דער טאַטע אַריינגעלייגט אין אַ זאַק, אים צוגעפירט צום וואָקזאַל און אים געזאָגט:

— זיי מצליח.

קיין זשיטאָמיר איז גרשון געפאָרן מיטן פּוד מעל, צו ברענגען פון דאָרטן לעדער. יאָ, קיין זשיטאָמיר איז ער געפאָרן, אָבער אַלץ הייסט גע־פאָרן! כמעט פאַר יעדער סטאַנציע האָט ער געדאַרפט שפּרינגען מיט זיין פּוד מעל, כדי זיך היטן פון דער רעוויזיע. און שפּרינגען האָט גראָד גרשון גוט געקאָנט. קודם־כל פאַרמאָגט ער אַזוינע פיס, וואָס טויגן זיך אויס צו דעם, והשנית האָט ער אינגלווייז געחלומט צו ווערן אַן אַקראָבאַט אין אַ צירק, און ער האָט זיך געלערנט שפּרינגען איבער גריבער, קאַטשן אַ פּעסל, שטייענדיק מיט ביידע פיס אויפן פעסל, א. אַז. וו...

אָבער נאָך עטלעכע סטאַנציעס איז אים נמאס געוואָרן דאָס לעבן, מחמת אַ פּוד מעל איז פאַרט שווער, און דאָ שעמט ער זיך גאָר, וואָס ער איז אַ מעשאַטשניק. וואָס וועט די וועלט זאָגן שפּעטער, אַז ער וועט ווערן אַ גאָרקי, צי אַ טשעכאָוו, צי אַ שלום־עליכם? אַ שרייבערס לעבן דאַרף

זיין קרישטאָל ריין מיט אידעאַליזם. און אָרעמע מענטשן אין די גרויסע שטעט הונגערן, און ער קומט מיט אַ פּוד מעל און באַרייסט זיי...

און דאָ נאָך אין די וואַגאָנעס — פּשוטע סאָלדאַטן, וואָס קערן זיך אום פון טיף רוסלאַנד, רעדן וועגן דער נייער מאַכט, וואָס וויל גליקלעך מאַכן אַלע מענטשן, און רעדן אויך וועגן די קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן, צווישן וועלכע ס'ווערן אַריינגערעכנט אויך ספּעקולאַנטן, וואָס נוצן אויס די רעוואָלוציע צוליב זייערע פּראָפיטן.

און זיי, די סאָלדאַטן, אין די וואַגאָנען רופן זיך איינער דעם אַנדערן „טאָוואַרישטש", און גרשונען רופט מען אויך „טאָוואַרישטש". און איינער אַ סאָלדאַט מיט אַ געשטופּלט פּנים, מיט שטראַלנדיקע גרויסע אויגן און מיט זייער הויכע באַקן־ביינער, ווי ביי אַ מאָנגאָל, איז צו גרשונען, ווי אַ ברודער. ער קאָן גאָרניט עסן אָן דעם, אַז גרשון זאָל אויך עסן. ער עפנט אויף אַ שאַכטל סאַרדינען און טיילט זיך מיט גרשונען גלייך אויף גלייך, זיך אַ סאַרדין, און אים אַ סאַרדין, זיך אַ שטיק ברויט און אים אַ שטיק ברויט. און אַז גרשון איז אַ געמיינער ספּעקוליאַנט, ווייסט יענער ניט. פאַרוואָס ווייסט יענער ניט, ווייל גרשונען איז איינגעפאַלן, הלמאי דאַרף ער שפּרינגען, אַז ער קאָן בעסער אַריינשטופּן זיין זאַק אונטער דער באַנק, צווישן אַלע אַנדערע סאָלדאַטסקע זעק, וועט די רעוויזיע מיינען, אַז זיין זאַק איז אויך אַ סאָלדאַטסקע.

אַ טאָג מיט אַ נאַכט איז ער געפאָרן קיין זשיטאָמיר, און האָט געדאַרפט פאָרן נאָך אַ טאָג מיט אַ נאַכט. אויף יעדער סטאַנציע האָבן זיך סאָלדאַטן געביטן, אָבער גרשונס סאָלדאַט איז נאָך אַלץ געפאָרן. עפּעס אין אַ דערפל אונטער זשיטאָמיר איז געווען זיין היים. אַז ער איז געווען אַ באָלשעוויק, האָט גרשון פאַרשטאַנען פון זיינע רייד. ניט אַלע אין וואַגאָן זיינען געווען באָלשעוויקעס. ס'זיינען געווען אוקראַינער נאַציאָנאַליסטן, ס'זיינען אַפילו מיטגעפאָרן אין וואַגאָן אויף אַ געוויסע שטרעקע, צוויי סאָלדאַטן, מאָנאַרכיסטן, וואָס האָבן געדינט אין דער קייסערינעס פּאָלק. משונהדיקע הויכע חברה־לייט, און גרויסע גיבורים, וואָס האָבן ניט מורא געהאַט פאַר אַ גאַנצן וואַגאָן סאָלדאַטן און געהאַלטן אין איין רעדן וועגן די גוטע צייטן, ווען דער צאַר איז געזעסן אויפן טראָן.

יאָ, אַ טאָג מיט אַ נאַכט איז גרשון געפאָרן און געדאַרפט פאָרן נאָך אַ טאָג מיט אַ נאַכט. שוין ווידער ניט געשפּרונגען מיט זיין זאַק, אים געלאָזט רואיק ליגן אונטער דער באַנק, צווישן אַלע סאָלדאַטסקע זעק, און אַליין אָנגעשפּאַרט זיין קאָפּ אויף „זיין סאָלדאַטס" שולטער און זיך איינגע־

שלאָפן אַזוי געשמאַק... אויפגעכאַפּט האָט ער זיך פאַרטאָג. „זיין סאָלדאַט" האָט אים דערציילט, אַז בשעת גרשון איז געשלאָפן איז געווען אַ רעוויזיע, און מען האָט געפונען אונטער דער באַנק צווישן די סאָלדאַטסקע פעק אַ זאַק מיט מעל. די רעוויזיע האָט געפרעגט וועמענס זאַק ס'איז, האָט זיך קיינער ניט אָפּגערופן.

— מסתמא האָט דער ספּעקוליאַנט מורא געהאַט זיך אָנצורופן — האָט דער סאָלדאַט געשמייכלט.

גרשון האָט אויך געשמייכלט, און ניט צוליב דעם, אַז „זיין סאָלדאַט" זאָל זיך ניט דערוויסן, אַז ס'איז געווען זיין זאַק, נאָר טאַקע באמת זיך דערפרייט. זיך פּלוצלונג דערפילט אַן ערלעכער און פרייער מענטש... ס'איז אים אַראָפּ אַן עול פון זיינע פּלייצעס און פון זיין געוויסן...

## שפּאַצירן זיינען מיר געגאַנגען

ר' מאיר האָט זיך מיאש געווען פון זיין בנאָקל: שיקט מען אים מיט אַ פּוד מעל קיין זשיטאָמיר פאַר ספּעקולאַציע, נעמט מען און מען קאָנפיס־קירט דאָס ביי אים אויפן וועג. ביי אַלעמען — ניט. נאָר ביי אים — יאָ. נאָר אין די ביכלעך וויסט ער אַריינצוקוקן. אַ בחור קענאָרע פון אַכצן יאָר.

און דעם בחור קענאָרע פון אַכצן יאָר, האָט דאָס האַרץ געקלאַפּט יעדע מינוט פון טאָג פון די גרויסע אַנטפּלעקונגען, וואָס ער האָט אַנט־פּלעקט אין יעדן בלעטל פון דער רוסישער ליטעראַטור. די מעשה איז, וואָס ער האָט במילא ניט געהאַט קיין שטיוול, און אַפילו ניט קיין שיך. זיינע שטיוול האָבן זיך צעריסן אויף פּיץ פּיצלעך, און קיין שום שוסטער האָט זיי שוין ניט געקאָנט העלפן. אַ באָרוועסער איז ער געזעסן גאַנצע טעג אין שטוב און געלייענט. בלויז אין אָוונט, ווען זיין טאַטע האָט זיך געלייגט שלאָפן (ער פלעגט זיך זייער פרי אין אָוונט לייגן שלאָפן), האָט גרשון אַרויסגעכאַפּט אויף זיך דעם טאַטנס שטיוול און געלאָפן צו נחום באַגאָמאָלני אין ביבליאָטעק, אַרויסנעמען אַ נייעם בוך. די צרה איז, וואָס די מאַמע האָט אים ניט געלאָזט צו שפּעט ברענען דאָס לעמפּל, אַן עבירה גאַז (נאַפט). ס'איז טאַקע געווען אַ גרויס יקרות אויף נאַפט אין בערשאַד. איז אָבער געווען אַ גליק, וואָס פּוליע האָט יאָ געהאַט שטיוול, און

בנימטשיק אויך, פלעגן זיי קומען אין אָוונט צו גרשונען אין הויז.

און אַז אַזוינע דריי חברים זיצן אין דער פינצטער, ווערן זיי זיך נאָך נענטער, מחמת מען דאַרף זיך צוניפרוקן, און אויך דאַרף מען ריידן זייער שטיל, כדי ניט אויפצואוועקן גרשונס טאַטע און מאַמע, וואָס זיינען געשלאָפן אין צווייטן אַלקער. און ריידן ריידן זיי פון דעם, אַז מען דאַרף עפענען אַ שול פאַר די אָרימע קינדער און זיי געבן אָבראַזאָוואַניע (ביל־דונג). אָבער כדי צו עפענען אַ שול דאַרף מען דאָך האָבן געלט. איז אפשר אַ פּלאַן צו געבן אַ „ליטעראַטורני וועטשער" (ליטעראַרישן אָוונט.) בנימטשיק וועט דעקלאַמירן לידער פון פּושקינען, פּוליע וועט פּאַרטראָגן אַ מאָנאָלאָג פון שלום עליכם. אַן אַנדערער בנימטשיק, בנימטשיק גוטיאַנסקי, וועט שפּילן אויף זיין פידעלע, און מאיר אַלבערטאָן, יאָסל דיינס זון, וועט דעקלאַמירן ביאַליקס ליד וועגן קעשענעווער פּאָגראָם.

בנימטשיק גוטיאַנסקי, אַ שיין, אָנגענעם בחורל מיט קלוגע אויסדריק־לעכע בלויע אויגן, מיט רויטע באַקן, און מיט אַ וואוילן שמייכל אויף זיינע פיין־פאָרמירטע פולע ליפּן, האָט זייער שיין געקענט שפּילן אויף זיין פידל, און מען האָט זיך גערעכנט, אַז ער וועט אויסוואַקסן אַ גוטער פידל שפּילער, אָבער אויסגעוואַקסן איז ער גאָר אַ גוטער אידישער שרייבער פון קינדער לידער, וואָס זיינען אַריינגעגאַנגען אין פילע שול כרעסטאָמאַטיעס. אומע־טום, וואו נאָר יידישע שולן עקזיסטירן איז באַרימט געוואָרן דער נאָמען ב. גוטיאַנסקי.

מאיר אַלבערטאָן, יאָסל דיינס אַ בחור, אַ הויכער מיט ברייטע פּליי־צעס און מיט גרינלעכע שיין־שטראַלנדיקע אויגן, איז אויך אויסגעוואַקסן אַ גוטער יידישער שרייבער אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, אָבער דעמאָלט אין בערשאַד, הגם ער האָט שוין געשריבן האָט קיינער נאָך ניט געוואוסט. גע־ווען אַ שעמעוודיקער, אָבער דעקלאַמירן לידער מיט זיין זילבערנער באַ־ריטאָן שטימע, האָט ער זיך ניט געשעמט.

צו דעם „ליטעראַטורני וועטשער", וועט מען אפשר אויך איינלאַדן נחמן הובערמאַן, וואָס איז שוין פון לאַנג געווען באַקאַנט אַלס אַ שרייבער פון מאמרים (אַרטיקלען) אין דער פּועלי ציוניסטישער פּרעסע. נחמן הו־בערמאַן, אַ הויכער, אַ שטאַלטנער, מיט גלייכע שטאַלצע פּלייצעס איז געווען דער גרעסטער אינטעליגענט אין בערשאַד. קיין גרעסערער פון אים איז שוין ניט געווען. ער האָט טאַקע אויסגעקוקט ווי אַ גרויסער איג־טעליגענט — מיט אַ הויכן שטערן, מיט פענסנע אויף אַ שנירל, מיט אַ קאָפּ כוואַליענדיקע שאַטענעווע האָר, מיט אַ סאָלידן שטעקן, מיט אַ זילבערנער

גאַלקע, מיט אַ ליריש גלעטנדיקן קול.

בערשאַד איז עפּעס אַ שטעטל פון גאָלע שרייבער. מען דאַרף אַ פרעג טאָן אַ געוויסן יונגעמאַן וואָס הייסט שלום, ער וואוינט אין די בראָנקס און איז דער כראָניקער פון בערשאַד און ער וועט אייך אויסרעכענען אפשר מערער פון אַ צענדליק באַקאַנטע יידישע, העברייאישע, רוסישע שרייבער, אַפילו איין שרייבער אין ענגליש. ער וועט אייך אויך אָנווייזן, דער נעמ־לעכער שלום, אַז די מערסטע בערשאַדער שרייבער האָבן געהאַט אַ ניי־גונג צו הומאָר, אַפילו די וואָס שרייבן פּעליעטאָנען און אַרטיקלען. ער וועט אייך בכלל אָנווייזן, אַז אין בערשאַד האָבן יידן גערעדט מיט הומאָר אפילו אינדערוואָכן, און ווען מען זאָל ניט וויסן, אַז שלום עליכם איז געבוירן געוואָרן אין וואָראָנקאָוועקע, וואָלט מען געמיינט, אַז ער איז גאָר געבוירן גע־וואָרן אין בערשאַד, מחמת אַלע יידן אין שלום עליכמס מעשיות רעדן ווי די יידן אין בערשאַד!

יאָ, די דריי געטרייע חברימלעך, זיינען געזעסן אין די אָוונטן ביי גרשונען דעם באָרוועסן אין הויז און געפּלאָנעוועט גרויסע אויפטואונגען אין בערשאַד לטובות די אָרעמע קינדער... און דאָ ברענגט איינמאָל בנימטשיק גרשונען די גרויסע בשורה, אַז מרים דעם שוסטערס מיידל פון כאַשטשעוואַטע איז דאָ אין בערשאַד, געקומען צו גאַסט אויף אַ פּאָר טעג. גייט גרשונען דעם באָרוועסן אוודאי אויס דאָס חיות נאָך איר. אַי, ווען ער קאָן זי אַרויסנעמען אויף אַ שפּאַציר שבת בייטאָג אויף דער קלויסטער־גאַס, דאָרטן, וואו גאַנץ בערשאַד שפּאַצירט איצט שבת בייטאָג. אייגנט־לעך גערעדט שפּאַצירט מען ניט בלויז אויף דער קלויסטער גאַס, נאָר מען גייט אין הקפות. דאָס הייסט פון דעם קלויסטער גאַס צו דער באָל־ניצע־גאַס, פון דער באָלניצע־גאַס צו דער אַפּטייק גאַס, פון דער אַפּטייק גאַס צו דער אילוזיאָן־גאַס, און אַזוי ווייטער און ווייטער...

און שפּאַצירן, שפּאַצירן די בערשאַדער בחורים אין געפּוצטע שטי־וועל אַריינגעטאָן אין קאַלאָשן, מיט קאָלירטע וועליטשקענע שאַרפעלעך אַרום די העלדזער, אין קורצע פּאַדיאָווקעס מיט פוטערנע קאָלנערס, אין אויפגעשטעלטע גרויע שמויסענע קוטשמעס, מיט אַ וואוילינגערשן קנייטש אינמיטן, וואָס מען רופט אים, דעם קנייטש, „ניע קאָגדא״, וואָס דאָס הייסט „ניטאָ קיין צייט״... בנימטשיק, פון אַ פאַרמעגלעך הויז, האָט פאַרמאָגט די אַלע זאַכן. כמעט די זעלביקע מאָס וואָס גרשון, האָט ער געטאָן אַ טובה זיין געטרייען חבר, און אים אַנטליען זיינע שטיוועלעך, זיינע קאַ־לאָשן מיט אַלע אַנדערע בגדים. אַליין איז ער געבליבן זיצן אַ באָרוועסער

ביי גרשונען אין הויז און דערוווייל געלייענט טשעכאָוון.

און דער שניי איז געפאַלן און געפאַלן. ניט מיט קיין ווינט, נאָר זייער רואיק איז ער געפאַלן. און מרים אינגאַנצן אַ ווייסע האָט אויסגעזען, ווי אין אַ חופּה־קלייד. אירע באַקן — רויטע, אירע ליפּן — מאַלינעס, אירע ציין — פּערעלעך און איר קול — אַ פליים. „גריגאָרי מייעראָוויטש" האָט זי גרשונען גערופן, ווי מען רופט זיך ביי די אינטעליגענטן, און ער איר: „מאַריאַ קאַלמאַנאָוונאַ".

איז גריגאָרי מייעראָוויטש געגאַנגען מיט זיין מאַריאַ קאַלמאַנאָוונאַ אין הקפות אַרום און אַרום די אַלע גאַסן, און זיי ביידע זיינען געווען אינגאַנצן ווייס. אַלע שפּאַצירנדיקע זיינען געווען אינגאַנצן ווייס. און גערעדט האָט מען ניט פון ליבע, נאָר וועגן דער וואוילזיין פון דער מענטשהייט. ער האָט אַנטוויקלט פאַר איר אַ פּלאַן וועגן דער שול פאַר די אָרעמע קינדער, און ס'איז געקומען צו אים די נבואה, און ער האָט געזען די שול, ווי זי וואָלט טאַקע עקזיסטירט. אַפילו אַ נאָמען געגעבן דער שול אויף דעם דאָזיקן שפּאַציר. „אַבשטשע ראַזוויטיע" וועט זי הייסן. דאָס הייסט „אַלגעמיינע אַנטוויקלונג". לערנען וועט מען דאָרטן יידיש, רוסיש און העברייאיש, און מיט אַלע וויסנשאַפטן. גרשון וועט דאָרטן זיין אַ לערער, פּוליע, רושקע שאַמעש, אפשר אויך זשעני שאַראַפאַן, חיים ראיגאָראַדסקי דער סטודענט, און נאָך און נאָך... אָבער צווישן די אָרעמע קינדער זיינען נאָך דאָ אַ סך מלחמה־יתומים, בלאַסע ניט דערנערטע, נאַקעטע און באָרוועסע, וועט מען זיי קויפן שיך און קליידער, און ניט נאָר דאָס, מען וועט זיי אויך געבן עסן דריי מאָל אַ טאָג...

און מאַריאַ קאַלמאַנאָוונאַ האָט געקוקט אויף איר גריגאָרי מייעראָוויטש מיט אירע שוועסטערלעכע ברוין־פלוימיקע אויגן, און זיי האָבן געזאָגט, אירע אויגן, אַז ער איז אַ שיינער מענטש, אַ געהויבענער מענטש, אַז מען קאָן אַזאַ מענטשן ליב האָבן...

און דער שניי איז געפאַלן און געפאַלן, און גרשון מיט מרימען צווישן דער ווייסער וועלט, זיינען געגאַנגען און געגאַנגען...

# דער באַרוועסער לערער

ס׳איז געוואָרן אַ שול אין בערשאַד!

אַ פרילינג טאָג איז דאָס געווען, און ער האָט געשמעקט מיט האָניק. פאַרוואָס גראַדע מיט האָניק? אפשר דערפאַר, וואָס פון די אַקאַציע בוי־מער ביי יורעוויטשן אין פאַרק האָבן זיך געטראָגן שמעקנדיקע זיסע ריחות, און אפשר דערפאַר, וואָס ווען גרשון איז נאָך געווען אַ קינד, האָט אים די מאַמע געגעבן אין איינעם אַ פראַכטפולן פרילינג טאָג אַ שטיקל ברויט מיט האָניק, און פון דעמאָלט אָן שמעקט יעדער פרילינג מיט האָניק פאַר אים.

און געהאָלפן דעם געבורט פון דער שול, האָט טאַקע, ווי די דריי חברים האָבן אויסגערעכנט, דער סטודענט חיים ראַיגאָראָדסקי, אַ בחור אַ געפּאַקטער, אַ נידעריקער, מיט אַ שטאַרקן קורצן האַלדז, מיט ברייטע פּלייצעס און מיט ליבלעכע גרויע אויגן. געהאָלפן האָט אויך, און זייער אַ סך, איינער אַן אַמעריקאַנער בירגער פון פילאַדעלפיע, וועמען מען האָט גערופן לייבעלע משיח.

וואו האָט זיך גענומען אין בערשאַד אַן אַמעריקאַנער בירגער אַזש פון פילאַדעלפיע? איז די מעשה — סוואָבאָדאַ. ווי אַזוי נאָר ס׳איז גע־וואָרן די סוואָבאָדאַ, האָט דאָס אים אַ טראָג געטאָן פון פילאַדעלפיע אין זיין געבורט־שטאָט. געקומען קיין בערשאַד אין שמאָלע אַמעריקאַנער געקעסטלטע הויזן, אין אַ זיידן ווייס אויבער־העמד, און געלע אַמעריקאַנער שיך מיט לאַנגע שמאָלע נעזער, און מיט צוויי גאָלדענע ציין פון פאָרנט אין מויל. און געקומען איז ער צו זיין טאַטן אין דעם קליינעם אָרעם שטיבעלע אין דער דאַלינע, לעבן טייך. שכנים האָבן דערציילט, אַז ער האָט געוויינט אַ גאַנצע נאַכט נאָך זיין מאַמען, וואָס בשעת ער איז געווען אין אַמעריקע, איז זי דערוויל אַוועק פון דער וועלט. נאָך האָבן זיי דער־ציילט, אַז גלייך אין דער פרי האָט ער גענומען זיך פרעסן זיינע אַמעריקאַ־נער הויזן און די איבעריקע בגדים. אַלע אין דער פרי האָט ער שוין גע־פּרעסט זיין אַמעריקאַנער טראַכט. (ער איז געווען אַ פּרעסער אין פילאַ־דעלפיע).

און פאַרוואָס האָט מען אים גערופן משיח? ווייל איינמאָל אַן אָוונט, אויף אַ פאַרזאַמלונג ביי אידל ריכטער אין זאַל, האָט ער געהאַלטן אַ רעדע און געזאָגט אומגעפּער אַזוי: אַלע יאָרן האָבן יידן געוואַרט אויף משיחן, איצטער דאַרפן זיי שוין מער ניט וואַרטן, משיח איז שוין געקומען!

נו, מער האָט בערשאַד ניט באַדאַרפט.

דער טייערער ליבעלע דער משיח, איז נאָך געווען אַ בחור, כאָטשבי אין די ווייטע דרייסיקער, אַ בייכלדיקער, אַ קליינגעוויקסיקער, מיט גע־קרייזלטע געדיכטע שוואַרצע האָר, מיט דיקלעכע ליפּן, מיט זיידענע שוואַר־צע ברעמען און מיט פייערדיקע שוואַרצע אויגן, און מיט טיפע קנייטשן אַרום מויל. שטענדיק אַן אויסגעפּרעסטער, און מיט שטענדיק שמייכלענ־דיקע צוויי גאָלדענע ציין.

ער האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט פאַר דער שול מיט גרויס ענטוזיאַזם.

און גרשון האָט נאָך אַלץ ניט געהאַט קיין שיך. דאָס הייסט, פאַר דער צייט האָט ער יאָ געהאַט אַ פּאָר שיך, זייער ביליקע שיך. דער לעדער איז געווען עפּעס פון ציגענער פעל. בלויז איז דאָס געווען, ניט קיין לעדער. ס׳האָט אים אַזוי אָנגעריבן אין די קנעכלען, אַז ער האָט זיך ממש מחיה געווען, ווען זיי האָבן נאָך עטלעכע וואָכן געפּלאַצט. טאַקע בוכשטעבלעך געפּלאַצט.

דעם ערשטן טאָג אין שול, האָט נחמן הובערמאַן, דער גרעסטער אינ־טעליגענט פון בערשאַד, אָוועקגעפירט גרשונען אַן אַ זייט, און אים גע־זאָגט, אַז אַ לערער טאָר ניט זיין באָרוועס, די קינדער וועלן קיין שום רעס־פּעקט ניט האָבן פאַר אַזאַ לערער. דערויף האָט אים גרשון געענטפערט, אַז אַלע קינדער וועלן מסתמא זיין באָרוועס וועלן זיי שוין ניט מאַכן קיין ווענן, וואָס זייער לערער איז אויך אַ באָרוועסער.

און אָט האָבן אָנגעהויבן צו קומען די מאַמעס מיט זייערע קינדער. מאַמעס פון דער דאָלינע און פון דער יערושאַלימסקי. און די קינדער טאַקע כמעט אַלע באָרוועסע, אָבער מיט פאַרקעמטע קעפּעלעך, גוט אויס־געוואַשענע פּנימלעך. און זייערע פאַרלאַטעטע בגדימלעך, אויך גוטע אויסגעוואַשענע. די קינדערלעך האָבן געשיינט. און געשיינט האָבן זיי ניט נאָר דערפאַר, וואָס זייערע מאַמעס האָבן זיי גוט אויסגעוואַשן, נאָר צוליב דעם, וואָס זיי גייען ס׳ערשטע מאָל אין זייער לעבן אין אַ שול מיט סקאַמעיקעס (שול־בענק), מיט אַ טאָוול, און מען גיט זיי אויך אומזיסט בלייפשטיפן און העפטן. און שפּעטער נאָכן לערנען, וועט מען זיי אויך געבן אָנבייסן. ביי די פראַנצוזסקעס אויף דער מאַרק־גאַס אין אונטער־שטען עטאַזש, האָבן זיך שוין געקאָכט פאַר די קינדער גרויסע טעפּ מיט קאַשע און יויך. און אַלץ פאַר דעם געלט, וואָס איז אַריינגעפאַלן פון לי־טעראַטורנעם וועטשער, אויף וועלכן גרשון האָט געלייענט אַן אייגענע פאַרפאַסטע דערציילונג, און בנימטשיק האָט דעקלאַמירט פּושקינען, און

מאיר אַלבערטאָן האָט דעקלאַמירט ביאַליקן, און בנימטשיק גוטיאַנסקי האָט געשפּילט אויף זיין פידל... אויך לייבעלע משיח האָט דעקלאַמירט. „דאָק־טאָר גראַן״, האָט ער דעקלאַמירט. ס׳ערשטע מאָל האָט בערשאַד געהערט „„דאָקטאָר גראַן״!

יאָ, נחמן הובערמאַן איז געווען גערעכט: דער גאַנצער קלאַס פון אַ פינף און צוואַנציק יינגלעך אין עלטער צווישן אַכט און צען, אַלע אַליין באָרוועסע, האָבן עפּעס ניט געקאָנט אַראָפּנעמען זייערע אויגן פון זייער לערערס נאַקעטע פיס... און דאָ דאַרף נאָך גרשון מיט זיי לערנען אויף „עברית בעברית״, דאָס הייסט, העברעאיש. קיין איין וואָרט ניט אויסריידן אין יידיש, נאָר ווייזן מיטן פינגער און זאָגן: זה כסא, דאָס איז אַ שטול, זה קיר, דאָס איז אַ וואַנט. און וואָס וועט שוין זיין, האָט גרשון געטראַכט, אַז זיי וועלן זיך שוין אויסלערנען אַ פּאָר צענדליק ווערטער אין העברייאיש? און ווי לאַנג קאָנען אָרעמע קינדער גיין אין אַ שול, אַפילו אַן אומזיסטי־קע? ביין, ער מוז עפּעס טאָן דערצו. עפּעס מוז מען אויך טאָן דערצו, אַז זיי זאָלן זיך ניט שעמען מיט זייער לערערס באָרוועסקייט...

איז אים איינגעפאַלן, זיי דערציילן אַ מעשה, גלייך אויסגעטראַכט אויפן אָרט. אַ מעשה מיט איינעם אַ יידישן יינגל אין גאָר די אַלטע צייטן, וואָס האָט זיך געלערנט אין דער ישיבה פון גרויסן תנא הלל הנשיא. דאָס יינגל איז געווען זייער אָרעם, און שטענדיק געקומען אין דער ישיבה אַ באָרוועסער. די רייכע יינגלעך האָבן אָפּגעשפּעט פון אים. האָט דאָס איינ־מאָל געהערט הלל הנשיא, וואָס איז אויך אַמאָל געווען זייער אַן אָרעם יינגל. וואָס־זשע האָט ער געטאָן? ער האָט זיך אויסגעטאָן די שיך און געלערנט מיט זיינע תלמידים אַ באָרוועסער און דערביי זיי געזאָגט, אַז באָרוועסקייט איז ניט קיין שאַנד. וואָס איז יאָ אַ שאַנד איז — אַ באָרוועסער מוח, אַ נאַ־קעטער מוח, אַ פּוסטער מוח, וואָס וויל ניט אַריינעמען קיין לערנען...

די דאָזיקע מעשה איז די קינדער אַריין אין האַרצן, און זיי האָבן אָנ־געהויבן צו קוקן אויף זייער באָרוועסן לערער מיט גאָר אַנדערע אויגן.

און וועגן עברית בעברית, דאָס הייסט העברעאיש דורך העברעאיש, האָט זיך גרשון אויך געגעבן אַן עצה. פשוט דאָס גלייך אַוועקגעוואָרפן. ער האָט גענומען דאָס שטיקל קרייד און אָנגעשריבן אויף דעם שוואַרצן טאָוול: מיט גרויסע אותיות: „מאַמע״ און דאָס וואָרט, מאַמע, האָט אַלע קינדער דערפרייט, און יעדער איינער האָט גענומען זיין בלייַשטיפט און זיך גע־לערנט שרייבן אין זיין העפט, „מאַמע״...

און דערנאָכדעם, ביים גרויסן איבעררייס, האָט גרשון אַרויסגעפירט

זיינע תּלמידים אינדרויסן און געשפּילט זיך מיט זיי אין לויפערלעך. זיי האָבן אים געדאַרפט כאַפּן און זייער לאַנגער באַרוועסער לערער האָט זייער גוט געקאָנט לויפן. זיינען געוועזן ווילדע פריילעכע קולות אינדרויסן פאַר אידל ריכטערס זאַל — קלינגענדיקע קינדערישע קולות, וואָס אפשר צום ערשטן מאָל אין זייער לעבן, האָבן זיי זיך געשפּילט מיט אַזאַ דערוואַקסע־נעם בחור, ווי גרשון, וואָס איז אי זייער לערער אי זייער חבר...

## דער יום-טובדיקער זומער

אָט יענע זומערדיקע רויטע פאַרנאַכטן אין בערשאַד... וועלטן האָבן געפלאַמט אין מערבדיקן הימל, — גרויסע שריפות דאָרטן. אָבער ס׳איז ניט געוועזן קיין צייט זיך צו פאַרקוקן אין די טייכן פייער. ס׳איז געוועזן אַ זומער פון גרויסע אויפטואונגען און אַלץ פאַר דער שול פון די אָרעמע קינדער...

און אין די זומערדיקע רויטע פאַרנאַכטן, ביי אהרן פּיסמעני אין הויף, אַ קאַפּעליע. ניט משה דודס פּראָפעסיאָנעלע קאַפּעליע, נאָר אַ ליובי־טעלסקי (אַמאַטאָרישע) פון באַלאַלאַיקעס און מאַנדאָלינעס. דער הויכער פלויט איז געוועזן באַקלעפט פון ווייסע חברה־ניקעס, וואָס האָבן אַריינגע־קוקט צווישן די שפּאַלטן. פּופּציק קאָפּיקעס אַ בילעט האָט געקאָסט איינ־טריט געלט. דאָס געלט איז געגאַנגען פאַר די קינדער פון דער שול...

וואָס קאָן מען דען זען ביי אהרן פּיסמעני אין הויף, וואָס מען דאַרף באַצאָלן פופציק קאָפּיקעס איינטריט געלט? מען קאָן זען חברה מאַר־שירן, ווי סאָלדאָטן, אָדער ברעכן זיך ווי די אַקראָבאַטן אויף די הענגענ־דיקע קאַטשאַלקעס (טראַפּעזעס), אָדער שפּילן פוט־באָל. די סוואָבאָדע האָט פאַרשאַרפט דעם אַפּעטיט ביי דער בערשאַדער יוגנט. זי וויל איצט אָפּנעמען אַלצדינג, וואָס זי האָט ניט געקאָנט נעמען ביים צאַר. זי האָט געחלומט וועגן שפּילן טעאַטער, איז געוואָרן אַ טעאַטער. זי האָט גע־חלומט וועגן אַ ספּאָרט־געזעלשאַפט, איז געוואָרן דער „מכבי״.

און וועגן דעם „מכבי״ איז געוועזן אַזאַ מעשה: גרשון האָט געלייענט אין די ביכער, אַז ווען מען מאַכט פיזישע איבונגען, אַנטוויקלט זיך דער קערפּער און ווערט אַטלעטיש. און גרשון האָט זייער געוואָלט האָבן אַן אַטלעטישן קערפּער. ער איז געוועזן הויך און דאַר ווי אַ שטעקן. גאָרניט

גערעטן אין זיין גיבורדיקן טאטן און אין זיינע גיבורדיקע צוויי ברידער. דאס האט ער דערארבעט אזוי מעשים, אז ס'זאל ווערן א „מכבי" אין בער־שאד. די ביכער האבן אבער ניט געזאגט, אז ווען מען מאכט פיזישע אי־בונגען, ווערט מען גוואלדיק הונגעריק, — אזוי הונגעריק, אז מען דארף דערנאכדעם עסן און עסן און ווידער עסן. און דאס ביסל קאשע מיט יויך, מיט די עטלעכע דארע פאסאלקעס, און מיטן שטיקל פארדארטע פלייש, וואס די מאמע האט איבערגעלאזט פון דער וועטשערע, האט קוים געקלעקט אויף איין צאן. האט ער דערנאכדעם געקייט ברויט מיט זאלץ, א סך ברויט, ס'איז גארניט געווען קיין שיעור.

די מאמע האט אנגעהויבן פארשליסן די לאבנס ברויט. זי האט דאס קיינמאל ביז אהער ניט געטאן. וואס איר האט אזוי שטארק פארדראסן איז גרשונס פוט־באל, אדער „פיך־באל", ווי זי האט דאס גערופן מיט חוזק. וואס הייסט א בחור אין די יארן גיט זיך אפ מיט אזוינע נאריש־קייטן — שטופן מיט די פיס א באל, און שרייען און ליארעמען, און זיין פארקאכט און פארפלאמט. צוליב דעם האט ער דאס אזוי געלערנט אין די ישיבות און געשלונגען ביכער?

מען האט זיך אויך געזאלט לערנען שיסן פון ביקסן אין „מכבי", זיי־נען די עסטרייכער אנגעקומען. אין אוקראינע האט דעמאלט געהערשט דער געטמאן סקאראפאדסקי, ס'הייסט, געהערשט האבן גיכער די דייטשן און די עסטרייכער, וואס זיינען איינגעלאדן געווארן אויף דער אוקראינע פון זעלביקן געטמאן, אים העלפן אנצוהאלטן די מאכט... און ווי אזוי די עסטרייכער האבן זיך ארייננגעלאזט אין בערשאד, האבן זיי זיך גלייך גע־לאזט זוכן געווער אין די הייזער, און האבן אפילו קיין איין ביקס און קיין איין רעוואלווער ניט געפונען. ניט וואס חברה אין בערשאד, באזונדערס, געוועזענע סאלדאטן, האבן ניט געבראכט קיין געווער, ווען מען האט צע־לאזט דעם פראנט; מען האט דאס פשוט פארשטעקט אויף א גוט ארט, א סימן, ווען די צייט איז געקומען און מען האט זיך געשלאגן געגן געט־מאנען, דערנאכדעם געגן פעטליוראן, אנגעפירט פון משה דאבראוועונסקי, דעם גרעסטן גיבור אין שטעטל, זיינען געווען אי ביקסן, אי רעוואלווערן און אפילו א פולעמיאט (קוילנוואַרפער) אויך.

און ווי גלייך די עסטרייכער זיינען אריין איז געווארן א סדרה קערן די גאסן. געכאפט יידן מיט בערד, זיי געגעבן בעזעמער אין די הענט, און געהייסן קערן די גאסן, וואלטן זיי כאטש געהייסן קערן די ירושאלימ־סקע און די דאלינע, — דארטן איז דאך געווען גענוג צו קערן, איז ניין,

זיי האָבן זיך אָנגעלייגט בלויז אויף דער מאַרק גאַס. פּונדעסטוועגן איז דאָס געווען צו דערליידן. די פּויערים אין די דערפער האָבן ערגער אָפּגע־שניטן. מען האָט ביי זיי אויסגעליידיקט די תבואות, און די עסנוואַרגן, מען האָט אפילו געברענט גאַנצע דערפער, ווען מען האָט זיך געגנ־געשטעלט... צום „מכבי" אָבער זיינען די עסטרייכער געווען גוט, און אויך צום טעאַטער. זיי האָבן געלאָזט אָנגיין דעם „מכבי", געלאָזט שפּילן טע־אַטער...

און פאַר טעאַטער האָט שוין גרשון געליטן אין זיין יונגן לעבן. איינ־מאָל אינגלוויז, האָט ער מיט פּוליען זיך אַרויפגעכאַפּט אויפן ברעזענטענעם דאַך פון משה פינקלשטיינס טעאַטער, צו זען דורך די שפּאַלטן ווי מען שפּילט „קאָלדוניאַ". האָט דער סטראַזשניק אים און פּוליען גוט אָפּגע־בריט מיט זיין מערדערלעכער נאַגאַיקע זייערע פון־אונטנס. פאַר טעג און טעג איז געווען שווער זיך צו זעצן. אַ צווייט מאָל, אויך אינגלוויז, האָט אים זיין טאַטע גוט אָנגעהרגעט פאַר גנב'ענען פּופּציק קאָפּיקעס און גיין זען די אוקראַינישע טרופּע, וואָס האָט געשפּילט „ציגאַנקאַ אַזאַ"...

איצטער, אַז גרשון איז געווען דער גלאַוונער מאַכער פון „ליוביטעל־סקי קרוזשאָק" (אַמאַטאָרישן קרייז), האָט ער, פאַרשטייט זיך, די הויפּט ראָלן געגעבן פּוליען און בנימטשיקן. זיך אַליין האָט ער אויך גענומען אַ גרויסע ראָלע, אָבער ער האָט געמוזט ווערן גלייך אויס אַקטיאָר צוליב זיין קול. אַזוי דאַכט זיך, האָט ער געהאַט אַ נשקשהדיק קול, אָבער ווי נאָר ער האָט זיך געשטעלט פאַר אַן עולם, אַזוי איז ער הייזעריק געוואָרן. אַקו־ראַט, ווי ער וואָלט זיך מסוכן צוגעקילט. אַ חוץ דעם האָבן ביי אים די קני זיך געוואָרפן ווי אין אַ קדחות, און אין זיין מויל איז געוואָרן טרוקן ווי אין מדבר.

דערפאַר אָבער האָבן פּוליע און בנימטשיק אויסגענומען ביים בער־שאַדער עולם אַלס אַקטיאָרן, פּוליע אַלס קאָמיקער, און בנימטשיק אַלס ראָמאַנטישער ליבהאָבער. מען האָט פּוליען אַ צייט גערופן „לייזער בדחן", ווייל ער האָט אַזוי וואונדערלעך געשפּילט די דאָזיקע ראָלע אין יעקב גאָרדינס „גאָט, מענטש און טייוול"... און צו יעדער פאָרשטעלונג איז גע־קומען אַ גרויסער עולם, און געצאָלט שווערע געלטער פאַר בילעטן, און דאָס געלט איז געגאַנגען פאַר דער שול פון אָרעמע קינדער...

און ווידער אַמאָל די אומפאַרגעסלעכע רויטע זומער־פאַרנאַכטן אין בערשאַד, ווען מען איז אַלט געווען קוים אַכצן יאָר, און מען האָט געוואָל־דיק אָנגעהויבן צו גלויבן אין די אייגענע כוחות. אין די דאָזיקע רויטע

זומער פאַרנאַכטן, האָט אַ יומטובדיקע בערשאַדער יוגנט זיך געצויגן צו משה פינקלשטיינס זומער־טעאַטער אויף דער אַפּטייק־גאַס, אַ גאַס, וואו ס׳זיינען געווען פון איין זייט גערטנער, און פון דער צווייטער — יורע־וויטשעס פּאַרק, און גרשון איז נאָך אַלץ אַ באָרוועסער. פאַר דער צייט האָט ער זיך געמאַכט הילצערנע שיך, ווי סאַנדאַלן, אָבער אין עטלעכע טעג אַרום זיינען זיי צעפאַלן געוואָרן.

יאָ, און גרשון, נאָך אַלץ אַ באָרוועסער, שטייט ביים אַריינגאַנג, און קאָנטראָלירט די בילעטן, און כאַפּט אויך אַן אויג אויפן בופעט, וואו מען פאַרקויפט די פּיראָזשנעס מיט די בוטער־בראָדן. יעדע קאָפּיקע איז הייליק. דערנאָכדעם, ווען די פאָרשטעלונג הויבט זיך אָן לויפט ער אין בודקעלע סופלירן. אויב ניט קיין אַקטיאָר איז כאָטש — אַ סופליאָר.

(האָט זיך גרושן געשעמט מיט זיין באָרוועסקייט ? פון זינט ער האָט געלייענט גאָרקין, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז מען דאַרף זיך ניט שעמען. פונדעסטוועגן, אַפילו איצט אין זיינע מיטעלע יאָרן, חלומט זיך אים אַמאָל, ווי אין טעאַטער שפילט מען זיינע אַ פּיעסע, דער עולם אַפּלאָדירט, שרייט: „פאַרפאַסער ! פאַרפאַסער !״ און גרשון שעמט זיך אַרויסגיין אויף דער בינע זיך פאַרנייגן, מחמת אין חלום קומט אויס, אַז ער איז באָרוועס.)

און די טעאַטער פאָרשטעלונגען זיינען געוואָרן אַ שם־דבר, מען האָט שוין אָנגעהויבן אַפילו צו ספּעקולירן מיט בילעטן. זיי האָבן אַריינגעטראָגן אַזוי פיל געלט, אַז ס׳איז שוין געווען גענוג פאַר דער שול, און פאַר צאָלן שכירות די לערער, און צום סוף זומער, האָט גרשון שוין אָפּגעשפּאָרט גענוג אויף צו קויפן זיך אַ פּאָר שטיוול. שיינע הויכע שטאַרקע שטיוול. די דאָזיקע שטיוול האָבן זיך געהאַלטן יאָרן און יאָרן...

ער האָט אויך אָפּגעשפּאָרט, גרשון, פון יענעם זומער אַ געוואַלדיקע ליבע צום טעאַטער, אַ ליבע וואָס איז אים נאָכגעגאַנגען קיין אַמעריקע, און טוט זיך קיינמאָל ניט אָפּ...

# מען באַשיסט בערשאַד

דער אָסיען איז געקומען; די פּעטע, טיפע שוואַרצע בלאָטעס זיינען געקומען; דאָס זלידנע עסנדיק רעגנדל איז געקומען; טאָג און נאַכט — נאָר ס׳קאַפּעט.

קיין טעאַטער האָט מען שוין מער ניט געשפּילט, ווייל ווער וועט גיין אין אַזאַ פּאַגאַדע אַזש אויף דער אַפּטייק־גאַס צו אַ קאַלטן טעאַטער מיט אַ ברעזענטענעם דאַך? די שול פאַר די אָרעמע קינדער האָט זיך אויך צו־געשלאָסן. מען האָט געדאַרפט האָבן אַ שלל מיט געלט זיי אַלעמען באַשוכן און באַקליידן.

גרשון האָט ווידער גענומען חזרן אין די ביכער. פאַר גאַנצע זעקס קלאַסן גימנאַזיע האָט ער זיך געגרייט, און אָפּגעבן די עקזאַמענס וועט ער אין אָדעס...

אַי, אָדעס! קיינמאָל זי ניט געקאַנט פאַרגעסן, שטענדיק אים געצויגן אַהין, און איצט ציט אים אַהינצו נאָך צוליב אַ זאַך: מרים, דעם שוסטערס מיידל פון כאַשטשעוואַטע, איז דאָרטן דאָ. מרים מיט די הייסע באַקן, און מיט די פלאַקערנדיקע פלוימיקע אויגן... האָט זיך שוין גרשון פאַרשפּאַרט אין הויז, ניט אַרויסגעגאַנגען אין ערגעץ און רק געחזרט אין די ביכער, און חיים ראַיגאָראָדסקי דער סטודענט איז געווען זיין לערער...

און דאָ איבערנאַכט — ווי די עסטרייכער זיינען פאַרשוואונדן געוואָרן פון בערשאַד. זיי האָבן זיך אָפּגעטראָגן זייער שנעל, און מען האָט געוואוסט פאַרוואָס אויך, ווייל אין דייטשלאַנד גופא האָט אויסגעבראָכן אַ רעוואָלו־ציע, און אין עסטרייך אַליין איז אויך ניט געווען אַלצדינג גלאַט. די געט־מאַנצעס אָבער האָבן זיך ניט געוואָלט אָפּטראָגן, געמיינט, אַז מען קאָן זיך נאָך האַלטן און רעגירן. דער הויפּט פון דער געטמאַנישער ציווילער מאַכט אין בערשאַד איז געווען דער פריערדיקער אוריאַדניק, דער זעל־ביקער, וואָס האָט אויסגעזען ווי ניקאָלאַי דער צווייטער, אַפילו מיטן בער־דעל; דער זעלביקער, וואָס האָט אונטערן צאַר ליב געהאַט צו קלאַפּן מיטן שיידל פון זיין שווערד איבער די קעפּ פון די אַרעסטירטע פויערים, בשעת ער האָט זיי געבראַכט אין טורמע.

און ס׳איז געווען איינמאָל אַ טאָג מיט אַ פראָסט. די בלאָטעס זיינען פאַרפרוירן געוואָרן אין הרודעס. אַ כמורנער אומעטיקער טאָג. גרשון איז געזעסן אין שטוב און געחזרט זיינע אוראָקן; דער טאַטע איז געווען אין מאַרק מיט זיינע האָלץ־מסחרים; די מאַמע האָט זיך געפּאָרעט אין

קיך, ווי פלוצלונג — מען שיסט. אין דער מאַרק־גאַס שיסט מען. דער־שרעקט זיך גרשון, אָבער ער לויפט. די פאַרציטערטע מאַמע אוודאי לאָזט אים ניט לויפן. נאָר ער לויפט.

אָבער ביז ער האָט דערגרייכט די מאַרק־גאַס איז שוין געווען אויס רעוואָלוציע. זייער אַ שנעלע רעוואָלוציע געווען. די העטמאַנישע מאַכט מיט דעם אוריאַדניק בראש, האָבן זיך גלייך אונטערגעגעבן די אויפשטענד־לער: יונגע אוקראַאינישע חברה מיט ביקסן, און צווישן זיי אויך אַ סך יונגע יידישע חברה מיט ביקסן, אַלע אָנגעפירט פון אוטשיטעל (לערער). און דער אוטשיטעל, אַ לערער פון נאָענטן דאָרף, אַ קורץ־געוואוקסיקער, אַ געפּאַקטער מיט אַ בערדל אַלאַ גאָגאָל, מיט ברענענדיקע פאַנאַטישע גרויע אויגן, אין גרינע ברייטע שאַראַוואַרעס (הויזן), אַריינגעלאָזט אין גלאַנציקע שטיוול, אין אַ צעכראַסטעטער פוטערנער פּאָדיאָוקע, מיט אַ רעוואָלווער אין דער האַנט — ער איז גלייך געוואָרן די מאַכט אין בערשאַד און גע־שוואוירן געטריישאַפט צו פעטליורען...

אַלע אויפשטענדלער, אויך די אידישע חברה, האָבן געשוואוירן געטריישאַפט צו פעטליורען. וואָס האָבן דען די יידישע חברה דעמאָלט גע־וואוסט וועגן פעטליורען? פאַרקערט, מען האָט געמיינט, אַז ער איז אַ גרויסער רעוואָלוציאָנער און גאָר אַ אוהב ישראל (יידן פריינט). אַ סימן: גע־האָט אין זיין קאַבינעט אויך אַ אידישן מיניסטער... און ווי אַזוי האָבן די יידישע חברה דעמאָלט געקאָנט וויסן, אַז דער זעלביקער אוטשיטעל מיטן בערדל, אַלאַ גאָגאָל, וועט שפּעטער ווערן אַן אַטאַמאַן פון אַ באַנדע און מאַכן פּאָגראָמען אויף יידן?

און דער דאָזיקער אוטשיטעל מיטן בערדל האָט גלייך צעטיילט די אַמטן. איינעם אַ דיקלעכן אוקראַאינער מיט פלוטאָוואַטע פריילעכע אויגן, אויך אין גרינע ברייטע שאַראַווערעס, שעווטשוק, דאַכט זיך, האָט ער גע־הייסן, האָט ער געמאַכט פאַרן נאַטשאַלניק פון דער מיליציע. אַ יידישן בחור, וואָס האָט געהייסן ברוך, אָבער גערופן האָט מען אים בורקע, און וואָס האָט זיך דערדינט אין דער מלחמה צום ראַנג פון אַ פעלדפעבל, האָט ער אויך געמאַכט פאַר עפּעס אַן עלטסטן. דער זעלביקער בורקע, נידעריק, שווער און גוט אָנגעשטאָפּט, האָט געפירט מיט אַ געלאָדענער ביקס דעם אַראָפּגעוואָרפענעם אוריאַדניק צו דער טורמע, און אים דערלאַנגט אַלע־מאָל מיט דער קאָלבע פון דער ביקס אין דער פלייצע, כאָטשבי יענער האָט געשפּאַנט זייער געהאַרכזאַם.

פויערים און יידן זיינען נאָכגעלאָפן און רק געוואָלט זיך אָפּרעכענען

מיטן אוריאַדניק אויפן אָרט, דאָס הייסט אַ „סאַמאָסוד", אָבער בורקע האָט ניט געלאָזט: פּאַריאַדאָק איז פּאַריאַדאָק (אָרדענונג איז אָרדענונג). דער אוריאַדניק האָט זיך באמת מחיה געווען, ווען ער האָט דערגרייכט די טורמע און דער טויער האָט זיך געעפנט און ער איז זייער גיך אַריינגע־לאָפן אינעווייניק. ער האָט מסתמא קיינמאָל ניט געקלערט, אַז ער וועט זיך אַזוי מחיה זיין, וואָס גיכער אַריינצולויפן אין טורמע.

יידן האָבן שוין געמיינט, אַז מען איז פּאַרטיק מיט די געטמאַנאָוועס, ערשט פּאַרנאַכט צו — זיי שיסן. דעם גלחס זונדל, אַ לאָוקער, שלאַנקער בחור, האָט שנעל צונויפגענומען אַלע אַנהענגער פון געטמאַן, געוועזענע אָפיצערן ביים צאַר, און פּריצישע זונדלעך, און מען האָט זיך צעלייגט אין אַ פּאָזיציע פון יענער זייט טייך הינטער יורעוויטשעס הויף און גע־שאָסן אויף דער שטאָט.

משה דאַבראָווענסקי, דער גרעסטער גיבור אין בערשאַד, האָט אַני־דערגעשטעלט אויף דעם גאַניק פון משה פינקלערס מויער אַ פּולעמיאָט (קוילן־וואַרפער) און באַוואַכט דעם בריק. די אויפשטענדלער מיט די ביקסן זיינען געלאָפן אין יורעוויטשעס הויף.

גרשון איז אויך געלאָפן, כאָטשבי ער האָט ניט געהאַט קיין ביקס, זיך פּאַרשטעקט הינטער אַ געדיכטן דעמב, געציטערט, ווי אין אַ קדחת, און גע־זען צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן אַן אמתע שלאַכט. אַ סך קוילן פון שונא האָבן זיך אַנגעשלאָגן אין שטאַם פון דעמב, און אונדזער בחור האָט שוין חרטה געהאַט אויפן גאַנצן עסק...

אָבער די דאָזיקע שלאַכט האָט אויך לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. דער זעל־ביקער משה דאַבראָווענסקי, דער גרעסטער גיבור פון שטעטל, איז מיט אַן אָפּטיילונג יידישע חברה פּאַרגאַנגען די געטמאַנצעס הינטער זייער רוקן, און יענע האָבן גלייך געשטעלט פּיס...

האָט מען שוין ווידער געמיינט, אַז די רעוואָלוציע איז שוין געזיכערט — ערשט פּאַרטאָג, ווי מען שיסט אויף בערשאַד פון אַ פּושקע (אַ קאַנאָן). אויפן באַרג לעבן מאָנאַסטיר, האָט זיך דעם גלחס זונדל מיט זיינע חברה פּאַרקליבן און אָנגעהויבן צו באַשיסן די שטאָט פון אַ פּושקע. ס'ערשטע מאָל אין לעבן פון בערשאַד אַלס שטאָט, אַז מען האָט געשאָסן אויף איר פון אַ פּושקע. יעדע פּופּצן, צוואַנציק מינוט — אַ דונער, מיט אַ פּאַר־דומפּטן שווערן בום...

ביז שפּעט אין טאָג אַזוי האָבן שוין די פּענצטער געקלימפּערט, און הינט האָבן אימהדיק געוואָיעט, און יידן האָבן זיך פּאַרשלאָסן אין די היי־

זייער. אַי, וואָס האָט געקאָנט העלפן דאָס פאַרשליסן זיך אין די הייזער, אַז אַ סנאַריאַד (קאַנאָנען קויל), קאָן מיט איין קנאַק צעשמעטערן אַ הויז? אָבער צום גליק האָט קיין איין סנאַריאַד ניט געטראָפן אין שטאָט, זיי זיינען געפאַלן אויף די פעלדער אַרום און אין טייך...

די אמתע אַרטילערעישיקעס געוועזן!...

און ווידער איז משה דאָבראָוועוסקי מיט זיינע חברה זיי פאַרגאַנגען הינטערן רוקן און מען האָט זיי פאַרטריבן פון באַרג, און די פושקע פאַרכאַפּט...

***

שפּעטער מיט עטלעכע טעג איז פאָרגעקומען אַ גרויסער מיטינג ביי אידל רעכטער אין זאַל. דער אוקראַינער אוטשיטעל, (לערער) האָט פאַררופן אַ סך פאַרמעגלעכע יידן פון שטאָט צו דעם דאָזיקן מיטינג. ער האָט געהאַלטן פאַר זיי אַ פייערליקע רעדע אין אַ טיפן אוקראַיניש, וואָס מען האָט קוים פאַרשטאַנען וואָס ער מיינט, און אויפגעפאָדערט אַלעמען זיך ביישטייערן מיט געלט פאַרן נייעם רעזשים. האָט זיך צווישן עולם אויפגעהויבן אַ גרויסע סומאַטאָכע: וואָס הייסט געבן געלט? פאַר וועמען? פאַרוואָס? אַז מען ווייסט נאָך ניט צו דער נייער רעזשים איז בעסער פון פריערדיקן. דער אוטשיטעל האָט געקלאַפּט אין טיש, איינצושטילן דעם עולם, און אַז ס׳האָט ניט געהאָלפן, האָט ער פון זיין רעוואָלווער אויסגעשאָסן אין דער לופטן, און אַ געשריי געטאָן, ווי אַ פאַגראָמטשיק:

—ציט, זשידי, יאַ וואַש באָג (שוויגט יידן, איך בין אייער גאָט.)

דערהערט אַזאַ מעשה, האָבן יידן זיך אָנגעהויבן אַרויסצורוקן פון זאַל. מען האָט שוין גלייך געכאַפּט, וואָס פאַר אַ רעזשים ס׳האָט זיך פאַרקליבן אויף זיי, און וואָס פאַר אַ פויגל דער דאָזיקער אוטשיטעל איז...

# סטאַנציע בירזולע

אַ באַן איז דאָס? נאָר אין יענע שטורמדיקע יאָרן זיינען מענטשן גע־פאָרן אין אַזאַ באַן, און נאָך געדאַנקט גאָט, וואָס מען האָט זיך געקאָנט אַריינכאַפּן. ס'איז געווען אַ פּראַכט־צוג, און אין אַ סך וואַגאָנען זיינען געווען לעכער פון אויסגעבראָכענע ברעטער. מען איז געזעסן אויפן דיל, אויסגע־שפּרייט מיט שטרוי... און אַ זאַווערוכע איז געווען!! טויזנטער שדים האָבן געוויינט און געוואָיעט און געדרייט דעם הימל מיט דעם סטעפּ אין אַ ווייַ־סער צעמישעכץ. עס איז געווען אַ חידוש וואָס די באַן האָט זיך געקאָנט טראָגן אין אַזאַ אומוועטער, אָבער זי האָט זיך געטראָגן און דער לאָקאָמאָ־טיוו האָט אַלעמאָל געקוויטשעט מיט אימהדיקע קוויטשערייען...

גרשונס זיין אין אָדעס האָט לאַנג ניט געדויערט. אָדעס איז געווען הונגעריק און קאַלט. יעדעס פּיצעלע שפּייז — מיט גאָלד גלייך, און ס'איז ניט געווען מיט וואָס צו באַהייצן די חרובעס. און דאָ איז די שטאָט געווען אָנגעלאָפן מיט ווייסע־גוואַרדייצעס פון אַלע מינים: אָפיצערן, פּאָלקאָוו־ניקעס, גענעראַלן, גוט־באַזיצער, סוחרים, וואָס זיינען אַנטלאָפן פון די באָל־שעוויקעס. אָדעס איז איצט געווען אַ מקום מקלט פאַר אַלע אַזוינע לייט. די פראַנצויזישע קריגס־שיפן און מיליטער האָבן זיי באַשיצט פון אַלדאָס בייז...

די מעשאָטשניקעס און די ספּעקולאַנטן האָבן פאַרפלייצט די שטאָט און געמאַכט גאָלד פון זייערע אַריינגעשמוגלטע פּראָדוקטן, אָבער קויפן ביי זיי האָבן טאַקע געקאָנט די רייכע ווייסע־גוואַרדייצעס און די פאַר־מעגלעכע פון אָדעס...

און מרימען, דעם שוסטער מיידל פון כאַשטשעוואַטע, האָט גרשון ניט געטראָפן אין אָדעס. זי איז טאַקע דאָ פריער געווען, זיך געזאָלט לערנען, אָבער גיי לערן זיך דעמאָלט אין אָדעס, אַז ס'איז ניטאָ וואָס צו עסן, און די הייזער זיינען ניט געהייצט, און די צייט איז אַזאַ טרעוואָזשנע...

און פאָרן צוריק פון אָדעס אַהיים, איז דעמאָלט געווען אַ גרויסע ריי־זיקע, צוליב דער סטאַנציע בירזולע. סטאַנציע בירזולע איז דעמאָלט גע־ווען פאַרנומען פון די פּעטליוראָווצעס, און די צייטונגען אין אָדעס האָבן געשריבן, אַז אויף יעדער באַן, וואָס שטעלט זיך דאָרטן אָפּ, גייען אַרויף די פּעטליוראָווצעס, נעמען אַראָפּ פון די וואַגאָנען די יידן און מען שיסט זיי גלייך אויפן אָרט.

איז ווי טאַקע האָט גרשון ריזיקירט? דער בטחון אין לעבן, אויך

דאָס ניט גלויבן די צייטונגען, אַז אַלצדינג וואָס זיי שרייבן איז אמת. האָבן יידישע חברה אין אַ סך שטעט איבער דער אוקראַינע, דען ניט געהאָלפן די פּעטליוראָווצעס אַראָפּוואַרפן די געטמאַנישע מאַכט? וואָס הייסט זיי וועלן אַרויסנעמען יידן פון די וואַגאָנען און זיי שיסן גלייך אויפן אָרט?

פונדעסטוועגן האָט מיט גרויס פּחד זיך גרשון אַריינגעכאַפּט אין דעם דאָזיקן פּראַכט־צוג מיט לעכער אין די ווענט פון אויסגעריסענע ברעטער; מיט גרויס פּחד זיך פאַרשטופּט אין אַ ווינקל, און קיין מינוט איז ניט אַרויס פון געדאַנק: „בירזולע״. ס׳איז אים אַביסל לייכטער געוואָרן אויפן האַרצן, וואָס אין דעם זעלביקן וואַגאָן, איבערגעפּאַקט מיט אוקראַינישע פּויערים און פּויערטעס, אַלע מעשאָטשניקעס און ספּעקולאַנטן, האָט ער אויך דער־זען אַרום צען יידן, צווישן זיי, דעם חנעוודיקן און קלוגן ישראל לערמאַן, מיט די סאַמעטענע שוואַרצע אייגעלעך, און מיט די ליבע רויטע ליפּעלעך, און מיט דעם וואויל־געפעלן קול. ער איז געווען אַ בערשאַדער, אַ בחור אַ פאַרמעגלעכער. ער האָט זיך איבערגעקוקט מיט גרשונען פון דערווייטנס און זיינע קלוגע אויגן האָבן גערעדט צו אים. גרשון האָט פאַרשטאַנען, וואָס זיינע אויגן האָבן אים געזאָגט, און ער האָט זיך פאַרטאַיעט אין אַ ווינקל...

און אַ זאַווערוכע, — זי צעטראָגט די וועלט, יאָגט זיך נאָכן פּאָיעזד, ווייעט אַריין אין וואַגאָן דורך אַלע שפּאַלטן פון די ברעטער, און דער לאָ־קאָמאָטיוו, נאָר ער קוויטשעט אַזוי פּחדימיק און פון גרשונס געדאַנק טוט זיך ניט אָפּ: „בירזולע״, וועט ער דערלעבן דעם מאָרגנדיקן טאָג? פרעגט ער זיך אַליין, וועט ער דערגרייכן זיין היים?

און די נאַכט פאַלט צו. ס׳איז שוין געווען נאַכט אויך בייטאָג, פון דער זאַווערוכע. אָבער איצטער איז אינגאַנצן פינצטער אין וואַגאָן, נאָר פון צייט צו צייט צינדט עמיצער אָן אַ פּאַפּיראָס און ס׳גיט אַ בליץ עמיצנס אַ פּנים... און דער פּאָיעזד טראָגט זיך אין דער וואָיענדיקער זאַווערוכע, און קומט אַלץ נעענטער און נעענטער צו בירזולע... און מיט אַמאָל גיבן אַ שניט אין די אויגן, די פיל עלעקטרישע ליכט ביי דער פּלאַטפאָרמע אויף דער סטאַנציע בירזולע...

דער באַן שטעלט זיך אָפּ, און ביי גרשונען שטעלט זיך אויך אָפּ דאָס האַרץ... ס׳טוט זיך אַ רוק אויף די טיר, און ס׳קומט אַריין אַ פּעטליוראָ־וועץ אין אַ האָריגער פּאַפּאַכע מיט אַ רויטן ראַנד. די פּאַפּאַכע איז אַרויפ־גערוקט און ס׳זעען זיך אַרויס ווילדע לאָקנס האָר. ער וויל, אַז יעדער איינער פּאַסאַזשיר זאָל אים ווייזן דעם פּאַספּאָרט. ער שמייכלט, דער פּעט־ליוראָוועץ פריינטלעך, אַלץ וואָס ער וויל מען זאָל אים ווייזן דעם פּאַס־

פּאַרט, און גלייך נאָך דער רעוויזיע, ווינטשעוועט ער אַלעמען אַ גוטע נאַכט און גייט זיך אַרויס.

הייסט דאָך, אַז די צייטונגען אין אָדעס, האָבן טאַקע דערציילט מעשׂיות ניט געשטויגן און ניט געפלויגן... ס'איז געוואָרן לייכט אויפן האַרצן, ס'האָט אָפּגעלאָזט דער דערשרעק. גרשון האָט זיך פאַרוויקלט מיט אַ קאָלדרע, און אַזוי זיצנדיק, צוגעשפּאַרט זיך צו דער וואַנט און איינגעשלאָפן פריד־לעך... און כל זמן ס'האָט זיך געטומלט אין וואַגאָן, איז ער געשלאָפן גאַנץ געשמאַק, נאָר פלוצלינג דערשפּירט ער אין שלאָף, ווי ס'איז געוואָרן מיט אַמאָל שטיל, שרעקעוודיק שטיל... ער עפנט די אויגן — אַ נייער פּעטליו־ראָוועץ מיט אַ גזלניש פּנים, מיט אַ ביקס, מיט אַ ליכט שטייט אין מיטן וואַגאָן און שיפעט:

— זשידי וויכאַדיטי (זשידעס גייט אַרויס).

רירט זיך מסתּמא ניט קיין איין ייד פון אָרט. גייט ער מיטן ליכט, קוקט יעדן פּאַסאַזשיר אין פּנים אַריין, דערקענט אַ יידיש פּנים, טוט ער אַ הוקע:

— וויכאַדי (גיי אַרויס).

און אַז מען וויל זיך נאָך אַלץ ניט רירן, טוט אַ שפּרונג צו אַ צוויי־טער פּעטליוראָוועץ, וואָס גרשון האָט פריער ניט באַמערקט, דווקא אַ קליינ־געוויקסיקער, אַ מאָגערער, טוט אַ כאַפּ דעם יידן ביי די פּיס און וואַרפט אים אַרויס דורך דער אָפענער טיר.

און אָט דערנענטערט זיך דער מערדער אויך צו גרשונען... און ביי אונדזער בחור האָט דאָס גאַנצע בלוט אַ קלאַפּ געטאָן אין מוח אַריין. אין דער נאָז ביי אים איז געוואָרן שטאַרק הייס. ס'איז געווען דער זעלביקער געפיל, ווען ער האָט זיך געטרונקען אין חרם־טייך אַלס קינד. ניטאָ קיין באָדן אונטער די פּיס. ניטאָ קיין האָפענונג. אָבער ווען דער גזלן איז שוין געווען לעבן אים, ווען ער האָט אָנגעבויגן דאָס ליכט אַ קוק טאָן אין זיין פּנים אַריין, האָט דורכגעבליצט אַ געדאַנק אין גרשונס מוח, אַז יענער דער־קענט אַ יידן צוליב דער טויט־שרעק אויף זיין פּנים, אַז ווען ער גרשון קאָן זיך שטאַרקן און קוקן צו אים מיט קיין סימן פון שרעק, נאָר מיט זי־כערקייט, אַפילו מיט עזות, וואָלט דאָס אפשר אים געראַטעוועט...

צי ס'איז טאַקע געווען גרשונס אומדערשראָקענער עזות'דיקער קוק, וואָס האָט צעמישט דעם גזלן; צי ס'איז געווען, וואָס גרשון איז געווען אָנגעטאָן אין אַ סאָלדאַטסקי שינעל, און אין אַ כאַקן קערענסקי היטל, און זיינע הויכע באַקן־ביינער, ווי ביי אַ מאָנגאָל, האָבן ניט געגעבן קיין

סימן פון אַ יידיש פּנים; צי ס׳איז געווען, ווי מען קוקט רואיק און הער־שעריש אויף אַ בייזן הונט, וואָס וויל אויף דיר אָנפאַלן, און די חיה דער־פילט אַ העכערע קראַפט, — דער גזלן האָט ניט געזאָגט: „זשיד וויכאָדי״ און איז זיך אַוועק וויטער...

אַרום אַן אַכט יידן האָט מען אַרויסגעשלעפּט, און גלייך נאָכדעם האָבן זיך געהערט ערגעץ ווייט שאָסן און האַרץ־רייסנדיקע „שמע ישראל׳ס״.

אַרום אַ זעקס שעה, איז דאָרטן געשטאַנען די באַן, און ס׳איז געווען אַ גאַנצע אייביקייט... און גרשון האָט ניט געוואוסט אפילו צי ער לעבט... דער גאַנצער גוף זיינער איז פאַרטעמפּט געוואָרן, פּונקט ווי מען וואָלט אים דערלאַנגט מיט אַ דובינע איבערן קאָפּ... אפילו פאַרטאָג, ווען די באַן האָט ענדלעך גערירט און בירזולע איז געבליבן אונטן, האָט ער נאָך אַלץ ניט געקאָנט קומען צו זיך... און פּלוצלינג דערזעט ער אַ יידישן בחור, וואָס איז יאָ קענטלעך און ניט קענטלעך. דאָס פּנים געוואַלטיק צעקנייטשט, די ליפּן בלאָס, און אין די אויגן וואַסער.

ס׳איז דאָך איך, ישראל׳יק — מאַכט יענער צו אים.

דער קלוגער ישראל׳יק לערמאַן, ווען דער גזלן איז אַריין, האָט גע־נומען זיין בייטל מיט געלט, דאָס אַוועקגעגעבן זיין שכנה, אַ יונגער, דיקער פּויערטע, און זי געבעטן זי זאָל זיך זעצן אויף אים מיט אַלע אירע קלייד־לעך. און זי האָט זיך געזעצט אויף אים מיט אַלע אירע קליידלעך... און אַזוי אַ גאַנצע נאַכט איז זי געזעסן אויף אים... און אַזוי אַרום איז ער געראַ־טעוועט געוואָרן...

די באַן האָט זיך איצט געטראָגן אין אַ ליכטיקער ווייסער וועלט. ס׳איז מער ניט געווען קיין זאַווערוכע. די זון איז אַרויס...

# משה דאָבראָווענסקי

זייער טרעוואָזשנע צייטן האָבן זיך אָנגעהויבן אין די אוקראַינישע יידישע שטעטלעך, אָבער אין בערשאַד איז גאָרניט געווען טרעוואָזשנע...

ס׳איז געווען אין בערשאַד אַ יונגער גיבור מיטן נאָמען משה דאָבראָ־ווענסקי, זייער פון די גרויסע גיבורים. ער איז גאָר געווען אַ צייט אין אַמעריקע, געוואוינט אין פילאַדעלפיע. אָבער ער האָט זיך אומגעקערט אַהיים נאָך אַ פּאָר יאָר זיין דאָרטן. פון פאַך גאָר געווען אַ זייגער־מאַכער,

אָבער פֿאַרמאָגט אַ קערפּער גאָרניט ווי קיין זייגער־מאַכער, וואָס זיצט אײַ־בערגעבויגן גאַנצע טעג ביי דער מלאכה. דאָס פּנים זיינס, דער האַלדז זיי־נער, ווי ביים גריכישן אַפּאָלאָ. די ברוסט זיינע, די היפטן און זיינע פיס ווי ביי דעם לעגענדאַרן הערקולעס.

גרשון האָט אים איינמאָל אינדערפרי געזען אין דער קופּאַלניע אַ נאַ־קעטן; ער איז געשטאַנען אַ פאַרטראַכטער; און ס׳איז טאַקע אויסגעקו־מען, ווי ס׳שטייט אין דער גאַנצער לענג ביים וואַסער, עפּעס אַ סטאַטוע פון אַ גריכישן גאָט: אַ מאַסיווער קיילעכדיקער קאָפּ מיט העל־ברוינע געקרייזלטע האָר; אַזאַ שטאַרקער שטערן, אַזאַ פעסטע קאַנטיקע מאָרדע מיט אַ גריבעלע אינמיטן; אַזוינע קראַפט־געלאָדענע באַקן־ביינער; אַזאַ שטאָלצער פולער האַלדז, און זייער אַ הויכע האָריקע ברוסט, און האָריקע פעסטע פיס, ווי די זיילן.

ס׳האָט אים ליב געהאַט אַ מיידל, וואָס האָט געהייסן דאָראַ, איז זי אויך עפּעס געווען ווי אַ גריכישע געטין: אַ קלאַסיש־פאַרמירטער קערפּער, מיט קוועלנדיקע און הייסע ביז גאָר ברוינע אויגן, מיט געדיכטע כוואַלנדיקע שאַטענעווע האָר, מיט שטאָלצע און ענערגישע פיס. איר טאַטע איז גאָר געווען אַ ייד אַ קבצן מיט אַ גרויסער משפחה. אַ סך אַזוינע שיינקייטן זיי־נען אויסגעוואַקסן ביי די קבצנים אין בערשאַד.

זי האָט זיך געלערנט העברעאיש ביי גרשונען, געוואָלט פאָרן אַלס חלוצה קיין ארץ־ישראל. די שטונדן, וואָס גרשון האָט מיט איר פאַר־בראַכט אַ פּאָר טעג דורך דער וואָך, האָט ער זי זייער ווינציק געלערנט העברעאיש, מען האָט גאָר מערסטנס גערעדט וועגן משה דאַבראָווענסקין. זי האָט זייער שטאַרק געוואָלט, אַז משה זאָל אויך פאָרן קיין ארץ ישראל און געבן זיין גבורה פאַרן הייליקן לאַנד. דאָ אין גלות, האָט זי געזאָגט, וועט זיין אַרויסגעוואָרפן. אָבער משה האָט גראָדע ליב געהאַט דעם גלות. און אין אמתן געזאָגט, איז בערשאַד ניט געווען פאַר אים קיין גלות. ער איז געווען דער מלך אין בערשאַד. די פּעטליורישע מיליציע האָט זיך גאָר־ניט אָנגעזען אין שטאָט, — משה מיט זיינע באַוואָפנטע חברה האָבן זיך אָנגעזען. אין די נעכט, איז בערשאַד געשלאָפן רואיק, כל־זמן משה מיט זיינע חברה זיינען וואַך. אין די נעכט איז ער אַרומגעגאַנגען מיט זיין אַבכאָד (אַרומגאַנג) און קיין שום אָנפאַל ניט דערלאָזט. און אָנפאַלן האָט מען געקאָנט כמעט יעדע נאַכט. און די אָנפאַלער האָבן געקאָנט זיין די זעלביקע פּעטליורישע מיליציע, וואָס האָט גאָר געדאַרפט היטן די שטאָט. מען האָט געקאָנט אָנפאַלן אויך בייטאָג. אוקראַינע איז דעמאָלט געווען

הפקר. כמעט יעדער געוועזענער סאָלדאַט אין די דערפער אַרום האָט גע־
האַט אַ ביקס, אָדער אַ רעוואָלווער.

און וואָס האָבן אַלע כוליגאַנעס אַזוי מורא געהאַט פאַר משהן, אַז
מיט איין קויל ליגט מען אים אַוועק? אָבער אַז ס׳וואַקסן אויס לעגענדעס
אַרום אַ גיבור, קומט ער שוין אויס, ווי אַן איבערנאַטירלעכער מענטש.
עפּעס אַ גאָט, וואָס גאַרניט וועט אים נעמען — ניט קיין שווערד, ניט קיין
קויל. ער האָט זיך זייער ליב געהאַט צו באָרען (ראַנגלען). און אין צירק,
וואָס פלעגט אַלע זומער אַראָפּפאָרן קיין בערשאַד, האָט ער זיך געבאָרעט
מיט פּראָפעסיאָנעלע גבורים און אַלעמען באַזיגט.

דאָראַ האָט זייער געוואָלט, אַז משה זאָל זיך אויך לערנען העברעאיש,
און געשיקט צו אים גרשונען. אָבער גרשון, נאָך אַ צוויי דריי לעקציעס
האָט געמוזט אויפגעבן. יענעם איז פּשוט ניט געלעגן אין זינען זיך לער־
נען העברעאיש...

און דאָ — סוף ווינטער, איבער דער אוקראַינע, זיינען די פּעטליוראָוו־
צעס געלאָפן פון אַלע זייערע פּעסטונגען, און די אָנגרייפנדיקע רויטע
אַרמיי האָט זיי ניט געלאָזט אָפּכאַפּן דעם אָטעם, און די פּעטליוראָווצעס
לויפנדיק, האָבן דערווייל געמאַכט שהיטות אויף יידן אין די שטעט־
לעך. און אַט דערוויסט מען זיך אין בערשאַד, אַז אַן אָפּטיילונג פון דער
פּעטליורישער אַרמיי, לויפט פון אומאַן און אין אַלע שטעטלעך אויפן וועג
רויבן זיי, מאָרדן, פאַרגוואַלדיקן...

אַ פּרייטיק איז דאָס געווען. די שטאָט איז אויסגעשטאָרבן. מען האָט
פאַרהאַקט די קלייטן, די הייזער, און זיך פאַרשטעקט אין די קעלערס, אויף
די בוידעמער און אין די סעקרעטן (באַהעלטענישן). משה דאָבראָווענסקי
מיט זיין חברה, מיט ביקסן, רעוואָלווערן, גראַנאַטן און איין איינציקן פּו־
לעמיאָט האָבן פאַרנומען אַ פּאָזיציע לעבן טייך ניט ווייט פון ברעג. אויף
דעם אַנטקעגנדיקן ברעג ביים טייך, האָבן זיך געפונען די פּעטליוראָווציעס,
קאַוואַלעריע, פוסגייער. און ניט נאָר מיט איין פּולעמיאָט. זיי האָבן זיך
געוואָלט אַריינרייסן אין שטאָט מיט זייער קאַוואַלעריע, אָבער ניט געקאָנט.
די יידישע חברה, און דער עיקר דער איינאיינציקער יידישער פּולעמיאָט,
פון וועלכן משה אַליין, האָט געהאַלטן אין איין שטעפּן, האָט זיי אַלע מאָל
אָפּגעטריבן צוריק...

גרשון איז דאָס מאָל אויך געלאָפן קוקן, אָבער ווייטלעך פון דער פּאָ־
זיציע, אויף אַ בוידעם פון אַ שטוב אויפן בערגל האָט ער געקוקט און
עטלעכע מאָל ווען ער האָט דערזען, ווי די פּעטליוראָווצעס אין גרויע

קוטשמעס מיט רויטע קוטאַסן, און אין גרינע פּאַדיאַווקעס אויף זייערע פערד יאָגן זיך צום בריק, איז אים מוראדיק קאַלט געוואָרן אין בויך, און זיינע ציין האָבן געקלאַפּט, ער האָט זיי גאָרניט געקאָנט אָפּהאַלטן. און יעדן מאָל, ווען די פערד האָבן זיך געשטעלט דיבאָם, צוליב דעם האַגל פון קוילן, מיט וועלכע די יידישע חברה האָבן זיי באַגעגנט, איז גרשונען גע־וואָרן אַביסל לייכטער.

אויפן בוידעם פון משה דאַבראָוועסקיס הויז, האָט זיך געפונען דער יידישער פּולעמיאָט. און משה האָט געהאַלטן דאָרטן אין איין שטעפּן און ס'איז געווען אַזוי ווי אין חמש, ווען אַן אַנדער משה, משה רבינו, איז גע־שטאַנען אויף אַ שטיין און געהאַלטן אויפגעהויבן די הענט און די יידן זע־ענדיק זיינע אויפגעהויבענע הענט, האָבן קיין מורא ניט געהאַט, נאָר גע־לאָפן אויפן שונא מיט שטאַרקע הערצער, אַזוי אויך איצטער, כל־זמן די יידישע זעלבסטשוץ לעבן טייך האָט געהערט, ווי משה שטעפּט פון זיין קוילנוואַרפער, האָבן זיי גאָרניט מורא געהאַט, און מיט שטאַרקע הערצער זיך געהאַלטן ביי זייער פּאָזיציע, און ניט אָפּגעטראָטן צוריק אפילו קיין איין פוס... אָבער אָט האָבן די פּעטליוראָווצעס פון יענער זייט טייך, אָנגעשטעלט אַלע ביקסן אויפן בוידעם. אַ מבול פון קוילן האָט זיך אַ לאָז געטאָן אויפן בוידעם... און מיטאַמאָל איז משהס פּולעמיאָט פאַרשטילט געוואָרן... מען הערט זיך צו, אפשר וועט פון בוידעם ווידער זיך הערן דאָס שטעפּן. אָבער מען וואַרט אומזיסט... דאָס האַרץ ביי דער זעלבסטשוץ איז געפאַלן... מען האָט שוין פאַרשטאַנען... און פּלוצלונג דאָס בלוט־פאַרגליווערנדיק געוויין פון אַ מיידל:

— אוי וויי, משה, משה!!

מען האָט דערנאָכדעם געזאָגט, אַז דאָס איז געווען דאָראַס געוויין. מען האָט אויך געזאָגט, אַז זי איז געשטאַנען לעבן פּולעמיאָט און אים אַלע־מאָל דערלאַנגט די לענטעס מיט די קוילן. אַנדערע האָבן געזאָגט, אַז דאָס איז גאָרניט געווען דאָראַ, נאָר אַ פּויעריש מיידל פון קיריוקע, וואָס איז געווען אין משהן שטאַרק פאַרליבט.

און דערנאָכדעם? דערנאָכדעם געדענקט שוין ניט גרשון, וואָס איז געשען. ער געדענקט אַפילו ניט, ווי אַזוי ער איז אַראָפּגעלאָפן פון זיין באַהעלטעניש. ער געדיינקט גאָר ווי ער איז געלאָפן אויף דער מאַרק־גאַס און נאָך חברה זיינען געלאָפן...

און דערנאָך געדיינקט ער שוין ווידער ניט. פונוואַנענט פּלוצלינג האָט

ער זיך געפונען אויף דער ליגישטשינע (ליים־גריבער ניט ווייט הינטער דער שטאָט)...

:: :: ::

און דאָס איז געווען די ערשטע שחיטה אין בערשאַד זינט כמעל־ניצקין. אַרום צוועלף יידן זיינען דעמאָלט אומגעקומען.

דאָרט איז נאָך יענעם פּרייטיק פאַרשוואונדן פון בערשאַד. העט שפּע־טער אום זומער, האָבן אַ פּאָר מענטשן דערציילט, אַז מען האָט זי געזען אין קיעוו מיט אַ סאָלדאַטסקע היטל אויפן קאָפּ, אין אַפּיצערישע שטיוועלעך און אין אַ כאַקי מיליטערישן רעקל און מיט אַ רימען אַרום אירע היפּטן. אויפן רימען איז געהאָנגען אַ לעדערנער בייטל, און פון לעדערנעם בייטל האָט אַרויסגעשטעקט אַ רעוואָלווער. דאָס האָט זי געדינט אין דער רויטער אַרמיי...

# ישׂראַליק שפּילט טעאַטער

פון יענע טעג, די אימהדיקע טעג, מיט שלעכטע גרוסן וועגן פּעטליור־רישע פּאָגראָמען אין די אַרומיקע שטעטלעך, ווערט ליב־ליכטיק דער זכרון וועגן איינעם אַ בערשאַדער בחור מיטן נאָמען ישׂראַליק.

ניין, אָדער צען יאָר, איז ער דעמאָלט אַלט געווען און שוין געטראָגן ברילן, און דורך ברילן האָבן ענערגישע שוואַרצע אויגן געשאָסן ביסטרע פלעמלעך. גראַדע אַ שמאָליגקער, אַ דאַרינקער אָבער אַ זשוואַוועד און אַ ספּריטנער. ער איז שוין לאַנג אין אַמעריקע, און מסתמא אין די מיטעלע פערציקער. זיינע האָר זיינען שיטער און געמישט מיט גרוי. אָבער ווען גרשון באַגעגנט זיך מיט אים, זעט ער ניט די גרויע האָר, בכלל קאָן ער אים ניט זען אַלס אַן עטלעכן־און־פערציקער, נאָר ער זעט אים נאָך אַלץ אַלס אַ צען יאָריקן, ווי דעמאָלט יענעם טאָג נאָכן טעפּליקער פּאָגראָם. ס׳איז אפשר צוליב זיינע יונגע ענערגישע שוואַרצע אויגן, וואָס שיסן נאָך אַלץ מיט ביסטרע פלעמלעך. ס׳איז אפשר צוליב זיין שטענדיק מונטער קול, וואָס ווען ער רעדט, איז פונקט ווי אַ קוילן־וואַרפער וואָלט געשטעפּט...

זיין טאַטע איז געווען אין אַמעריקע, אין פילאַדעלפיע. (פאַר דער ער־שטער וועלט־מלחמה, זיינען עפּעס אַלע יידן אין בערשאַד געפאָרן קיין פילאַדעלפיע). זיין מאַמע האָט געוואוינט מיט ישׂראַליקן און מיט זיין

ברודער, אין סוף פון דער מאַרק־גאַס ביי איר טאַטן, אין הויז, בשכנות מיט דער אַפּטייק פון דעם פּוילישן פּריץ דאַבראַוואַלסקי, וואָס האָט גערעדט יידיש ווי אַ וואַסער מיט אַלע זאַפּטיקע פּאַלקס־ווערטלעך.

און ווען דאָס דאַרינקע אָבער זייער רירעוודיק ישראליקל, האָט איינ־מאָל אָפּגעשטעלט דעם שוין־באַרימטן גרשונען (באַרימט צוליב זיינע אויפ־טואונגען אין מכבי און אין דראַמאַטישן קרייז), האָט ער, גרשון, אַוודאי ניט געוואוסט, אַז ס׳וועט קומען אַ צייט, ווען דאָס דאַזיקע בחורל וועט נאָך אַמאָל זיין איינער פון זיינע רעדאַקטאָרן.

— אדוני איינבינדער (מיין האַר איינבינדער), חפץ אני לדבר לכבודו אודות ענין רב הערך, (איך וויל ריידן צו זיין כבוד וועגן זייער אַ וויכטיקן ענין).

אין בערשאַד איז דעמאָלט די שפּראַך פון די אינטעליגענטן געווען אָדער רוסיש, אָדער העברעאיש, און צו אַזאַ אינטעליגענט, ווי גרשון, אַ תלמיד פון דער אָדעסער ישיבה, האָט דאָס ישראליקל פאַרשטאַנען, דאַרף מען ריידן העברעאיש.

און כאָטשבי גרשון האָט אים געענטפערט אין יידיש, האָט דאָס בחורל אָבער געשאָסן אין העברעאיש גיך און זיכער מיט זיין מונטער קולכל... וואָס דאָס ישראליקל האָט געוואָלט, איז שפּילן טעאַטער, ניט חס וחלילה גלאַט אַזוי, נאָר צוליב די טעפּליקער יתומים.

אַ גרויסער פּאָגראָם איז געווען אין טעפּליק, און פון בערשאַד, האָט מען גלייך געשיקט אַהין וואָגנס מיט ברויט, קאַרטאָפליעס און אַנדערע שפּייזן. מען האָט דאָס צונויפגעזאַמלט אויף אַזאַ אופן: די אָבשטשינע (געמיינדע) האָט אַרויסגעשיקט עטלעכע ליידיקע וואָגנס אויף די גאַסן און פון יעדן הויז האָבן יידן געטראָגן לעבלעך ברויט און אַנדערע פּראָדוקטן און אַריינ־געלייגט אין די וואָגנס. און אַז זיי זיינען שוין געווען פול, האָבן זיי גלייך אָוועקגעשמיסן קיין טעפּליק צו די געליטענע ברידער.

האָט דאָס דאַזיקע ישראליקל געוואָלט, אַז די קינדער פון בערשאַד זאָלן דירעקט העלפן די קינדער פון טעפּליק מיט אַ גענוגנדער סומע געלט. ווי אַזוי זאָל מען קריגן דאָס געלט? דורך שפּילן טעאַטער! דאָס הייסט, ער און זיינע חברים זאָלן שפּילן טעאַטער. וואָס־זשע דאַרף ער האָבן גרשונען? איז אַזוי ווי ער ווייסט, און די גאַנצע שטאָט ווייסט אויך, אַז ווען די גרויסע חברה פון דראַמאַטישן קרייז שפּילן טעאַטער, זיצט גרשון אין אַ בודקעלע און זאָגט זיי אונטער פון אַ ביכל, זאָל ער אויך איצט זיצן אין אַ בודקעלע און אים און זיינע חברים אונטערזאָגן פון אַ ביכל. דער־

קלערט אים גרשון, אַז ווען די גרויסע האָבן געשפּילט טעאַטער, האָט ער זיי אונטערגעזאָגט פון די ביכלעך מיט גאָרדינס אָדער שלום עליכמס פּיעסן, און פאַר קינדער דאַרף מען האָבן אַ באַזונדער ביכל, און גרשון ווייסט ניט פון אַזוינע ביכלעך פאַר קינדער מיט שפּילן. ענטפערט אים ישראליקל מיט קלוגשאַפט, אַז ער האָט אַן עצה: זאָל גרשון צונויפשטעלן אַ באַזונדער שפּיל פאַר זיי, און זיי אונטערזאָגן.

זייער אַ פּשוטע עצה...

אידל רעכטער האָט געגעבן דעם זאָל אומזיסט. אַ בייטאָג איז דאָס געווען. אָן אַפּישן און אָן מודעות האָט זיך פאַרשפּרייט צווישן די קינדער אין בערשאַד, אַז אַ חברה, וואָס באַשטייט אַליין פון קינדער וועט שפּילן טעאַטער אַרויסצוהעלפן די טעפּליקער יתומים. איז מען געלאָפן צו אידל רעכטערס זאָל מיט די קאַרבאָווענצעס אין די פאַרשוויצטע הענטלעך. ס׳האָבן דעמאָלט צירקולירט אַלס געלט די אוקראַינישע קאַרבאָוניצעס, פּאַפּירלעך אַזוינע, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן פון דער אוקראַינער מאַכט. אָבער די ווערט פון זיי כמעט ווי קאָפּיקעס ביים צאַר... אַ סך קינדער זיינען זיך אָנגעלאָפן און איבערגעפּאַקט דעם זאָל... און איידער ס׳האָט זיך נאָך אָנגעהויבן די שפּיל איז שוין געווען פרייד. ס׳איז ביי זיי געווען אַ פרייד, וואָס מען זיצט אין אַ טעאַטער אַ פאַר הונדערט קינדער צוזאַמען. ס׳איז ביי זיי געווען אַ פרייד, וואָס זיי האָבן געזען, ווי דער פאָרהאַנג הויבט זיך אויף, מחמת דער אויפהויבן זיך פון פאָרהאַנג אַליין איז שוין געווען טעאַטער. (זיי האָבן באמת געמיינט, די קינדער, אַז דער פאָרהאַנג האָט זיך אויפגעהויבן פון זיך אַליין.) און דערנאָכדעם, ווען די שפּיל האָט זיך אָנגעהויבן, האָט גרשון אין בודקעלע ממש געקאָנט הערן, ווי די קינדערשע הערצער קלאַפּן דאָרטן אין זאָל...

און די שפּיל אַליין איז געווען „פון דעם לעבן אַנטנומען", אַזוי צו זאָגן. די שפּיל אַליין האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ פּאָגראָם, אָבער מיט אַ פריילעכן סוף. די פּרטים פון דער שפּיל, די ערשטע שפּיל פאַר קינדער, וואָס גרשון האָט אָנגעשריבן געדיינקט ער שוין ניט, אָבער ס׳איז געווען אַ מעשה, ווי מען האָט מורא פאַר אַ פּאָגראָם, און אָט ווי מען שרעקט זיך אַזוי שטאַרק, ווי פּלוצלינג דערהערט מען אַ ליד אין אוקראַיניש, און דאָס דאָזיקע ליד, האָט געמיינט, אַז זיי קומען טאַקע, די פּאָגראָמשטשיקעס. ס׳איז דווקא געווען זייער אַ שיין ליד, אַ פּאַטעטיש ליד, אָבער די פּעטליוראָווצעס האָבן דאָס אָפּט געזונגען, איידער זיי זיינען אַריין אין אַ יידיש שטעטל צו מאַכן אַ פּאָגראָם:

העי נאַ, נאַ האַרי
טאָם זשנעצי זשנוט,
אַ טאָם פיד האַראָיו,
יאַראָם דאַלינאָיו
קאַזאַקי אידוט.

(העי, דאָרטן אויפן באַרג, שניטער שנײַדן, און אין ריוו מיט טאָל קאַ־זאַקן גייען.)

און פּלוצלינג אינמיטן זינגען אָט־די דאָזיקע ליד, דערהערט זיך דער „אינטערנאַציאָנאַל״, האָבן שוין אַלע קינדער אין זאַל פאַרשטאַנען, אַז דאָס מיינט אַז די באָלשעוויקעס קומען צו פאַרטרייבן די פּאָגראָמשטשיקעס און ראַטעווען די יידן... און אַזוי איז טאַקע בוכשטעבלעך געווען אין יענע יאָרן: די שטאָט לויפט זיך באַהאַלטן, ווייל אַ באַנדע דאַרף אָנקומען, און פּלוצלינג דערהערט מען דעם „אינטערנאַציאָנאַל״, און דאָס האָט געמיינט אַ ישועה.

איז געוואָרן אַ גוואַלדיקע פרייד צווישן די קינדער אין זאַל, מען האָט געפּאַטשט בראַוואָ און געטופּעט מיט די פיס, און שיער דעם טעאַטער צענומען...

און דעמאָלט האָט גרשון געזען, אַז ס'איז גאָר ניטאָ קיין בעסער פּוב־ליקום פאַר אַ שרייבער ווי קינדער, און אפשר וואָלט ער זיך גענומען שרייבן בלויז פאַר קינדער, ווי, למשל, האַנס קריסטשיען אַנדערסען...

:: :: ::

יאָרן זיינען אַוועק. גרשון קומט קיין פילאַדעלפיע. ישראליק, אַ קווע־לענדיקער, רירעוודיקער טוערישער ישראליק... נאָך יאָרן זיינען אַוועק. גרשון קומט אין דער רעדאַקציע פון דער „מאָרגן־פרייהייט״. — ישראליק!

— געדענקסטו כאָטש, ישראליק? „אדוני איינבינדער, חפץ אני לדבר לכבודו אודות ענין רב הערך״. (האַר איינבינדער, איך וויל ריידן צו זיין כבוד וועגן אַן ענין פון גרויס וויכטיקייט).

# יורעוויטשעס פּאַלאַץ

פּסח־צייט זיינען שוין געווען די באָלשעוויקעס אין בערשאַד. און וואו האָבן זיי זיך באַזעצט? ביי יורעוויטשן אין פּאַלאַץ.

און יורעוויטשעס פּאַלאַץ איז געווען פּונקט ווי מען מאָלט אויף די בילדער: אַ צוויי־שטאָקיגער ווייס־ראַזעווער בנין מיט אַ סך מאַרמאָרנע זיילן, מיט געשניצטע גאַניקעס, מיט טורעמדיקע דעכער, געשטאַנען סאַמע ביים טייך און זיך געשפּיגלט אין דער וואַסער. און פאַרשטייט זיך, אויך שניי־ווייסע שוואַנען מיט זייערע לאַנגע איבערגעבויגענע גראַציעזע העל־דזער, זיינען אַרומגעשוואומען איבערן וואַסער. אויך הויכע טאָפּאָלן זיינען געוואַקסן הינטערן פּאַלאַץ און זיך געשפּיגלט אין דער וואַסער.

בערשאַדער יידן האָבן קיינמאָל נאָך ניט געזען דעם דאָזיקן פּאַלאַץ. ער איז געווען פאַרשטעקט טיף אין פּאַרק, פאַרשטעלט מיט הויכע ביימער און דער פּאַרק אַליין איז געווען אַרומגעצוימט מיט אַ הויכער רויט־שטיי־נערדיקער וואַנט, און געווען פאַרשלאָסן מיט אַ שווערן אייזערנעם טוי־ער . . .

געזען האָבן דעם דאָזיקן פּאַלאַץ בלויז יחידים, און אויך גרשונס טאַ־טע, רב מאיר גייענדיק פון יאַלאַנעצער וואַלד אין אַ זאַווערוכע, האָט איינמאָל פאַרבלאָנדזשעט אויפן אייז־באַדעקטן טייך. דערזעט ער פון טייך דעם דאָזיקן פּאַלאַץ, מיינט ער אַז ס׳איז אַ חלום. באַלד כאַפּט ער זיך, אַז אפשר איז דאָס יורעוויטשעס פּאַלאַץ, וואָס מען דערציילט זיך אַזוי פיל מעשׂיות וועגן אים. אויב אַזוי, דאַרף ער זיך לאָזן איבערן פאַרפרוי־רענעם טייך צום פּאַלאַץ, איבערשניידן דעם פּאַרק, בעטן מען זאָל אים עפענען דעם אייזערנעם טויער פון פּאַרק — און ער איז גלייך אויף דער אַפּטייק־גאַס. האָבן אים דערזען די צוויי באַוואָפנטע טשערקעסן, די שומרים פון פּאַרק, און די שטענדיקע באַגלייטער פון דער יורעוויטשיכע אויף אירע שפּאַצירן, און זיי האָבן אָפּגעבונדן פון דער קייט דעם בער, וואָס האָט זיך געלאָזט פּענדום הענדום אויף רב מאירן, און רב מאיר איז קוים מיטן לעבן אַנטלאָפן צוריק צום וועלדל אויף יענער זייט טייך און שעה׳ן און שעה׳ן געמוטשעט בלאָנדזשען אין דער זאַווערוכע, ביז ער האָט זיך דערשלאָגן צו אַ וועג.

אַז די באָלשעוויקעס זיינען אַריין קיין בערשאַד, האָט מען אויפגעעפנט דעם אייזערנעם טויער פון פּאַרק, און ווער ס׳האָט געוואָלט דער איז אַריין. און ווער האָט דען ניט געוואָלט? וואָס מען האָט געוואָלט וויסן איז

געווען צי ס׳איז אמת, אַז אין פּאַרק איז דאָ אַזאַ ווינטער־גאָרטן, וואָס מען רופט אָראַנזשערעי מיט גלעזערנע ווענט און אַ גלעזערנעם דאַך, וואו דאָרטן וואַקסן אַפילו אין ווינטער פרישע רעטעכלעך מיט אוגערקעס און אַנדערע גרינסן, און די יורעוויטשיכע דאַרף שוין ניט וואַרטן ביז פרילינג צו מאַכן אַ ברכה איבער אַ רעטעכל צי אַן אוגערקעלע. יאָ, ס׳איז טאַקע געווען אמת. אמת זיינען אויך געווען די וואונדערלעכע בלומען, און די פאַרשיידענע אויסלענדישע ביימער...

אין דעם דאָזיקן פּאַלאַץ האָבן די באָלשעוויקעס גלייך אָנגעהויבן אויפ־שטעלן פאַרשיידענע „קאָמען״, דאָס הייסט, קאָמיטעטן, ווי „רעווקאָם״, „איספּאָלקאָם״, „בידקאָם״. איז שוין די גאַנצע שטאָט אַהין געגאַנגען. סיי צוליב געשעפט, און סיי גלאַט אַזוי שפּאַצירן צווישן די אַלייען. געוויסע יידן זיינען געגאַנגען אַהין ניט נאָר צוליב געשעפט, אָדער פאַרגעניגן, נאָר אויך צוליב זייער געזונט. מען האָט געזאָגט אין בערשאַד, אַז די גוטע ריחות פון די פאַרשיידענע נאָדל־ביימער דאָרטן זיינען גוט פאַר לונגען־קראַנקע. פריער, איידער די באָלשעוויקעס זיינען אַריין האָבן אַזוינע קראַנקע געשפּאַצירט אָפּט פון יענער זייט פּאַרק, און געהאַלטן אין איין שמעקן, איצטער, אַז מ׳קאָן שוין אַריינגיין ווער ס׳וויל, האָט מען זיך מיטגענומען קאָלדרעס, זיך צעלייגט אויפן גראָז, און געהאַלטן אין איין שמעקן די היילנדיקע ריחות וויפיל נאָר מען האָט געוואָלט.

מען האָט געמיינט, אַז ס׳שטעלט זיך שוין איין די באָלשעוויסטישע מאַכט אין בערשאַד, און מען וועט שוין ניט מורא האָבן פאַר קיין פּאָגראָ־מען, אָבער די פּעטליוראָוועס האָבן אַנדערש געמיינט. אייניקע זיינען כלומרשט איבערגעגאַנגען צו די באָלשעוויקעס, און אַנדערע האָבן זיך פאַרבאַהאַלטן אין די דערפער און געהעצט די פויערים...

דערווייל אָבער איז געווען פריילעך. די יוגנט איז גאָר געווען באַ־רוישט, געלאָפן אויף לעקציעס, אויסגעהערט באָלשעוויסטישע רעדנער, געקלאַפּט בראַוואָ און געזונגען דעם „אינטערנאַציאָנאַל״.

ווען דער ערשט־געגרינדעטער רעוואָלוציאָנערער טריבונאַל האָט זיך פאַרזאַמלט אין יורעוויטשעס פּאַלאַץ אין איינעם פון די גרויסע זאַלן צו משפּטן צוויי ברידערלעך פּעטליוראָוועצעס, איז אַ סך יידן אין בערשאַד געוואָרן שווער אויפן האַרצן. וואָלט כאָטש דער רעוואָלוציאָנערער טריבו־נאַל באַשטאַנען פון גאָלע קריסטן, וואָלט הייסט עס, ניט אויסגעמאַכט. „זאָלן זיי זיך איינער דעם אַנדערן אָראָפּנעמען די קעפּ, יידן טאָרן זיך ניט מישן״. אַזוי האָבן געטענהט די יידן פון עלטערן דור.

און די געמשפּטע צווי ברידערלעך פּעטליוראָווצעס זיינען געווען גאָר געפערלעכע באַנדיטן. זיי האָבן גערויבט און געמאָרדעט ניט נאָר יידן, נאָר אויך פּויערים. נידעריקע דוקא, אָבער ברייט־פּלייציקע, מיט אכזריות־דיקע גרויע אויגן...

:: :: ::

מען איז געשטאַנען קאָפּ אויף קאָפּ. ס׳ערשטע מאָל אין דער געשיכטע פון בערשאַד, אַז יידן זיצן און משפּטן קריסטן.

גרשון געדיינקט בלויז צוויי חברה פון רעוואָלוציאָנערן טריבונאַל. איינער אַ יקותיאל, ער איז געווען אַ קריגס־געפאַנגענער אין דייטשלאַנד, אַ האַרציקער בחור, מיט סאַמעט שוואַרצע אויגן. ער איז געווען דער סעק־רעטאַר פון טריבונאַל. דער צווייטער, אַבראַשאַ, אַ סטודענט פון יוריספּרו־דענץ אין כאַרקאָווער אוניווערזיטעט, אַ יונגערמאַן אין ברילן, שטענדיק אַ פּאַרטראַכטער, אַן ערנסטער, איז געווען דער פּאָרזיצער פון טריבונאַל...

און דורך די אָפענע פענצטער זעט זיך דער בלויער טייך, די גרינע שלאַנקע טאָפּאָלן, און די שניי־ווייסע שטאָלצע שוואַנען מיט זייערע לאַנגע גראַציעז אָנגעבויגענע העלדזער... און די פרילינג־זון איז געווען אויסגע־לייגט אויף דעם רויטן טוך, וואָס איז געווען איבערגעצויגן איבער טיש, און דער עולם קוקט, און שטוינט. איז דאָס בלויז אַ שפּיל, אָדער ס׳איז טאַקע אויפן רעכטן אמת? און אַז דער רעוואָלוציאָנערער טריבונאַל וועט אַרויסטראָגן אַן אורטייל „שולדיק״, וועט מען זיי טאַקע דערשיסן?

זיי שטייען איצט, ביידע ברידערלעך פאַר די יידישע ריכטער, נעבעכ־דיקע, דערשלאָגענע, און די מוטער זייערע, אַ פאַרהאָרעוועטע פויערטע אין אַ שוואַרצן קלייד, אין אַ שוואַרצער שאַל, שטעלט זיך אויף די קני און וויל קושן די פיס פון די ריכטער, אָבער דער מיליציאָנער, אויך אַ יידישער בחור, לאָזט זי ניט און פירט זי אַרויס. זי וויינט:

— אַזוינע טייערע זינדלעך, אַזוינע טייערע זינדלעך...

גרשון גייט אויך אַרויס, ער וויל עפּעס ניט אָפּלאָזן די דאָזיקע מאַ־מע פון אויג. אים אינטערעסירט אַ סך שטאַרקער די דאָזיקע מאַמע ווי צו זיין אינעווייניק און זיך צוקוקן צום פּראָצעס. (ער האָט אַוודאי דעמאָלט ניט געוואוסט, אַז ס׳וועט אים באַשערט זיין שפּעטער מיט יאָרן צו זיין אָפּט אין די געריכטן און זיך צוקוקן צו אַזוינע מאַמעס, וואָס זייערע קינ־דער ווערן געמשפּט פאַר פאַרברעכנס.) די מאַמע זעצט זיך אַנידער אויפן גראָז אונטער אַ בוים, פאַרמאַכט די אויגן און שאָקלט זיך אַהין און אַהער.

אין אַ ווײַלע שפּעטער, נעמט זי אַרויס פון איר טאָרבעלע אַ שוואַרץ שטיק ברויט, אויך נעמט זי אַרויס פון טאָרבע אַ שמאַטקעלע מיט זאַלץ, רײַסט זי שטיקער ברויט, טונקט אין זאַלץ, צלמט זיך פריער פרום איבער, און הויבט אָן צו קײַען. מיט אַפּעטיט קײַט זי, אָבער מיט זייער טרויעריקע אויגן. וואונדערט זיך גרשון, ווי אַזוי קאָן זי איצט עסן, ווען אירע קינ־דערס לעבן שטייט אין קאָן... אַזוי אומפאַרשטענדלעך פאַר אים אַ מענטש און זײַנע האַנדלונגען... און כדי צו ווערן אַ שרײַבער דאַרף מען גוט פאַרשטיין דעם מענטשן, און ער פאַרשטייט נאָך אַזוי ווייניק...

אינעווייניק זײַנען מענטשן געזעסן זייער שטיל און געשפּאַנט. די צוויי ברידערלעך־באַנדיטן זײַנען געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אָן דער וואַנט און זײַנען געווען בלאַס, און זייערע אויגן זײַנען געווען וואַסערדיק. אין צווייטן צימער האָט דער רעוואָלוציאָנערער טריבונאַל איצט געהאַלטן אין באַשליסן זייער גורל...

און אָט יאָוועט זיך אַרויס דער רעוואָלוציאָנערער טריבונאַל. דער דאָזיקער יקותיאל, וואָס איז געווען דער סעקרעטאַר, קומט אַרויס דער ערשטער און ער איז אַזוי בלאַס, און זײַנע אויגן אויך וואַסערדיק, ווי ער אַליין וואָלט גאָר געווען דער פאַרמשפּטער. ער האָט דאָס געמאָלדן דעם אורטייל. און דער אורטייל איז געווען — טויט... (שפּעטער האָט מען דערציילט, אַז אין דער היים, האָט דעם דאָזיקן יקותיאלן אַ כאַפּ געטאָן דער בויך מיט שרעקלעכע ווייטיקן, און מען האָט געמוזט אָנגליען אין אויוון שטיינער און לייגן אים צום בויך...)

מען האָט געדאַרפט לויט דעם אורטייל דערשיסן די צוויי ברידערלעך פאַרנאַכט, ווען די זון וועט זיך זעצן. און גאַנץ בערשאַד, אויף די גאַסן און אין די הײַזער, האָט ווי פאַרהאַלטן דעם אָטעם, ווען ס'איז געוואָרן פאַר־נאַכט און די זון האָט זיך אָנגעהויבן צו זעצן. און געזעצט האָט זיך די זון יענעם פאַרנאַכט אין טײַכן רויטן גאָלד... גאַנץ בערשאַד האָט זיך צו־געהערט צו יורעוויטשעס פּאַרק... און טאַקע דערהערט די שאָסן... און ס'איז אַלעמען געווען שווער אויפן האַרצן... טאַקע באַנדיטן, אָבער דאָך אַ שאָד צוויי יונגע לעבנס...

ווי ס'האָט זיך אָבער שפּעטער אַרויסגעוויזן זײַנען די שאָסן אָפּגע־פייערט געוואָרן אין דער לופטן. דער קאָמיסאַר פון דער מיליציע, אַן אוק־ראַינער, איז געווען אַ פאַרבאַהאַלטענער פּעטליוראָוועץ...

די צוויי ברידערלעך זײַנען געבליבן לעבן, זיך באַהאַלטן אין אַ דאָרף, און שפּעטער האָבן זיי זיך געלאָזן הערן מיט אַ סך מאָרדן און רויבע־רייען...

# יידן, זאָרגט זיך ניט!

מ׳האָט אָנגעהויבן הערן פון גאַנצע דערפער, אָנגעפּירט פון פּעטליורי־שע אַגיטאַטאָרס, וואָס האָבן זיך אויפגעהויבן און געגאַנגען אין די שטעט־לעך מאַכן פּאָגראָמען.

איינמאָל אַ בייטאָג, איז פון אָבאָדיווקע, אַ שטעטל נאָענט דערביי, גע־קומען צולויפן קיין בערשאַד אַ ייד, און אויסגעקוקט, ווי ער וואָלט זיך ערשט אַרויסגעכאַפּט פון אַ קבר. ער האָט זיך טאַקע ערשט אַרויסגעכאַפּט פון אַ קבר. פון אונטער אַ הויפן הרוגים האָט ער זיך אַרויסגעכאַפּט. בלויז זכרים, האָט ער דערציילט, האָבן זיי געהרגעט.

אויפן צווייטן טאָג, פאַרנאַכט־צו, איז אָנגעלאָפן אַ ייד פון טראָסטיאַ־נעץ, אויך ער האָט זיך אַרויסגעכאַפּט פון אונטער אַ הויפן הרוגים, און דאָרטן אויך — בלויז זכרים, און דערביי, האָט דער אוטשיטעל (לערער) געשפּילט אויף דער פּיאַנאָ: „עך טי יאַבלאָטשקאָ".

דער זעלביקער אוטשיטעל, וועמען דאָבראָוועוּסקי האָט געהאָלפן אַראָפּ־וואַרפן די העטמאַנישע מאַכט אין בערשאַד.

מען איז געלאָפן פון בערשאַד, ווער ס׳האָט נאָר געקאָנט. אָבער ניט יעדער איינער האָט געקאָנט, אַ חוץ די גבירים. זיי זיינען געלאָפן קיין אָדעס. קיין רויטער־אַרמייער זיינען ניט געווען אין שטאָט. זיי האָבן זיך בלויז קאָנצענטרירט אין די גרעסערע שטעט. אַ גרופּע יידישע חברה מיט ביקסן און גראַנאַטן, אָנגעפירט פון ראובן דעם שערער, האָבן זיך צעלייגט אין אַ שלאַכט־פּאָזיציע אונטער דער שטאָט לעבן בית עולם, אָבער אַז די דערפער זיינען געגאַנגען פון אַלע זייטן, פון אַרום און אַרום, האָבן זיי לאַנג די פּאָזיציע ניט געהאַלטן, און זיך אָפּגעטראָגן קיין האָלעפּאָליע.

גרשונס טאַטע מיט די צוויי ברידער, נחום און שמאי, זיינען גראַד ניט געווען דעמאָלט אין שטאָט. זיי זיינען געווען אין פּעטאַשנער וואַלד, און די מאַמע האָט געטריבן גרשונען פון הויז, ער זאָל לויפן ערגעץ אין אַ סעקרעט זיך באַהאַלטן. פאַר איר אייגן לעבן האָט זי זיך ניט געשראָקן. אַ חוץ דעם, זאָגט מען דאָך, אַז מען הרגעט בלויז זכרים.

אינדערפרי איז דאָס געווען. אַ כמורנער אינדערפרי. די גאַסן אויס־געשטאָרבן, גאַנץ בערשאַד איז געלעגן באַהאַלטן אין די סעקרעטן, וואָס מען האָט נאָך אויסגעבויט אין צייט פון דער מלחמה, פאַר די, וואָס האָבן ניט געוואָלט גיין זיך שלאָגן פאַרן צאַר. ביי אברהמען, דעם שטריקל־דרייער, האָט געוואוינט גרשונס חבר, בנימטשיק גוטיאַנסקי מיט זיין מאַ־

מען, העניע, און דאָרט איז געווען אַ גוטער סעקרעט. דער זעלביקער בנימטשיק גוטיאַנסקי, וואָס האָט געקאָנט זייער שיין שפּילן אויפן פידל, און וואָס איז דערנאָכדעם געוואָרן אַ שיינער שרייבער פון קינדער־לידער אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. ס'זיינען זיך צונויפגעלאָפן צו אברהמען דעם שטריקל־דרייער אַ סך שכנים. מען איז נאָך אין סעקרעט ניט געגאַנגען. מען האָט געוואַרט, אפשר איז דאָס בלויז אַ פאַלשער סלוך (קלאַנג).

מען האָט געשמועסט, אַז מען דאַרף עמיצן אַרויסשיקן צו דער אָבטשי־נע (געמיינדע) זיך דערוויסן, צי ס'איז טאַקע אמת. גרשון האָט זיך אונ־טערגענומען. דערנאָכדעם האָט אים באַנג געטאָן. שפּאַנען איבער אַן אויס־געשטאָרבענער שטאָט — דאָס אַליין וואַרפט שוין אָן אַ גרויסע שרעק. טירן פאַרהאַקט, לאָדנס פאַרקלאַפּט, אַזוי הויז נאָך הויז. די אָבשטשינע איז גראַדע געווען אָפן, די טירן און פענצטער צעפּראַלט, דאָס אַליין האָט אויך אָנגעוואָרפן אַ שרעק, מחמת ס'איז אַ סימן, אַז קיינער איז דאָרטן ניטאָ. ס'איז טאַקע קיינער דאָרטן ניט געווען. אַלץ געלאָזט אויף הפקר.

גרשון איז געלאָפן צוריק. לעבן דאָקטאָר ווײַנשטיינס רויטן מויער, אויף דער קלויסטער־גאַס, האָבן אים די פיס אָפּגענומען... אַרויף־צו לעבן קלויסטער — אַ וואַלד פון פויערים מיט קאָסעס און גראַבליעס און אַ גרויסער רעש האָט זיך געטראָגן פון דאָרטן...

ווי אַזוי גרשון האָט דערראַטשקעוועט צוריק צום סעקרעט, געדענקט ער שוין ניט. און ער האָט שוין דאָרטן ניט געדאַרפט זאָגן, אַז די פּאָ־גראָמשטשיקעס זיינען שוין דאָ אין שטאָט. מען האָט דערקענט אויף זיין פנים...

גלייך האָט מען געעפנט דאָס טירל פון סעקרעט, וואָס איז געווען אין קיך. דאָס טירל האָט זיך געעפנט צו אַ לייטער. דער לייטער האָט געפירט צו אַ קעלער. אַלע מענער זיינען אַראָפּגעגאַנגען, אויך יונגע מיידלעך. העניע, בנימטשיק גוטיאַנסקיס מאַמע, האָט דאָרטן אויבן פאַרמאַכט דאָס טירל און אַרויפגעלייגט אַ רעדנע אויף דעם, — און ס'איז אויסגעקומען אַקוראַט ווי ס'וואָלט ניט געווען קיין טירל אונטער דער רעדנע.

און אין סעקרעט האָט אַ קעראָסין לעמפּל געברענט און קוים באַלויכטן די בלינדע פינצטערניש. מען האָט זיך אויסגעזעצט אויף דער פייכטער, ליימיקער ערד, און גרשון האָט צוגעהאַלטן דעם בויך. אַ סך האָבן זיך צוגעהאַלטן די בייכער, מחמת די געדערים אינעווייניק האָבן זיך געוואָלט אָפּרייסן...

גרשון האָט געאָטעמט זייער שנעל, ווי ער וואָלט געווען אין גרויסער

היץ... אַלע האָבן געאָטעמט זייער שנעל... באַלד האָט דאָס לעמפּל שוין ניט געקאָנט ברענען און ס׳האָט זיך פאַרלאָשן, ניט מחמת דעם, וואָס עס האָט ניט געהאַט גענוג קעראָסין, נאָר ווייל די מענטשן האָבן פאַרנוצט די לופט אין קעלער... גרשון איז צוגעפאַלן מיטן פּנים צו דער פייכטער ערד... אַ סך זיינען צוגעפאַלן מיט די פּנימער צו דער פייכטער ערד און אין די שלייפן האָבן האַמערס געקלאַפּט, און די נאָז האָט געוואָלט פּלאַצן...

בנימטשיק גוטיאַנסקיס מאַמע, העניע מיט די ליכטיקע בלויע אויגן און שטענדיקן פרומען שמייכל אַרום אירע ליפּן — זי האָט פאַרשטאַנען אין איר גוטסקייט און אין איר קלוגשאַפט, אַז די מענטשן אונטן, קוים וואָס זיי אָטעמען, האָט זי ביי יעדער געלעגנהייט, ווי נאָר זי האָט געזען, אַז מען מעג, אויפגעעפנט דאָס טירל פון סעקרעט אויף אַ קורצער ווייל, ס׳זאָל אַריין פרישע לופט, און אַליין אַריינגעשריען מיט איר גוט קול:

— זאָרגט זיך ניט יידן, מיר האָבן אַ גרויסן גאָט אויף דער וועלט, ס׳וועט באַלד קומען די ישועה.

און דאָס ביסעלע פרישע לופט, וואָס האָט אַריינגעדרונגען, און איר גוט קול האָט געגעבן מוט און כוח...

שפּעטער אָבער, איז דאָס בלוט ביי יעדן איינעם פאַרגליווערט געוואָרן. מען האָט דערהערט אין סעקרעט אַ סך קולות פון דרויסן, בייזע קולות. בלוט דורשטיקע קולות, און צווישן אַלע קולות, אַ יידיש קול. „אַ־ו־י !" — האָט דאָס יידישע קול געשריגן מיט די לעצטע כוחות.

מען האָט זיך שפּעטער דערוואוסט, אַז דאָס איז געווען אַן האַליפּאַ־לער יידישער בחור. אַ חתן פון דבורהן, איצי מאַניעס טאָכטער. דער חתן האָט געהערט, אַז אין בערשאַד קלייבט זיך אַ פּאָגראָם איז ער געקומען ראַטעווען זיין כלה...

ווען ס׳איז געוואָרן שטיל, האָט העניע געעפנט דאָס טירל פון קעלער, אַריינגעלאָזט פרישע לופט, ניט דערציילט וועגן דעם, אַז די פּאָגראָמשטשי־קעס האָבן ערשט דערהרגעט דבורהס חתן, נאָר אַריינגעשריען:

— זאָרגט זיך ניט, יידן, מיר האָבן אַ גרויסן גאָט אויף דער וועלט, ס׳וועט באַלד קומען די ישועה...

גרשונען איז אַרויף אויפן געדאַנק, טאַקע זיצנדיק אין סעקרעט, אַן אגדה, וואָס ער האָט אַמאָל געלייענט, אַז ווען די יידן האָבן געבויט די פּי־תום און רעמסס אין מצרים, און די אויפזעער האָבן זיי געשלאָגן מיט רי־טער, און די יידן האָבן ניט געקאָנט אויסהאַלטן און געוואָלט שטאַרבן, זיינען געקומען צו זיי זייערע פרויען און זיי געטרייסט: „זאָרגט זיך ניט. מיר

האָבן אַ גרויסן גאָט אויף דער וועלט. ס'וועט באַלד קומען די ישועה"...

די ישועה איז געקומען פּאַרנאַכט. די פּאָגראָמשטשיקעס האָבן זיך אומגעקערט אין זייערע דערפער... אַכט און דרייסיק קרבנות, האָט מען זיך דערוואוסט. ס'וואָלט חס־וחלילה געווען אַ סך מערער, ווייל מען האָט אַ סך יידן פאַרטריבן אין דער הויכער שול און געוואָלט זי אויפרייסן צוזאַמען מיט אַלע נפשות, האָבן אָבער גוטע פּויערים אָפּגעבעטן.

דעם צווייטן אינדערפרי איז גרשון געגאַנגען זען די הרוגים, וואָס זיינען געלעגן אין באָד. צווישן זיי — דער גוטער פעלדשער קראַנקער מיט זיינע צוויי זין. . .

שפּעטער מיט יאָרן ווען גרשון איז געוואָרן אַ שרייבער, האָט ער עפּעס קיינמאָל ניט געקאָנט באַשרייבן דעם פּאָגראָם. אים פּשוט פאַרגעסן. אומיסנע פאַרגעסן, אים אַרויסגעריסן פון זיין זכרון. געבליבן איז אָבער גוט אין זכרון, אָט די העניע, בנימטשיק גוטיאַנסקיס מאַמע, ווי זי האָט אַלעמאָל אַריינגעשריען אין קעלער: „זאָרגט זיך ניט יידן, מיר האָבן אַ גרויסן גאָט אויף דער וועלט, ס'וועט באַלד קומען די ישועה. . .

## גרשון וויניצקי

איז דאָס געווען אַ זומער אין בערשאַד... באַנדעס און באַנדעס און נאָכאַמאָל באַנדעס... און זיי האָבן שוין ניט געהרגעט. דאָס האָט שוין גרשון וויניצקי געזען מען זאָל מער ניט הרגענען.

ווער איז געווען גרשון וויניצקי? אַ ייד אַ באַלעבאָס, גראָד ניט פון די גאָר פאַרמעגלעכע. ביז די באַנדעס האָט ער זיך גאָרניט אָנגעזען, כאָטש ער איז געווען אַ מיטגליד פון דער אָבשטשינע (געמיינדע, קהילה). אַ ייד אַ מיטלוואוקסיקער, מיט גבורהדיקע פּלייצעס, מיט אַ רויטלעכער גענעראַלסקער באָרד, מיט קלוגע און זייער וואַכזאַמע ברוינע אויגן, מיט זייער אַ ליכטיקן און וואויל־געפעלענעם שמייכל, און מיט אַ פעסטן זיכערן געשטעלט אין גאַנג.

ווען ס'איז אַריין אַ באַנדע אין שטאָט האָט מען נאָר געדאַרפט זען שפּאַנען איבער דער אויסגעשטאָרבענער גאַס גרשון וויניצקי מיט זיין שטעקן, מיט זיין פעסטן און זיכערן גאַנג און מיט זיין גענעראַלסקער רויט־

לעכער באַרד, און מען האָט שוין געוואוסט, אַז די שטאָט איז געראַטעוועט און ס׳וועט זיך אויסלאָזן נאָר צו געלט.

און אַז די באַנדיטן האָבן דערזען, ווי ס׳שפּאַנט זיך אַ ייד אייניקער אַליין איבער אַ פּוסטער גאַס, אַזוי זיכער און רואיק, האָבן זיי ניט פאַר־שטאַנען, וואָס דאָ קומט פאָר. און אַז ער האָט אַ שמייכל געטאָן צו זיי מיט זיין וואויל־געפּעלעגעם שמייכל און אַ זאָג געטאָן צו זיי גאַנץ גע־לאַסן: „פירט מיך צו אייער אַטאַמאַן, איך דאַרף מיט אים זייער וויכטיקס ריידן" — האָבן זיי אים געפירט.

און ס׳האָט זיך קיינמאָל ניט געמאַכט, אַז דער בלוט־דורשטיקער אַטאַמאַן, וואָס האָט אין אַנדערע שטעטלעך געקוילעט יידן אָן רחמנות, זאָל אים אַוועקלייגן, איידער נאָך ער עפּנט ס׳מויל.

גרשון וויניצקי האָט צוגענומען ביי אים די רציחה מיט זיין פּער־זענלעכקייט פון גרויסער מאָראַלישער קראַפט. און שטענדיק איז דאָס אויסגעפאַלן בלויז טאַקע צו געלט.

מען האָט גרשון וויניצקין געפרעגט צי ער האָט עס טאַקע ניט קיין מורא, האָט ער געענטפערט, אַז ניין. ווייל שטייט דען ניט געשריבן אין די הייליקע ספרים, אַז „שליחי מצוה אינם ניזוקין"? — דאָס הייסט, אַז די וואָס ווערן געשיקט מיט אַ מצווה ווערן ניט געשעדיקט.

יאָ, ס׳האָט זיך אויסגעלאָזט בלויז צו קאָנטריבוציע. מען איז געגאַנ־גען פון סעקרעט צו סעקרעט, געזאַמלט פון די פאַרמעגלעכע יידן געלט און די באַנדע האָט זיך אין עטלעכע שעה שפּעטער אָפּגעטראָגן פון שטאָט...

דאָס איז געווען אי גוט, אי שלעכט. גוט איז דאָס געווען, וואָס מען האָט אויסגעקויפט די לעבנס. שלעכט איז דאָס געווען, וואָס באַנדעס פון ווייטערע געגנטן האָבן געהערט, אַז בערשאַד איז אַ גוטע שטאָט, גיט געלט, האָבן זיי זיך אויך געלאָזט אַהער. מיט אַ וואָך שפּעטער איז געקו־מען אַ צווייטע באַנדע, און נאָך מיט אַ וואָך שפּעטער אַ דריטע באַנדע. זיי האָבן גאָרניט אויפגעהערט צו קומען . . .

און דאָ איז נאָך צוגעקומען אַ נייע קללה אין שטאָט — די אויסדאַכטע־ניש. אַלע טאָג כמעט, האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז אַ באַנדע קומט, איז פּלוצ־לונג אינמיטן דערינען, ווי די גאַנצע שטאָט לויפט... אָנגעהויבן האָט זיך דאָס שטענדיק כמעט פון דער מאַרק־גאַס. האָט מען דערזען, אַז אין מאַרק־גאַס לויפט מען, האָט מען שוין אָנגעהויבן צו לויפן איבער אַלע גאַסן...

און אין דער מאַרק־גאַס האָט איין ייד געקוקט אויפן אַנדערן. גייט דער אַנדערער רואיק און פּאַוואָליע, איז מען אויך געגאַנגען רואיק און

פּאַוואַליע, איילט זיך אָבער דער אַנדערער, איילט זיך שוין אויך יענער. דערזעט אַ דריטער, אַז צוויי יידן איילן זיך, איילט זיך שוין אויך יענער. און אַזוי אַ פערטער, אַ פינפטער, אַ זעקסטער, און באַלד די גאַנצע מאַרק־גאַס לויפט שוין...

אין די בערשאַדער יידן, וואָס אין די פריערדיקע יאָרן האָבן קיינמאָל ניט דערלאָזט צו קיין פּאָגראָם אין שטאָט, און וואָס האָבן קיינמאָל ניט געלאָזט זייערס איבערגיין אין קריגערייען מיט די פויערים אויף די יאַ־רידים, האָבן איצט שוין געלאָזט זייערס איבערגיין. און דערפאַר האָבן אַלע אַזוי געזידלט גרשונס טאַטע, וואָס האָט איצט אויך ניט געלאָזט זיינס איבערגיין. ס׳איז געקומען צו אים זייער אַ הויכער פויער, פיאָטער האָט ער געהייסן, געקויפט ביי רעב מאירן אַ דעמבענעם קלאָץ, און ווען ס׳איז געקומען צו באַצאָלן, האָט ער געזאָגט, אַז ער האָט שוין באַצאָלט. האָט אים רעב מאיר ניט געלאָזט נעמען דעם קלאָץ, האָט יענער געמאַכט אַ פויסט און געוואָלט אים דערלאַנגען, איז אָבער רעב מאיר געווען פליג־קער, און יענעם דערלאַנגט דער ערשטער. אין דער נאָז אַריין אים דער־לאַנגט, און גלייך האָט אָנגעהויבן גיסן דאָס בלוט, און פיאָטער האָט זיך צעשריען מיט קולי קולות:

— געוואַ־וואַ־וו־ד, ר־אַטוי־טי... — (געוואַלד, ראַטעוועט).

דאָס איז שוין געווען געװנוג אַז יידן זאָלן אָנהויבן צו לויפן. מען איז געלאָפן אויף דער טאַרהאָוויצע, מען איז געלאָפן אויף דער מאַרק־גאַס, מען איז געלאָפן אויף אַנדערע גאַסן. פויערים זיינען אויך געלאָפן. ס׳איז דעמאָלט געווען אַ יאַריד־טאָג.

פאַרנאַכט, ווען רעב מאיר איז געקומען אין קלויז אַריין דאַווענען מנחה, האָט מען אים אַזש געוואָלט אַרויסטרייבן.

— וואָס הייסט אַ ייד אין אַזוינע טרעוואָזשנע צייטן, צעבלוטיקט אַ גוי? האָט ער ניט געוואָלט באַצאָלן פאַרן קלאָץ, איז וואָס־זשע?!

און אַזאַ לויפן האָט גרשון זייער פיינט געהאַט. ס׳פלעגן אים אָפּנע־מען די פיס. ניט איינמאָל האָט ער זיך געמוזט אַנידערזעצן אויף דער ערד, בשעת אַלע אַרום אים זיינען געלאָפן. בשעת לויפן איז טאַקע גרשונס שוועגערין, גיטל, שמאיס פרוי, געגאַנגען פון דער וועלט. ס׳האָט זיך איר אָפּגעריסן דאָס הארץ סאַמע אינמיטן דער לויפעריי...

דערפאַר אָבער איז אין די נעכט געווען פריילעך. אַ גאַנצע שטאָט זיצט אויף די גאַניקעס און פריזבעס, אויף קלעצער. מען האָט מורא אַרייג־צוגיין אין די הייזער זיך לייגן שלאָפן, טאָמער קומט אָן חס־וחלילה אַ באַנ־

דע. זיצט מען אינדרויסן און מען היט די נאַכט... אָרעמע בעלי־בתים, רייכע בעלי־בתים, אַלע זיינען אויסגעמישט, און מען שמועסט צווישן זיך מיט פריינטשאַפט און מיט ברודערלעכקייט. ווען וואָלט יורקע דער וואַסערטרעגער געזעסן צוזאַמען מיט הערשל איטשע ריוועס, אַ פאַרמעג־לעכער באַלעבאָס אויף איין גאַנעק, און געשמועסט ווי אַ גלייכער צו אַ גלייכן ? . . . ווי האָט פוליע שפּעטער מיט יאָרן אין אַמעריקע געשריבן צו גרשונען אין אַ בריוו: „ס׳בענקט זיך מיר גראַדע נאָך אַזוינע נעכט, ווען מען האָט מורא געהאַט פאַר באַנדעס". דאָס האָט ער געמיינט מיט דעם די חברשאַפט און ברידערלעכקייט צווישן אַלע קלאַסן יידן, דאָס האָט ער אויך געמיינט זשעניע שאַראַפאַן. בלויז אין אַזוינע נעכט איז ער גע־זעסן מיט איר אויף איין גאַניק און געשמועסט מיט איר, ווי אַ גלייכער. דאָס האָט ער אויך געמיינט דעם „אָבכאָד" (פאַטרול). פון זיצן אינדרויסן גאַנצע נעכט איז די שטאָט אַרומגעגאַנגען דעם צווייטן טאָג ניט אויסגע־שלאָפן, האָט מען געמאַכט אַן „אָבכאָד" פון דער יוגנט אויף יעדער גאַס, דאָס הייסט די יוגנט זאָל אַרומגיין אַ גאַנצע נאַכט און היטן, ווער די שטאָט קאָנען שלאָפן ביינאַכט, און טאָמער עפּעס, זאָל מען אָנהויבן צו קלאַפּן מיט די שטעקנס אין די טירן.

פוליע איז געווען דער עלסטער פון „אָבכאָד" אויף דער טאַרהאָוויצע. מען איז אומגעגאַנגען מיט לאַנגע שטעקנס און געלאַכט. גרשון האָט נאָך קיינמאָל אין זיין לעבן אַזוי פיל ניט געלאַכט, ווי אויף די „אָבכאָדן". אַלע האָבן נאָך קיינמאָל אַזוי ניט געלאַכט. מען האָט זיך דערציילט וויצן אין דער פינצטער. מען האָט זיך נאָכגעקרומט מענטשן, און ס׳האָט זיך געוואָלט לאַכן און לאַכן. און אַז מען האָט אויפגעהערט לאַכן, איז געקומען די שרעק. מען האָט זיך געשראָקן; ווען הינט אין פאַרשטאָט האָבן פּלוצ־לונג אָנגעהויבן שטאַרק צו בילן, האָט מען זיך געשראָקן; ערגעץ אין דער פינצטער האָט זיך דערהערט דאָס סקריפּן פון אַ פאַרבייפאָרנדיקן וואָגן, האָט מען זיך געשראָקן. פוליע האָט שוין געזוכט מען זאָל לאַכן. ווער דען נאָך, ווי ער האָט געקאָנט אַזוי שיין דערציילן וויצן, אָדער זיך נאָכקרומען מענטשן ?

און פונדעסטוועגן אינמיטן געלעכטער האָט גרשונען אַ שלאָג געטאָן אין האַרצן און ער האָט זיך אַליין געפרעגט אין זיין געדאַנק:

— וואו וועל איך זיין איבעראַיאָר אין דער צייט ? וועל איך נאָך זיין צווישן די לעבעדיקע ?

# די איין-און-איינציקע פּאָר הויזן

און איצטער דאַרף מען דערציילן די מעשה מיט די הויזן. אַזוינע הויזן האָט גרשון נאָך אויף זיין לעבן ניט געטראָגן. דער שטאָף איז גאָר געווען אַן אַנטיק. דער שטאָף איז געווען פון אַזאַ סחורה, פון וועלכער עסטרייכישע אָפיצערן נייען זיך מונדירן. שרה, גרשונס מאַמע, האָט אָפּגעקויפט דעם דאָזיקן שטאָף ביי אַן עסטרייכישן סאָלדאַט. יענער האָט דאָס מסתמא געגנבעט ביי זיין אָפיציר, מחמת ער האָט דאָס פאַרקויפט שרהן זייער ביליק.

דער שטאָף איז געווען פון אַ כאַקי קאָליר, ווי די מיליטער־לייט טראָגן, אַ וואָלענע סחורה זייער גוט אויסגעאַרבעט, און ווייך ווי פליישׁ. דער שטאָף איז געלעגן באַהאַלטן ביי שרהן אונטערן איבערבעט, ביז די עסטרייכער זיינען אַוועק פון בערשאַד. דערנאָכדעם האָט זי דאָס געגעבן יואלן דעם שניידער, און ער האָט אויפגענייט פון דעם גרשונען אַ פּאָר הויזן. אַז זיי האָבן אַזש אַראָפּגעזונגען פון אים... געטראָגן האָט ער די דאָזיקע אָפיצערסקע פּאָר הויזן בלויז אום שבת און אין ימים טובים, ביז די אַלטע פלידערן האָבן זיך ריכטיק אָפּגעטראָגן, און ער האָט שוין געמוזט טראָגן די טייערע הויזן יעדן טאָג.

און דאָ קומט אַריין די מעשה מיט דער באַנדע. אייגנטלעך איז דאָס ניט געווען קיין באַנדע נאָר אַ רעגולערע מיליטערישע פּעטליורישע אָפּטיילונג. איידער נאָך זיי זיינען אַריין קיין בערשאַד, איז שוין דער העלדישער גרשון וויניצקי מיט זיין שטעקן, מיט זיין רויטלעכער גענעראַלסקי באָרד, און מיט נאָך צוויי מיטגלידער פון דער קהילה אַוועק צום עלסטן, וואָס איז איינגעשטאַנען מיט זיין שטאַב אין נאָענטן דאָרף, די פליאַרינע, און אים צוגעזאָגט אַ גרויסע סומע קאָנטריבוציע. האָט דער עלטסטער אַרויסגעגעבן אַ באַפעל צו זיינע סאָלדאַטן, אַז זיי טאָרן ניט הרגענען און ניט ראַבעווען אין די הייזער. איז טאַקע זיי ניט געווען געפעלן, די פּעטליורישע סאָלדאַטן. אָבער באַלד האָבן זיי געפונען אַ שטיקל עצה. אמת טאַקע מען טאָר ניט הרגענען קיין יידן און ראַבעווען אין די הייזער, אָבער אויף דער גאַס מעג מען דאָך... אָבער וואָס מען קאָן ראַבעווען אויף דער גאַס, איז בלויז די קליידער, וואָס דער מענטש טראָגט אויף זיך. און גלייך האָט זיך אָנגעהויבן אַן עפּידעמיע פון אָפּשטעלן יידן אינמיטן דער גאַס, און זיי הייסן במחילה זיך אויסטאָן ביז די אונטערוועש. און אַז מען האָט ניט געוואָלט האָט מען געשלאָגן, און אַז דאָס האָט אויך ניט געהאָלפן, האָט

מען געשאָסן, ווייל ס׳האָט געהייסן זיך קעגנשטעלן דער מאַכט.

אויף דער טאָרהאָוויצע האָט מען אויך איינעם אינמיטן העלן טאָג אָפּ־געשטעלט און אים אויסגעטאָן ביז אין די אונטערוועש. דאָס איז געווען אידל שוואַרצבאָרד, אַ בחור אַ פּראַנט, אין שיינע שטיוועלעך, אין פיינע גאַ־ליפע הויזן, און אין אַ טייערער שוואַרצער טוזשורקע. ער האָט אַוודאי זיך ניט געלאָזט, אָבער נאָך אַ פּאָר רציחהדיקע קלעפּ איז ער בעסער געוואָרן. ער האָט נעבעך זיך געמוזט לאָזן לויפן אין גאַלאָפּ צוריק אַהיים אין די אונ־טערוועש פּאַר אַ גאַנצער גאַס מיט פרויען אין די אויגן. און כאָטשבי ס׳איז געווען טרויעריק האָט מען געלאַכט... פרויען האָבן זיי ניט געטשע־פּעט, דאָס הייסט עלטערע פרויען, יונגע האָבן זיך וואָס ווייניקער געוואָרפן אין די אויגן. עלטערע יידן האָבן זיי אויך אָפּגעשטעלט. זייערע קאַפּאָטעס האָבן זיי צורו געלאָזט, דערפאַר האָבן זיי זיך געקוואַפּעט אויף זייערע שטיוול... האָט מען זיך שוין געהיט אַרויסצוגיין אויף דער גאַס...

און גרשון, וואָס האָט פאַרמאָגט איין און איינציקע פּאָר הויזן, האָט אַוודאי ניט געטאָרט אַרויסשטעקן זיין נאָז אינדרויסן. ס׳איז אָבער שווער געווען אויסצוהאַלטן. ס׳האָט זייער שטאַרק געצויגן. אין דער זייטיקער וויליצע דאָרטן ביי זיין חבר פּוליען אין הויז איז שטענדיק געווען פריילעך. אַ פריילעכע שטוב. סיי זיין טאַטע, סיי זיינע ברידער און שוועסטער און סיי זיין מאַמע האָבן שטענדיק איינער דעם אַנדערן אַריבערגעשטיגן אין זאָגן אַזוינע זאַגעכצן, וואָס מען זאָל לאַכן... בייטאָג און ביינאַכט רק מען האָט דאָרטן געלאַכט. שכנים האָבן ליב געהאַט צו קומען אַהין.

דאַרף מען, הייסט דאָס, זיך אַריבערכאַפּן די גאַס, און גרשון קאָן דאָך שנעל לויפן, האָט ער פריער אַ קוק געטאָן דורך די פענצטער פון זייער גאַניק, ווי האַלט דאָס מיט דער טאָרהאָוויצע. איז אויף דער טאָרהאָוויצע געווען שטיל, קיין באַנדיטן האָט מען ניט געזען, אַנטקעגן ביי הערשל איטע ריוועס אויפן גאַניק זיינען געזעסן שכינות, עלטערע פרויען, געשטריקט זאָקן און געשמועסט צווישן זיך...

איצטער, האָט גרשון געטראַכט, איז די גוטע מינוט... געטראַכט און גע־טאָן. די איינציקע באַוואָרעניש, וואָס ער האָט זיך באַוואָרנט איז — איבער־געלאָזט זיינע שטיוול אין הויז, און זיך אַ באַרוועסער שנעל אַרויסגעיאָגט פון הויז... צו זיין שלים מזל אָבער, האָבן זיך פּונקט דעמאָלט, אַ באַוויז געטאָן פון אַ זייטיק געסל צוויי, טאַקע פון יענע חברה, די אויסטוער. אָפּ־געריסענע אָפּגעשליסענע, אָבער מיט זייער גוטע ביקסן. איינער אַ נידע־ריקער, און דער צווייטער אַ הויכער. ווייל זיך שוין אונדזער בחור לאָזן

צוריק זיך אַרייַנכאַפּן אין הויז, ערשט זיי שטרעקן אויס צו אים זייערע ביקסן און שרייען דראָענדיק:

— שטיי!!

שטייט ער. אַ ברירה האָט ער? שטייט אין געהאַקטע וואונדן און כאַפּט אָרום מיטן אויג די גאַנצע טאַרהאָוויצע: אויפן גאַניק האָבן די פרויען מיט גרויס פּחד אויף זייערע פּנימער אויפגעהערט צו שטריקן; אין פענצטער פון קוני שאַמעסעס הויז זעען זיך צוויי פּנימער פון צוויי מיידלעך, וואָס נעכאַי וואָלטן זיי זיך איצט ניט געזען. דאָס זיינען געווען זשעניאַ שאַראַפּאַן און איר חברטע רושקע שאַמעס, מיט דערשראָקענער נייגעריקייט געקוקט אין פענצטער צו זען, וואָס ס'וועט דאָ זיין מיט די צוויי פּעטליוראַוּוצעס און מיט גרשונען.

— טו אויס די הויזן, — רופט זיך אָן דער נידעריקער באַנדיט זייער שנעל, און ווייזט אים זיין ביקס.

— יאָ, יאָ, טו אויס די הויזן — זאָגט נאָך דער הויכער און ווייזט אויך זיין ביקס.

און גרשון פילט איצט פונקט ווי ער האָט געפילט בשעת ער האָט זיך געטרונקען אַלס קינד אין חרם־טייך. שטענדיק אַזוי זיין גאַנץ לעבן אין אַ פּאַניק, ווי ער טרינקט זיך: ניטאָ קיין באָדן אונטער די פיס, די נאָז וויל פּלאַצן, און ער קאָן ניט כאַפּן דעם אָטעם... אָבער אויסטאָן די הויזן וויל ער ניט... די איינציקע פּאָר הויזן אין זיין לעבן...

— טו אויס די הויזן! — זאָגט נאָך אַמאָל דער נידעריקער און פאַר־שמעלערט גזל'ניש זיינע אייגעלעך.

— יאָ, יאָ, טו אויס די הויזן, — רופט זיך אָן דער הויכער אַביסעלע מילדער, — ס'איז ניט קיין שפּאַס.

— ניע כאַטשו (כ'וויל ניט) — מאַכט גרשון און קוקט דעם נידעריקן גלייך אין די אויגן, מסתמא מיט טויט שרעק, און מסתמא אויך מיט די זעל־ביקע קידוש־השם פּאַנאַטישע פייערלעך, ווי ביי זיינע אבות, וואָס זיינען געווען גרייט זיך לאָזן וואַרפן אין פייער, איידער זיך שמדן.

— איך צייל ביז דריי, — רופט זיך אָן דער נידעריקער, און שטרעקט אויס די ביקס אַנטקעגן גרשונס האַרץ...

— משוגענער, — שרייען היסטעריש די עלטערע פרויען פון הערשל איטע ריוועס גאַניק אַנטקעגן, — טו אויס די הויזן!

— איינס, — מאַכט דער נידעריקער און פאַרשמעלערט איין אויג, ווי אויף צו צילעווען זיך.

ס׳קאָן זיין, ווען פרויען זיצן ניט אַנטקעגן, און ווען ער ווייסט ניט, אַז אין פענצטער פון קוני שאַמעסעס הויז קוקן ניט די צוויי שיינע גימנאַ־זיסטקעס רושקע שאַמעס און זשעניע שאַראַפאַן, און דער עיקר וואָס זיינע גאַטיעס זיינען במחילה צעריסן, וואָלט ער אפשר אויסגעטאָן די הויזן...

— צוויי, — מאַכט דער נידעריקער און אַטעמט זייער שנעל.

— מ־ש־ו־ג־ע־נ־ע־ר, — געוואָלדעווען די פרויען אויפן גאַניק, — טו אויס די הויזן.

— דריי, — טוט אַ הוקע דער נידעריקער.

:: :: ::

אַזוי פיל יאָרן פאַרביי פון יענער רגע, און גרשון גלויבט זיך אַליין ניט צי ס׳איז טאַקע ווירקלעך אַזוי געשען. אָבער זיין חבר פוליע געדיינקט גראַדע זייער גוט, ווייל די גאַנצע טאַרהאָוויצע האָט באַכדעם גערעדט וועגן דעם פאַל, און זיך דערציילט מיט אַלע פיטשעווקעס, ווי אַזוי און וואָס. „אַ משוגענער״ האָבן אַלע געזאָגט...

און געראַטעוועט האָט גרשונען דאָס לעבן, דער הויכער פעטליוראָוועץ. אין דער לעצטער סעקונדע, ווען יענער האָט שוין געוואָלט אויסשיסן, האָט דער הויכער אים אַ צי געטאָן ביי דער האַנט און אַ זאָג געטאָן מיט שפּאָס:

— קום, זעסט ניט, אַז ס׳איז אַ משוגענער?...

און זיי זיינען אַוועקגעגאַנגען...

## זאַבאָלאָטנים באַנדע

וואָס בערשאַד האָט אַזוי געציטערט, איז פאַר זאַבאָלאָטנים באַנדע... וועגן זאַבאָלאָטניס מעשים אין די יידישע שטעטלעך האָבן זיך די האָר געשטעלט קאַפּויר... זיין באַנדע איז געווען גאַלע אויף פערד, אַ הונדערט אָדער הונדערט און צוואַנציק שטיק, גאַלע קוילערס...

און פּלוצלונג, איינמאָל אַ פאַרנאַכט — מען לויפט. מען לויפט פון דער מאַרק גאַס, מען לויפט פון די שולן און קלויזן... וואָס? ווען? — זאַ־באָלאָטני...

בלויז עפּעס אַ פינף מינוט האָט גענומען — און בערשאַד איז אַן אויסגעשטאָרבענע שטאָט. אַלע אין די סעקרעטן, אָבער פאַרשטייט זיך ניט גרשון וויניצקי און אַ פּאָר אַנדערע מיטגלידער פון דער קהילה. זיי

האָבן זיך געלאָזט צום שרעקלעכן זאַבאַלאָטני פּאַרהאַנדלען וועגן אַ פּדיון. (אויסלייז געלט.)

און דאָ פאַלט צו די נאַכט. אַ בלינדע נאַכט עפּעס אַזאַ, ניט קיין לבנה, ניט קיין שטערן, ווי די לבנה און די שטערן וואָלטן זיך אויך דער־שראָקן פאַר זאַבאַלאָטנין...

גרשונס טאַטע האָט קיינמאָל ניט געוואָלט לויפן זיך באַהאַלטן אין אַ סעקרעט. ס'איז אים פּשוט ניט אָנגעשטאַנען. ער, אַ ייד, וועגן וועמען ס'גייען אום לעגענדעס וועגן פּאָגראָם אין בערשאַד פון 1905, ווי ער האָט געשפּאָלטן כוליגאַנישע קעפּ, זאָל גאָר זיך לויפן באַהאַלטן אין אַ סעקרעט? אי, — האָט מען מיט אים געטענהט, — אַז אַמאָל אַ פּאָגראָם איז געווען אַ שפּילכל אין פאַרגלייך מיט איצט. אין 1905 זיינען פּאָגראָמשטשיקעס גע־גאַנגען מיט העק, מיט שטיקער אייזן, מיט שטעקנס, איצט גייען זיי מיט ביקסן, מיט רעוואָלווערן, מיט גראַנאַטן, מיט פּולעמיאָטן, און ס'העלפט שוין ניט, אַז מען איז אַ גיבור, — אָבער ס'איז געוועז אַרויסגעוואָרפן. רעב מאיר וועט ניט לויפן אין קיין קעלער און ניט אויף קיין בוידעם. ער וועט ניט לויפן אין ערגעץ...

און ער איז טאַקע ניט געלאָפן אין ערגעץ, נאָר גענומען די שאַרפע האַק זיינע, זיך פאַרשלאָסן אין הויז, און אויב מען וועט זיך אַריינרייסן, האָט ער געזאָגט, וועט ער האַקן קעפּ מיט דער האַק... אָבער ס'איז אים קיינמאָל ניט אויסגעקומען צו האַקן קעפּ מיט דער האַק; מחמת ס'האָט זיך קיינמאָל ניט געמאַכט, אַז באַנדיטן זאָלן זיך אַריינרייסן אין הויז. ניט וואָס זיי האָבן מורא געהאַט, נאָר ווייל אויב יאָ זיך אַריינרייסן אין אַנ־דערע הייזער, איז אין די רייכערע.

דאָס מאָל האָט זיך גרשון מיט זיין מאַמען באַהאַלטן אין סעקרעט ביי הערשל דעם טויבן. דאָס איז געווען אַ „קעלער אין אַ קעלער" מיט אַ פאַלשער וואַנט. מען האָט בלויז אַרויסגענומען אַ פּאָר שטיקער האָלץ פון דער פאַלשער וואַנט, פון ערשטן קעלער אַריינגעקראָכן אין צווייטן קעלער, צוריק אַריינגעשטעלט די פּאָר שטיקער האָלץ און די פאַלשע וואַנט — באַגלייך מיט גאָרניט.

אָבער גרשון האָט קיינמאָל ניט געקאָנט איינליגן רואיק אין אַ סע־קרעט. ס'האָט אים געטראָגן זיך אַרויסכאַפּן, אויסשפּירן, אויסשמעקן, זיך דערוויסן, וואָס ס'טוט זיך אין שטאָט, און אין אַנדערע סעקרעטן.

און אויבן איז די נאַכט געווען נאָך פינצטערער, ווי אונטן אין סע־קרעט. די הינט אַרויס דער שטאָט האָבן זיך גאָרניט געקאָנט באַרואיקן;

זיי האָבן גלייך דערשמעקט, אַז עפּעס איז ניט גוט אין בערשאַד, אַז אין דער דאָזיקער מאָדנער פּאַרטאַיעטער שטילקייט לויערט אַ גרויסער אומגליק, און זיי האָבן גאָרניט אויפגעהערט צו וואַיען און בילן...

ממש אויפן בויך איז גרשון אין דער בלינדער פינצטערניש געקראָכן איבער דער גאַס. געקראָכן צו קוני שאַמעסעס הויז אַנטקעגן... אַ טויטע הויז — קוני שאַמעסעס הויז, טויט ווי אַלע הייזער איצט אין בערשאַד. אָבער גרשון האָט גוט געוואוסט, אַז דאָרטן זיינען איצט דאָ אַ סך מענטשען, און אַלע מיט זייערע אָפענע און פיינלעכע אויערן הערן זיך צו צו דער שרעקנדיקער שטילקייט...

— יידן, ס׳איז איך, גרשון, — האָט ער אַריינגעפּליסטערט דורך דער טיר.

אַ שלעכט געבויטער סעקרעט געווען ביי קוני שאַמעס. צום סעקרעט איז מען געקראָכן פון בוידעם, דורך אַ פאַלש טירל. אַז מען האָט פאַרמאַכט דאָס טירל האָט מען ניט געקאָנט אָטעמען. דעריבער איז דאָס טירל געווען אָפן, און נאָר ווען מען האָט געהערט, אַז עמיצער קומט, האָט מען דאָס פאַרמאַכט. שטענדיק האָט זיך געפונען עמיצער ביי דער טיר, וואָס לעבן גאַניק און זיך צוגעהערט, און אויב אַ סכנה האָט מען שוין גלייך געלאָזט וויסן. דאָס מאָל איז ביי דער טיר געווען פוליע, און געזאָגט גרשונען, ווען ער האָט אים אַריינגעלאָזט, אַז זשעניאַ איז אויך דאָ.

און כאָטשבי גרשונס האַרץ איז שוין אינגאַנצן געווען געפאַנגען פון מרימען, דעם שוסטערס מיידל פון כאַשטשעוואַטע, פונדעסטוועגן האָט דאָס האַרץ אַ ציטער געטאָן... און די מענטשן אין קוני שאַמעסעס סעקרעט האָבן זיך זייער דערפרייט מיט גרשונען. זאָל ער זיי זאָגן, וואָס ס׳הערט זיך אין שטאָט? און צי ס׳איז שטיל איבער די גאַסן, און צי מען הערט ניט קיין קולות פון געפייניקטע? אויב מען הערט ניט, איז אַ גוטער סימן.

און זשעניאַ, — זי קלעפּט זיך לעבן גרשונען. זי האָט אים אָנגערירט אין דער באַק אין דער פינצטער, און ער וואונדערט זיך, וואָס ס׳איז ביי איר אַזוינע קאַלטע פינגער, אָבער דערפאַר איז איר קול הייס.

— גאָספּאָדין איינבינדער — מאַכט זי צו אים מיט גרויס געבעט — אָטשיען, אָטשיען, וואָס פּראָשו... (זייער און זייער בעט איך אייך.)

וואָס בעט זי אים זייער און זייער? זי בעט אים, אַז גרשון זאָל זיך אַריבערכאַפּן צו זייער הויז, וואָס אויף דער עק פון דער טאַרהאָוויצע, און געוואוירע ווערן, וואָס ס׳טוט זיך דאָרטן אין הויז. איר טאַטע איז

קראַנק אויף דער שפּאַנישער אינפלוענצע, האָט ער ניט געקאָנט לויפן זיך באַהאַלטן. און די מאַמע אירע איז אויך געבליבן לעבן אים...

פוליע האָט זיך אויך געלאָזט מיט גרשונען. צוויי ריצאַרס (ריטערס) אַרויס צו דער בלינדער שרעק אינדרויסן... און אויף דעם עק פון דער טאַרהאַוויצע לעבן זאַכאַרס הויז, האָט דער הונט גאַרניט אויפגעהערט צו האַווקען, און ניט אומזיסט האָט ער אַזוי געהאַווקעט, ווייל דאָרטן איז געשטאַנען אַ פּאַטרול פון זאַבאַלאָטניס באַנדע...

אויף די בייכער זיינען אונדזערע צוויי ריצאַרס געקראָכן, און זייערע הערצער זיינען ניט איינמאָל געשטאָרבן... און כאָטשבי די בלינדע פינצ־טערקייט האָט זיי איינגאַנצן פאַרדעקט, האָט זיך זיי אָבער אויסגעוויזן אין זייער שרעק, אַז זיי זיינען אינגאַנצן אָפּגעדעקט, און דער פּאַטרול זעט זיי זייער גוט, קוקט אויף זיי און שווייגט. שווייגט אוממיסטנע, כדי, אַז זיי וועלן צוקריכן נעענטער, וועט ער זיי מאַכן די זאַך...

און אַז זיי זיינען ביידע ענדלעך דערקראָכן צו יאָסל שאַראַפּאַנס הויז, האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ס׳האָט גענומען אַזוי לאַנג, אַז אָט אָטאָ וועט באַלד ווערן פאַרטאָג. זיי האָבן געמיינט, אַז דאָס קריכן האָט ביי זיי גענומען אפשר אַן אַכט שעה, און אַז זיי האָבן אָפּגענומען אַ גרוס פון זשעניאַס מאַמע, אַז אַלץ איז דערווייל בשלום, און זיי האָבן זיך געדאַרפט לאָזן צוריק, איז אויסגעקומען, אַז מען דאַרף איצט דורכמאַכן אַזאַ ריזיקע שטרעקע— אפשר צענדליקער און צענדליקער ווערסט, כאָטשבי קוני שאַמעסעס הויז איז געווען בלויז מיט עטלעכע הייזער ווייטער.

— כטאָ טאַם?! — האָט דער באַנדיטישער פּאַטרול אויסגעשריען, דערשפּירנדיק מסתמא, אַז עפּעס איז ניט גלאַט אין דער בלינדער פינצ־טערניש — כטאָ טאַם?! (ווער איז דאָס).

אָט וועלן גרשון און פוליע אים ענטפערן אויף זיין „כטאָ טאַם“. און ווען זיי וואָלטן אַפילו געוואָלט, — וואָלטן זיי דען געקאָנט?... זיי זיינען דעמאָלט געשטאָרבן...

:: :: ::

און פאַר זיין העלדישן ריטערשן טאַט האָט גרשון געכאַפּט אַ קוש פון זשעניאַן, און אַ הייסן קוש. פוליע — אויך. און דער דאָזיקער הייסער קוש האָט גרשונען אודאי געוואַלדיק געפרייט. ס׳איז עפּעס געווען אַ ענט־פער אויף אַלע יאָרן און יאָרן גאַרענישן נאָך איר. ס׳איז אויך געווען, ווי זי וואָלט אים געגעבן אַ מעדאַל פאַר זיין בראַווקייט. אַזוי שטאַרק און מעכ־

טיק האָט ער זיך דערפילט נאָך דעם דאָזיקן קוש, אַז ער האָט אָפּגעמאַכט, בלי שום תירוץ, אין אַ פּאָר טעג אַרום, אַז ס'וועט ווערן שטיל, אַזוי לאָזט ער זיך קיין כאַשטשעוואַטע...

גראַדע זשעניאַס הייסער קוש האָט אַרויסגערופן ביי אים אַזאַ גע־וואַלדיקע בענקשאַפט נאָך מרימען מיט די פּלוימיקע אויגן, און מיט דעם וואוילן שוועסטערלעכן קול...

# מרים

מרימען האָט גרשון שוין ניט געזען אַרום אַנדערהאַלבן יאָר, — און ווער ווייסט צי זי געדענקט אים גאָר? און אפשר האָט זי שוין אַ חתן? און אפשר וואוינט זי שוין ניט מער אין כאַשטשעוואַטע? ער האָט זיך מיט איר ניט דורכגעשריבן, אין זיין געדאַנק האָט ער איר גראַדע געשריבן לאַנגע און זייער שיינע בריוו, אָבער אַז ס'איז געקומען צו דער פּען, איז אַרויסגעקומען ניט דאָס...

און אין כאַשטשעוואַטע איז ער אָנגעקומען פּונקט דעמאָלט, ווען מען איז געלאָפן. אַ פאַרנאַכט איז דאָס געווען. ער גייט פון וואָקזאַל מיט זיין רענצל צו זיין קרוב גדליה לייוועגטמאַן, און דאָ לויפן יידן. אַ באַנדע, זאָגט מען, קומט אין שטעטל. ס'האָט זיך אָבער גיך אַרויסגעוויזן, אַז ס'איז אַ פאַלשער קלאַנג...

און ביים קרוב גדליה לייוועגטמאַן האָט אַ גאַנצע נאַכט גרשון זיך געוואָרפן אויפן האַרטן געלעגער, אויסגעבעטט אויפן שליאַבאַן (שלאָף־באַנק). אַ גאַנצע נאַכט האָבן אַ סך הינט געהאַווקעט אין שטאָט, און אַ סך ציגן האָבן געמעקעט, און ס'איז אויסגעקומען אין האַלבן שלאָף, ווי אַ אַ פּאַניק ערב אַ פּאָגראָם...

פאַרטאָג, ווען די פענצטערלעך ביי זיין קרוב אין הויז זיינען געוואָרן מיט גאָלד, האָבן די טירן פון די הייזער אין כאַשטשעוואַטע זיך צעסקריפּעט, און יידן האָבן זיך געאיילט. מיט סאָפּעס אויף די פּלייצעס האָבן זיי זיך געאיילט. אַזאַ זאַך האָט גרשון קיינמאָל אין זיין לעבן נאָך ניט געזען. פּויערים זאָלן אין די זומער־פאַרטאָגן זיך איילן צו די פעלדער מיט סאָפּעס אויף די פּלייצעס, איז געווען אַ נאַטירלעכע זאַך. אָבער יידן גאָר?...

אַ גרויסער אוראַזשאַי (גערעטעניש) אויף בוריקעס איז געווען אויף

די כאַשטשעוואַטער פעלדער. מען האָט גוט באַצאָלט, און כמעט דאָס גאַנצע שטעטל, יונג און אַלט, מענער און פרויען מיט די סאַפּעס אויף די פּלייצעס אין דעם גאָלדענעם פאַרטאָג...

און אויף די פעלדער האָבן די כאַשטשעוואַטער אידן אויך אויסגע־קוקט ווי פּויערים: באָרוועסע, אָן היטלען, אין קליידער געמאַכט פון זעק, פאַרברוינטע פון דער זון, איז מען געגאַנגען צווישן די שורות געוויקסן מיט די פעטע קאַריטשנעווע בלעטער און אַרויסגעהאַקט מיט די שאַרפע סאַפּעס אַלץ וואָס ס׳וואַקסט איבעריק אַרום דעם בוריק, כדי די וואָרצלען פון בוריק זאָלן קאָנען אומגעשטערט זויגן די זאַפטן פון דער ערד אַרום זיך און וואַקסן גראָבן.

גרשון, אויך אַ באָרוועסער, אָן אַ היטל, אָבער נאָך ניט קיין זון־פאַר־ברוינטער האָט געסאַפּעט בוריקעס און דערוויל געזוכט מיט די אויגן מרימען צווישן די מיידלעך, אויך באָרוועסע, אין קליידלעך פון זעק, מיט קאָלירטע פאַטשיילעס, די עקן פאַרבונדן פון אונטן אויפן קאָפּ, ווי די פויערטעס... די בוריקעס־פעלדער האָבן זיך געצויגן אויף מיילן, און אומעטום, וואוהין דאָס אויג האָט געקאָנט דערגרייכן האָט מען געזען מחנות יידן ביי דער אַרבעט.

אפשר איז מרים ערגעץ ווייט דאָרטן צווישן די מחנות?

:: :: ::

און פאַרנאַכט צו, ווען אויף דעם כאַשטשעוואַטער הימל אין מערב איז געוואָרן אַ גרויסע צעשיינונג און אַ צערויטלונג, און וואָלקנס האָבן זיך צעשמאָלצן אין גאָלדענע טייכן, זיינען יידן געגאַנגען מיט די סאַפּעס אַהיים און געזונגען:

גרויסער גאָט, מיר זינגען לידער,
אונדזער הילף ביזטו אַליין,
נעמט צונויף די סנאַפּעס ברידער,
ביז די זון וועט אונטערגיין . . .

און גרשון האָט דעמאָלט געטראַכט: וואָס וואָלט געאַרט דער גע־שיכטע, אַז יידן זאָלן אויך זיין אַ פויערים־פאָלק אויף אַן אייגן לאַנד, זיך אומקערן פאַרנאַכט פון די פעלדער, זינגען לידער פון ערד און אַר־בעט, לאַכן אין די פאַרנאַכטן און ניט מורא האָבן פאַר קיין פאָגראָמען?

און דאָ דערוויל אין יעדער שיינער כאַשטשעוואַטער מיידל מיט דער

סאָפּע אויפֿן שטויביקן שליאַך צווישן די פּעלדער אויפֿן וועג אַהיים, זוכט גרשון מרימען. און אויפֿן שטויביקן שליאַך צווישן די פעלדער זעט גרשון אַ סך שיינע כאַשטשעוואַטער מיידלעך וואָס פאַרמאָגן פּונקט אַזוינע פלאַ־קערנדיקע פלוימיקע אויגן ווי ביי מרימען; און אויפֿן שטויביקן שליאַך צווישן די פעלדער, זעט גרשון אַ סך שיינע כאַשטשעוואַטער מיידלעך מיט כוואַליענדיקע סאַמעט־שוואַרצע האָר ווי ביי מרימען. אָבער אין יעדן שיין מיידל זעט ער ניט מרימס באַזונדערקייט, דעם שוועסטערשן וואַרעמען שמייכל, די טרויעריקע שפּיציכיקע פייערלעך אין די אויגן, דער באַזונדע־רער גאַנג אירער, וואָס איז ווי פון אַ רייף־געוואָרן מיידל, וואָס שעמט זיך מיט איר רייפקייט און ס׳דאַכט זיך איר אויס, אַז אַלע קוקן אויף איר.

גרשון גייט אַראָפּ פון שליאַך, שטעלט זיך אַנידער אָן אַ זייט, לאָזט דורך דעם עולם, און זוכט צווישן די מיידלעך מרימען. און אָט שפּאַנט אַ מיידל, אין אַ קליידל פון זאַק איז זי אָנגעטאָן, אירע פיס באָרוועסע און שטויביקע, אויף איר קאָפּ אַ קאָלירטע פאַטשיילע, די שפּיצן פאַרבונדן פון אונטן, און אין אירע אויגן די באַזונדערע פייערלעך, און איר גאַנג, ווי ס׳דאַכט זיך איר אויס, אַז אַלע קוקן אויף איר. זאָל דאָס זיין מרים? ס׳גייט איר נאָך אַ בחור פון אַ יאָר צוועלף, אויך מיט אַ סאָפּע אויף די פּלייצעס. אויב ער איז אַ שטומער איז אַ סימן, אַז דאָס איז טאַקע מרים. יאָ, ער איז אַ שטומער, ווייל ער גיט אַ רייד צו איר מיט זיינע פינגער.

— מרים!!

און מרים שטעלט זיך אָפּ, און אירע פלוימיקע אויגן לייכטן אויף מיט פייערלעך פון דערקענונג, און אירע באַקן צערויטלען זיך מיט גרוי־סע שטיקער וואַרעמקייט, און אויך מיט גרויסע שטיקער שעמעוודיקייט. זי איז זייער שעמעוודיק, וואָס ער האָט זי געטראָפן אין אַ קליידל פון זאַק, אַ באָרוועסע, אַ שטויביקע. גרשונען איז אויך ניט באַקוועם, וואָס ער איז אַ באָרוועסער, מיט פאַרקאַשערטע הויזן. דאָס שטומע ברודערל לויפט גיך, גיך מיט זיינע פייערדיקע ברוינע אייגעלעך איבער גרשונען, און מען זעט, אַז דער לעצטער געפעלט אים גאָרניט ניט... און גרשון גיט איר אַ גאַנץ בינטל מיט קאָלירטע פעלד־בלימעלעך, וואָס ער האָט אָנגעריסן נאָך עט פריער צווישן אַ פעלד מיט זאַנגען. גיבן אַ לויכט אויף אירע אויגן מיט פריידיקן דערשרעק. דאָס מיינט דאָך כמעט, ווי ער וואָלט איר געזאָגט: „איך האָב דיך ליב"...

(און ווען גרשון אין די שפּעטערדיקע יאָרן, אין די איינזאַמע בחורשע יאָרן, האָט זיך פאַרגעשטעלט זיין כלה, האָט ער אַנדערש זי ניט געקאָנט

פּאַרשטעלן זיך, ווי אַ באַרוועסע, אין אַ קלייד פון זאַק, און זי שמעקט מיט אַלע גוטע ריחות פון אַ זומערדיקן פעלד...)

:: :: ::

און שפּעטער איז גרשון געווען ביי מרימען אין שטוב. דער דיל אַן ערדענער, דער טיש אַן אויסגעריבענער, אַן אויסגעקראַצטער, די ביינקלעך אַן ווענטלעך, „טאַבורעטקעס" האָט מען זי גערופן. די סטעליע אַ נידעריקע, דאָס בעט פון אומגעהובלטע ברעטער. די צוויי פענצטערלעך קליינינקע, אָבער וואָס פאַר אַ ריינקייט דאָרטן. די ערד מיט געלדענע זאַמד באַשאָטן, די צוויי קליינע פענצטערלעך מיט סיטצענע קאָלירטע פאַרהיינגלעך, און מיט בלומען־טעפּ. די פּאָליצעס אויך מיט סיטצענע קאָלירטע פאַרהיינגלעך, די קאָלדרע אויפן בעט פון הונדערטער קליינינקע שטיקעלעך. איר טאַטע איז מיט עטלעכע חדשים צוריק געשטאָרבן פון טיפוס. איר מאַמע איז שוין לאַנג ניט געווען אויף דער וועלט.

:: :: ::

און נאָך שפּעטער, ווען דאָס שטומע ברודערל איז איינגעשלאָפן, איז גרשון געזעסן מיט מרימען אין דרויסן אויף דער פריזבע. און דאָס שטעטל כאַשטשעוואַטע האָט אויסגעקוקט אַזאַ פּאַרלוירנס, מיט די נידעריקע הייזער, וואָס האָבן זיך ווי געטוליעט איינער צום אַנדערן אין דער פינצטער און אין דער שטילקייט... און פון אויבן, אַ הויכער, אַ ווייטער הימל מיט מילי־מיליאָנען פינקלדיקע שטערן...

און אירע האָר האָבן געשמעקט מיט די גוטע ריחות פון אַ זומער־פעלד, און איר מויל מיט די גוטע ריחות פון פּאַזשימקעס (סטראָבעריס)...

## גרשונס נייע פּרנסה

דאָס סאָפּן בוריקעס אויף די כאַשטשעוואַטער פעלדער האָט זיך אויס־געלאָזט... איידער גרשון איז אָפּגעפאָרן צוריק קיין בערשאַד, אין אַ קילער סאָמעט גרינער נאַכט מיט מיליאָנען שאַרף פינקלדיקע שטערנדלעך אויפן כאַשטשעוואַטער הימל, האָבן ער און מרים אויף דער פריזבע לעבן איר שטוב זיך געשוואוירן אייביקע ליבע, און פאַרזיגלט האָט מען די שבועה מיט אַ הייסן קוש, וואָס דער טעם האָט זיך ניט אויסגעוועפּט אַפילו איצט, ווען גרשון איז שוין אין די מיטעלע יאָרן...

ער וועט פאַר איר חתונה האָבן. אַי, מיט וואָס? — אַז זיין גאַנצער פאַרמעגן איז דאָס, וואָס ער טראָגט אויף זיך... ער מוז אָנהויבן פאַרדינען געלט. איז ווי אַזוי? ווערן אַ מעשאָטשניק — דאָס הייסט פאָרן קיין אָדעס מיט אַ פּאָר פּוד מעל אין אַ זאַק, אָדער מיט אַ פּוד צוקער, וואָס איז דאָרטן מיט גאָלד צוגלייך, קויפן דאָרטן לעדער אָדער מאַנופאַקטור, וואָס איז אין בערשאַד אויך מיט גאָלד צוגלייך. האָט ער דאָך שוין איינמאָל געפּרואווט זיין מזל און ס׳איז ניט געגאַנגען. בלייבט נאָר — מיט דער מי פון זיינע הענט און מיטן שווייס פון זיין שטערן. אָבער מיט דער מי פון זיינע הענט און מיטן שווייס פון זיין שטערן נעמט אַ סך צייט ביז מען קלייבט אָן אַ שטיקל קאַפּיטאַל. וועט ער זיך נעמען אַ משל פון יעקב אבינו אין חומש. יעקב אבינו האָט געמעגט אָפּוואַרטן פערצן יאָר צוליב רחלען?

און די איינציקע אַרבעט מיט דער מי פון די הענט און מיטן שווייס פון שטערן, וואָס גרשון האָט געקאָנט איז געווען זעגן און האַקן האָלץ. פון זיין קינדהייט אָן, האָט ער אָפּט געדאַרפט העלפן זיין טאַטן זעגן קלעצער און זיי צעהאַקן אויף פּאָלינעס (שטיקלעך). איז אָבער די מעשה, וואָס פון זינט בערשאַד איז בערשאַד, האָט מען ניט געזען קיין יידישע האָלצהאַקערס. דאָס הייסט, פאַר אייגענעם געברויך, האָט אַ ייד יאָ אָנגעהאַקט פאַר זיך אַביסל האָלץ,אָבער גאָר גיין זיך פאַרדינגען צו יענעם? מקדמונים אָן, אַז פּויערים זעגן און האַקן האָלץ ביי יידן אין בערשאַד...

איז טאַקע די גאַנצע גאַס געלאָפן קוקן, ווי גרשון, פּוליע און בנימטשיק, מיט פאַרקאַשערטע הויזן, אָן די היטלען טוען די מלאכה פון האָלץ־האַקן ביי בערקען פון דראַטש... און געקומען זיינען יידן קוקן מיט פאַרטיקן חוזק. מען האָט ניט געגלויבט, אַז יידישע האָלץ־העקער וועלן טאָן אַזוי גוט די מלאכה, ווי ניט־יידישע. איז שוין אויסגעקומען פאַר גרשונען מיט זיינע חברים, ווי אָפּגעבן עקזאַמען...

און כאָטשבי די דריי יידישע האָלץ־העקערס האָבן זיך באַזונדערס געסטאַרעט, און געטאָן אַזוי גוט די מלאכה, ווי די ניט־יידישע, זיינען געפלויגן שפּאָטישע באַמערקונגען פון אַלע זייטן, ווי למשל: „סאָפּן, סאָפּן זיי ווי אמתע האָלץ־העקערס״; „היי, האַק ניט די ערד, האַק דאָס האָלץ״. (ס׳האָט אַמאָל געטראָפן, וואָס די האַק איז פאַרקראָכן אין דער ערד און ניט אין האָלץ אַריין), און נאָך, און נאָך...

הערשל איטע־ריוועס האָט חוזק געמאַכט, וואָס גרשון ביי יעדן זעץ מיט דער האַק איבערן קלעצל מאַכט: „עך״. ביי אים איז אויסגעקומען,

אַז דער „עד״ איז צוליב באַרימען זיך. גיי דערקלער אים, אַז דאָס מאַכן „עד״ איז כּדי זיך געבן אַליין קוראַזש, אַז דעם וואָלט דער ראַזמאַך ניט גע־ווען אַזאַ שטאַרקער, באַזונדערס נאָך ווען מען האָט אָנגעטראָפן אַן אַדער־דיקן קלאַץ, האָט מען אַוודאי געדאַרפט מאַכן „עד״...

פון דער צווייטער זייט אָבער איז גראַדע געווען ניט שלעכט, וואָס אַן עולם צושויער האָט זיך שטענדיק צונויפגענומען, ווען נאָר די דאָזיקע דריי יגיע־כפּומניקעס האָבן זיך גענומען ערגעץ אויף אַ גאַס צו האַקן אַ פּורל האָלץ ביי עמיצן אַ באַלעבאָס. כּמעט יעדער איינער פון עולם האָט געמיינט, אַז ער קאָן בעסער, און האָט זיך געבעטן געבן די האַק צו ווייזן, ווי ער קאָן בעסער. גרשון מיט זיינע חברים האָבן דערווייל געקאָנט אָפּכאַפּן דעם אָטעם...

עמיצער האָט נאָר געדאַרפט אָנהויבן — און ס׳איז שוין געגאַנגען אַ גאַנג. אַז גרשון מיט בנימטשיקן און פוליען שעמען זיך ניט — און זיי זיינען געלערנטע בחורים, — טאָ וואָס דאַרפן זיך אַנדערע שעמען? זיינען גיך אויסגעוואָקסן נאָך אַרטעלן יידישע האָלץ־העקערס, און ס׳איז געוואָרן אַ נאַטירלעכע דערשיינונג.

גרשונס אַרטעל האָט אָפּגעגליקט, און איז באַזאָרגט געוואָרן מיט אַר־בעט אויף לאַנגע וואָכן ביי דער עלעקטרישער סטאַנציע. די עלעקטרישע סטאַנציע האָט געדאַרפט כּמעט אַלע טאָג האָלץ־העקער. און דאָרטן איז נאָך געווען אַ זעג, וואָס איז געגאַנגען מיטן כּוח פון אַ מאָטאָר.

און דעם טייערן טעם פון שבת קודש, דעם יום מנוחה ושמחה, דעם טאָג פון אָפּרו און פרייד, האָט גרשון נאָך קיינמאָל אַזוי ריכטיק גוט ניט געפילט, ווי אין יענעם זומער. ס׳איז געווען אַ מחיה צו זיצן אום שבת אויף די קלעצער פאַרן טאַטנס הויז אין דער זון, מיט אָפּגעלאָזטע הענט, זיך אויפלייזן אין רו, און טראַכטן גוטע און ליכטיקע געדאַנקען...

די מאַמע האָט אים אַביסל פאַרביטערט דאָס לעבן:

— צוליב דעם — האָט זי געטענהט מיט ערגערניש — האָבן מיר זיך געריסן די הויט אויף זיך, געקאַרגט און געשפּאָרט, דיר אָנגעדונגען די בעסטע מלמדים, דיך געשיקט אין ישיבות, כּדי דו זאָלסט ווערן אַ האָלץ־העקער?!

דער חלום, אַז איר מיזיניקל זאָל אויסוואַקסן אַ צדיק, אָדער כאָטש אַ רב, איז שוין פון לאַנג אויסגערונען. אָבער דערפאַר האָט זי כאָטש דער־וואַרטעט, אַז מיט זיין גוט קאָנען לערנען וועט ער כאָטש זיך דערשלאָגן צו אַ לייטישער פּרנסה...

און אַז דער גרויסער תנא ר׳ יוחנן איז געווען אַ שוסטער, און אַז אַ צווייטער גרויסער תנא, ר׳ יהודה, איז געווען אַ שמיד, איז ביי איר ניט געווען קיין תירוץ.

— ווער פריער, מיין זון, — האָט זי געזאָגט — אַזאַ גרויסער תנא ווי ר׳ יוחנן, אָדער ווי ר׳ יהודה, וועט מיר שוין אָנשטיין זאָלסט זיין אַ האָלץ־העקער...

גיי דערצייל איר, אַז פונקט ווי יעקב אבינו האָט געפּאַשעט פּערצן יאָר שאָף פאַר דער מוטער רחלען אין די גרעסטע היצן און אין די שטאַרקסטע קעלטן, אַזוי וועט איצט גרשון... און אַזוי ווייטער און ווייטער... ער האָט זיך עפּעס געשעמט איינגאַנצן צו דערציילן זיין מאַמען, אַז ער איז פאַר־ליבט אין אַ מיידל פון כאַשטשעוואַטע, וואָס הייסט מרים... ביי איר וואָלט אויסגעקומען אַזוי מאָדנע, אַזש אויף חוזק...

דער טאַטע האָט גאָרניט געזאָגט. פאַרקערט, ס׳איז אים דאָכט זיך געווען ניחא, וואָס זיין גרשון איז ניט קיין לאַדאַשטשי (פּויליאַק)... ווען ער דער טאַטע, שעמט זיך ניט, וואָלט ער אַליין געגאַנגען זיך פאַרדינגען ביי עפּעס אַ באַלעבאָס האַקן אַ פורל־האָלץ... די פּרנסה איז ניט געווען גאָר אַמבעסטן, און דערפאַר טאַקע האָט גרשון קיין סך געלט ניט געקאָנט שפּאָרן. געמוזט געבן דער מאַמען זי זאָל קויפן עסנוואַרג אין מאַרק. און עסן האָט זיך גרשונען געוואָלט, אָבער טאַקע גאָר אויפן גרויסן אופן. ער האָט זייער געגאַרט נאָך אַ שטיקל פלייש...

און דאָ דערווייל האָט זיך אָנגעהויבן די סדרה דעניקין. ער האָט שוין אָפּגענומען ביי די באָלשעוויקעס כאַרקאָוו, דערנאָכדעם קיעוו, און זיך געריסן אויף אָדעס. און פון קיעוו ביז אָדעס האָט ער געהאַט איינצונע־מען אַ סך אייזנבאַן־סטאַנציעס. די מערסטע שלאַכטן זיינען אָנגעגאַנגען אַרום אייזנבאַן־סטאַנציעס. פון די אייזנבאַן־סטאַנציעס האָבן זיך דער־ווייל די דעניקינצעס אַריינגעכאַפּט אין די קליינע שטעטלעך און געמאַכט פּאָגראָמען. כאַשטשעוואַטע און בערשאַד זיינען אויך געלעגן אויף דעם וועג קיין אָדעס. „באַ גד״ האָבן יידן פון איין שטעטל צום צווייטן געלאָזט וויסן פאַרשטעלט. און „באַ״ מיינט דאָך אין לשון קודש: „ער קומט״ און „גד״ האָט געמיינט אין ראשי תיבות, (איניציאַלן) „ג״ פאַר „גענעראַל״, און „ד״ פאַר דעניקין, ס׳קומט גענעראַל דעניקין...

די וואָס האָבן געהאַט ביד, האָבן גלייך אָנגעהויבן צו לויפן פון די קליינע שטעטלעך קיין אָדעס. מען האָט גערעכנט, אַז אין אָדעס וועט דעניקין זיך שעמען מאַכן פּאָגראָמען אויף יידן צוליב די פראַנצויזן און

די ענגלענדער, וואָס האָבן געהאָלפן אויסשטאַטן זיינע אַרמייען (די פראַנ־צויזן און ענגלענדער זיינען געשטאַנען אין אַדעסער פּאָרט מיט זייערע קריג־שיפן). און געלאָפן זיינען קיין אַדעס בלויז גאָר גרויסע גבירים, אָבער מרים מיט איר ברודערל, האָט גרשון זיך דערוואוסט, זיינען אויך פאַר־שוואונדן געוואָרן פון כאָשטשעוואַטע. וואוהין האָט מען ניט געוואוסט...

יידן אין בערשאַד זיינען אַרומגעגאַנגען מיט מורא טאָג און נאַכט. די מורא האָט אַביסל נאָכגעלאָזט, ווען פרומע יידן אין אַלטן בית המדרש האָבן געפונען אַ רמז (אַ וואונק) ערגעץ אין דער תורה, אַז איצט איז די צייט, וואָס משיח דאַרף קומען... דערווייל אָבער אַרום און אַרום — פאַר־וויסטונג און פאַרדאַרבונג...

## קאַטאָווסקיס אַרמיי

פוליע, וואָס פאַרמאָגט זייער אַ פילבאַרן געהער, האָט געזאָגט, אַז שפּעט ביינאַכט האָט ער אויפגעכאַפּט פאַרדומפּענע בומענישן פון ווייט־ווייט, און ער קאָן שווערן, אַז דאָס הערט ער, ווי האַרמאַטן שיסן.

ס׳איז אָבער געקומען אַ ביינאַכט, וואָס ניט נאָר פוליע, נאָר יעדער איי־נער האָט געהערט. אייניקע האָבן געזאָגט, אַז ס׳קומט פון רודניצאַ, אַ גרויסער אייזנבאַן־קנופּ. אַנדערע האָבן געזאָגט, אַז ס׳קומט פון דאָכנאַ. גרויס און קליין יענע נאַכט האָבן זיך צוגעהערט צו דער וויטקייט מיט פּחד אין האַרצן.

אינמיטן דער נאַכט האָט דאָס שיסן אויפגעהערט. מען איז אַריין זיך לייגן שלאָפן, נאָר די יוגנט איז געבליבן אין אָבכאָד (פּאַטרול)...

פאַרטאָג — ווי אויפן וועג פון דער פליאַרינע ס׳האָלט אין איין שטראָ־מען חייל (מיליטער). ס׳נעמט ניט לאַנג און גאַנץ בערשאַד איז פול מיט רויט־אַרמייער, און די רויט־אַרמייער ריידן דעם מחיהדיקן, זינגעוודיקן אַדעסער יידיש. חברה־לייט מערסטנס פון דער אַדעסער מאָלדאַוואַנקע, זיינען אַרומגעגאַנגען מיט די ביקסן איבער די גאַסן, זיך אָפּגעשטעלט לעבן הייזער און געשמעקט מיט די נאָז־לעכער. דאָס האָבן זיי געשמעקט, אין אַ וועלכער הייזער מען באַקט הרעטשענע לאַטקעס. ס׳איז געווען פרייטיק, און פרייטיק אינדערפרי, ווי ס׳איז באַוואוסט, באַקט מען אין יידישע היי־זער הרעטשענע לאַטקעס אויף בוימל.

און די בערשאַדער באַלעבאָסטעס האָבן ניט געזשאַלעוועט קיין לאַט־קעס. פאַרקערט, ס׳האָט גאָר הנאה געטאָן. די דאָזיקע יידישע רויט־אַר־מייער פון דער אָדעסער מאָלדאַוואַנקע און אויך פון יידישע שטעטלעך לעבן אָדעס, האָבן געקאָנט זיך גלייך איינקויפן אין ליבע מיט זייער פריינט־לעכקייט און זאַפטיקן יידיש־לשון.

— אַך, וואָס פאַר אַ געשמאַקע לאַטקעס ביי אייך, באַלעבאָסטע לעבן, פונקט ווי ביי מיין מאַמע. אַ ברכה אין אייערע הענט, — האָבן זיי זיך פאַסמאַקעוועט.

צו גרשונען אין הויז איז אויך אַריינגעקומען אַ רויט־אַרמייער און גלייך זיך געמאַכט היימיש, און גלייך געזאָגט, אַז ער האָט דערשמעקט, ווי דאָ אין הויז פרעגלט מען לאַטקעס.

באַריאַ, האָט ער געזאָגט, הייסט ער, און וואוינט אויף דער דיעכטיאַר־סקי, וואָס אויף דער מאָלדאַוואַנקע, און ער איז אַן אַרטילעריסט. אַ לאָוו־קער בחור געווען פון אַ יאָר אַכצן, אַ לאָווקער אָדעסיט, מיט רירעוודיקע פלייצעס, מיט גיכע ענערגישע שוואַרצע אויגן און מיט דעם שמאָלן און היריש־וואַכן פנים.

דאָס חייל איז געווען קאָטאָווסקיס אַרמיי — דער באַרימטער קאָטאָוו־סקי, וואָס נאָך ביים צאַר זיינען אַרומגעגאַנגען וועגן אים לעגענדעס אין בע־סאַראַבער און כערסאָנער גובערניע. ער איז געווען אַ מין אוקראַאינער „ראָ־בין הוד", געראַבעט ביי די רייכע און צעטיילט צווישן די אָרעמע. וויפיל מאָל די זשאַנדאַרמען האָבן אים ניט געכאַפּט און אַריינגעזעצט, אַזויפיל מאָל איז ער אַנטלאָפן. דאָס לעצטע מאָל, וואָס מען האָט אים געכאַפּט, האָט מען אים אַריינגעזעצט אין אָדעסער טורמע און אים צוגעשמידט מיט קייטן צו דער פאָדלאָגע. תיכף אָבער איז געשען די פעברואַר־רעוואָלוציע און מ׳האָט אים באַפרייט, און די קייטן זיינען פאַרקויפט געוואָרן אויף אַן עפנטלעכן טאָרג („אָקשאָן") פאַר אַ שיינע פאָר טויזנט רובל, און דאָס געלט איז געגאַנגען פאַר אָרעמע.

ביי די באָלשעוויקעס איז ער שנעל געוואַקסן אַלס מיליטערישער פי־רער, און ווען ער איז אָנגעקומען מיט זיין חייל קיין בערשאַד יענעם פריי־טיק איז ער שוין געווען אַ גענעראַל. אין זיין אַרמיי האָבן זיך פאַרשריבן פרייוויליק חברה־יאַטן פון יאַטן־לאַנד. חברה פון דער מאָלדאַוואַנקער באַסאָטאַ און גאַלאָטאַ (באָרוועסקייט און נאַקעטקייט) יידישע חברה און אויך קריסטלעכע חברה. קאָטאָווסקיס מיסיע איז איצט געווען זיך דורכשלאָגן אַ וועג צווישן דעניקינס און פעטליורעס אַרמייען אויף דער אוקראַאינע, און

דערגרייכן טיף־רוסלאַנד מיט אַן אַבאַז (טראַנספּאָרט) פון אַ פּאָר טויזנט וועגענער מיט מלוכה־אייגנטום.

יידן אין בערשאַד האָבן זיך געריסן אַ קוק טאָן אויף דעם דאָזיקן לעגענדאַרן קאַטאַווסקין, אָבער מען האָט אים ניט געקאָנט זען. ער האָט זיך פאַרשפּאַרט מיט זיין שטאַב אין באָד, וואָס לעבן אַלטן בית־מדרש. מען האָט דערציילט, אַז אויף זיין מאַרשרוט, ווי נאָר ער איז מיט זיין אַרמיי אַריינגעקומען אין אַ שטעטל, איז ער געלאָפן אין באָד אַריין, זיך גוט אויספּאַרן, אַרומזייפן און טאָקע אַביסל זיך אויסשלאָפן.

די צווייטע באָד אין בערשאַד, לעבן דער באַבעס טייך, איז אויך גע־ווען געפּאַקט. יידישע רויט־אַרמייער האָבן זיך געגאָסן שעפּעלעך וואַסער איינער אויפן אַנדערן, געקראָכן אויף דער אויבערשטער באַנק, זיך גע־שמיסן איינער דעם אַנדערן מיט פייכטע בעזעמלעך און געקוויטשעט פון תענוג. אויך דער טייך און די קופּאַלניעס זיינען געווען פול מיט נאַקעטע רויט־אַרמייער. פאַרשטויבטע און מידע פון שלאַכטן, האָבן זיי איצטער פריילעך אַרומגעפּאַליושקעט, אַרומגעשוואומען און געקוויטשעט פון דעם אָטעם־פאַרכאַפּנדיקן געפיל, ווען דאָס וואַרעמע לייב קומט אין באַרירונג מיט קאַלט־שניידנדיק וואַסער.

גאַנץ פרי, ווי מיר האָבן שוין דערציילט, זיינען יידישע רויט־אַרמייער געגאַנגען זוכן וואו מען באַקט הרעטשענע לאַטקעס. בייטאָג זיינען זיי געגאַנגען זוכן אין אַזעלכע הייזער, וואו מען קאָכט צימעס פון פאַסאָליעס. און הייסער צימעס פון פאַסאָליעס מיט פרישער חלה — דאָס איז אַן ערב־שבתדיקער מאכל, וואָס יידישע קינדער, געבוירן אויף דער אוקראַינע, בעסאַראַביע, רומעניע און אפשר אויך פוילן, בענקען זייער שטאַרק אין דער פרעמד נאָך דעם אַלע זייערע יאָרן.

באַריאַ דער אַרטילעריסט איז אויך געקומען בייטאָג צו גרשונען אין הויז אַריין עסן צימעס פון פאַסאָליעס מיט פרישער חלה. אָבער ס'איז אים נעבעך ניט געווען באַשערט זיך צו פאַסמאַקעווען מיט דעם דאָזיקן וואונדערלעכן מאכל. ווי נאָר ער האָט זיך געוואָלט נעמען דעם ערשטן לעפל אין מויל אַריין, אַזוי גלייך איז געוואָרן אַ טרעוואָגע, און אַזוי גלייך איז ער אַרויסגעלאָפן אינדרויסן.

און איידער וואָס ווען שטייען שוין אויף דער טאַרהאָוויצע פיר האַר־מאַטן, לעבן איינעם פון זיי פאָרעט זיך באַריאַ, און וועגענער קומען מיט סנאַריאַדן (קאַנאָנען־קוילן)... און איידער וואָס ווען — אויף ביסטרע פערד אַ פּאָר הונדערט קאַוואַלעריסטן מיט ריזיקע פּיקעס אין די הענט, מיט דעם

קורצן, געפּאַקטן קאַטאָווסקין בּראַש, עפּעס ווי אַ לויפנדיקער וואַלד פון הויכע דינעביימער, טראָגט זיך אויף דער טאַרהאָוויצע, און פון דער טאַרהאָוויצע, גלייך אויפן סומיוקער וועג, און ווערן פאַרשוואונדן אין וואַלקנס פון שטויב.

און אַז די פיר אָרודיעס (קאַנאָנען) האָבן אַלע מיטאַמאָל אויסגעשאָסן, זיינען אַלע הייזער אויף דער טאַרהאָוויצע ממש אונטערגעשפּרונגען. און אַ סך שויבן זיינען צעבריאַזגעט געוואָרן... און דאָ האָט די זון זיך אָנגעהויבן זעצן. ס׳איז געוואָרן אַ פייער אין מערב. מען האָט ניט געוואוסט צי דאָס פלאַקערן נאָר די וואַלקנס, צי דאָס איז אפשר דאָס פייער פון די שיסנדיקע באָלשעוויסטישע קאַנאָנען...

ווען ס׳איז געוואָרן טונקל האָבן זיך אומגעקערט צוריק פון שלאַכט די פּאָר הונדערט קאַוואַלעריסטן מיט אַ מעכטיקן געזאַנג. זיי האָבן געזונגען:

העי, פּעטליוראָשקאָ, קודא קאַטישסיאַ

פּאָקאַטישסיאַ איק קאַטאָווסקאָמו

ניע וואָראָטישסיאַ...

(העי פּעטליוראָשקאָ, וואוהין קייקלסטו זיך, וועסט זיך דערקייקלען צו קאַטאָווסקין, און וועסט זיך ניט צוריקקערן.)

זיי זיינען פאַרשוואונדן געוואָרן די זינגענדיקע קאַוואַלעריסטן אין וואַלקנס פון שטויב. דערנאָכדעם האָט מען אָוועקגעפירט איינעם פון די פיר האַרמאַטן, און בלויז דריי האַרמאַטן האָבן געשאָסן. שפּעטער מיט אַ שעה, האָט מען אָוועקגעפירט אַ צווייטן האַרמאַט און בלויז צוויי האָבן געשאָסן. שפּעטער מיט אַ פּאָר שעה האָט מען אָוועקגעפירט אַ דריטן האַרמאַט און בלויז איינער האָט געשאָסן...

ס׳איז שוין געווען זייער שפּעט אין דער נאַכט, און קאַטאָווסקיס אַרמיי איז שוין געווען זייער ווייט אָפּגעצויגן פון בערשאַד און דער איין־און־איינציקער האַרמאַט האָט נאָך געהאַלטן אין איין שיסן... דאָס איז געווען אַ סטראַטעגיע, אַז די פּעטליוראָווצעס זאָלן דאָרטן מיינען, אַז ער, קאַטאָווסקי, איז נאָך אַלץ אין בערשאַד...

פאַרטאָג האָט דער איינאונאיינציקער האַרמאַט, געשפּאַנט צו אַכט פערד, זיך אַ לאָז געטאָן איבער די פּוסטע גאַסן, און זיך געלאָזט אַניאָגן די אָפּטרעטנדיקע קאַטאָווסקיס אַרמיי... אַ האַלבע שעה שפּעטער האָט אָנגעהויבן אַריינצושטראָמען קיין בערשאַד די פּעטליורישע אַרמיי...

# די מאַמע און דער דעניקיניץ

די שפּאַנישע אינפלוענציע האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין בערשאַד. אין אָדעס, האָט מען געזאָגט, קאָסעט זי רעכטס און לינקס, און די חברה קדישא דאַרטן קאָנען זיך גאָרניט ספּראַווען. דאָ אָבער האָט דער מלאך המות עפּעס ניט געקאָנט אויפטאָן קיין סך מיט די בערשאַדער יידן. די דאָזיקע „שפּאַנקע“, ווי מען האָט זי גערופן אין בערשאַד, האָט טאַקע שטאַרק אָפּגעשוואַכט, אָבער גיין גאָר פון דער וועלט פון דעם?

און געבראַכט די דאָזיקע מגיפה קיין בערשאַד האָבן די פּעטליוראָווצעס, וואָס זיינען אַריין אין שטאָט נאָך גענעראַל קאַטאָווסקין. בלויז צוויי טעג זיינען זיי געשטאַנען, און ווידער אַמאָל האָבן שוין גרשון וויניצקי און נחמן הובערמאַן און מיט אַנדערע פירער פון דער אָבשטשינע (יידישער־געמיינדע ראַט) געזען, אַז מען זאָל ניט הרגענען. דערפאַר האָבן די באַנדיטן אויסגעליידיקט די שטאָט פון וואו אַביסל תבואה, פון וואו אַביסל לעדער, און זיי זיינען גיך אַוועק און איבערגעלאָזט אַ פּאָר צענדליק טויטע פון דער שפּאַנקע אויפן קריסטלעכן צווינטער.

ביקור־חולים איז דאָך איינע פון די גרעסטע מצוות ביי יידן, און מאיר דער בלינדער האָט שטאַרק געהאַלטן אין איין רייבן די קריזשעס. אין בערשאַד איז געווען איין מיטל פאַר קראַנקע אין גרויסער היץ — רייבן די קריזשעס (מאַסאַזשירן). און ווער האָט נאָך געהאַט אַזוינע שטאַרקע הענט ווי דער גיבורדיקער מאיר?

און אַז ר׳ מאירן אַליין האָט, איינמאָל אַ בייטאָג, שטאַרק אָנגעהויבן ווייטאָן דער קאָפּ און זיינע אייגענע קריזשעס האָבן אים מסוכן אָנגעהויבן צו ברעכן, האָט ער פאַרזאָגט זיין פרוי שרהן און זיין זון גרשונען, אַז זיי זאָלן זיך ניט דערוועגן אַ פּיפּס טאָן וועגן דעם אויף דער גאַס. ס׳איז אים פּשוט ניט אָנגעשטאַנען, וואָס ער, דער גיבור, אויף זיין לעבן ניט קראַנק געווען אפילו ניט אויף דער מינדעסטער פאַרקילונג, זאָל זיך פּלוצלינג איצט צעלייגן אין בעט...

און דאָ איז דאָס פּונקט ערב דעניקינס אַריינקומען אין שטאָט. און ווידער אַמאָל לויפט מען אין די קעלערס, אָבער די קליינטשיקע שרה און דער זון גרשון זיינען געבליבן ביים חולה. די מאַמע האָט נאָר געהאָפט, אַז אַזוי ווי קיינמאָל, פון זינט די באַנדעס, האָט נאָך ניט געטראָפן, מען זאָל זיך אַריינרייסן אין הויז, אַזוי וועט איצט מיט גאָטס הילף אויך ניט טרעפן. (ווי ס׳איז געווען פריער דערמאָנט האָבן די פּאָגראָמשטשיקעס

שטענדיק אויסגעקליבן פֿאַרמעגלעכע הייזער צום ראַבעווען און ניט אַזאַ קבצניש הויז ווי מאירס).

און אַ גאַנצע נאַכט האָט דער טאַטע געברענט פֿון היץ און געזונגען אקדמות, און די מאַמע האָט געזאָגט, אַז דאָס מיינט, ער איז רעכט אין דער אַרבעט, מחמת אקדמות זינגט מען דאָך אום יום־טוב שבועות, און דאָ איז שוין גאָר שמחת תורה... און דאָרטן הינטער דער שטאָט איז אָנגע־גאַנגען דערווייל אַ שלאַכט צווישן די דעניקינצעס און אַ באַנדע פּעטליו־ראָווצעס. אַ גאַנצע נאַכט האָט מען געקאָנט הערן ווי ס׳שטעפּן זיך פּולע־מיאָטן... (קוילן וואַרפֿער).

פֿאַרטאָג איז דעם טאַטן אַביסל גרינגער געוואָרן. ער האָט דערקענט גרשונען, וואָס איז געזעסן לעבן אים און געהאַלטן שמירה (וואַך), בשעת זיין מאַמע, אַן אויסגעמאַטערטע נעבעך, איז איינגעשלאָפֿן. דער טאַטע האָט געפֿרעגט גרשונען, וואָס עפּעס הערט זיך אַ שיסן פֿון פּולעמיאָטן? און אַז גרשון האָט אים געזאָגט, אַז דאָס זיינען די דעניקינצעס, און יעדע מינוט קאָנען זיי זיך אַריינרייסן אין שטעטל, האָט ער זיך געהייסן דער־לאַנגען אין בעט אַריין די האַק. דער זון האָט אים צוליב געטאָן, אָבער ער איז באַלד ווידער אַריינגעפֿאַלן אין אַ גרויסער היץ, און ווידער אָנגעהויבן זינגען דעם אקדמות...

פֿאַרטאָג האָט מען שוין דערהערט די שיסעריי פֿון זייער נאָענט. דאָס האָט די פּעטליורישע באַנדע זיך געלאָזט אַנטלויפֿן דורכן מאַרק, פֿונעם מאַרק אויף דער טאָרהאָוויצע, און פֿון דער טאָרהאָוויצע, דורך דער וויטיוו־קער און סמיוזקער וועג... שרה האָט זיך אויפֿגעכאַפּט מיט גרויס דערשרעק און ניט געלאָזט גרשונען שטיין אויפֿן גאַניק און קוקן דורך די פֿענצטערלעך. אָבער גרשון מוז שטיין אויפֿן גאַניק און קוקן דורך די פֿענצטערלעך, כאָטש די קישקעס אין בויך וואַרפֿן זיך פֿון שרעק... ער מוז אַלצדינג זען און פֿאַרגעדיינקען יעדעס פּיצעלע...

און אָט זעט ער ווי אין יאָגנדיקע וואָגנס טראָגן זיך פּעטליוראָווצעס און בייטשן די פֿערד מיט אַלע כוחות, און ס׳נעמט ניט לאַנג און זיי ווערן פֿאַר־שוואונדן אין דער ריכטונג פֿון סומיוזקער וועג... און אָט זעט ער אויך, ווי אַ פֿיר־פֿינף דעניקאָווצעס אויף פֿערד, אָנגעטאָן ווי די אַמאָליקע קאָזאַקן, יאָגן נאָך און שיסן נאָך די אַנטלויפֿנדיקע פּעטליוראָווצעס פֿון זייערע קור־צע קאַוואַלעריסקי ביקסן...

גרשונען קאָסטן זיך איצט אונטער די פּיס פֿון שרעק, און אַזוי מיט אונטערגעקאָסטעטע פּיס, לויפֿט ער גלייך צום שפּיגל אַ קוק טאָן, ווי אַזוי

זעט אויס אַ מענטש, ווען ער עקט זיך שיעור פון שרעק... ער האָט זיך גאָר אַליין ניט דערקענט אין שפּיגל: דאָס מויל ביי אים אויסגעקרימט, די אויגן איינס אַ גרעסערס, דאָס צווייטע אַ קלענערס, און בײדע וואַסערן. די מוס־קולן אויף דער רעכטער באַק האָבן געציטערט, און דער קאָליר פון פּנים — געל, שוואַרץ און פּאַפּליאַטע...

און דאָ דערהערט זיך אַ זעץ אין דער טיר, און די קליינטשיקע מאַמע זיינע שטופּט גרשונען צו דער קיך, און אין קיך שטופּט זי אים אין אויוון, דאָס הייסט, זי וויל ער זאָל אַריינקריכן אין אויוון, און דער אויוון ביי זיי איז אַ גרויסער מיט אַ ברייטער עפענונג. וויל מסתמא ניט גרשון, — וואָס הייסט, ער וועט קריכן אין אויוון אַריין? — אָבער די מאַמע כאַפּט אַ מעסער און זאָגט, אַז זי וועט זיך שטעכן מיטן מעסער אין האַרצן אַריין, אויב גרשון קריכט ניט אין אויוון אַריין. און מען קאָן איר גלויבן. ס׳יאָגן פון אירע קליינע שוואַרצע אויגן אַזוינע ווילדע פלאַמען...

און דאָרטן שטיקנדיק זיך אין אויוון, וואָס איז פול מיט דעם ריח פון רויך, כאָטש ער איז שוין פון לאַנג ניט געהייצט געוואָרן, הערט גרשון אַ כוליגאַנישע מענערשע שטימע, און נאָכדעם דערהערן זיך דער מאַמעס געשרייען, אָבער ניט קיין געשרייען פון שרעק, אָדער פון פּיין, נאָר געשרייען פון צאָרן, זייער אַ ברענענדיקן צאָרן...

ער פאַרשעמט זיך, גרשון, וואָס אַזאַ געזונטער בחור ליגט פאַרשטעקט אין אויוון און זיין מאָגערע קליינטשיקע מאַמע דאַרף שטיין פּנים אל פּנים מיט אַ פּאָגראָמשטשיק... כאַפּט ער זיך אַרויס פון אויוון, לויפט צו דער טיר פון דער קיך, אָבער די טיר איז פאַרשלאָסן. דאָס האָט שוין די מאַמע באַוואָרנט אין פאַל איר גרשונען וועט זיך ווילן אַרויסכאַפּן פון אויוון.

אין טיר איז געווען אַ שפּאַלט, און דורך דער טיר זעט ער די קליינ־טשיקע מאַמע, דאָס קאָפּן־טיכל אַראָפּגעפלויגן, אירע האָר צעשויבערט און זי שרייט מיט אַ ברענענדיק קול אויף אַ הויכן דעניקיניץ, וואָס האַלט אַ ביקס אין דער האַנט אויסגעשטרעקט אַנטקעגן זיין מאַמען, אָבער ער שיסט ניט אויס... פאַרוואָס ער האָט טאַקע ניט אויסגעשאָסן, וואונדערט זיך גרשון נאָך ביז היינט צו טאָג... און נאָך מערער וואונדערט ער זיך, וואָס דער באַנדיט האָט זיך אויסגעדרייט און אַרויסגעלאָפן פון הויז... צי האָט טאַקע דער באַנדיט זיך דערשראָקן פאַר דעם ברענענדיקן צאָרן פון דער קליינטשי־קער פרוי? מסתמא יאָ.

גרשון האָט איינמאָל אין לאָס אַנדזשעלעס, אין אַ פּאַרק דערזען אַ פויגעלשע נעסט צווישן צווייגן, און פון דער נעסט האָבן אַרויסגעשטעקט עט־

לעכע קעפּעלעך פון קליינע פייגעלעך. ווי ער באַטראַכט זיי אַזוי, ווי ס׳גיט אים אַ יאָג גלייך אין פּנים די מאַמע־פויגל מיט אַזאַ געוואַלדיקן אימפּעט און צאָרן, אַז ס׳איז אים גלייך געוואָרן קאַלט אין בויך, און איבערן גאַנצן לייב זיינען דורכגעגאַנגען שטעכיקע ציטערלעך, און ער האָט זיך אָנגעהויבן רוקן אויף צוריק, וואָס ווייטער פון דער נעסט...

מסתמא אַזאַ דערשרעק האָט דערפילט דער באַנדיט, זעענדיק אָט די מענטשיכע, מיט די בליצנדיקע שוואַרצע אויגן, וואָס האָט אויף אים גע־קוויטשעט מיט אַן איבערנאַטירלעכן צאָרן... אָבער נאָכדעם, ווי דער דעני־קינעץ האָט זיך אויסגעדרייט און אַרויסגעלאָפן, האָט זיך די מאַמע אַראָפּ־געזעצט אויף דער ערד, פאַרוואָרפן דעם קאָפּ און געחלשט...

## יאַנקעלע שאַפּיראָ

יאַנקעלע שאַפּיראָן האָט מען ביז אַהער נאָך ניט געשטעלט קיין מאָנו־מענט אין בערשאַד. ס׳וועט אפשר קומען אַ צייט און מען וועט אים יאָ שטעלן.

דערווייל איז ער שוין געוואָרן אַ לעגענדע ביי די בערשאַדער פון זיין דור. דאָס פאָלק פאַרגעסט ניט זיינע צדיקים. נאָך איידער יאַנקעלע שאַ־פּיראָ איז געוואָרן אַ דאָקטאָר, האָט שוין די שטאָט געקלונגען מיט אים. וואו נאָר עפּעס אַ טועכץ לטובת די אָרעמע איז יאַנקעלע, אָדער „יאַנטעלע", ווי מען האָט אים גערופן אונטער די אויגן, געווען פאַרמישט. און „יאַנטע־לע" האָט מען אים גערופן מחמת ער האָט אויף אַ גימל געזאָגט אַ „דימל" און אויף אַ קוף „טוף". פיזיש ניט געווען פון די העלדישע פאַרשוינען: אַ קורצינקער, אַ מאָגערער, אָבער דערפאַר האָט אין זיינע שיינע בורשטי־נענע אויגן געברענט דאָס אייביקע ליכט פון הויכער מענטשלעכקייט און טיפער ליבשאַפט צו אַלע אָרעמע און ליידנדע.

גרשון, ווען ער איז נאָך געווען אַ קליין יינגל, געדיינקט, ווי איינמאָל אַ זומער־טאָג, ס׳לויפן יינגלעך און מיידלעך פון דער יערושאַלימסקע אין דער דאָלינע צו איצי קלוגמאַנס זאַל. וואָס איז די מעשה? יאַנטעלע שאַ־פּיראָ האָט געמאַכט אַן אוטשילישטשע (שול) פאַר די אָרעמע. גרשונס שוועסטער, חנה־רבקה, איז אויך געווען פון די אומזיסטיקע לערערינס. לאַנג האָט די אוטשילישטשע ניט אָנגעהאַלטן, דער פּריסטאַוו האָט זי פאַר־מאַכט...

און איינמאָל אום ווינטער, אַ שווערער ווינטער איז דאָס געווען, די דאָליניע און די יערושאַלימקע האָט געפרוירן און געהונגערט, ווי שבתביים דאַוונען אין אַלטן בית המדרש גייט אַרויף יאַנקעלע אויפן באַלעמער אין זיין סטודענטישער אוניפאָרם מיט די גאָלדענע קנעפּ, טוט אַ פּאַטש אין שולחן און הויבט אָן שטראָפן דעם עולם. און שטראָפן, שטראָפט ער זיי דערפאַר הלמאי מען דערלאָזט די דאָלינע און די יערושאַלימקע זאָל הונגערן און פרירן. און ניט געקוקט אויף זיינע „דימעלס" און „טופּן" איז ער געווען אַ פלאַם־פייערדיקער רעדנער. צוליב אים האָט מען יענעם ווינטער אַרויסגעגעבן האָלץ, מעל און קאַרטאָפליעס צו די אָרעמע.

און אַז יאַנקעלע שאַפּיראָ איז געוואָרן אַ דאָקטאָר, האָט זיך די שטאָט געפרייט, און באַזונדערס די דאָלינע און די יערושאַלימקע. ער איז ניט געפאָרן צו די פּאַציענטן אין אַ ברישקע אָדער אין אַ פּאַיעטאָן, ווי דאָקטאָר ווינשטיין, אָדער דאָקטאָר בריטמאַן, און מען האָט אים ניט געדאַרפט טייער באַצאָלן. מען האָט אים בכלל ניט געדאַרפט באַצאָלן, אַז ער האָט גאָר קיינמאָל ניט געמאָנט קיין באַצאָלץ. (נאָר אין די אָרעמע הייזער איז ער געגאַנגען. צו די רייכע ניט געוואָלט גיין, זאָל מען שיקן, האָט ער געזאָגט, נאָך דאָקטאָר ווינשטיין, אָדער דאָקטאָר בריטמאַן). און וועגן רפואות, האָט ער שוין אויך געזען, אַז ס'זאָלן זיין אומזיסטיקע רפואות, און צו פילנעווען דעם געזונט־געוואָרענעם חולה, מיט מילך, פּוטער, אַן איי, אַ יאַיכעלע, האָט ער אויך עפּעס געטאָן.

און דאָ קומען מיר צו קאָפּל פּאַרך. ווען מען זאָל גרשונען פרעגן, וואָלט ער געזאָגט, אַז מען וואָלט אויך געדאַרפט קאָפּל פּאַרך שטעלן אַ מאָנומענט, און פאַרדינט האָט ער זיך בלויז מיט דעם, וואָס ער איז געווען דער אָרעמסטער און פאַר'חוזק'סטער פון אַלע ייִנגלעך אין בערשאַד, און ווי אָרעם און פאַר'חוזק'ט ער איז ניט געווען, אַזוי האָט ער ניט אויפגעהערט צו שטרעבן, זיך עפּעס מאַכן וויכטיק פאַר דער שטאָט אין די אויגן. האָט אויסגעבראָכן למשל, אַ פייער, איז ער געלאָפן איבער די גאַסן און געשריען:

— ייִדן, אַ פייער, יאָסל דעם טויבנס שטוב ברענט!

האָט מען געפונען אין טייך אַ דערטרונקענעם, איינעם אַ ייִנגל פון דער טאָרהאָוויצע, קוני האָט ער געהייסן, איז קאָפּל געלאָפן איבער די גאַסן און געשריען:

— אוי, ייִדן, קוני פון דער טאָרהאָוויצע, אַ דערטרונקענעם אין טייך.

נאָך דער רעוואָלוציע האָט מען אין בערשאַד אַרויסגעגעבן אַ צייטונג אין אוקראַיניש „בערשאַדסקי וויסטי", („בערשאַדער נאַכריכטן"), האָט מען

קיין בעסערן צייטונגס פאַרקויפער, ווי קאָפּעלען ניט געקאָנט געפינען. מיט זעלבסט־וויכטיקייט און צודרינגלעכקייט איז ער אומגעלאָפן איבער די גאַסן און געשריען:

— אוי, יידן, בערשאַדסקי וויסטי. בערשאַדסקי וויסטי.

פון קינדוויז אָן האָט קאָפּל קיין איין גוטע מינוט ניט געהאַט. זיין מאַמע איז געשטאָרבן, ווען ער איז נאָך געווען אַ פּיצל. און די שטיף־מאַמע איז גאָר געווען אַ שלעכטס, און דערצו האָט זיך באַזעצט אויף זיין קאָפּ אַ צרעת, וואָס האָט קיינמאָל ניט געוואָלט אַוועק. אַ בחורל מיט דאַרע פּיס און זיינע שוואַרצע אויגן שטענדיק מיט הונגעריקע פייערלעך. די שטיף־מאַמע האָט אים זייער ווינציק עסן געגעבן. דער עיקר אָבער — דאָס חוזק מאַכן. די בערשאַדער ווייסע חברהניקעס קאָנען דיר פאַרשפּעטן אַזאַ איינעם ביז צום טויט.

אויפגעריכט איז ער געוואָרן, ווען יאַנקעלע, אָדער יאַנטעלע שאַפּיראָ איז געוואָרן אַ דאָקטאָר. אָנגעהויבן האָט זיך דאָס מיט דעם, וואָס קאָפּל איז קראַנק געוואָרן אויף טיפוס. ווען יאַנקעלע איז געקומען דאָס ערשטע מאָל אין דעם הייזל מיטן איינגעפאַלענעם דאַך; מיט די אויסגעשלאָגענע שויבן פאַרשטאָפּט מיט שמאַטעס; מיט די אָפּגעקראָכענע ווענט, וואָס האָבן גע־שוויצט מיט פראָסט; מיט דער שטיף־מאַמען אָן אַ פּיצל רחמנות צום קראַנקן; מיט דעם טאַטן אַן אויסגעמאַטערטן, אַ הוסטנדיקן; און מיט קאָפּ־לען אַליין מיט די אויגן פון אַ געיאָגטער חיה, איז ד״ר. יאַנקעלע שאַפּיראָ שוין ניט אָפּגעטראָטן פון דעם דאָזיקן הייזל. ער האָט קאָפּלען אָפּגעראַ־טעוועט פון יענער וועלט, און אויך געזען, אַז ער זאָל האָבן מיט וואָס זיך האַלטן אויף דער וועלט. נאָך טיפוס דאַרף מען דאָך עסן באַרהאַפטיקע זאַכן, און ער האָט שוין געזען, אַז קאָפּל זאָל עסן. ער האָט בכלל געזען קאָפּל זאָל האָבן אַ באַשעפטיקונג.

— ווערסט זיין מיין פאָמאָטשניק (געהילף) — האָט ער אים געזאָגט.

און קאָפּלען איז קיינמאָל נאָך ניט געווען אַזוי גוט. קודם כל, „פאָ־מאָטשניק דאָקטאָראַ“, אַזוי האָט זיך טאַקע קאָפּל גערופן. און די ווייסע חברהניקעס האָבן אים אויך אַזוי גערופן.

און ס׳איז געווען פּונקט יענעם שווערן ווינטער פון טיפוס און הונ־גער. יענעם ווינטער איז ניט געווען קיין טאָג מען זאָל ניט טראָגן צום בית עולם אַ דריי אָדער פיר מתים. יענעם ווינטער האָט יאַנקעלע גע־האַלטן אין איין לייען ביי זיין טאַטן מוני שאַפּיראָ, געלט, און אויך ביי אַנדערע פאַרמעגלעכע יידן. ס׳איז ניט געווען געגוג צו קומען צו אַן אָרע־

מען חולה און אים אומזיסט באַטראַכטן, מען האָט אויך געדאַרפט איבער־לאָזן אויף אַ רפואה, אָדער אויף אַ יאַיכל.

יענעם ווינטער איז דער מאָגערער יאַנקעלע שאַפּיראָ געוואָרן נאָך מאָגערער, אָבער דאָס אייביקע ליכט פון הויכער מענטשלעכקייט אין זיינע ברענענדיקע בורשטינענע אויגן, האָט נאָך קיינמאָל אַזוי ניט געלויכטן...

יענעם ווינטער איז דאָקטאָר יאַנקעלע שאַפּיראָ אויך קראַנק געוואָרן אויף טיפוס, — און אַוועק פון דער וועלט אַזוי שנעל, אַז מען האָט זיך גאָרניט געריכט.

פאַרטאָג איז ער אַוועק, און באַלד האָט די גאַנצע שטאָט שוין געוואוסט. דאָס האָט קאָפּל געלאָזט וויסן. אומגעלאָפן איבער די גאַסן און געשריען:

— אוי, יידן, יאַנקעלע שאַפּיראָ איז געשטאָרבן . . .

:: :: ::

אַ שיטערע בלאָטע געווען. די גאַנצע שטאָט איז נאָכגעגאַנגען דער לויה. דער יונגער רב, דוד, שמערל דעם דיינס, האָט געהאַלטן לעבן אַלטן בית מדרש אַ הספד. אָנגעהויבן זיין הספד האָט ער אַזוי:

וויינט יידן, וויינט, אַ גרויסער צדיק האָט זיך אָפּגעטאָן פון אונדז...

און יידן האָבן טאַקע געוויינט. מען האָט זיך אָפּגעשטעלט מיטן מת פאַר יעדער שול, פאַר יעדער קלויז, און קאָפּל איז געלאָפן פאָראויס פאַר דער גאַנצער לויה, געלאָפן אינגאַנצן אַ פאַרשפּריצטער פון בלאָטע, געלאָפן מיט אַזאַ מינע, ווי ער וואָלט געפירט די לויה, ווי אָן אים וואָלט די לויה ניט געקאָנט גיין. ביי יעדער שול, אָדער קלויז זיך אָפּגעשטעלט און גע־שריען:

— אָט־דאָ יידן, שטעלט זיך אָפּ, אָט־דאָ...

אויפן בית עולם, לעבן פרישן קבר האָט ער געוויינט און געיאָמערט:

— אוי, יידן, איר ווייסט גאָרניט וואָס פאַר אַ גאָלד דער יאַנקעלע איז געווען...

# דער גאַליטשאַנער

עפּעס האָט בערשאַד געהאַט מזל אין יענע סומאַטאָכעדיקע יאָרן. נאָכ־דעם האָט דער היסטאָריקער אליהו טשיריקאָווער אין זיין בוך וועגן די פּאָגראָמען אין דער אוקראַינע טאַקע אונטערשטראָכן, אַז בערשאַד האָט זייער ווינציק געליטן פון די פּעטליורישע און דעניקינישע שחיטות. עפּעס אַ באַזונדערע וויטאַליטעט, האָט ער געזאָגט, האָט פאַרמאָגט דאָס דאָזיקע שטעטל. מען האָט זיך ניט געלאָזט אויסשעכטן — צי דורך זעלבסטשוץ, צי דורך שתּדלנים, וואָס האָבן אויסגעקויפט די לעבנס דורך קאָנטריבו־ציעס.

און פון אַלע אַרומיקע שטעטלעך און דערפער, האָבן זיך יידישע מש־פּחות געצויגן קיין בערשאַד, ווי צו אַ מקום מקלט (אַן אָרט פון אַן אַנטרי־נונג): פון אָבאָדיווקע, פון וואַרכיווקע, פון טראָסטאַניעץ, פון טעפּליק, פון טערניווקע, און פון נאָך און נאָך.

און בערשאַד האָט זיי אַלעמען אַריינגענומען. די שטאָט איז געוואָרן אָנגעפּאַקט פון די דאָזיקע פּליטים (פּליכטלינגען). וואו האָבן זיי געפונען דירות? מען האָט זיך שוין אַן עצה געגעבן: אַן אַלקער, אַ ווינקל פון שטוב, אַ קעלער־שטיבל. ס׳איז טאַקע געווען ענג, אָבער פריילעך. און יעדעס שטעטל האָט עפּעס געבראַכט באַזונדערע טאַלאַנטן. אבאדיווקע, למשל, — מיידלעך פּייאַיק צו שפּילן טעאַטער אין בערשאַדער דראַמאַ־טישן קרייז און אויך גוטע זינגער. טעפּליק — יפת תוארס, שטאַלטנע ברונעטקעס מיט שרפ׳נדיקע שוואַרצע אויגן, מיט געדיכטע צעפּ, מיט געַ־טאָקטע פּיס. דאָס דאָרף קיריווקע — אַ יוגנט מיט אַ גרויסן דורשט צו ביכער. דאָס דאָרף סומיווקע — גרויסע העברייער און ציוניסטן. און די דאָזיקע מינאָריטעטן, אַזוי צו זאָגן, האָבן שטאַרק באַרייכערט דאָס קול־טורעלע לעבן פון שטאָט.

און אויב ס׳איז נאָך ניט געווען גענוג ענג אין בערשאַד, איז אַריין אין שטאָט אַן אַרמיי און זיך באַזעצט אויפן גאַנצן ווינטער — אַן אַרמיי, וואָס מען האָט גערופן „גאַליטשאַנער", אויסשליסלעך באַשטאַנען פון עסטרייכישע אוקראַאינער. וואָס האָבן זיי געטאָן אין בערשאַד? און בכלל וואָס האָבן זיי געטאָן אויף דער רוסישער אוקראַאינע? פריער האָבן זיי געהאָלפן פּעטליורען, און מסתמא אויך געמאַכט פּאָגראָמען אויף יידן, איצ־טער האָבן זיי זיך אָפּגעריסן פון פּעטליורען. מען האָט געזאָגט, אַז זיי האָבן צוגעזאָגט די באָלשעוויקעס מער ניט העלפן פּעטליורען, און זיך אומ־

קערן צוריק קיין עסטרייך.

אין יעדן יידישן הויז האָט זיך באַזעצט אַ סאָלדאַט צי צווי. ביי גרשונען אין הויז האָט זיך אויך באַזעצט אַ סאָלדאַט, אַ רוטעענער, מיט אַ סקולאַסטע געשטופּלט פּנים, מיט אַ קורצער, אָבער ברייטער נאָז, מיט קינדערשע גרויע אויגן. די מאַמע האָט זייער ניט געקאָנט פאַרליידן, וואָס ער עסט קאָלבאַס און חזיר אין הויז. זי האָט ניט געקאָנט פאַרטראָגן דעם ריח. ס'ווילט זיך איר ברעכן, האָט זי געזאָגט, גרשון האָט אויך ניט געקאָנט פאַרליידן דעם ריח. מען האָט דעם דאָזיקן סאָלדאַט אינגאַנצן ניט געקאָנט פאַרליידן. מען האָט אים חושד געווען, אַז ער האָט מסתמא ניט איינמאָל געראַבעוועט יידישע הייזער, און אפשר געהרגעט יידן אויך, ווען די „גאַליטשאַנער" האָבן אַרויסגעהאָלפן פעטליורען.

געשלאָפן איז דער דאָזיקער רוטענער אויפן דיל אויסגעבעט מיט שטרוי, און געכראָפּעט ווי מען וואָלט געזעגט האָלץ, און דאָס האָט שרה אויך ניט געקאָנט פאַרליידן. זי האָט ניט געקאָנט שלאָפן צוליב אים. און אים געשאָלטן מיט טויטע קללות. דערפאַר אָבער, ווען גרשון איז קראַנק געוואָרן אויף פלעקן־טיפוס, האָט זי געזאָגט, אַז באַר גאָט אַליין האָט אים צוגעשיקט אין הויז. אַז מען איז קראַנק אויף פלעקן־טיפוס, דאַרף מען אָפט בייטן די אייז־קאָמפּרעסן, אַז ניט וואָלט נאָס געוואָרן דאָס גאַנצע בעט. קיין גומענע קאָמפּרעסן איז ניט געווען אין הויז, האָט מען איינגעוויקלט דאָס אייז אין אַ האַנטוך. און אַז ס'איז ניט געווען קיין אייז, האָט מען פשוט אַריינגעטראָגן פון דרויסן שניי... אַז מען איז קראַנק אויף פלעקן־טי־פוס דאַרף מען אויך אַלע האַלבע שעה איבערדרייען דעם חולה פון איין זייט אויף דער אַנדערער, אַז ניט קאָנען נאָך אויסברעכן זייער שלעכטע גע־שווירן, און בכלל דאַרף מען וואַכן איבערן חולה, באַזונדערס ביינאַכט. די מאַמע איז פשוט געפאַלן פון די כוחות. דער טאַטע האָט גראַדע אָנגע־זאָגט דער מאַמען, אַז זי זאָל אים אויפוועקן ביינאַכט, וועט ער זי פאַר־בייטן. אָבער זי האָט אים קיינמאָל ניט געקענט דערוועקן. ר' מאיר דער גיבור איז געשלאָפן, טאַקע ווי אַ גיבור. שרה האָט אים געשלעפּט ביי די הענט און ביי די פיס, אַרויסגעריסן דעם קישן פון זיין צוקאָפּנס, אפילו אים געקנייפּט, אָבער ווייסיך וואָס! ער איז געווען ווייט אַוועק ערגעץ אין דעם געדיכטן פאַרפּלאָנטערטן וואַלד פון שלאָף...

און אָט־דאָ איז דער געשטופּלטער „גאַליטשאַנער" ביגעשטאַנען אין די נויטן ,אַ מלאך אַראָפּגעשיקט פון הימל. גאַנצענע נעכט איז ער גע־בליבן וואַך לעבן גרשונס קראַנקן בעט, געביטן די אייז־קאָמפּרעסן, אים

איבערגעדרייט פון איין זייט אויף דער אַנדערער אַלע האַלבע שעה... און כדי ס'זאָל אים אַליין ניט זיין אומעטיק, האָט ער זיך אונטערגעברומט עפּעס אַן אוקראַינישן ניגונדל אָן ווערטער, מסתמא געביינקט נאָך זיין היים, דאָרטן אין עסטרייך, נאָכן פעלד און אפשר נאָך זיין כלה. דער דאָזיקער ניגון האָט עפּעס ווי געהיילט גרשונען. באַזונדער ווען דער קריזיס איז געקומען, איז געווען אַזוי גוט אַריינצופאַלן אין אַ טיפן שלאָף אונטער דעם דאָזיקן ניגון...

און אַז גרשון איז אויפגעשטאַנען פון זיין קראַנקהייט, האָט ער אויסגעזען ווי אַ טשוטשעלע: די פיס ווי שטעקלעך, די באַקן איינגעפאַלן, די ליפּן זיינען עפּעס געוואָרן זייער דין, און ווי עפּעס איינגעשרומפּן, און ניט געקענט פאַרדעקן די ציינער, די האָר פון קאָפּ האָבן אָנגעהויבן אויסצוקריכן... און הונגעריק איז ער געווען, אַז ער האָט אַזש געוואָלט וויינען. פיר און צוואַנציק שעה אין טאָג געווען הונגעריק, אַפילו אינמיטן דער נאַכט... קאַלט איז אים אויך געווען, אַפילו לעבן דער הייסער חרובע. האַלץ איז געווען געננג אָבער עסן איז געווען ווייניק. און וואָס ער האָט געחלשט איז נאָך אַ שטיקל פליש. קאַרטאָפּליעס זיינען יאָ געווען אין הויז, אויך געזייערטע אוגערקעס. אָבער, אַי, אַ שטיקל פליש, אַ שטיקל פליש...

און גראָד האָט גרשון געלייענט דעמאָלט טורגעניעוון, און טורגעניעוו האָט עפּעס ליב געהאַט באַזונדערס צו באַשרייבן די סעודות, וואָס מען האָט געפּראַוועט ביי די פּריצים אין די הייזער, די אַלערליי געשמאַקע געריכטן וואָס מען האָט דערלאַנגט צום טיש, מיט די פישן און פליישן, און וויינען...

דער „גאַליטשאַנער" האָט זיין פּאַרציע קאַלבאַס, וואָס ער האָט באַקומען איינמאָל אַ וואָך אין דער מיליטערישער פּראָוויאַנט־קראָם, געהאַלטן אויף דער שאַפע איינגעוויקלט אין אַ פּאַפּיר. יעדן אינדערפרי האָט ער זיך אָפּגעשניטן אַ פּאָר דיקע רעפטלעך, און געשמאַק געקייעט, פאַרבייסנדיק מיט שוואַרץ ברויט... און צו דעם דאָזיקן קאַלבאַס האָט זיך גרשון צוגעכאַפּט, ווען יענער איז ניט געווען אין הויז, און ווען טאַטע און מאַמע זיינען ניט געווען אין הויז... אַי, דער איבלדיקער ריח פון חזיר־פעטס ? ס'איז גאָרניט געווען איבלדיק צוליב דעם שטאַרקן הונגער. פאַרקערט, ס'האָט גאָר גערייצט דעם אַפּעטיט...

און אונדזער „גאַליטשאַנער" האָט סוף כל סוף באַמערקט, אַז עמיצער מאַכט אים מיט אַביסל קורצער יעדן טאָג זיין פּאַרציע קאַלבאַס, און אַז ס'איז ניט קיין מייזל, דאָס איז אים אויך געווען קלאָר. האָט ער גרשונען

אַליין אָנגעהויבן אויסטיילן יעדן טאָג אַ פּאָרציע רעפטלעך, ווען ער האָט זיך געזעצט עסן. ער האָט אויך געגעבן אַ חלק פֿון זיין ברויט, און הנאה געהאַט וואָס יענער קייט אַזוי געשמאַק, און געפֿרייט זיך, וואָס יענעמס פּנים ווערט אַביסל פֿולער פֿון טאָג צו טאָג.

אָבער אינגיכן איז געוואָרן אויס צו דער דאָזיקער אידיליע. ער איז אויך קראַנק געוואָרן אויף פֿלעקן־טיפֿוס, מסתמא זיך אָנגענומען פֿון גרשונען. ער איז געלעגן אַ גאַנצן טאָג אויפֿן דיל אויסגעבעט מיט שטרוי, און גרשון האָט אים געלייגט קאַלטע קאָמפּרעסן אויפֿן שטערן, אים אַלעמאָל איבערגעדרייט פֿון איין זייט אויף דער אַנדערער...

פֿאַרנאַכט צו איז געקומען דער מיליטערישער דאָקטאָר מיט צוויי סאַ־ניטאַרן און אים צוגענומען אין שפּיטאָל... דער זאַק זיינער מיט זיינע זאַכן איז געבליבן אין הויז. גרשון האָט זיך צו אים צוגעכאַפּט, געוואָלט וויסן, וואָס האָט ער דאָרטן. אין זאַק איז געווען אַ בלעכענער טשאַיניק, אַ בלעכן קווערטעלע, אַ ציבקערנער לעפל, אַ פּאָר פּאָרלעך אונטערוועש, אַ פּאָר פּעק־לעך טאַבאַק.

ס'איז דאָרטן געווען נאָך עפּעס, וואָס האָט גרשונען שטאַרק צערו־דערט. ס'איז דאָרטן געווען אַן אַלט־מאָדיש, רויט געבלימלט ניידן קלייד, וואָס עלטערע יידישע פֿרויען טוען זיך אָן אויף אַ חתונה, צי אויף אַ יום־טוב. ס'איז דאָרטן נאָך געווען עפּעס אַ יידישע זאַך: אין אַ סך שמאַט־קעלעך איינגעוויקלט איז געווען אַ זילבערנער אַלטמאָדישער בעכער אויס־געקריצט אינמיטן: לכבוד פּסח. דאָס האָט ער זיכער צוגעראַבעוועט אין אַ שטעטל אויף דער אוקראַינע, און אפֿשר געהרגעט דעם יידן פֿון דעם דאָ־זיקן בעכער...

פֿון שפּיטאָל האָט זיך דער דאָזיקער „גאַליטשאַנער" ניט אומגעקערט. מען האָט אים באַגראָבן אויפֿן קריסטלעכן צווינטער...

## אין אַן ערב פֿרילינגדיקער נאַכט

די „גאַליטשאַנער" האָבן טאַקע ניט געמאַכט קיין פּאָגראָמען, אָבער דערפֿאַר האָבן זיי ליב געהאַט שמייסן די יידן מיט שאָמפּאָלעס איבער זייערע נאַקעטע במחילהס... (וואָס אַזוינס אין אַ שאָמפּאָל? אַ שאָמפּאָל איז דער שטאָלענער שטיק, מיט וועלכן דער סאָלדאַט רייניקט די רער פֿון דער

ביקס). אַ סך געשמיסענע יידישע במחילהס זיינען דעמאָלט געווען אין בערשאַד, אָבער דאַנקען גאָט פאַר דעם, ס׳האָט דאָך געקאָנט זיין נאָך ערגער. און אויף נאָך ערגערס האָט מען זיך געריכט, ווען מען האָט זיך דערוואוסט, אַז די דאָזיקע „גאַליטשאַנער״ טרעטן אָפּ פון בערשאַד. מען האָט מורא געהאַט פאַר צוויי זאַכן: ערשטנס, זיי זאָלן ניט,ביים אָפּטרעטן, ערשט אַרויסווייזן, וואָס זיי קאָנען. צווייטנס, אַז אויף זייער אָרט זאָלן זיך ניט אַריינכאַפּן די דעניקינצעס...

און ס׳איז געווען אַן ערב־פּרילינג נאַכט מיט אַ שאַרף לויכטנדיקער לבנה, און די שאַרף לויכטנדיקע לבנה איז געגאַנגען אויפן הימל גלייך אויף די וואָלקנס, און די וואָלקנס, האָבן געהאַלטן אין איין אָפּטרעטן פון דער לבנה און איר געמאַכט אַ וועג. יענע נאַכט זיינען די יידן אין בערשאַד נישט געשלאָפן, מחמת מען האָט געוואוסט, אַז די „גאַליטשאַנער״ טרעטן אָפּ. . .

אַ סך וועגענער האָבן געסקריפּעט, פערד האָבן געהירזשעט, הינט האָבן געהאַווקעט, און אין דער שיטערער בלאָטע האָבן געטאָליאָפּעט הונדערטער פיס... יידישע וואַכע אויערן האָבן זיך פיינלעך צוגעהערט צו די דאָזיקע קלאַנגען... כל זמן מען האָט ניט געהערט אין דער נאַכט קיין שיסן, און קיין געשרייען פון געפּייניקטע, איז געווען גוט...

אָבער שפּעט אין דער נאַכט האָט מען יאָ געהערט פון וויטן אַ שיסעריי. די שיסעריי האָט קיין סך ניט געדויערט, אָבער לאַנג, לאַנג נאָך דער שיסעריי האָט זיך געהערט אַ גרויסע געוואָיעריי פון הינט, עפּעס ווי אַלע הינט פון בערשאַד וואָלטן געוואוסט, וואָס די שיסעריי האָט באַדייט, און זיי האָבן דערפאַר אַזוי יאָמערלעך געוואָיעט...

גאָר שפּעט איז געוואָרן שאַ, שטיל . . . די נאַכט איז זיך געגאַנגען... די שאַרף־לויכטנדיקע לבנה איז זיך געלאָפן אויף די פינצטערע כמאַרעס, און די פינצטערע כמאַרעס האָבן געהאַלטן אין איין אָפּטרעטן פון דער לבנה, און געמאַכט איר אַ וועג... זייער אַ שרעקנדיקע שטילקייט איז דאָס געווען, און זייער אַ שרעקנדיקע וואַרטעניש. מען האָט געוואַרט אויפן פאַרטאָג... מען האָט געזאָגט, אַז אַ טייל פון דער צעקלאַפּטער דעניקינישער אַרמיי רייסט זיך קיין בעסאַראַביע, וואָס איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון רומעניע, און אויפן וועג קיין בעסאַראַביע וועלן זיי דאָך מוזן דורכגיין בערשאַד.

„וועלן מיר דערלעבן דעם מאָרגן״? האָבן אַ סך יידן אין בערשאַד זיך געפרעגט יענע נאַכט, און צווישן זיי, אויך דער שטאַרק־מאָגערער

גרשון. נאָך דער טיפוס־קראַנקהייט, איז ער געוואָרן שרעקלעך מאָגער, און ס׳איז אים געווען קאַלט, און שטענדיק ווי ער האָט רק געציטערט...

און יענע נאַכט איז ער געשטאַנען אינדרויסן און רק געציטערט. און געציטערט האָט ער איצט, ניט נאָר צוליב דעם, וואָס ער איז געווען שטאַרק מאָגער, און ס׳איז אים געווען שטאַרק קאַלט, און ניט נאָר צוליב דער מורא פאַר די דעניקינצעס, וואָס קאָנען זיך נאָך אַריינרייסן אינדערפרי, נאָכדעם ווי די „גאַליטשאַנער״ זיינען אַוועק, און מאַכן אַ גרויסע שחיטה, נאָר אויך צוליב דעם, וואָס אים איז ניט געפעלן די קורצע שיסעריי, וואָס ער האָט פריער געהערט. וואָס איז דאָס געווען פאַר אַ שיסעריי? — האָט אים געעקבערט דער מוח...

גרשון האָט זיך גע׳גנב׳עט צו דער טורמע, וואָס איז געווען לעבן יעקב־לייב סטאַראָסטעס הויז. ער האָט געוואָלט עפּעס אויסגעפינען. און דער־גרייכנדיק דעם הויכן שוואַרצן פּלויט פון דער טורמע, האָט ער גערופן:

— ח—י—ם, ח—י—ם . . .

פריער אינדערשטיל, דערנאָכדעם העכער און העכער, אָבער קיינער האָט ניט געענטפערט... דאָס האָט ער גערופן דעם נאָמען פון זיין חבר חיים, וואָס ער, מיט נאָך דריי יידישע בחורים, זיינען אַרעסטירט געוואָרן פון די „גאַליטשאַנער״ מיט אַ דריי וואָכן צוריק... און אַרעסטירט האָט מען חיימען מיט נאָך דריי יידישע בחורים, פאַר וועלן זיך אַריינרייסן אין מרדכי פערעשקעס קעלער. ס׳איז אַפילו ניט באַוויזן געוואָרן צו זיי האָבן דאָרטן געוואָלט עפּעס צוגנבענען. די פיר יידישע בחורים, זיינען קיינ־מאָל ניט געווען קיין גנבים, באַלעבאַטישע קינדער, וואָס זיינען, אין די דאָזיקע אומרואיקע טעג, אומגעגאַנגען פּוסט און פּאַס, און דאָס אַריינרייסן זיך אין מרדכי פערעשקעס קעלער איז בלויז געווען אַ מין שפּילן זיך אין גוואַגטקייט...

און חיים גרשונס חבר, האָט גאָר געשריבן לידער אין העברייאיש, און האָט זיי אָפט געלייענט פאַר גרשונען, און גרשון האָט אים געזאָגט, אַז ער איז אַ צוקונפטיקער חיים נחמן ביאַליק... אַ צוקונפטיקן חיים נחמן ביאַליק האָט מען אַריינגעזעצט אין טורמע, און ס׳איז געווען ביי גרשונען אַ גרויסע פאַרשוועכונג. . .

כמעט אַלע טאָג האָבן די „גאַליטשאַנער״ געפירט חיימען מיט די אַנדערע דריי צום קאָמאַנדאַנט אין הויז אויספרעגן זיי, און ביים אויס־פרעגן זיי געשמיסן מיט די שאָמפּאָלן אין די נאַקעטע במחילהס, און אַז מען האָט זיי געפירט צוריק, האָבן זיי קוים געקאָנט אַ שפּאַן מאַכן.

אַ סך לאַנגע שמועסן האָט גרשון געפירט מיט זיין חבר חיימען דורך די שפּאַלטן פון היזכן שוואַרצן פּלויט. אַ שויב איז געווען צעבראָכן אין דער קאָמער, וואו חיים איז געזעסן. און ביידע חברים האָבן אַפילו ניט געדאַרפט שרייען איינער צום אַנדערן צו דערהערן, וואָס איינער זאָגט צום צווייטן. געשמועסט האָבן זיי כמעט בלויז וועגן פּאָעזיע. חיים האָט גרשונען איין טאָג פאַרגעלייענט אַ ליד אין העברייאיש, וואָס ער האָט פאַרפאַסט אין זיין טורמע צעל. און אין דער ליד האָט ער זיך געקלאָגט, וואָס ס׳האָבן אים פאַרגעסן מענטש און גאָט, און די זון און די שטערן, און מען פייניקט זיין לייב אומזיסט און אומנישט. ס׳איז געווען זייער אַ שטאַרק ליד, מען האָט אַזש געקאָנט וויינען פון איר...

און איצטער אין דער דאָזיקער שרעקנדיקער נאַכט, ווען די „גאַלי־טשאַנער" האָבן זיך אָפּגעטראָגן פון שטאָט, און גרשון ביי דעם פּלויט פון דער טורמע האָט גערופן חיימען, און די נעמען פון די אַנדערע דריי אַרעסטירטע, און קיינער האָט זיך ניט אָפּגערופן, האָט ער שוין געוואוסט, אַז אַ גרויסער אומגליק איז מיט זיי געשען.

און די נאַכט גייט דערוויל... די לבנה האָט זיך שוין פון לאַנג אויסגע־לאָשן... ס׳לעשן זיך שוין אויך די שטערן, און אין דער פּאַרטאַיעטער שטילקייט קאָן גרשון ממש הערן, ווי ביי גאַנץ בערשאַד טיאַכקעט דאָס האַרץ; און ער האָט ממש געקאָנט הערן, ווי יעדער ייד פרעגט זיך: „וואָס וועט דער פרימאָרגן ברענגען?".

און אָט האָט זיך שוין דער מאָרגנשטערן אויך אויסגעלאָשן... ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן אָפּצודעקן די הייזער... אין מזרח האָט זיך באַוויזן אַ ראָזע־ווער פּאַס... און פּלוצלונג פון וויטיזוקער וועג דערהערט זיך אַ געזאַנג, אַ מעכטיקער געזאַנג... דעם „אינטערנאַציאָנאַל" זינגט מען... און פון אַלע הייזער לויפן אַרויס שיינענדיקע יידן, און מען שטעלט זיך אויס פון ביידע זייטן גאַס... מען האָט שוין פאַרשטאַנען לויטן „אינטערנאַציאָנאַל", אַז דאָס זיינען זיי, די באַלשעוויקעס...

לויטן מעכטיקן געזאַנג פון „אינטערנאַציאָנאַל", האָט מען זיך גע־ריכט צו דערזען היפשע שטאַרקע סאָלדאַטן, מיט הויכע ברוסט־קאַסטנס, מיט קרעפטיקע פּלייצעס, אָבער אַריינגעמאַרשירט האָבן מיטלוואוקסיקע חברה און אויך קליינוואוקסיקע, און זייער יונגינקע. אַ סך גאָר באָרוועסע, טאַקע בפועל ממש באָרוועסע. זיי זיינען געטראָטן אין דער קאַלטער בלאָ־טע, און זיך גאָרנישט געקלאָגט. אַ סך גאָרניט אין סאָלדאַטשקע היטלען, נאָר אין פויערשע קוטשמעס מיט שטיקלעך רויטן שטאָף צוגעטשעפּעט.

אַ סך אַפילו ניט אין קיין שינעלן, נאָר אין שאָפּענע פּעלצלעך... דערפאַר אָבער האָבן זיי געהאַט גוטע ביקסן, און אויף די ברוסטן איבערגעקרייציקטע פּאַטראָנען־לענטעס. און אויף די וועגענער האָט מען געפירט זייער גוטע קוילנוואַרפער, און אויך האָבן שטאַרקע פערד, צען אָדער צוועלף איינגעשפּאַנט צוזאַמען, געשלעפּט שווערע האַרמאַטן, מיט גרויסע פּיסקעס.

— אָט די דאָזיקע באָרוועסע שקאַצימלעך, זיינען אונדזערע משיחים, הייסט דאָס — האָט זיך געוויצלט ישעיה זשעדערנאָווסקי מיטן בלינדן אויג.

⁂ ⁂ ⁂

און חיימען מיט די אַנדערע דריי חברה האָט מען שפּעטער געפונען לעבן יידישן בית־עולם. זייערע קערפּערס דורכגעלעכערט פון קוילן... דאָס האָבן זיי די „גאַליטשאַנער" מיטגענומען, אָפּטרעטנדיק, און דאָרטן, לעבן בית־עולם, זיי צורעכט געמאַכט...

גרשון האָט געפונען ביי חיימען אין הויז אַ דיקן געשריבענעם העפט מיט לידער. ער האָט דאָס אַ לאַנגע צייט געהאַלטן ביי זיך, אָבער אויף זיינע וואַנדערונגען איז דאָס פאַרלוירן געגאַנגען...

# דער הימל ברענט . . .

מען האָט שוין געמיינט, אַז איצטער, ווען די דעניקינצעס זיינען צעקלאַפּט געוואָרן און פון די פּעטליוראָווצעס איז אויך גאָרניט געבליבן, וועט שוין זיין שטיל אויף דער אוקראַינע. האָט זיך אָבער אָנגעהויבן די סדרה פּאָליאַקן. שפּעט אין פרילינג אַרום שבועות צייט האָט מען אין בערשאַד געהערט דאָס ווייטע בוכקען פון האַרמאַטן.

מוראַדיקע שלאַכטן זיינען אָנגעגאַנגען ערגעץ אין געגנט צווישן די באָלשעוויקעס און די פּאָליאַקן, וואָס האָבן זיך געריסן אויף קיעוו. ..

און איינמאָל אַ טאָג האָט זיך דאָס בוכקען פון די האַרמאַטן געהערט אַ סך נעענטער, אויך איז אָנגעקומען אַ סך באָלשעוויסטיש מיליטער אין בערשאַד... און ווידער אַמאָל ציטערט אַ גאַנצע שטאָט מיט יידן, טאָמער וועלן די פּאָליאַקן מנצח זיין, און זיי וועלן זיך אַריינכאַפּן, און אָנטאָן אַ

חורבן, ווי זיי טוען אָפּ אין אַנדערע שטעט.

ווען די נאַכט איז צוגעפאַלן איז ווייט הינטער בערשאַד פון וואַנעט עס איז געקומען דאָס בוכקען פון האַרמאַטן, דער הימל געווען רויט פון שריפות... גאַנצע דערפער האָבן געברענט... אין דער זעלביקער נאַכט האָט דער קאָמאַנדיר פון באַלשעוויסטישן מיליטער, וואָס איז אַריין יענעם טאָג אין שטאָט, געפּראַוועט אַ באַל אין יורעוויטשעס פּאַלאַץ, אין זעלביקן זאַל, וואו די יורעוויטשיכע פלעגט פריער פּראַווען אירע בעלער...

די יורעוויטשיכע האָט, פאַרשטייט זיך, גרשונען קיינמאָל ניט איינגע־לאַדן צו אירע בעלער, און די חברה פון דער יערושאַלימסקע און פון דער דאַלינע, אַוודאי און אַוודאי ניט. יענע נאַכט האָט מען גרשונען יאָ איינ־געלאַדן און אַלע חברה פון דער יערושאַלימסקע און דער דאַלינע, און בכלל יעדן יונגן בחור און מיידל פון בערשאַד...

איז געקומען גרשון צום באַל אין יורעוויטשעס פּאַלאַץ, און ס׳זיינען געקומען די חברה פון דער דאַלינע און פון דער יערושאַלימסקע, און פון אַנדערע גאַסן. מען האָט זיך אויסגעפּוצט אין וואָס פאַר אַ לייטישע בגדים יעדער איינער האָט פאַרמאָגט, מען איז אַריין אין זאַל, וואָס האָט געלויכטן מיט אַ גאָלדענער ליכטיקייט. די גאָלדענע ליכטיקייט איז גע־קומען פון אַ ריזיקן קאַנדעליאַבר אונטער דער סטעליע, וואָס איז געווען באַהאַנגען מיט הונדערטער קרישטאָלן, און די הונדערטער קרישטאָלן האָבן זיך געמיניעט ווי ברילִיאַנטן אויף דער זון.

די רויטלעכע לאַקירטע פּאַרקעטנע פּאָדלאָגע האָט געגלאַנצט ווי אַ שפּיגל, און די ווענט מיט אַזאַ מין זעלטענעם רייכן שפּאַליר, אויסגעמאָלן מיט פּיאָלעטעווע בלומען. די הויכע פענצטער, געוועלבטע פענצטער, ווי עפּעס אין אַ שול, זיינען געווען צעעפנט צום טייך. הויך אין הימל האָט געשיינט אַ פולע לבנה. און אונטן איז דער טייך ווי געשלאָפן אין אַ זיס־בערנעם חלום...

און איידער דער באַל האָט זיך אָנגעהויבן האָט דער קאָמאַנדיר אין אַ טשערקעסענער גרויער פּאַפּאַכע, אין גרינע גאַליפע־הויזן, אַריינגעטאָן אין שוואַרצע לאַקירטע שטיוועלעך, געשפּילט אויף דער פּיאַנאָ. אַ מייס־טער שפּילער געווען דער דאָזיקער באַלשעוויסטישער מיליטער־מאַן. משה דוד מיט זיין קאַפּעליע זיינען גאָר נשתומם געוואָרן פון זיין שפּילן, און די כלי־זמר האָבן דאָך געוואוסט וואָס שפּילן הייסט.

און גרשון? ער האָט עפּעס דערפילט, ווי ער איז דער עדות פון אַ גרויסן וואונדער, דער וואונדער פון מוזיק, וואָס טוט אַ הויב אויף דעם

מענטשן פון דער ערד און מאַכט אים שוועבן אין די הויכע וועלטן... און אַזאַ גרויסע בײנקשאַפט איז אויפגעגאַנגען אין זיין האַרצן נאָך מרימען, און אויך ליכטיקע האָפענונגען און גאָלדענע טרוימען זיינען אויפגעגאַנגען אין זיין האַרצן. ער האָט זיך געוואונטשן, אַז פון זיין שרייבן זאָלן מענטשן אויך אַזוי דערהויבן ווערן, ווי פון דער דאַזיקער מוזיק...

און זישע כלי זמר, אַ נידעריקער, אַ דאַריבקער, אַ רוסיאַווער, שוין געווען אָנגעטאָן ווי די אינטעליגענטן, מיט אַן אויבער־העמד, מיט אַ שניפּס, אַ געגאָלטער, און מיט עפּעס אַ גוליע אונטער זיין מאַרדע, איז עפּעס געווען שטענדיק אַ פאַרשלאָפענער, נאָר אַז ער האָט זיך גענומען צו זיין פידעלע, איז ער געוואָרן וואָך ווי אַ הירש, און זיינע בלויע אויגן האָבן ממש גע־שפּריצט מיט פייער. „אַ כישוף ליגט אין זיין פידעלע", האָבן בערשאַדער יידן געזאָגט.

אין יענע נאַכט איז זישעס פידעלע געווען טאַקע גאָלע כישוף. דאָס האָט אים דעם קאָמאַנדירס מייסטערישע שפּילן אויף דער פּיאַנאָ אַזוי אינ־ספּירירט. די זאַך, וואָס זישע האָט געשפּילט איז אפשר געווען זיין איי־גענע פאַרפאַסונג, מחמת קיינמאָל נאָכדעם, האָט גרשון ניט געהערט קיין פידלער שפּילן אַזאַ זאַך... ווען זישע האָט פאַרענדיקט, איז דער קאָמאַנדיר צוגעלאָפן, אים אַ קוש געטאָן אין זיינע באַקן און זיך אָנגערופן צום עולם:

— ווייסט איר כאָטש, אַז ביי אייך אין שטעטל פאַרמאָגט איר אַ גרויסן מייסטער, אַ ווירטואָז, אַפילו אין מאָסקווע וואָלט ער געשיינט...

דערנאָכדעם האָט זיך אָנגעהויבן דער באַל, יאַטן רויטע־אַרמייער, זון־און־וויינט־פאַרברענטע, פאַרשטויבטע, אין זייער גאַנצער באַוואָפענונג, האָבן געטאַנצט פאָלקעס און וואַלצן, מיט די פאַרפוצטע און שעמעוודיקע בערשאַדער מיידלעך. דער קאָמאַנדיר אַליין האָט אויך געטאַנצט, זיך אויס־געקליבן דאָס שענסטע מיידל פון בערשאַד, זשעניאַ שאַראַפּאַן, און זיך געגליטשט מיט איר איבערן גלאַנציקן פאַרקעטנעם דיל. אָבער די גאַנצע צייט, וואָס ער האָט געטאַנצט, האָט אים נאָכגעפּאָלגט אַ רויט־אַרמייער טעלעפאָניסט, מיטן טרייבל צום אויער, און אַ לאַנגער טעלעפאָן דראָט האָט זיך אים נאָכגעשלעפּט איבערן דיל. דער טעלעפאָניסט האָט געהאַלטן אין איין אויסרופן אומפאַרשטענדלעכע ווערטער, וואָס בלויז ער און דער קאָמאַנדיר האָבן פאַרשטאַנען. דער עולם האָט גלייך זיך אָנגעשטויסן, אַז דער דאָזיקער טעלעפאָן איז דירעקט פאַרבונדן מיטן פראָנט, און אַז דאָס באַריכטעט מען פון דאָרטן צום קאָמאַנדיר דעם גאַנג פון דער שלאַכט...

שפּעטער האָט דער קאָמאַנדיר מיט דעם אונטער־קאָמאַנדיר אויך אין

אַ ווייסער טשערקעסענער פּאַפּאַכע, געטאַנצט איינער אַנטקעגן דעם אַנ־דערן אַ ווילדן שווערדן־טאַנץ. ס׳האָט זיך אויסגעוויזן, ווי זיי וואָלטן זיך געוואָלט איינער דעם אַנדערן צעשניידן מיט די שווערדן, נאָר אויסגעמיטן מיט דעם וואָס זיי האָבן זייער פלינק טאַנצנדיק, זיך אויסגעדרייט איינער פון אַנדערן...

(שפּעטער מיט יאָרן האָט גרשון זיך ניט געקאָנט גלויבן, צי ער האָט טאַקע איבערגעלעבט אַזאַ נאַכט. דאָ איז דער הימל רויט פון שריפות, און שווערע האַרמאַטן זייער נאָענט האַלטן אין איין בוכצען — און דאָ לעבן אַ טייך פאַרחלומט אין לבנה שיין, לויכטן מיט גאָלד אַלע פענצטער פון פּאַ־לאַץ און אינעווייניק שפּילן די כּלי זמר גראַציעזע וואַלצן, און רויטע־אַר־מייער, וואָס וועלן זיך אפשר באַלד וואַרפן אין שלאַכט, טאַנצן אַזוי עלע־גאַנט מיט פאַרפּוצטע פאַרפלאַמטע מיידלעך.)

אין איבעררייס פון טאַנצן, האָט מען געטיילט דעם עולם „בוטער־בראָדן״, אַזוינע אָפענע רעפטלעך וויס ברויט מיט זייער געשמאַקע דינע רעפטלעך פלייש, דאַכט זיך ניט קיין כשר פלייש, אָבער די יידישע חברה האָבן געשלונגען די „בוטער־בראָדן״ און געוואָלט נאָך און נאָך, און די רויטע אַרמייער, וואָס האָבן באַדינט דעם עולם, האָבן געגעבן נאָך און נאָך, ביז אַלע טעלער זיינען געוואָרן ליידיק... דערנאָכדעם האָט מען צוריק אָנגעהויבן טאַנצן, אָבער עס האָט זיך גלייך איבערגעריסן. דער טעלעפאָ־ניסט, וואָס האָט נאָכגעפאָלגט דעם קאָמאַנדיר, איז געוואָרן אומרואיק. דער קאָמאַנדיר איז אויך געוואָרן אומרואיק, און מיטאַמאָל געגעבן די כּלי זמר אַ צייכן, זיי זאָלן אויפהערן שפּילן, אַ מאַך געטאָן צום עולם אַז ס׳טוט אים לייד, און מען דאַרף זיך צעגיין...

אין דרויסן לעבן פּאַלאַץ האָבן געוואַרט הויכע פלינקע פערד. דער קאָמאַנדיר מיט זיין סוויטע האָבן אַ שפּרונג געטאָן אויף די פערד, און זיך געלאָזט גאַלאָפּ צו דער ריכטונג, וואו דער הימל איז געווען רויט, און פונוואַנעט ס׳האָט זיך געהערט אַן אומאויפהערלעך בוכקען פון האַר־מאַטן... די נאַכט האָט זיך שוין געהאַלטן דעמאָלט אין אָפּטאָן...

דער אין דרויסן איז געווען מיד און בלאַס... אין מזרחדיקן הימל האָט געשפּראָצט אַ גאָלדענע ליכטיקייט...

:: :: ::

האָט טאַקע גרשון אַמאָל איבערגעלעבט אַזאַ נאַכט ?... ווייזט אויס,

אַז יאָ, ווייל ער זעט אַזוי קלאָר דעם טייך פאַרחלומט אין זילבערנער לבנה שיין, און די טאָפּאָלן הויך אין דער נאַכט, און ער הערט אַזוי קלאָר משה דודס קאַפּעליע שפּילן וואַלצן און פּאָלקעס, און ער פילט נאָך ממש אויף דער צונג דעם טעם פון די געשמאַקע „בוטער־בראָדן״...

און ווען ער הערט אַמאָל שפּילן די „מונלאַיט סאָנאַטאַ״ — און דאָס איז טאַקע, וואָס דער קאָמאַנדיר האָט געשפּילט יענע נאַכט אויף דער פּיאַ־נאָ אין יורעוויטשעס פּאַלאַץ, — ווערט גרשונס האַרץ צעריסן פון בייַנק־שאַפט, די בייַנקשאַפט נאָך דער פרישקייט פון זיין יוגנט; נאָך דער גע־שטאַלט פון דעם בחור גרשון, וואָס איז דעמאָלט קנאַפּע צוואַנציק יאָר אַלט געווען; די בייַנקשאַפט נאָך דער בייַנקשאַפט אין זיין האַרץ יענע נאַכט נאָך מרימען...

## גרשון נומער צוויי און מרים

ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע אויסוואַנדערונג פון די יידן אין דער אוקראַינע. ניט געווען קיין טאָג, וואָס דורך בערשאַד זאָלן ניט דורכפאָרן וועגענער געפּאַקטע מיט גאַנצע משפחות, פאַרשטויבטע, פאַרפאָראַשעטע צווישן בינטלעך און קלומעקעס.

צו דער רומענישער גרעניץ האָט מען זיך געצויגן. און אַז מען וועט מיט גאָטס הילף דורכפּאַקן זיך די גרעניץ — דאָס הייסט קיין בעסאַראַביע, וואָס איז געווען אין רומענישע הענט — וועט מען זען זיך דערשלאָגן קיין אַמעריקע. און אויסגעוואַנדערט האָבן ניט נאָר גבירים, נאָר יעדער איי־נער, וואָס האָט עמיצן געהאַט אין גאָלדענעם לאַנד, אויב ניט קיין ברו־דער, קיין זון, קיין טאָכטער, קיין פעטער אָדער מומע, איז עפּעס אַ נאָענטן קרוב.

מען האָט מורא געהאַט צו בלייבן אין די חרוב־געוואָרענע שטעטלעך מיט די גרויס־צעוואַקסענע בית־עולמס און ברידער־קברים; מורא גע־האַט פאַר די באַנדעס, וואָס האָבן זיך פאַרשטעקט אין די וועלדער און געוואַרט אויפן שעת־הכושר. אַפילו פון בערשאַד, וואָס האָט ווייניק גע־ליטן פון פּאָגראָמען, איז אויך כמעט יעדן טאָג פאַרשוואונדן געוואָרן אַ משפּחה, אָדער צוויי. פוליע איז אויך אַוועק און פון דער היימיקער טראַיקע

(דריי), ווי מען האָט אין בערשאַד געזופן גרשונען, פּוליען און בנימטשיקן, איז פאַרלוירן געגאַנגען דער פרײלעכסטער גליד.

גרשון האָט שטאַרק געבענקט נאָך פּוליען. בערשאַד איז פאַר אים געוואָרן פּוסט. גרשון האָט אויך שטאַרק געבענקט נאָך מרימען, וואָס איז שוין העכער אַנדערהאַלבן יאָר פאַרשוואונדן געוואָרן פון כאַשטשעוואַטע. גרשון האָט בכלל געבענקט אין די גאָלדענע טעג פון אָנהויב האַרבסט, געבענקט נאָך עפּעס אַ תכלית אין לעבן, אַ בחור פון קנאַפּע צוואַנציק יאָר און וואָס טוט ער? און אויף אַ וועלכן וועג זאָל ער זיך פאַרנעמען אין לעבן? ער טוט גאָרניט, אַ חוץ דאָרטן אָנפירן מיטן דראַמאַטישן קרייז, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן צו צעפאַלן מיט פּוליעס אַוועקפאָרן, און מיטן אַוועקפאָרן פון נאָך אַ פּאָר זייער טאַלאַנטפולע מיטגלידער.

איז אויף וועלכן וועג זאָל ער זיך פאַרנעמען? אפשר אַוועקפאָרן קיין קיעוו. דאָרט, זאָגט מען, וואוינען אַ סך יידישע שרייבער. און גרשון וואָלט טאַקע אַוועקגעפאָרן קיין קיעוו, ווי איינמאָל אַ טאָג — מרים! ער האָט זי דערזען אויף אַ וואָגן מיט אויסוואַנדערער, אַ פאַרשטויבטע, אַ פאַרפאַראָשעטע צווישן בינטלעך און קלומעקעס, און אפשר איז דאָס גאָרניט מרים, נאָר אַ מיידל וואָס קוקט אויס ווי מרים? ער איז נאָכגעלאָפן נאָכן וואָגן, און ער האָט ניט געדאַרפט קיין סך נאָכלויפן. די פור האָט זיך אָפּגעשטעלט ניט ווייט לעבן אברהם טאָפּס איינפאָר־הויז.

יאָ, ס׳איז מרים, אָבער אַ פאַרביטענע מרים: אָפּגעפאַלן אין פּנים און אין קערפּער. געוואָרן אַ פולבלעכע מרים פריער. זי האָט פריער פאַרמאָגט אַזוינע רייכע געדיכטע שוואַרצע האָר מיט אַ ווייכן סאַמעטענעם גלאַנץ, איצטער זיינען זיי געשוירן, ווי ביי אַ יינגל, און פון אירע פלוי־מיקע שטאַרק פינקלדיקע אויגן אַן אומעט...

ס׳האָט ניט אָפּגעטראָטן פון איר אין איינפאָר־הויז אַ בחור מיט ליכ־טיקע גרויע אויגן, מיט זאַמדיקע האָר, מיט אַ קורצער נאָז און מיט זומער־שפּרענקלעך אויפן פּנים, וואָס האָט אויך געהייסן גרשון. מיט דעם ערשטן גרשון האָט זי זיך ניט איבעריקס דערפרייט, איר פּנים האָט ניט אויפגע־לויכטן צו אים, און אויסגעמיטן צו קוקן אים גלייך אין די אויגן. און דער צווייטער גרשון האָט פאַרמאָגט עפּעס אַזוינס, וואָס האָט גלייך צוגעצויגן דעם ערשטן גרשונען. עפּעס אַ גוטע באַשיידנקייט און אַן אינערלעכע וואוילקייט האָט אַרויסגעקוקט פון זיינע ליכטיקע גרויע אויגן. זיין קול איז געווען מיט חשיבות צו מענטשן. ער האָט באַדינט מרימען ווי אַ צי־טערדיק קינד, זיך אַנידערגעשטעלט אויף די קני און אָפּגעווישט מיט אַ

שמאַטקעלע דעם שטויב פון אירע שיך, געלאָפן אין קיך, געבראַכט איר אַ גלאָז טיי.

— דאָס איז דער גרשון פון בערשאַד, — האָט זי זיך אָנגערופן צום צווייטן גרשונען און אַראָפּגעלאָזט אירע אויגן.

— איך האָב פאַרשטאַנען — האָט דער צווייטער גרשון זיך אָנגערופן אַ פריינטלעכער, און אויסגעשטרעקט אַ שטאַרקע פאַרהאַרטעוועטע האַנט מיט שאַרסטקע פינגער.

וואָס האָט שוין דאָ דער ערשטער גרשון געקאָנט זאָגן, ווען יענער בחור איז דאָ דערביי. ער וואָלט באַדאַרפט בלייבן מיט איר אויג אויף אויג. זי האָט אויך געוואָלט בלייבן מיט אים אויג אויף אויג. זי האָט זיך שפּע־טער אָנגערופן צום צווייטן גרשונען:

— וועסט מיר מוחל זיין, איך וואָלט געוואָלט זיך אַביסל דורכשפּאַ־צירן מיט מיין פריינט פון בערשאַד.

יענער האָט ניט געענטפערט, אויסגעבויגן דעם האַלדז אַ הילפלאָזער, אַ שמאָרע געטאָן אַ פאַרלוירענער מיט זיין נאָז און אַרויפגעוואָרפן אויף אירע אַקסלען אַ רויטלעכן וואָלענעם געשטריקטן שאַל; אַרויסבאַגלייט זי אינדרויסן, און אינדרויסן געבליבן שטיין אַזאַ עלנטער, אַקוראַט ווי ער וואָלט זיך ניט געריכט, אַז זי וועט זיך נאָך אומקערן צו אים צוריק.

— ס'איז מיין חתן — האָט זי זיך גלייך אָפּגערופן, ווען זיי האָבן זיך אַביסל דערווייטערט פון איינפאָר־הויז.

ס'איז געווען אַ מין ניט־פייערלעכקייט אין איר קול, ווען זי האָט גע־זאָגט: „דאָס איז מיין חתן", און דאָס האָט אונדזער בחור געגעבן מוט, און ער האָט געוואָלט זי אָננעמען געאָרעמט. זי האָט אָבער אַ ציטער גע־טאָן, געגעבן אַ גיי אַוועק פון אים אַ פּאָר טריט.

— זייער אַ וואוילער בחור, דער דאָזיקער גרשון — האָט זי זיך שפּע־טער אָנגערופן, ווידער אַמאָל מיט ניט קיין פייערלעכקייט אין איר קול.

— ער וועט אונדז אַרויסנעמען קיין אַמעריקע.

האָט אונדזער גרשון איר געוואָלט דערמאָנען די הייליקע שבועה, וואָס זיי האָבן זיך געגעבן מיט אַן אַנדערהאַלבן יאָר צוריק אין כאַשטשעוואַטע אויף דער פריזבע לעבן איר הויז, אָבער ס'האָרץ איז ביי אים אַראָפּגע־פאַלן. און אַזוי ווי זי האָט עפּעס געלייענט זיינע געדאַנקען, האָט זי זיך אָנגערופן מיט טרערן אין איר קול:

— ס'דאַכט זיך מיר אויס, אַז ס'זיינען שוין אַוועק אפשר הונדערט יאָר פון יענער נאַכט אין כאַשטשעוואַטע...

ס׳איז איר קאַלט, מרימען. זי ציטערט אַלעמאָל אויף. מיטן אָפּגאַנג פון טאָג הויבן אָן בלאָזן קילע ווינטעלעך. מען איז איצט אַרויס דער שטאָט. ער וואָלט זי געוואָלט אַרומנעמען, ווייל אים איז אויך געוואָרן קאַלט. זי קוקט אָבער אַזוי שטרענג.

— און וואו איז דיין ברודערל?

— די דעניקינצעס — פילן זיך אָן אירע אויגן מיט טרערן.

און זי קאָן זיך ניט מוחל זיין, מחמת די גאַנצע צייט איז זי געווען מיט איר שטום ברודערל אין באַלטע ביי אַ מומען. אינמיטן ווינטער אָבער נעמט זי און קערט זיך אום מיט איר ברודערל צוריק קיין כאַשטשעוואַטע. זי האָט געוואָלט פאַרקויפן דאָס שטיקל דירה, וואָס איז איר געבליבן פון איר טאַטן... און פונקט דעמאָלט זיינען די דעניקינצעס, אָפּטרעטנדיק פון די באָלשעוויקעס, אריין אין כאַשטשעוואַטע...

זי קאָן ניט דערציילן ווייטער, כאַפּט זיך ביים האַרצן און ברעכט אויס אין אַ געוויין... און וועגן דעם, וואָס די דעניקינצעס האָבן געטאָן אין כאַשטשעוואַטע, האָט מען אין בערשאַד געוואוסט. אַ גרויליקע שחיטה איז געווען דאָרטן... אַ שחיטה מיט אַ שענדונג... אַ סך יידישע טעכטער אומגליקלעך געוואָרן...

— און אפשר?... באַפאַלט גרשונען אַ שוידערלעכער געדאַנק, און אפשר?...

ער קוקט אויף מרימען, און זי איז אַזאַ אָפּגעצערטע מיט טיפן צער אין אירע פּינקלדיקע, פלוימיקע, ברוינע אויגן... און זי, ווי זי טרעפט די שוידערלעכע מחשבה, וואָס האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין זיין געדאַנק, קערט אָפּ איר פּנים אָן אַ זייט, ווי זי וואָלט ניט געוואָלט ער זאָל קוקן אויף איר...

— לאָמיר גיין צוריק — רופט זי זיך אָן מיט אַ ציטערדיק קול — ס׳איז מיר קאַלט. געווען מסוכן קראַנק אויף פלעקן־טיפוס, זיך געמוזט אָפּשערן מיינע האָר.

האָט ער זי געפירט צוריק צום איינפאָר־הויז און ס׳איז אים אויסגעגאַנגען דאָס האַרץ פון ליבשאַפט נאָך איר, און ער האָט פעסט באַשלאָסן ביי זיך, אַז ער וועט זיך אויך לאָזן קיין בעסאַראַביע...

# גרשון געזעגנט זיך מיט בערשאַד

ציטערדיקע גאָלדענע האַרבסט־טעג...

גרשון וועט זיי קיינמאָל ניט פאַרגעסן, ווייל דאָס זיינען געווען זיינע לעצטע טעג אין בערשאַד. די מאַמע האָט אים געגרייט אין וועג אַריין. קיין סך האָט זי אים ניט געהאַט וואָס צו גרייטן, אַ חוץ די דריי פּאָרלעך נייע אונטערוועש, וואָס זי האָט זיך גענומען נייען פון דעם ווייסן שטיק גראָבן לייוונט, וואָס זי האָט געהאַלטן פאַרבאַהאַלטן, טאָמער וועט מען דאָס באַדאַרפן.

די מאַמע האָט אויך פאַרבאַהאַלטן אַ פּאָר פונט זאַלץ פון די גוטע צייטן, ווען ס'איז געווען זייער וואָלוול. איצט איז דאָס געווען נאָך טייערער פון צוקער. און אָט פאַר דער דאָזיקער פאַרבאַהאַלטענער זאַלץ איז געוואָרן געלט פאַר גרשונען צו שוואַרצן די גרעניץ, קיין בעסאַראַביע.

גרשון איז געגאַנגען זיך געזעגענען מיט בערשאַד, וואָס ער וועט שוין מסתמא קיינמאָל אויף זיין לעבן ניט זען. זיין חבר בנימטשיק איז געגאַנגען מיט אים, זיין חבר בנימטשיק, דער בחור מיטן גרויסן אַקטיאָרישן טאַלאַנט.

נאָכדעם ווי אויך גרשון וועט פאַרלאָזן בערשאַד, וועט בנימטשיק זיין דער עלנטסטער בחור אויף דער וועלט. דאָס איז געווען אַזאַ חברשאַפט, וואָס ממש נפשו קשורה בנפשו, דעמס לעבן איז געווען געבונדן אין יענעמס. גרשון אָבער, אויף דער גרויסער וועלט, האָט זיך פאַרבונדן מיט אַנדערע חברים. און יענער איז פאַרבליבן אין בערשאַד איינער אַליין. מען וועט זיך דורכשרייבן איינער מיטן אַנדערן און ס'וועלן גיין אַהין און צוריק זייערע הייסע בריוולעך. דערנאָכדעם וועלן די בריוולעך אויפהערן...

יאָ, איז גרשון געגאַנגען זיך געזעגענען מיט בערשאַד, און בנימטשיק אַקערמאַן איז מיטגעגאַנגען. זיי זיינען פאַרקראָכן אויף דער לינישטשע. די לינישטשע איז אַן אָרט אַרויס דער שטאָט, וואו פּויערים און יידן האָבן געגראָבן ליים. אַ סך גריבער זיינען דאָרטן געווען, און אין די גריבער האָבן גרשון, בנימטשיק, פּוליע, און אַנדערע חברים, זיך געשפּילט צוריק מיט יאָרן אין „טאָם סאָיער״. (מאַרק טווענס „טאָם סאָיער״ איז אויך געווען באַקאַנט צו די בערשאַדער ייִנגלעך, אין אַ העברעאישער איבערזעצונג). דאָרטן אין דער לינישטשע אויף אַ בערגל איז געוואָקסן אַ דיקער דעמב מיט געדיכטע צווייגן, איז גרשון איצט אַרויפגעקראָכן אויפן בוים, און בנימטשיק אויך, און מען האָט געלאָכט איינער צום אַנדערן אַביסל

פאַרשעמט, וואָס מען מאַכט נאָך די יינגלשע יאָרן...

גרשון איז געגאַנגען זיך געזעגענען מיטן טייך, און מיט דער דאָלינע, און בנימטשיק איז נאָכגעגאַנגען. און אויפן טייך זײַנען אַרומגעשוואומען אין די טויזנטער, די קליינטשיקע קיילעכדיקע בלאָס־גרינע בלעטעלעך, וואָס האָבן זיך געיאָרועט אין דער וואַסער אין האַרבסט. גרשון האָט צו־נויפגעקליבן קליינינקע שאַרפע שטיינדלעך אויפן ברעג, געוואָרפן איבער דער פלאַך פון וואַסער און געמאַכט קאַטשקעלעך. מען דאַרף אַזוי וואַרפן דאָס שטיינדל, אַז ס׳זאָל ניט זינקען, נאָר זאָל זיך גליטשן איבער דער פלאַך פון דער וואַסער, ווי אַ קאַטשקעלע. בנימטשיק האָט אויך אַזוי גע־טאָן, און ביידע חברים באַלד צוואַנציק יאָר אַלט, האָבן ווידער געלאַכט איינער צום אַנדערן אַביסל פאַרשעמט, וואָס זיי מאַכן נאָך די יינגלשע יאָרן...

און אַנטקעגן טייך, ביי יצחק שניידער אין הויז, זיצן מיידלעך איבערן געניי, און איבער די זינגער־מאַשינען, און זינגען לידער וועגן דעם, אַז „דריי יאָר שפּיל איך מיט דיר אַ ליבע און נעמען קאָנען מיר זיך ניט", און וועגן דעם, ווי : „צוויי טייבעלעך זײַנען איבערן וואַסער געפלויגן, און אין די פּיסקעלעך זיך געקושט". און וועגן דעם אַז : „ווײַן נישט קרוינע־שי, ווײַן נישט דושעניו, כ׳וועל נאָך צו דיר צוריקקומען, זאָלסט ניט הערן, וואָס לייטן ריידן, ביי מיר האָסטו חן געפונען"...

קיינמאָל, דאַכט זיך, האָבן די שניידער־מיידלעך אַזוי אומעטיק־זיס ניט געזונגען ווי איצט. ס׳ווייזט זיך אויס, אַז דאָס זינגען זיי ספּעציעל צו־ליב אים, גרשונען, וואָס לאָזט זיך אין דער ווייטער פרעמד...

גרשון איז געגאַנגען זיך געזעגענען מיט אַ סך ערטער : מיט דער יע־רושאַלימסקע און אירע איינגעפאַלענע, איינגעבויגענע הייזלעך ; מיטן מאַרק און אַלע האַרבסט פרוכטן ; מיט דער בריק לעבן חרם־טייך און מיט דעם בעטלער, וואָס זיצט שטענדיק דאָרטן און שפּילט אויף זײַן באַנדורע ; מיטן אַלטן בית המדרש, וואו דער טאַטע זײַנער האָט געהאַט אַ ירושה־שטאָט ; מיט אַלע פידאַשעקעס און גאַניקעס, אויף וועלכע די פרויען זײַנען געזעסן און געזעדט דעם געשמאַקן בערשאַדער יידיש...

אויף דער יערושאַלימקע האָט ער פאַרכאַפּט אַ גאַנצן קאָנצערט פון משה דוד און זײַן קאַפּעליע. קיין חתונות זײַנען ניטאָ, קומען זיך צונויף די כלי זמר צו משה דודן אין הויז, כלומרשט צו פּראַקטיצירן, אָבער אין אמתן איז דאָס פאַר אייגענער הנאה וועגן. זיי האָבן געשפּילט חתונה־ניגונים און פאַנטאַזיעס, און די חתונה־ניגונים און פאַנטאַזיעס גייען גרשונען נאָך

אַלע יאָרן אין אַמעריקע...

אויפֿן מאַרק האָבן קיין כּלי זמר ניט געשפּילט, דערפֿאַר האָבן גע־שפּילט די בונטע קאָלירן פֿון די פֿאַרשיידענע האַרבסט־פּרוכטן אויף די געשטעלן, ווי די ברוין־רויטלעכע טשערקושן־פֿלוימען, די בלאַס־גאָלדע־נע מאַרדאַטשקע־עפּל, מיט זייערע זיס־ווייניקע פֿאַרשיכּורנדיקע ריחות.

אונטער דער בריק האָבן די געדיכטע וואַסערן אין די שליוזן גע־רוישט אָן אויפֿהער, און איבער דער בריק האָבן וועגענער געטראַסקעט, און לעבן דער פֿאַרענטשע איז געזעסן דער שטענדיקער בלינדער בעטלער, געסקריפּעט אויף זיין פֿאַרצייטיקער הילצערנער באַנדורע, און זיך צוגע־זונגען מיט אַ הייזעריקן קול, וועגן לאַזאַר דעם קראַנקן, פֿול מיט וואונדן, וואָס האָט זיך געלאָזט איבער דער וייטער וועלט גרויס מאַכן דעם נאָמען פֿון יעזוסן. פֿויערטעס האָבן אים געגעבן בייגלען, און מטבעות, ער זאָל בעטן גאָט פֿאַר די נאָענטע און זייערע משפּחות, וואָס זיינען אַוועק פֿון דער וועלט, גלויבנדיק, אַז אַ בעטלער אַן אָרעמסטער שבעאָרימסטער אויף דער וועלט, איז זייער חשוב ביי יעזוסן און קאָן ביי אים אַ סך פּועלן...

פֿאַרנאַכט צו האָט גרשון זיך אומגעקערט אַהיים און בנימטשיק איז אים אַלץ נאָכגעגאַנגען... און אויף די קלעצער איז געזעסן גרשונס מאַמע, אַ קליינטשיקע, אַ צעבראָכענע, נאָר פֿון אירע זייער לעבעדיקע שוואַרצע אויגן האָט אַרויסגעשיינט איר שטענדיקער כּוח.

זי האָט געזאָגט, די מאַמע:

— זעץ זיך לעבן מיר, מיין זון.

האָט בנימטשיק פֿאַרשטאַנען, אַז מאַמע און זון ווילן בלייבן אַליין, און ער איז ניט געוואָרן. און גרשון האָט זיך געזעצט, און זיין מאַמען האָט זיך פֿאַרגלוסט ריידן צו אים וועגן אירע אַמאָליקע יאָרן, אירע מיידלשע יאָרן, ווי אַזוי זי איז געבליבן אַ יתומה מיט דריי ברידערלעך, רפֿאל, ישׂראל און יאָסל, און מיט אַ שוועסטערל סימע, און זי האָט געדאַרפֿט זיין אַ מאַמע צו זיי. זי האָט זיך אויסגעלערנט נייען אונטערוועש, און פֿון דעם האָט זי דערנערט די יתומים. דער טאַטע אירער האָט ערגעץ געוואַנדערט אויף דער וועלט. און ווי איינמאָל איז זי געזעסן אויף דער פּריזבע, געניית אַ פּאָר גאַטיעס און געזונגען אַ ליד, האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ הויכער, שטאַר־קער בחור, דער גרעסטער גיבור אין שטאָט, אָבער מיט אַ בלינד אויג. זי האָט זיך פֿאַרשעמט און אויפֿגעהערט זינגען. אויף מאָרגן איז געקומען אַ שדכן, און איר גערעדט אַ שידוך מיט דעם זעלביקן הויכן בחור, דעם גרעס־טען גיבור, אָבער מיט אַ בלינד אויג...

און די זון האָט זיך אין זעצן אין אַ שלל פון פאַרבן. אַ גינגאָלדענער טייך גיסט זיך אויס אויפן זוים פון מערב, און אין גינגאָלדענעם טייך שווימען אָקרענטן מיט פלאַקערדיקע זעגלען... און נאָך די אָקרענטן מיט די פלאַקערנדיקע זעגלען אין גינגאָלדענעם טייך, לאָזן זיך רייטער אויף קעמלען, טויזנטער רייטער, מיט הויכע פּיקעס. שווערע געדיכטע ברוינע כמאַרעס לויפן נאָך און שלינגען איין אַלע רייטער, אַלע קעמלען, אַלע פּיקעס, אַלע אָקרענטן און אַפילו דעם גינגאָלדענעם טייך, און ס׳ווערט פינצטער...

פרומע שטערנדלעך באַווייזן זיך אויפן הימל... די זעלביקע פרומע שטערנדלעך, וואָס פלעגן זיך באַווייזן נאָכדעם, ווי די מאַמע אין די שבת־פאַרנאַכטן האָט אָפּגעזונגען איר „גאָט פון אברהם, פון יצחק און פון יעקב״...

— זינג מיר, מאַמע, „גאָט פון אברהם, פון יצחק און יעקב״.

— משוגענער, ס׳איז דאָך ניט שבת פאַרנאַכט!

— זינג מיר סײַ ווי סײַ.

— „גאָט פון אברהם, פון יצחק, פון יעקב״ — זינגט די מאַמע — דער ליבער שבת קודש גייט אַוועק״...

# מ-אַ-מ-ע!

בערשאַד אַנטלויפט פון גרשונס אויגן... ער זיצט אויפן וואָגן מיטן פּנים אויסגעדרייט צו דער שטאָט... אפשר זאָל ער אַראָפּשפּרינגען פון וואָגן און לויפן צוריק? יאָ, מען דאַרף אַראָפּשפּרינגען פון וואָגן... ער וועט שוין געפינען אַ גוטן תירוץ פאַר טאַטע און מאַמע פאַרוואָס ער האָט זיך אומגעקערט צוריק. ער וועט זאָגן, אַז דער קאָפּ טוט אים וויי... דער קאָפּ טוט אים טאַקע איצט וויי, אַזוי שטאַרק וויי... אפשר האָט ער גאָר היץ?

גרשון איז ניט אַראָפּגעשפּרונגען פון וואָגן. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז ס׳איז בלויז אַ שוואַכקייט, אַ פּחדנות און זי וועט לאַנג ניט אָנהאַלטן, מחמת ער איז אַ שטאַרקער בחור. ער ווייסט דאָס... ער דאַרף נאָר איצט אַריינאָטעמען אין זיין ברוסט־קאַסטן אַ סך לופט, און ס׳וועט קומען זיין גבורה...

און די לופט צווישן די פעלדער איז אַ מחיהדיקע, אַ דערפרישנדיקע...
יאָ, ער איז אַ שטאַרקער בחור. ער פילט דעם כוח איצט אין אַלע זיינע אברים. ער וועט קומען קיין רומעניע, אַפּזוכן מרימען און ער וועט צור־ריקקערן איר האַרץ צו אים. ס'איז גאָרניט וואָס זי האָט שוין אַ חתן. ער וועט ווערן איר חתן.

און דאָ אַפילו, אויפן וועג צו דער גרעניץ, איז גרשון מזלדיק. ס'פאָרט אויך מיט זיין אַמאָליקער חבר יאַנקעלע, נחום דיינס אייניקל, אָדער יאַנ־קעלע רעזניק, טאַקע יענער, וואָס איז געווען מיט אים אַ כיתה אַמאָל ביי נחום באַגאַמאָלני אין חדר, און דערנאָכדעם ביי רב יאַנקל ליפּמאַן אין חדר. אויך יאַנקעלע וויל שוואַרצן די גרעניץ, זיך אַריבערכאַפּן קיין בע־סאַראַביע און פון דאָרטן קיין ארץ־ישראל אַלס חלוץ. ער האָט געבעטן גרשונען, אַז מען זאָל ריידן העברעאיש דעם גאַנצן וועג צו דער גרעניץ, מחמת אין ארץ ישראל איז דאָך דאָס די שפּראַך, וויל ער זיך צוגעוואוינען צו איר. האָט אים גרשון צוליב געטאָן און גערעדט צו אים העברעאיש.

די רעדער דרייען זיך, די פערד יאָגן זיך, די שמעקנדיקע ווינטן שמייסן אין פּנים אַריין, און ביידע בחורים ריידן אין העברעאיש וועגן דער שיינ־קייט פון דער אוקראַינישער נאַטור.

— הבט, הבט, גרשון, מה יפים השדות! (קוק, קוק, גרשון, ווי שיין זיינען די פעלדער). מה יפים הבתים הלבנים בכפר! (ווי שיין זיינען די ווייסע שטיבלעך אין דאָרף).

ס'איז אַ גאָלדענער האַרבסטיקער אינדערפרי, און די ווייס־געקאַלכ־טע אוקראַינישע כאַטעס, מיט די געדיכטע שטרויענע קוטשמע־דעכער, מיט די רויטע אָדער גרינע פריזבעס שיינען מיט אַזאַ וואונדערלעכער זוי־בערקייט און ציכטיקייט. ער וועט זיי גוט פאַרגעדענקען, גרשון, און שפּע־טער מיט יאָרן וועלן זיי קומען אין זיין זכרון אין אַ שלאָפלאָזער נאַכט און באַרואיקן זיין געדאַנק, און אויפלייזן זיין צערודערטן געמיט...

— מה יפה, גרשון, הנהר הזה עם המים הירוקים, מה יפה הדיג עם הסירה (ווי שיין איז דער דאָזיקער טייך מיט די גרינע וואַסערן, ווי שיין איז דער פישער מיטן שיפל).

און דער טייך מיט די גרינע וואַסערן וועלכן זיי זיינען פאַרבייגעפאָרן, שמעקט ווי קאַוואַנעס, אָדער ווי אוגערקעס. די ווענט פון דער וואַסער־מיל טרייסלען זיך, און פויערים טראָגן אין דער מיל אַריין זעק מיט תבואה אויף די פּלייצעס. און אויפן טייך שיפט זיך אַ פישער, און ציט די נעץ פון די גרינע וואַסערן און ס'צאַפּלען זיך אין דער נעץ זילבערנע פיש־

לעד . . .

שפּעטער מיט יאָרן וועט אויך קומען דער טייך, מיט דער רויט־ציגל־דיקער מיל, מיט דעם פישער, מיט דער נעץ און מ׳יט די זילבערנע פישלעך. קומען וועלן זיי אויך אין אַ שלאָפלאָזער נאַכט, און אים באַרואיקן, אויפ־לייזן . . .

שפּעטער מיט יאָרן וועט ער אַמאָל שפּאַצירן צווישן פעלדער אין אַמע־ריקע אין אַ גאָלדענעם האַרבסטיקן טאָג, און שמעקנדיקע קילע ווינטעלעך וועלן בלאָזן אויף אים, און ער וועט דערקענען אין זיי די שמעקנדיקע ווינ־טעלעך פון דער אוקראַיִנע, און ס׳וועט פיך אים אויסדאַכטן, אַז דאָס זיינען זיי געקומען צו אים ספּעציעל פון די פעלדער אַרום בערשאַד, אים אָפּגעבן אַ גרוס פון דעם היימלאַנד...

שמעקנדיקע קילע ווינטעלעך האָבן געבלאָזן אויף גרשונען אויפן וועג צו דער גרעניץ, און די ווינטעלעך האָבן געטראָגן אין זיך ריחות פון די אָפּגעשניטענע תבואות, און פון די צייטיקע האַרבסט־פּרוכטן, און פון די פאַרטריקנטע גראָזן און קרייטיכצער. און זיין חבר יאַנקעלע רעזניק האָט אויסגערופן:

— מה נעימים, גרשון, ריחות השדות והגנים בהאוקראַיִנע (ווי אָנ־גענעמען זיינען די ריחות פון די פעלדער און די גערטנער אין דער אוק־ראַיִנע).

ער האָט געמאָלן, יאַנקעלע, אַ בילד, ווי אין ארץ־ישראל וועלן זיי, די חלוצים, אויפשטעלן אויך אַזוינע דערפער מיט ליכטנדיקע ווייסע כאַטעס, און וועלן די טרוקענע חרובע ערד צעאַקערן אין אַזוינע פעלדער און גערטנער, ווי אויף דער אוקראַיִנע, און ער וועט קאָנען זאָגן:

— מה נעימים, גרשון, ריחות השדות והגנים בארץ ישראל (ווי אָנ־גענעם זיינען די ריחות פון די פעלדער און גערטנער אין ארץ ישראל).

(און שפּעטער מיט יאָרן אין אַמעריקע, ווען גרשון האָט זיך דער־וואוסט, אַז דאָס דאָזיקע יאַנקעלע איז געשטאָרבן אין ישראל, זיינען פאַר טעג און טעג אים נאָכגעגאַנגען יאַנקעלעס ווערטער: „מה נעימים ריחות השדות והגנים בארץ־ישראל״).

און אָט איז דער וואָגן אַריינגעפאָרן אין אַ געגנט, וואָס האָט אָנגעהויבן צו שמעקן מיט גאָר אַנדערע ריחות. דאָס זיינען שוין געווען די ריחות פון בעסאַראַביע, מחמת מען איז געווען סאַמע ביי דער גרעניץ. און סאַמע ביי דער גרעניץ האָבן זיך געהויבן ברוינע פעלזן און אויף די שיפּועים (באַרג אַראָפּן) זיינען געווען צעשפּרייט ווייַנגערטנער און ס׳האָט טאַקע

געשמעקט מיט ווייַנטרויבן.

און ווען מ׳האָט דערגרייכט דאָס שטעטל ראַשקאָוו, האָט מען גלייך דערזען דעם ברייטן טייַך דניעסטער. און ניט נאָר דעם דניעסטער, נאָר אויך דאָס צווייטע שטעטל אויף דער בעסאַראַביער זייַט, וואָס האָט געהייסן וואַד־ראַשקאָוו. זייער קלאָר האָט מען דאָס געקאָנט זען, מיט די הייַזער, מיט די גאַסן, מיט די יידן, מיט דער שול...

און האַרט ביים טייַך אויף דער אוקראַינישער זייַט, דאָס הייסט לעבן שטעטל ראַשקאָוו, איז געשטאַנען אַ יידיש ייִנגעלע פון אַ יאָר נייַן אָדער צען. אַ ייִנגעלע מיט באָרוועסע פיסלעך, פאַרלאַטעטע הייזלעך, אַ סיטצע־נע בלוזקע, מיט אַ שוואַרצן קאַשקעט אויפן קאָפּ, וואָס איז געווען צו גרויס אויף אים, און אַריבערגעשריען צו יענער זייַט מיט אַ קלינגענדיקן קול:

— מ־אַ־מ־ע!!! מ־אַ־מ־ע!!!

אין ראַשקאָוו האָט מען גרשונען דערציילט, אַז דאָס ייִנגעלע הייסט שלמהלע, און ער איז צעשיידט געוואָרן מיט זייַן מאַמען, ווען די רומענער האָבן פאַרכאַפּט בעסאַראַביע. יענעם טאָג אינדערפרי, איידער די רומע־נער האָבן שפּעטער אין טאָג פאַרכאַפּט בעסאַראַביע, האָט זיך דער דאָ־זיקער שלמהלע אַריבערגעכאַפּט אויף אַ שיפל צו זייַן זיידן און באָבען צו־גאַסט קיין ראַשקאָוו אויף דער אוקראַינער זייַט... צוריק זיך אַריבערכאַפּן צו זייַן מאַמען האָט ער שוין ניט געקאָנט. די רומענער וואָלטן געשאָסן... שוין העכער אַנדערהאַלבן יאָר, אין אַ קלאָרן טאָג, ווי מען זעט אָפּט דעם דאָזיקן שלמהלען שטיין ביים דניעסטער און אַריבערשרייען קיין וואַד־ראַשקאָוו:

— מ־אַ־מ־ע!!! מ־אַ־מ־ע!!!

און דאָרטן, אויף יענער זייַט, האָט אים קיינער ניט געקאָנט הערן. זייַן שוואַך ייִנגליש קולכל האָט ניט געקאָנט דערגרייכן אַהין צום שטעטל, וואָס האָט זיך געפונען אויף אַ באַרג... פאַרלוירן געגאַנגען זייַן קולכל אינ־מיטן טייַך... פונדעסטוועגן האָט ער ניט אויפגעהערט צו קומען אָפּט צום דניעסטער און שרייען:

— מ־אַ־מ־ע!!! מ־אַ־מ־ע!!!

לאַנג, לאַנג, נאָך, ווען דער וואָגן איז שוין געווען וויַיט פון ראַשקאָוו, האָט זיך גרשונען אויסגעדאַכט, אַז ער הערט נאָך אַלץ ווי יענער שרייט: „מאַמע״!

גרשונען האָט זיך דעמאָלט ניט געחלומט, אַז צוליב דעמדאָזיקן איין און איינציקן וואָרט: „מאַמע״ וועט ער שפּעטער מיט יאָרן אָנשרייַבן אַ

גאַנצן בוך, וואָס וועט הייסן: „פון יענער זייט טייך" און אַז אַ סך קינדער אין די יידישע שולן, וועלן לייענען אָט דעמדאָזיקן בוך, און אַז ער וועט אויך איבערזעצט ווערן אין רוסיש...

# גרשון גנבעט די גרענעץ

און דאָס שטעטל קאַמענקע,ביים דניעסטער, כאָטש ס׳איז געווען אויף דער אוקראַינער זייט, האָט שוין געשמעקט מיט קיזיקעס, פאַרטריקנטע בהמה׳ישע צוי אויסגעמישט מיט שטרוי, וואָס מען האָט געהייצט מיט דעם די אויוונס, אָנשטאָט מיט האָלץ; ס׳האָט געשמעקט מיט צייטיקע וויינטרויבן, וואָס זיינען געוואַקסן אויף די בערג נאָענט דערביי; אַפילו דאָס יידישע לשון, אויסגעמישט מיט אַ סך מאָלדאַוואַנישע ווערטער, האָט אויך געשמעקט מיט בעסאַראַביע.

קאַמענקע איז געווען איבערגעפּאַקט מיט אויסוואַנדערער, וואָס האָבן באַקומען אַ נייעם נאָמען: „בעזשענצעס", פון רוסישן וואָרט „בעזשיט" לויפן, דאָס הייסט אַנטלאָפענע. גרשון האָט זיך דערוואוסט צווישן די בעזשענצעס, אַז ער האָט גאָרניט גענוג געלט צו באַצאָלן פאַר גנבענען די גרענעץ. טאַטע־מאַמע האָבן אַוודאי געמיינט, אַז זיי האָבן אים מיטגעגעבן גענוג געלט, אָבער דאָ אין קאַמענקע האָט דאָס כמעט גאָרניט געמיינט.

וואָס־זשע וועט ער טאָקע טאָן? סיידן אָפּנאַרן די קאָנטראַבאַנשטשיקעס, און אָפּנאַרן קאָן מען זיי זייער פּשוט. די מעשה איז אַזוי:

דער קאָנטראַבאַנשטשיק איז בלויז דער קאָנטראַקטאָר, אַזוי צו זאָגן, ער באַדינגט זיך מיט מענטשן אויף אַריבערצופירן די גרעניץ, אָבער ער אַליין פירט זיי ניט צו דער גרעניץ. דאָס טוען פויערים מיט זייערע וואָגנס. אינמיטן דער שטאָט קאָנען ניט די פויערים אַריינעמען די גרעניץ־גנבענער, צוליב דער מאַכט, זאָגט דער קאָנטראַבאַנשטשיק אָן זיינע קליענטן:

— גייט אַרויס הינטער דער שטאָט און וואַרט ביים וועג. אַז ס׳וועט דורכפאָרן אַ פויער מיט אַ וואָגן, זיך אָפּשטעלן לעבן אייך און אייך פרעגן: „משהס"? זאָלט איר זאָגן „יאָ משהס", ווייל מיין נאָמען איז משה, און ער וועט אייך אַרויפנעמען אין זיין וואָגן, און וועט אייך פירן צו דער גרעניץ...

און געווען זיינען אַ סך קאָנטראַבאַנשטשיקעס אין קאַמענקע. איינער האָט געהייסן מאיר, אַ צווייטער משה, אַ דריטער נחמן, און נאָך און נאָך...

און אָט זיצט גרשון מיט זיין קלימעק אויף אַ שטיין ביים וועג, ווייטער אַביסל, אויף אַנדערע שטיינער ביים וועג זיצן אַנדערע יידן מיט קלומעקעס. מען זיצט און מען וואַרט און מען וואַרט. אַ סך וואָגנס פאָרן פאַרביי, אָבער זיי שטעלן זיך ניט אָפּ און פרעגן קיינעם גאָרניט. אָבער אָט פאָרט אָן אַ וואָגן און ער שטעלט זיך אָפּ לעבן גרשונען, און דער פויער, אַ הויכער און אַ בייזער און שוואַרץ ווי אַ ציגיינער טוט אַ מורמל:

— משהס?

— אַוודאי משהס, — דערפרייט זיך גרשון.

— טאָ קריך אַרויף...

און גרשון קריכט אַרויף און פילט זיך, ווי דער גרעסטער ליגנער אויף דער וועלט...

⁂ ⁂ ⁂

די וואַסערן פאַטשן לייכט אויפן ברעג, און ס׳קומט אויס, ווי דער דניעסטער אין דער פינצטער שושקעט זיך, סוד׳ט זיך... צווישן קלומעקעס און פעקלעך וואַרטן יידן ביים טייך, רעדן ניט אויס קיין וואָרט, נאָר עס הערט זיך דער טיפער יידישער קרעכץ פון צייט צו צייט. קומט גרשונען אַרויף די פאָר שורות: „על נהרות בבל שם ישבנו", „לעבן די טייכן פון בבל זיינען מיר דאָרטן געזעסן, אויך געוויינט, ווען מיר האָבן זיך דערמאָנט אין ציון", און דאָ קאָן מען זאָגן: „ביי די וואַסערן פון דניעסטער זיינען מיר געזעסן, און אויך געוויינט, וואָס מיר פאַרלאָזן די אוקראַינע"...

גרשון האָט אי געוויינט, דאָס הייסט, זיין האַרץ האָט געוויינט, אי זיך געשראָקן טאָמער פאַקט מען אים, טאָמער דערוויסט מען זיך, אַז ער איז אָן איבעריקער, און מען האָט זיך טאַקע אינגיכן דערוואוסט, אַז ס׳איז דאָ איינער אַן איבעריקער, ווייל מען האָט איבערגעציילט די נפשות און ס׳זיינען דאָ גאָר איין און פופציק אָנשטאָט פופציק. האָט מען, פאַרשטייט זיך, איבערגעציילט נאָך אַמאָל, אָבער פאָרט — אַן איבעריקער, און ווער איז אַן איבעריקער האָט מען ניט געוואוסט. די פויערים האָבן געסטראַשעט, אַז מען וועט קיינעם ניט אַריבערפירן, סיידן דער איבעריקער וועט זיך אָנרופן, אָבער אָט וועט גרשון זיך גיין אָנרופן...

און דאָ דערשרעקן זיך אַלע, די לבנה האָט זיך פלוצלונג באַוויזן דורך אַ שיטערן וואָלקן. אמת, זייער אַ בלאַסע, אמת, אויך, בלויז אויף איין קליינער מינוט, מחמת זייער אַ פינצטערער וואָלקן האָט זיך אַ יאָג געטאָן אויף

איר און זי איז גלייך ווידער פאַרשוואונדן געוואָרן. איז געבליבן, אַז מ׳זאָל זיך רירן, און דעם איבעריקן וועט גאָט שטראָפן. אַזוי האָט טאַקע געזאָגט דער עלטסטער פויער פון די פירער: „גאָט וועט אים שטראָפן, דעם פּאָס־קודניאַק“...

און אָט איז שוין גרשון אין שיפל מיט נאָך צוויי יידן. מען האָט אין דער פינצטערניש ניט געזען דעם פויער, וואָס האָט געפירט דאָס שיפל, נאָר געהערט דעם רודער, וואָס האָט אַלעמאָל אַ כליאָפּע געטאָן אין דער וואַסער... גרשון איז פּלוצלינג געוואָרן געוואַלדיק דורשטיק, און מיט דער האַנט אָנגענומען וואַסער פון דניעסטער און געטרונקען. זי איז געווען גוט צום גומען, די וואַסער, און ער האָט געשעפּט נאָך און נאָך...

אַ פּאָר תפילין האָט אים די מאַמע מיטגעגעבן, און גראַדע איצטער זיצנדיק אויפן שיפל, האָט ער זיי אָנגעהויבן צו זוכן אין זאַק, צי זיי זיי־נען נאָך דאָ? יאָ, זיי זיינען נאָך דאָ, די תפילין... גרשון האָט שוין ניט געדאַוונט ווייסט וויפל יאָרן, און ער וואונדערט זיך, וואָס פּלוצלינג איז אים עפּעס ווי געגאַנגען אין לעבן זיך איצט נעמען זוכן די תפילין...

און דער צווייטער אומבאַקאַנטער און שרעקנדיקער ברעג קומט נעענ־טער און נעענטער. מען זעט אים נאָך ניט אין דער פינצטער, נאָר מען פילט אים. די לופט ווערט עפּעס אַנדערש... אַ יבשה־לופט...

אַ הויכע, בלינדע מאַסע איז דער צווייטער ברעג, און יידן מיט די שווערע קלומעקעס קלעטערן אַרויף דעם באַרג און מען סאָפּעט שווער, און דאָס האַרץ וויל זיך נאָר אָפּרייסן... און פּלוצלינג ווייזט זיך גרשונען אויס, אַז ער האָט שוין אַמאָל געגנבעט אַ גרעניץ, אַז ער האָט אַמאָל גע־קלעטערט אויך אויף אַזאַ באַרג אין דער פינצטערניש מיט נאָך אַ סך יידן. ווען איז דאָס געווען? לאַנג, לאַנג צוריק, אפשר מיט אַ פינף הונדערט יאָר צוריק און אפשר גאָר מיט אַ טויזנט יאָר צוריק... ער קאָן שווערן, אַז ער האָט מיט הונדערטער יאָר צוריק געלעבט אויף דער ערד, און עס האָט זיך געמאַכט אַזאַ נאַכט מיט אַזאַ דערשרעק און די קני האָבן זיך אים געבויגן, און יעדער אָדער אין די פיס האָט געוואָלט פּלאַצן...

אַז מען האָט דערגרייכט דעם שפּיץ באַרג, האָט זיך אָנגעהויבן דאָס פלאַכע לאַנד, דער בעסאַראַביער סטעפּ. מען האָט אים ניט געזען אין דער פינצטער, נאָר מען האָט אים דערפילט... ווייכע בעסאַראַביער ערד, און זי שמעקט מיט דעם ריח פון אויסגעטריקנטע קוקורוזע בלעטער, און מיט פאַרוויאַנעטע קרייטעכער אַלערליי... הינט האָבן געהאַוקעט אין אַ נאָענטן דאָרף... אַ שפּיץ פון דער לבנה האָט זיך מיט אַמאָל באַוויזן דורך אַ וואָלקן

און אַלע זײַנען געפֿאַלן צו דער ערד, צו דער ווײַכער בעסאַראַביער ערד...

און דאָ וואַקסט פּלוצלינג אויס ווי פֿון אונטער דער ערד אַ מאָלדאַוואַן אין אַ הויכער קוטשמע, און מיט אַ הויכן שטעקן... די יונגע פֿויערטע, די גרעניץ־פֿירערין, לויפֿט צו צו אים, בוקט זיך פֿאַר אים, רעדט צו אים אין מאָלדאַוואַניש גיך, גיך... דער מאָלדאַוואַן, ווײַל פּשוט מען זאָל אים געבן אין דער האַנט אַרײַן, אַז ניט הויבט ער אויף אַ גרויסן געוואַלד... לייגט מען זיך צונויף, מען גיט אים אין דער האַנט אַרײַן, און ער פֿאַרשווינדט אַזוי פּלוצלינג, פּונקט ווי ער איז פֿריער דערשינען...

גייט מען, און מען גייט, און מען גייט... איבער פֿעלדער גייט מען, און ניט איבערן שליאַך. פֿון צײַט צו צײַט דערטראָגט זיך דאָס טראַסקען פֿון רעדער. דאָרטן ערגעץ אויפֿן שליאַך פֿאָרט מסתמא דורך אַ מאָלדאַוואַנישער וואָגן, — און יעדן שטעלן זיך אָפּ, און הערצער קלאַפּן, און מען וואַרט, ביז דאָס טראַסקעריי פֿון די רעדער וועט אויפֿהערן...

און פּלוצלינג ערגעץ ווײַט ווינקען פֿײַערלעך, בלויז אַ דרײַ אָדער פֿיר פֿײַערלעך. די גרענעץ־פֿירערין זאָגט, אַז ס׳איז דאָס שטעטל ווערטיזשען, און אָט באַלד, אָט באַלד... אָבער דער אָט באַלד, אָט באַלד, האָט געדויערט לאַנג, לאַנג, און ווען מען איז אָנגעקומען הינטער ווערטיזשען, איז די נאַכט שוין געווען בלאַס, און ערגעץ גאָר נאָענט אויפֿן סטעפּ, האָבן שעפּעלעך געמעקעט, אפֿשר הונדערט שעפּעלעך...

יאָ, די נאַכט איז שוין געווען בלאַס, כמעט פֿאַרטאָג... קומענס האָבן זיך געדרויכערט, און אין רויך האָבן יעדן דערשמעקט, אַז מען פֿרעגלט איצט אין ווערטיזשען, הרעטשענע לאַטקעס אויף בוימל...

ס׳איז געווען אַ פֿרײַטיק פֿאַרטאָג...

## אין בעסאַראַביער שטעטל ווערטיזשען

פּונקט דעמאָלט האָט אָנגעהויבן צו מאַראַקען אַ רעגנדל. פּונקט דעמאָלט, — ווען ס׳האָבן זיך באַוויזן די ערשטע הײַזער פֿון ווערטיזשען. אָבער דאָס רעגנדל איז גאָר געווען אַ ברכה, עס האָט דערפֿרישט די הייסע פֿאַרשוויצטע פּנימער...

גרשון וואָלט איצט געוואָלט אַ קוק טאָן אין שפּיגל, ווי אַזוי זעט אויס ער, דער גרענעץ־גנבענער נאָך אַזאַ לאַנגער נאַכט פֿון שרעק און כּסדר־

דיקער האַרץ־טיאָכקעניש, און אברים אויסגעשעפּט ביז גאָר. אָבער וואָס דאַרף ער קוקן אין שפּיגל? ער וועט קוקן אויף אַנדערע גרעניץ־גנבֿענער און וועט זיך אַליין זען: כמעט אַלע געוואַלדיק מאָגער געוואָרן דורך דער נאַכט, כמעט אַלע מיט איינגעפאַלענע באַקן, כמעט אַלע, ווי זיי וואָלטן געאָטעמט מיט די בייכער, אַזוי ווי פּערד, להבדיל, וואָס שלעפּן אַ שווערן וואָגן אין אַ טיפער בלאָטע. און אין די אויגן, די גאַנצע שרעק פון דער איבערגעלעבטער נאַכט קוקט אין זיי...

זאָל מען נאָר אַריין קיין ווערטיזשען, וועט מען זיך שוין גוט אויסרוען, אָבער פּונקט ביים ערשטן הויז שטייט אַ רומענער, אַ ציווילער, כמעט אין די אונטערוועש, נאָר אַ שוואַרצע בורקע אַרויפגעוואָרפן אויף זיינע אַקסלען. שטייט און מאַכט גרויסע געוואַלדן אין רומעניש. און דאָ, די גרעניץ־פירערין, די יונגע פויערטע אין ברוינעם שאַל, וואָס האָט אַזוי געטריי געדינט די גאַנצע נאַכט, איז פאַרשוואונדן געוואָרן. און כאָטשבי די עדה גרענעץ־גנבֿענער פאַרשטייט ניט קיין רומעניש, אָבער מען ווייסט שוין, וואָס ער שרייט. ער שרייט, אַז די גרענעץ־וואַך, וואָס איז מסתמא ניט ווייט, זאָל דערהערן... אָבער ניט די גרענעץ־וואַך האָט דערהערט, עס האָבן דערהערט ווערטיזשאַנער יידן פון די נאָענטע הייזער, אייניקע נאָך אויך אין די אונטערוועש. זיי זיינען אַרויסגעלאָפן, אַרומגערינגלט דעם דאָזיקן רשע, אים געקושט די הענט, גערעדט צו אים אויף רומעניש, גיך, גיך, און ס׳האָט זיך אָפּט געוואָרפן אין די אויערן דאָס וואָרט „דאָמנולע״ (און מיטן וואָרט דאָמנולע, האָט זיך גרשון שפּעטער אויך אָפּט באַנוצט. ס׳מיינט: „האַר, גאָספּאָדין״). „דאָמנולע. דאָמנולע״, האָבן די ווערטיזשענער יידן כמעט געוויינט פאַר אים, און זיך געבעטן פאַר זייערע ברידער פון יענער זייט טייך, וואָס זיינען געשטאַנען צונויפגעטוליעט ווי אַ טשערעדע שאָף, ווען אַ וואָלף פאַלט אָן אויף איר, און האָבן געציטערט... זיי האָבן אויסגעבעטן ביי אים, די ווערטיזשענער יידן, זייערע ברידער פון יענער זייט טייך...

אין דער שול האָט מען אָפּגעפירט די פּליטים און זיי באַזעצט אין דער ווייבערשער שול. מען האָט באַלד געבראַכט טעלער מיט הייסע הרעטשענע לאַטקעס געפּרעגלט אויף בוימל, און זידנדיקע טעפּ מיט אַפּעטיט־רייצנדיקער שמעקנדיקער ציקאָריע.

גרשון וויל אָבער ניט קיין לאַטקעס, און ניט קיין ציקאָריע. ער וויל שלאָפן. אויף אַ האַרטער באַנק מיט זיין קלומעקל צוקאָפּנס האָט ער זיך אויסגעצויגן — און מאָמענטאַל געוואָרן אויס. ווי לאַנג ער איז אַזוי אָפּגעשלאָפן ווייסט ער ניט, נאָר פלוצלונג האָט ער זיך געגעבן אַ זעץ אויף

מיט אַזאַ דערשרעק אין האַרצן... ס׳איז טויט שטיל. לעבן דער טיר שטייט אַ רומעניִשער סאָלדאַט מיט אַ ביקס, און ווייטער אַביסל שטייט אַ רומעניִשער אָפיציר, צי אַן אונטער־אָפיציר, און דוקא אין רוסיש מאַכט ער צו אַלעמען מיט אַ רשעותדיקן שמייכל:

— פּאַספּאָרטי פּאַזשאַלויסטאַ (פּאַספּאָרטן, ביטע).

וואָרט ניט גרשון ביז וואַנעט דער דאָזיקער רשע וועט אים דערזען, און פרעגן אויף אַ פּאַספּאָרט, — און ער האָט דאָך ניט קיין פּאַספּאָרט פּונקט ווי די אַנדערע יידן האָבן ניט, און ער וועט דאָך אים אַוודאי אַרעסטירן, און דאָרטן אין געפּענגעניש אים שלאָגן ביז טויט. נייך, ער וואַרט ניט. דערזען, אַז דער רומעניִשער סאָלדאַט שטייט אַ פּינף אָדער זעקס פוס אָפּגעשיידט פון דער טיר, וואָס איז געשטאַנען אָפן, טוט ער זיך אַ גנבע, און ווי אַ בליץ אַ שוועב געטאָן, און ער איז שוין אין דרויסן. און אין דרויסן אויך ניט געבליבן שטיין נאָר ווייטער געפלויגן. דערזען אַ הויכן פּלויט, גלייך זיך אַרויפגעכאַפּט אויף אים, אַריבערגעוואָרפן זיינע לאַנגע פיס, און ער איז שוין אין אַן אַנדער גאַס, און אין דער אַנדערער גאַס דערזעט ער אַ הויז מיט אַ שטרויענעם דאַך, לויפט ער צו, טוט אַ נעם די קליאַמקע, עפנט אויף, לויפט אַריין און קאָן שוין ניט כאַפּן דעם אָטעם. און דאָס האַרץ אָט באַלד רייסט זיך דאָס אָפּ...

ס׳איז קיינער ניט געווען דאָרטן אין הויז. אין קיך האָט געפלאַקערט דער אויוון, טעפּ האָבן דאָרטן אינווייניק זיך געקאָכט, אָבער קיינער איז ניטאָ דאָרטן. אין אַלקער שטייען צוויי בעטן פאַרבעט, היימישע צוויי בעטן, פּונקט ווי ביי זיין טאַטע־מאַמע אין הויז. דער זעלביקער קאָליר פון האָלץ, כמעט די זעלביקע גרין־ראָזעווע קאָלדרעס. אויף דער וואַנט — די זעלביקע בילדער פון משה מאָנטעפיאָרע, און פון אליהו הנביא און פון דעם רויטלעכן גרינלעכן מזרח מיט די לעמפּעלעך און לייבן, און די צוועלף סימבאָלן פון די שבטים. אַ קאָמאָדע שטייט דאָרטן אויך, אַ היימישע קאָמאָדע, פּונקט ווי ביי טאַטע־מאַמע אין אַלקער, מיט גלעזערנע טירלעך, און דורך די גלעזערנע טירלעך זעען זיך די זילבערנע לייכטער, און דאָס קופּערנע שטויסל, און דאָס מעשענע חנוכה לעמפּל.

גרשון גייט צוריק אַריין אין פאָדערשטן צימער, און דאָרטן שטייט אַ הילצערנע סאָפקע ביי דער חרובע, און אויף דער סאָפקע ליגט אַ יידישע צייטונג, וואָס רופט זיך „דער ייד״ און גייט אַרויס אין קעשעניעוו, און ס׳זיינען דאָרטן דאָ אַרטיקלען פון איינעם אַ שייקעוויטש (זאָל דאָס זיין שמ״ר?); אַ פעליעטאָן פון י. ווײנשטיין, און אַ דערציילונג פון איינעם אַ ז.

ראַזענטאַל. און ס׳ווערט גרשונען דעם צוקונפטיקן שרייבער, אַזוי גוט. און ער נעמט זיך גלייך לייענען דעם „ייד״, אָבער אינמיטן דערינען, — ווי ער איז פאַרלוירן געגאַנגען און איז ווידער ניטאָ...

לאַנג, לאַנג, איז ער געשלאָפן פון פאַרטאָג ביז אין אָוונט, ביז ער האָט דערהערט אין שלאָף, ווי עמיצער זאָגט: „שלום עליכם, עליכם השלום, מלאכי השרת״. ער האָט געמיינט, אין שלאָף, אַז ער איז אין דער היים, און דאָס זאָגט אַזוי דער טאַטע „שלום עליכם״. ער כאַפּט זיך אויף און ס׳איז גאָר אַ געזונטער בעסאַראַבער ייד אין אַ שאָפן שמויסן היטל, מיט אַ רויט פּנים, אָפּגעשיילט פון ווינט, פון זון, מיט גראָבע שווערע שטיוול, וואָס האָבן געשמעקט זייער שטאַרק פון דיאָכט... און אויף אַ ביינקל זיצט אַ מיידל מיט רויטע האָר, און מיט לאַכנדיקע בלויע אויגן, און דאָס פּנים אינגאַנצן באַדעקט מיט זומער שפּרינקעלעך, אַפילו אויף אירע גאָלד־הויטיגע אָרעמס.

— אַ גוטער אויפשטאַנד אויף דיר — באַמערקט גלייך דער בעסאַראַביער ייד, אַז גרשון איז אויף — גיי וואַש זיך, וועל איך דיר אָפּגעבן שלום עליכם.

און גרשון האָט זיך געוואַשן, און דער בעסאַראַביער ייד, וואָס האָט געהייסן נוטע, האָט אים אָפּגעגעבן שלום עליכם, און אים פאַרבעטן צום טיש הנאה האָבן פון די שבתדיקע געשמאַקע מאכלים... דאָס יונגע מיידל, וואָס האָט געהייסן שייווע, דערציילט ווי זי האָט געדאַרפט גיין אין קלייטל קויפן צימרינג (קיין מאַמע האָט זי ניט, אַ יתומה). ווי זי קומט צוריק, — כאַ, כאַ, כאַ. אַ פרעמדער בחור ליגט אין אָנטאָן אויף דער האַרטער סאָפקע — און שלאָפט זיך אַזוי געשמאַק, כאַ, כאַ, כאַ! האָט זי פאַרשטאַנען, אַז ער איז איינער פון די בעזשענצעס, האָט זי גענומען אַ קישן פון אַלקער, אים אויפגעהויבן דעם קאָפּ און אונטערגעלייגט דאָס קישן, כאַ, כאַ, כאַ, און שפּעטער איז געקומען דער טאַטע, און זי האָט אים געוויזן אויפן פרעמדן שלאָפנדיקן בחור און געזאָגט:

— טאַטע, מיר האָבן אַן אורח אויף שבת, כאַ, כאַ, כאַ.

און נאָך האָט זי דערציילט, ווי מען האָט אַלע בעזשענצעס אין דער ווייבערשער שול, אַרעסטירט. זיי אָפּגעפירט אין געפענגעניש, און זיי דאָרטן געשלאָגן מכות רצח, אָבער די שטאָט האָט גלייך געקלאַפּט טרעוואָגע, זיך צונויפגעלייגט אַ גרויסע סומע געלט, און אויסגעלייזט די געפאַנגענע ברידער.

∷ ∷ ∷

שיִיוּע, די ווערטיזשענער רויט־האָריקע מיידל, מיט די לאַכנדיקע בלויע אויגן, מיט די זומער־שפּרינקעלעך אויפן פּנים, און אַפילו אויף די גאָלדען־הויטיקע אָרעמס — זי האָט אָפּגעהיט גרשונען ווי אַ ברודער, און אפשר גאָר ווי אַ חתן...

איינמאָל אַ פאַרנאַכט, אויפן באַרגיקן ברעג, די האַרבסט־זון איז פאַר־גאַנגען אונטן אין דניעסטער, און זיי האָבן זיך ביידע געקושט, גרשון און שיִיוּע... זי האָט געלאַכט כאַ, כאַ, כאַ, כאַ, און ער, גרשון, האָט זיך געפילט שול־דיק, וואָס ער קושט זי, מחמת זיין האַרץ גייט אים דאָך אויס נאָך מרימען. און מרים איז אויך געווען אין ווערטיזשען, האָט ער זיך דערוואוסט, און פון דאָרטן אַוועק מיטן צווייטן גרשונען קיין קעשעניעוו...

ווערטיזשען — און די רויט־האָריקע לאַכנדיקע שיִיוּע. ווערטיזשען, אַן אומעטיק שטעטל, מיט אַ פּאָר גאַסן אויפן באַרגיקן ברעג לעבן דניעס־טער, און אונטער ווערטיזשען איז סטעפּ, אומענדלעכער סטעפּ, בלאָטיקער סטעפּ. ס׳האָבן שוין אָנגעהויבן פאַלן די רעגנס. און ווערטיזשען אַליין איז אויך געגוג בלאָטיק. אָבער שיִיוּע, דער קאָליר פון אירע האָר, ווי די בעסאַראַבער רויטע קאַבאַקעס (פּאַמפּקינס), און אירע אויגן ווי דער צווייט פון בעז. זי האָט גרשונען געזונגען אַ ליד וועגן דער גאָלדענער פּאַווע... געפלויגן, געפלויגן איז די גאָלדענע פּאַווע. איבער טייכן און ימען...״

אַזוי פיל האַרציקע וואוילע שיִיוּעס אין די בעסאַראַבער שטעטלעך אין יענע יאָרן...

# ווידער אַמאָל אַ ליגן

וואָס קאָן גרשון טאָן אין אַ פרעמד לאַנד אָן אַ פּרוטה ביי דער נשמה? (די לעצטע געלטער האָט ער אויסגעגעבן אויף אַ פּאָר נייע שטיוול). סיידן ווערן אַ חתן. די פּשוטע בעסאַראַבער יידן האָבן זיך געקוואָפּעט אויף אַזוינע חתנים, ווי גרשון, פאַר זייערע טעכטער. און ניט מחמת גרשון איז געווען אַזאַ פאַרשוין. אַ בחור אַ מאָגערער, אַן אומגעלומפּערט לאַנגער, מיט אַ יינגליש פּנים פול מיט לישאַיעס און פּרישטשעקלעך. געקוואָפּעט האָט מען זיך איבער אַזעלכע ווי ער, ווייל ער האָט געקאָנט לערנען.

דאָס לערנען ביי די בעסאַראַבער יידן איז גאָר געווען די דערהויבנסטע שטופּע, וואָס אַ מענטש קאָן דערגרייכן. אַ שדכן איז געקומען צו גרשונען

און אים גערעדט אַ שידוך טאַקע מיט דער לאַכנדיקער רויט־האָריקער שיוועץ, און מיט די זומער שפּרינקלעך אויפֿן פּנים, אויף די אָרעמס, און אפילו אויפֿן האַלדז. דער טאַטע אירער וועט אויף אים אָפּשרייבן אַ האַלבע שטוב, און עטלעכע מאָרג ערד, וואָס ער פֿאַרמאָגט אין סטעפּ, גוט אויף צו פּלאַנצן טאַבאַק. אויך וועט ער אים קויפֿן אַ פּוטערנעם טולופּ מיט אַ קאַראַקולנער קוטשמע, אַ גאָלדענעם זייגער מיט טויזנט לעי נדן. זאָל נאָר גרשון זאָגן יאָ, און ס׳וועט אים זיין גוט ווי די וועלט... אַ סך יונגעלייט בעזשענצעס פֿון דער אוקראַינע, וואָס האָבן געקאָנט לערנען, האָבן טאַקע חתונה געהאַט פֿאַר בעסאַראַביער מיידלעך אין די גרעניץ־שטעטלעך.

גרשון איז פֿאַרסטראַנעט געוואָרן אין ווערטיזשען.

מען קאָן זיך גאָרניט אַרויסכאַפּן. מרים, האָט ער געהערט, איז אין קעשעניעוו, אָבער ווי אַזוי קומט מען אָן קיין קעשעניעוו? מיט דער באַן איז אַ גרויסע סכּנה. אויף יעדער גרעסערער סטאַנציע פֿרעגן זשאַנדאַרן אויף פּאַספּאָרטן. סיידן אויף אַ פֿויערשער פֿור, איז אָבער זייער אַ טיפֿע בלאָטע איבערן סטעפּ, ס׳קאָסט אַזוי פֿיל געלט — און גרשון איז נקי...

און קיין ווערטיזשען איז געקומען אַ פֿאַרמעגלעכער ייד, אַ טאַבאַק־פּלאַנטאַטאָר פֿון באָענטן דאָרף סירקאָווע זוכן צווישן די בעזשענצעס אַ העברעאישן לערער, וואָס מוז זיין אַזוינס און אַזעלכעס. און צוליב דעם האָט ער מיטגענומען דעם שוחט צו פֿאַרהערן די קאַנדידאַטן. און ווען גרשון איז אָנגעקומען אויף דער סטאַנציע, וואו דער דאָרפֿס־ייד מיטן שוחט זיינען איינגעשטאַנען, האָט ער געטראָפֿן דאָרט נאָך אַ קאַנדידאַט, — אַ סאָלידן יונגעמאַן מיט אַ שיין בלאָנד בערדל, אין פּענסנע, אין אַ ווייסער מאַנישקע מיט אַ גומענעם ווייסן קאָלנער, — אַ לערער מיט פֿאַרנעם. אונדזער בחור אָן אַ בערדל, אָן פּענסנע, אָן אַ מאַנישקע מיט אַ גומענעם קאָלנער איז אַראָפּגעפֿאַלן ביי זיך. אַז ער האָט אויסגעקוקט אין פֿאַרגלייך מיט יענעם ווי אַ אינגל. וואָלטן כאָטש זיינע וואַנציעס וואָס ער האָט זיך פֿאַרלאָזט שוין מיט אַ זעקס חדשים צוריק, געוואָקסן געדיכט, — זיינען זיי אָבער געווען קאַרגע וואַנצעלעך, קוים, קוים, וואָס מען האָט געקאָנט זאָגן אַ וואָנציע... און ווען דער שוחט האָט זיך גענומען פֿאַרהערן דעם יונגמאַן מיטן בלאָנדן בערדל, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז יענער איז גאָר אַ באַרימטער העברייער און פּעדאַגאָג פֿון באַלטע. אויף איין פֿראַגע אָבער האָט דער באַרימטער העברייער און פּעדאַגאָג געענטפֿערט ניט צופֿרידנשטעלענדיק, און די פֿראַגע איז געווען: צי קאָן ער שפּילן שאַך? ניין, האָט ער געענטפֿערט, ער קאָן ניט שפּילן קיין שאַך. דערפֿאַר אָבער, אַז מען האָט

גרשונען געפרעגט זי קאָן ער שפּילן שאַך, האָט ער געזאָגט, אַז יאָ. אַ שטיקל ליגנער געווען אונדזער גרשון. אָבער זאָלן מיר אים מוחל זיין, ער איז געווען יונג און שטאַרק געגלויבט אין זיך, אַז ער איז זייער אַ גוטער לערער, און די קינדער וועלן זיך צוקלעפּן צו אים, ווען מען שוין פאַרזען זיין ליגן. אַחוץ דעם קאָן מען דאָך זיך שאַך אויסלערנען.

און גרשון האָט נאָך קיינמאָל ניט געגעסן אַזוי פיל פליש ווי אין דעם דאָזיקן דאָרף סירקאָווע, גרויסע פּאַלומעסקעס מיט פליש פון יונגע לעמעלעך האָט מען דאָרטן דערלאַנגט צום טיש. און קיינמאָל האָט ער נאָך ניט געטרונקען אַזוי פיל וויין ווי אין דאָרף סירקאָווע, און ניט גראַדע אַ שבת אָדער אַ יום־טוב, נאָר יעדן טאָג. (דער אַלטער שמואל באַרסקי מיט די ראָזעווע בעקעלעך און פלוטאָוואַטע שוואַרצע אויגן האָט פאַרמאָגט אייגענע ווייִנגערטנער). און קיינמאָל האָט גרשון נאָך ניט געררויכערט אַזאַ שמעקנדיק טאַבאַק, ווי אין דאָרף סירקאָווע. דער אַלטער שמואל באַרסקי, אַליין אַ ליידנשאַפטלעכער רויכערער, האָט שוין געוואוסט וועלכע בלעטלעך אויסצוקלייבן פאַר זיך פון דעם טאַבאַק אויף זיינע פּלאַנטאַציעס.

ס'איז געווען דער אַלטער שמואל באַרסקי, און דער יונגער חיים באַרסקי, זיין זון. דער יונגער חיים באַרסקי, אָנגעגאָסן מיט גבורה, אַ ברונעט מיט ציגיינערשע ברענענדיקע אויגן, איז געווען טאַקע דער, וואָס האָט געפרעגט גרשונען אין ווערטיזשען, צי קאָן ער שפּילן שאַך. וואָלט מען געקאָנט מיינען, אַז ער אַליין איז אַ פאַרברענטער שאַך־שפּילער, און אַזוי ווי קיינער אין דאָרף קאָן ניט שפּילן קיין שאַך, ווילט זיך אים אַ לערער, מיט וועמען ער זאָל קאָנען שפּילן שאַך. ניין, ער אַליין האָט ניט געקאָנט שפּילן קיין שאַך, נאָר זיין אײדעלע געלערנטע ווייב אין רוסיש און אין העברעאיש האָט געקאָנט שפּילן שאַך. שושנה האָט זי געהייסן, אַ גרויס־שטאָטישע, אַ קעשעניעווער, מיט האַרציקע ברוינע אויגן, אָבער אַ בלאַסע, און אָפּט געליטן פון קאַפּוויטיק.

די באַוואונדערונג וועגן זיין שושנהן האָט זיך גאָר קיינמאָל ניט אָפּגעטאָן פון איר געטרייען מאַן, חיים באַרסקין, כאָטשבי זיי זיינען שוין געווען פאַרהייראַט ביי אַ צוועלף יאָר. שטענדיק בשעת זי האָט גערעדט צו גרשונען אין העברעאיש, אָדער געשפּילט שאַך מיט אים, האָבן חיימס ברענענדיקע שוואַרצע אויגן זיך געוואונדערט און געזאָגט: „זע נאָר אַזאַ גרויסע געלערנטע און זי איז גאָר מיין ווייב".

און וועגן גרשונס שאַך שפּילן איז אַזוי געווען: ער האָט זיך פּשוט

מודה געווען פאַר שושנהן, אַז ער האָט במחילה געזאָגט אַ ליגן וועגן שאַך־שפּילן, צוליב דעם וואָס ער האָט זיך זייער געגוויטיקט אין דער שטעלע. נאָר וואָס־זשע דען? — זאָל זי אים אויסלערנען, ער איז אַ בחור, וואָס נעמט זייער שנעל איבער. האָט זיך איר בלאָס פּנים צעשיינט צו אים מיט שוועסטערלעכער פאַרגעבונג, און זי האָט אים גענומען לערנען שאַך שפּילן.

אַ גרויס דאָרף איז סירקאָווע, און די פּאָר צענדליק יידן דאָרטן כמעט אַלע פאַרמעגלעכע, און ס׳איז זיי אויסגעגאַנגען דאָס חיות נאָך געלערנטע קינדער, און די קינדער אַליין האָבן אויך געהאַט גרויס חשק צום לערנען. פאַר גרשונען האָבן זיי געהאַט ביי זיך אין דאָרף אַ לערער גאָר אַ צאַצקע, איינעם אַ ישראל ווײַנשטײַן, וואָס איז איצט געווען איינער פון די רעדאַק־טאָרן פון דער צײַטונג „ייד״ אין קעשעניעוו. ער האָט זייער גוט געקאָנט שפּילן שאַך... אין די שבת צונאַכטסן האָבן כמעט אַלע יידן פון סירקאָווע זיך פאַרזאַמלט אין דער גרויסער שטוב פון אַלטן באַרסקין. דער שוחט, אַ יונגערמאַן נאָך, אַ רויט־האָריקער, אַן אָפּגעצערטער, מיט גרויסע ברוינע אויגן, איז זעלטן געקומען אין די שבת־צונאַכטסן. די שוחטקע, אויך אַ רויט־האָריקע, אַ קלאָר־ווייס הויטיקע, פרויעניש געפּאַקט, האָט אים ניט אַרויסגעלאָזט פון הויז. ער האָט געדאַרפט וויגן די קינדער. און קינדער האָט אים די שוחטקע געבוירן כמעט אַלע יאָר. אַ פולע שטוב מיט שריי־ענדיקע פּיצלעך קינדער...

און צונויפגעקומען זײַנען זיך אין די שבת־צו־נאַכטסן די יידן פון דאָרף, הערן גרשונען פאַרלייענען די צײַטונג „דער ייד״. זיי האָבן אַליין גע־קאָנט לייענען, ניט געווען אַזוי פאַרגרעבט, אָבער גרשון האָט אויך אויס־געטייטשט פאַר זיי טיפזיניקייטן פון די פובליציסטישע אַרטיקלען. און כמעט אַלע פובליציסטישע אַרטיקלען זײַנען געווען וועגן ארץ ישראל. זיי האָבן זייער ליב געהאַט צו הערן וועגן ארץ־ישראל...

מען האָט אויך, פאַרשטייט זיך, גענומען אין מויל אַריין, אין די דאָ־זיקע שבת־צונאַכטסן. געטרונקען בעסאַראַביער זויערן וויין און פאַרביסן מיט געשמאַקער ברינזע. און זייערע רויטע פּנימער זײַנען געוואָרן נאָך רויטער, און זייערע גליענדיקע שוואַרצע אויגן נאָך גליענדיקער. געגליט מיט ליבשאַפט איינער צום אַנדערן, און אומעטיק־זיסע לידער האָבן זיך געגאָסן פון זייערע העלדזער. אין מאָלדאַוואַניש האָבן זיי געזונגען. באַ־זונדערס האָבן זיי מיט גרויס האַרץ געזונגען אַ ליד אין מאָלדאַוואַניש. וואָס איז געווען געמישט מיט העברעאישע ווערטער. אַ ליד, וואָס האָט דערציילט, וואָס ס׳טוט אַ ייד, ווען ער שטייט אויף אין דער פרי, ווי אַזוי

ער גיסט זיך אָפּ נעגל־וואַסער, ווי אַזוי ער לייגט תּפילין, ווי אַזוי ער דאַ־ווענט... און דער ניגון פון דער דאַזיקער ליד אַ האַרציק־טרויעריקער, האָט דערמאָנט אָן די ניגונים, וואָס די מאָלדאַווענישע טשובאַנעס (פּאַסטו־כער) האָבן געשפּילט אויף זייערע פּייפּעלעך.

אין דרויסן איז חושך און בלאָטע, אַ טיפע האַרבסטיקע בלאָטע אין דאָרף, אַ טיפע האַרבסטיקע בלאָטע אין סטעפּ... און כאָטשבי ס'איז גרשונען אַזוי גוט צווישן די פּשוטע און זייער וואַרעמע דאָרפס־יידן, ציט דאָך אים אַזוי שטאַרק קיין קעשעניעוו, וואו מרים געפינט זיך...

# געכאַפּט גרשונען

פון אַלע גרעניץ־שטעטלעך ביים דניעסטער, האָבן זיך בעזשענצעס געריסן קיין קעשעניעוו. דער וועג אַהין איז געווען מיט גרויס סכנה, און אַז די רומענישע זשאַנדאַרן האָבן געכאַפּט איז מען אַרויס קאַליקעס פון זייערע הענט...

און גרשונען האָט מען אויך געכאַפּט, ווען ער זאָל ניט געווען שלאָפן, וואָלט מען אים אפשר ניט געכאַפּט. אין אַ קרעטשמע אויפן וועג קיין אָריעוו האָט אים אַ זשאַנדאַר געכאַפּט. אונדזער בחור האָט געמוזט עוקר זיין פון סירקאָווא, וואו ס'איז אים געווען אַזוי גוט ביי די פּשוטע בעסאַראַ־ביער דאָרפס־יידן. ס'הייסט אינגאַנצן גוט איז אים ניט געווען. ער האָט געבענקט נאָך קעשעניעוו, וואו דאָרטן איז געווען מרים, און וואו דאָרטן איז אויך געווען „דער ייד", די יידישע צייטונג, אין וועלכער ער האָט גע־האַפּט זיך דרוקן. ער האָט ממש זיך געוואונטשן, ס'זאָל קומען עפּעס אַ זייטיקער כוח, אַ קאַטאַסטראָפע, וואָס זאָל אים אַרויסיאָגן פון זיין גן־עדן אין סירקאָווא, און ער וועט זיך מוזן לאָזן קיין קעשעניעוו.

און די קאַטאַסטראָפע איז געקומען: אַ נייער רומענישער קאָמאַנ־דאַנט האָט זיך געיאַוועט קיין סירקאָווא, וואָס האָט ניט געוואָלט נעמען קיין כאַבאַר. (דער פריערדיקער קאָמאַנדאַנט האָט יאָ גענומען). און אָנ־געפאַלן איז דער נייער רשע אויף שמואל באַרסקיס הויז אינמיטן דער נאַכט, געקלאַפּט אין דער טיר און געשריען מען זאָל אים אַרויסגעבן דעם בעזשענעץ, וואָס וואוינט אומגעזעצלעך אין דער הייליקער רומעניע. די טיר האָט מען אים, מאָלט איך, אַזוי גיך ניט געעפנט, און ווען מען האָט

אים שוין יאָ געעפנט די טיר, איז דער בעזשענעץ שוין געלעגן באַהאַלטן ביים שוחט. דורך אַן אונטערשטן פענצטער האָט אים חיים באַרסקי אַרויס־געכאַפּט און אים אַוועקגעפירט צום שוחט. די קלוגע רויט־האָריקע שוחטקע האָט געהייסן גרשונען אַריינקריכן אין איר בעט, אים איבערגעדעקט מיטן איבערבעט איבערן קאָפּ און פאַרזאָגט ניט קיין פּיפּס טאָן...

פּאַרטאָג איז אָנגעקומען חיים באַרסקי, זייער אַ פּאַרוויטיקטער און געזאָגט גרשונען, אַז ער מוז עוקר זיין — אַנטלויפן, הייסט עס, מחמת דער רשע, דער קאָמאַנדאַנט האָט זיך געשוואוירן, אַז — זאָל ער נאָר כאַפּן דעם בעזשענעץ מאַכט ער פון אים אַ קאַליקע, און מען האָט אים געקאָנט גלויבן... די שוחטקע האָט זיך אונטערגענומען באַגלייטן גרשונען ביז אָריעוו, אויפן וואָגן, וואָס חיים באַרסקי האָט צוגעשטעלט. אַ וואָלענע ווייבערשע שאַל האָט זי אַרויפגעוואָרפן אויפן בעזשענעץ, אַז ס׳זאָל אים ניט זיין קאַלט, אַז מען זאָל אים אָננעמען פאַר אַ פרוי. אָבער קאַלט איז אים געווען, ווי קיינמאָל נאָך ניט אין זיין לעבן. דאָס אָסיענדיקע רעגנדל האָט דורכגענומען די ווייבערשע שאַל אויך, און זיין פאַלטאָלכל ביז צום לייב... און דאָ פאָרט מען שעה׳ן און שעה׳ן, און ס׳איז בלויז סטעפּ, און ס׳איז בלויז בלאָטע, אַ רויטלעכע בלאָטע אַזאַ. די דערפלעך, וואָס מען איז דורכגעפאָרן פון צייט צו צייט זיינען עפּעס געווען נאַקעטע דערפלעך, אָן פלויטן, אָן בוימער אַרום... עפּעס ווי די דערפלעך אַליין וואָלטן פאַר־סטראָנעט געוואָרן אין נאַקעטן סטעפּ...

אַזוי אומעטיק דער בעסאַראַביער סטעפּ אין דער אָסיענדיקער בלאָטע, אַזש ביז צום וויינען. דער אָנטרייבער, אַ מאָלדאַוואַן אין אַן אַלטן באַ־שליק, אין אַ שוואַרצער פאַרלאַטעטער בורקע, האָט זיך אַפילו קיין איינמאָל ניט אויסגעדרייט צו זיינע פּאַסאַזשירן, געצויגן אויטאָמאַטיש די וויאָזשקעס, זיך אונטערגעזונגען אַ וואָלעכיש ניגונדל, וואָס איז געווען אַזוי אומעטיק, ווי דער בלאָטיקער סטעפּ אַליין. די רויט־האָריקע שוחטקע פּאַרקוטיעט אין בלויען בורנוס, דער אונטערשלאָג מיט פוטער, אויפן קאָפּ אַ באַראַש־קענער באַשליק, האָט געלאַכט צו גרשונען מיט אירע וויניק־ברויניק אויגן, אַריינגעכאַפּט אַלעמאָל זיינע קאַלטע הענט אין אירע, געאוכקעט אויף זיי מיט איר וואַרעמען אָטעם און געמאַכט צו אים:

— אָט באַלד וועט זיין אַ קרעטשמע.

און די קרעטשמע איז איין־איינציק הויז אינמיטן אומענדלעכן ים פון סטעפּ, אַ גרויסע כאַטע מיט אַן אָפּגעקראָכענעם שטרויענעם דאַך. אויס־געשפּאַנטע וועגענער האָבן זיך געגעצט אין דרויסן, אין שטאַל זיינען פערד

געשטאַנען און גערוקט די קעפּ אין די האָבער־זעק... אינעווייניק אין קרעטשמע — אַ געדיכטער רויך פון ביליקן היימישן טאַבאַק, און אַ גע־דיכטער ריח פון אַלקאָהאָל. מאָלדאַוואַנעס אין זייערע נאַסע בורקעס, האָבן געשמעקט ווי פאַרנעצטע שאָף. זיי האָבן געטרונקען ווייך, געוויכערט, גע־שפּיגן און געזונגען. דער אמת געזאָגט, האָבן זיי ניט געזונגען, נאָר זייער ריידן האָט זיך אויסגעוויזן גרשונען, ווי געזאַנג. אַ ריטמיש לשון דאָס מאָלדאַוואַניש, וואָס די פּויערים ריידן דאָס מיט אַזאַ פּייערלעכקייט, מיט אַזאַ פּאַטאָס.

גרשון האָט אויסגעטרונקען אַ גלאָז זויערן אָבער דערקוויקנדיקן וויין, צוגעפאַלן מיטן קאָפּ צום טיש, און איינגעשלאָפן... אָבער לאַנג ניט גע־שלאָפן. עמיצער האָט אים ברוטאַל אָנגעכאַפּט ביי די פּלייצעס, און ווען גרשון האָט אין גרויס פּחד אויפגעריסן די אויגן, האָט ער שוין געזען, אַז ער איז אַ פאַרפאַלענער.

— ווער ביזטו ? — האָט דער רומענישער זשאַנדאַר אַ רעווע געטאָן.

די שוחטקע האָט געמאַכט גוואַלדן. זי האָט געטענהט, געבעטן, ניט דירעקט צום זשאַנדאַרם נאָר צו די מאָלדאַוואַנעס, וואָס זיינען אַלע געוואָרן דערשראָקן שטיל. וואָס די שוחטקע האָט געטענהט האָט גרשון ניט איינ־גאַנצן פאַרשטאַנען, ער האָט זיך אָנגעשטויסן, אַז זי האָט געוועקט רחמנות צו אים, גרשונען, ביי די מאָלדאַוואַנעס, אָבער וואָס האָבן די מאָלדאַוואַנעס געקאָנט טאָן אַנטקעגן דעם באַוואָפנטן זשאַנדאַר מיט בייזע שמאָלע אויגן, און מיט אַ פּנים רויט ווי אַ ציגל...

אין זיין גרויסן אומגליק האָט גרשון ניט באַמערקט יאַנקלען, יאַנקעלע נחום דיינס דער קליינגעוואַוקסיקער, מיט וועלכן ער איז געפאָרן פון בער־שאַד צו דער רומענישער גרעניץ אויף איין וואָגן. יאָ, ס'איז טאַקע יאַנקעלע, נחום דיינס, אינגאַנצן אַ דורכגענעצטער און זייער אַן אויסגעצערטער, און אויך אַ שטאַרק צעשלאָגענער. יאַנקעלען האָט דער זשאַנדאַר געכאַפּט אין אַ דערפל באַראָוואַ, האָט דאַכט זיך דאָס געהייסן. ער האָט אים געפירט קיין אַריעוו, אויפן וועג אַריינגעגאַנגען אין דער קרעטשמע, און געפּאַקט נאָך אַ העכט. פירט שוין דער זשאַנדאַר ביידן קיין אַריעוו. ער אויפן פערד, און גרשון מיט יאַנקעלען — צופוס אין דער קלעפּיקער רויטלעכער בלאָטע. גרישון פאַרמאָגט כאָטש אַ פּאָר שטיוול, יאַנקעלס שיך זיינען שוין צע־דרייט, זיי פּייפן די שיך, פון דער בלאָטע, וואָס קריכט אין זיי. ביז דער קרעטשמע, איז יאַנקעלע געווען איינער אַליין מיט אָט דעם רשע, איצטער איז ער כאָטש מיט אַ חבר. דער זשאַנדאַר שלאָגט איצט ביידן מיט זיין

נאַגאַיקע, אי יאַנקעלען, אי זיין חבר.

— אל תצעק מכאב (שריי ניט פון ווייטיק) — זאָגט אים זיין חבר יאַנ־קעלע אין העברעאיש — כי לא ילעג הרשע עלינו (ס׳זאָל ניט אָפּשפּעטן דעם רשע פון אונדז).

דעם קליינגעוואוקסיקן יאַנקלען, וואָס האָט זיך געריסן קיין קעשעניעוו ווערן אַ חלוץ און פאָרן קיין ארץ־ישראל, איז געגאַנגען אין לעבן צו באַ־ווייזן דעם זשאַנדאַר, אַז דער ייד איז שטאָלץ, און ער פּייפט אויף אים, כאָטשבי ס׳טוט ווי.

אָבער גיי שריי ניט, אַז ס׳טוט אָבער פאָרט ווי, און ניט אַזוי דער ווייטיק ווי די פּאַניק, און ניט אַזוי די פּאַניק, וואָס ס׳ווערט פאַרמאָטערט יעדער אבר. די פיס נאָך אַ האַלבן וויאָרסט אין דער בלאָטע, האָבן זיך אָפּגעגעזאָגט דינען. ער איז שוין מקנא יאַנקלען וואָס טראָגט לייכטע שיך, מחמת אַ שוך מיט בלאָטע איז גרינגער אַרויסצושלעפּן, ווי אַ שטיוול מיט בלאָטע. ס׳האָט זיך געזאַמלט די בלאָטע אויף די שטיוול און זיך אָנגעזאַמלט אפשר אַ פאָר פונט, און דאָ איז דער סטעפּ אָן אַן עק און אָן אַ סוף, כאָטש אַ בוים ערגעץ אויפן וועג וואָלט געווען אַ טרייסט. און דאָס רעגנדל פאַלט און פאַלט, און די כוחות גייען אָפּ, רינען אַוועק. אָבער יאַנקעלע, וואָס האָט מערער געליטן פון גרשונען, דאָס אָפּגעצערטע קליינינקע יאַנקעלע, וואָס האָט נאָך קיין קוטשמע ניט, נאָר אַ קאַשקעט, און דער קאַשקעט איז גאָלע וואַסער, און ס׳רינט אים איבערן פנים ווי פון אַ רינווע, אָט־דאָס דאָזיקע יאַנקעלע — ער שטאַרקט גרשונען, אין העברעאיש שטאַרקט ער אים:

— אל תפול רוחך — זאָל ניט פאַלן דיין געמיט.

אַזוי פיל מאָל האָט זיך גרשונען געחלומט שפּעטער מיט יאָרן אין די נעכט, אָט די דאָזיקע איבערלעבונג. און ווען ער כאַפּט זיך אויף, איז פאַרפרוירן דאָס האַרץ, און די איברים ציטערן, און ער האָט מורא צוריק איינשלאָפן, ווייל טאָמער קאָן זיך אים חלומען נאָך אַמאָל דער זעלביקער חלום. אין חלום אָבער וואָס ס׳חלומט זיך אים אָפּט, קלינגען ניט קיין גלעקער צום סוף. דעמאָלט אָבער האָבן יאָ געקלונגען גלעקער, און די גלעקער זיינען געווען גלעקער פון אויסלייזונג. אַ בעל עגלה מיט בעסאַראַ־ביער יידן סוחרים, אין אַ בויד, זיינען אָנגעפאָרן, און זיי האָבן פשוט יאַנקע־לען מיט גרשונען אויסגעלייזט פון זשאַנדאַרם פאַר צוויי הונדערט לעי...

# מאַמעליגע

גרשון האָט געמיינט, אַז ער האָט אַ היים אין קעשעניעוו — זיין פעטער רפאל. ס'איז אָבער שוין ניטאָ קיין פעטער רפאל, פרעמדע יידן וואוינען אין זיין הויז. אַוועק פון דער וועלט, זיין פעטער רפאל, מיט אַן אַנדערהאַלבן יאָר צוריק, און די מומע מיט אירע קינדער איז אַוועק אין איר געבורטס־שטאָט גראָסעליס. וואוהין זשע גייט מען? אין אַ שול. באַלד פאַלט צו די נאַכט און אין שול וועלן אַוודאי יידן קומען דאַוונען מנחה און מעריב, און די יידן וועלן אים שוין ניט לאָזן פאַלן.

באַלד קומט אָן די נאַכט, און די קעשענעווער גאַסן צינדן זיך אָן מיט עלעקטרישע לאָמפּן. ס'איז אַ פראָסט, פון די פאַרבייגייער טראָגט זיך אַ פאַרע פון מויל. פּיאַקערן און פאַעטאָנען מיטן גרויס־שטאָטישן קנאַק יאָגן זיך פאַרביי. רומענישע אָפיצערן און יונגע דאַמען אין טייערע פוטערס לאַכן פריילעך אין די פּיאַקערן און אין די פאַעטאָנען. די טראָטואַרן רוישן מיט מענטשן. אַ מאַווי הויז איז העל באַלויכטן. ביים אַריינגאַנג אין אַ גרויסער שפּייז־קראָם פון דעליקאַטעסן, פאַקעווען די פאַרקויפער פאַר די קונים אָפּגעשניטענע שטיקער, אַפּעטיט־רייצנדיקע סאַלאַמי, געריכערטע הערינג, שוואַרצע פעטע מאַסלינעס, געזייערטע פּעטליזשאַנעס.

אַ זאַק אויף די פּלייצעס טראָגט גרשון. אַ פּאָר שבתדיקע הויזן, צווי פאָרלעך וועש, תפילין און צוויי העפטן מיט זיינע דערציילונגען, דערציילונגען וואָס ער האָט נאָך אָנגעשריבן אין דער היים, און די וואָס ער האָט שוין אָנגעשריבן אין בעסאַראַביע (די שוחטקע האָט אים געבראַכט דעם זאַק מיט זיינע זאַכן קיין אָריעוו.)

גרשון דערזעט אַ שול, אָבער דער בנין איז זייער רייך, פון שטיין געמויערט מיט זייער אַן אימפּאָזאַנטן פאַסאַד. די טרעפּ ביים אַריינגאַנג זיינען ברייטע און קוקן אויס ווי מאַרמאָרנע. אין אַזאַ שול האָט ער מורא אַריינצוגיין מיטן זאַק אויף די פּלייצעס, און דערצו נאָך אין זיינע שטיוול מיט פאַרהאַרטעוועטער בלאָטע, און אין זיין פאַרשטויבטן פאַלטאָכל, און אין זיין ברודיקער גרויער קוטשמע. אַחוץ דעם איז דאָרטן אינעווייניק אין שול אַזוי שטיל. די הויכע געמאָלענע פענצטער זיינען טאַקע ליכטיק, אָבער ס'טראָגט זיך ניט פון דאָרטן דאָס היימישע קול פון יידן וואָס דאַוונען... ער וועט זוכן אַן אָרעמערע שול...

און ער האָט לאַנג ניט געדאַרפט זוכן. אַ פּאָר קוואַרטאַלן ווייטער טוט אַ שיין אַ שול מיט הילצערנע ווענט, און די פענצטער זיינען היימיש־ליכ־

טיק, און אידער ער קומט צו די טרעפּ דערהערט ער שוין דאָס באַקאַנטע קול פון אַ ציבור יידן וואָס דאַוונט...

גרשון, דער אויפגעקלערטער, דער משכיל, אַזוי צו זאָגן, האָט זיך אויך געשטעלט דאַוונען און געדאַוונט מיט הארץ אינאיינעם מיט דער עדה בעסאַראַביער יידן. ער האָט געדאַוונט ניט אַזוי צו גאָט, ווי צו דער עדה יידן, זיי זאָלן אים אָננעמען פאַר זייער ברודער...

גלייך נאָכן דאַוונען איז כמעט יעדער איינער צוגעגאַנגען צו אים און אים אָפּגעגעבן אַ וואַרעמען שלום עליכם. און אַז ער איז אַ בעזשעניעץ האָט ער זיי ניט געדאַרפט זאָגן, מען האָט שוין דערקענט אַ בעזשעניעץ לויט זיין הולך, לויט דעם זאַק, לויט די אויגן.

— פון וואַנעט אַ יונגערמאַן?

— פון בערשאַד.

— האַ, האַ, בערשאַד, וואו מען מאַכט די טליתים!... האָסט עפּעס עמיצן דאָ?

— דאָס איז דאָך די מעשה...

דער שמש, אַ קליינגעוויקסיקער, אין אַ געלער קאַפּאָטע, אין אַן אָפּגעבליאַקעוועט גרין פּליושן היטל, מיט אַ גרוי בערדל, פאַרפלעקט פון טאַבאַק, האָט געזאָגט, אַז ער וועט אים פירן אין דער „אָבשטשעזשיטיע", און אַז גרשון האָט דאָס דערהערט איז אים ניט גוט געוואָרן. ער האָט שוין אין אַריעוו געוואוינט אין „אָבשטשעזשיטיע", און „אָבשטשעזשיטיע" מיינט: צוזאַמענוואוינשאַפט, ס׳מיינט צענדליקער בעזשענצעס מיט זייערע משפּחות צונויפגעפּאַקט אין אַזאַ מין שטאַל, און די ריחות דאָרטן געדיכט מיט טוכלעקייט, ברודיקייט, זויערקייט, מיט ניט־געוואַשענע מענטשלעכע קערפּערס. דער עיקר אָבער, מען קאָן דאָרטן ניט שלאָפן, ניט נאָר צוליב די שטיקנדיקע ריחות, נאָר אויך פון די שטענדיקע געשרייען און קולות. די פּיצלעך קינדער געוואַלדעווען אין די נעכט. אויך צוליב די זידלערייען און קריגערייען. מענטשן וואָס וואוינען צונויפגעשטופּט ווי שאָף, קאָנען זיך ניט פאַרליידן איינער דעם אַנדערן, קריגט מען זיך. און גאָר דער עיקר די געפּאַלנקייט, וואָס מען פילט אין אַזאַ פּלאַץ. און געריסן האָט זיך גרשון פון אַריעוו קיין קעשעניעוו ניט נאָר צוליב מרימען און צוליב דער יידישער ציטונג, ווי אויך צוליב דער הימס ביי זיין פעטער רפאל. איז ניטאָ דער פעטער רפאל, ניטאָ די הימס, און איצטער ווידער אַמאָל „אָבשטשעזשיטיע". און דער שמש וויל זיך שוין נעמען אָפּפירן גרשונען אין „אָבשטשעזשיטיע", ווי ס׳רופט זיך אָן אַ ייד מיט אַ קול, ווי פון אַ פאַס אַרויס, אַ הויכער, מיט

אַ פּנים, וואָס קוקט אויס ווי אָפּגעשווּנדן, — אָפּגעשווּנדן פון די וועטערן אַלערליי, פון דער זון, פון ווינט, פון רעגן, פון פראָסט, די באָרד זיינע אַ רויטע, אַ געדיכטע, אַ צונויפגעפּלאָנטערטע:

— איך וועל אים נעמען צו זיך, אויב דער יונגערמאַן איז ניט דאַגעגן.

און דער דאָזיקער ייד מיטן אָפּגעשווּנדענעם פּנים, און מיט דעם קול, ווי פון פאַס אַרויס, איז געווען אַ בענדיוזשניק. אַ בענדיוזשניק מיינט איינער וואָס טרייבט אַ לאַסט־וואָגן, אַ לאַנגן, אַ שמאָלן אויף הויכע רעדער— אַ בענדיוגע. גודל האָט ער געהייסן, גודל וויינטרויב. די גודלטע, זיין ווייב — אַ פּולע, אַ הויך־בוזעמדיקע, אָבער אַ טרויעריקע. און טרויעריק איז זי געווען, ווייל איר איין און איינציקער זון איז געווען אין אַמעריקע. פון אויבן אָן האָט מען גרשונען געזעצט, און די וועטשערע איז באַשטאַנען פון מאַמעליגע מיט ברינזע...

און וואָס אַזוינס איז מאַמעליגע? דאָס איז זייער אַ פּשוט מאכל: מען נעמט און מען זידט אויף אַ טאָפּ וואַסער, און אין דעם אויפגעזאָטענעם טאָפּ וואַסער טוט מען אַריין דאָס גאָלדענע פּאַפּשויען־מעל, מיט אַ ביסל זאַלץ, ווערט פון דעם גאָלדענעם פּאַפּשויענעם מעל ווי אַ מין קוגל, קערט מען איבער דעם קוגל אין אַ שיסל, און מיט אַ פאָדעם שניידט מען הייסע שטי־קער מאַמעליגע, און מ׳טונקט אין סמעטענע, אָדער מ׳פאַרבייסט מיט ברינ־זע. איז דער טעם אַזאַ וואָס מ׳קאָן גאָרניט פאַרגעסן. אין אַמעריקע בייַנקען זייער שטאַרק קינדער פון בעסאַראַביע נאָך אַ שטיקל היימישער מאַמעליגע.

יאָ, און וואָס־זשע אַזוינס איז ברינזע? ברינזע איז קעז פון שאָפן־מילך, און נאָר די בעסאַראַביער מענטשן ווייסן דאָס ווי אַזוי צו מאַכן. אַ כפּרה, זאָגט ער, די טייערסטע קעזן פאַר אַ טעם אי פון קעז, אי פון פּוטער, אי פון נאָך עפּעס, וואָס מען קאָן דאָס גאָרניט באַשרייבן...

און גודל דעם בענדיוזשניקס דירה איז געווען איין שטוב מיט אַ קיכל. אַ קליין שוואַרץ און בייכיק טשוגונען איזועלע האָט באַהייצט די שטוב. אויף דער וואַנט איז געהאַנגען אַ בילד פון קאַפּיטאַן דרייפוס, און אַ געמאָ־לענער מזרח, פּונקט ווי ביי גרשונס טאַטע־מאַמעס הויז, און דאָס האָט דעם בענדיוזשניק מיט זיין פרוי געמאַכט גרשונען זייער נאָענט, עפּעס ווי לייב־לעכע קרובים. גודל האָט געזאָגט, אַז גרשון קאָן זיין ביי אים וויפיל ער דאַרף, און ער וויל גאָרניט קיין באַצאָלטס פאַר דעם. דאָס איינציקע שטיקל באַצאָלטס איז, ווען גרשון זאָל אַלע אויפדערנאַכט מיט אים לערנען אַביסל שרייבן אַ שורה־גריסל. ער וואָלט אַזוי געוואָלט זיך אויסלערנען שרייבן מיט זיין אייגענער האַנט אַ גרוס צו זיין זון. געווייגלעך שרייבט אים דער

שמש פון דער שול די בריוו צו זיין קינד אין אַמעריקע.

און דער בענדיזשניק האָט געהאַט אַ האַנט זייער אַ שווערע, און דאָס לייכטע הענטל־פּען האָט ער גאָרניט געקאָנט האַלטן. געווען שווערער ביי אים, ווי אַ זאַק מעל. און געשוויצט האָט ער אַ געוואַלד... און די צונג זיינע שיער ניט אָפּגעביסן פון אָנשטרענגונג... נאָכט נאָך נאָכט אַזוי... אָבער סוף כל סוף זיך אויסגעלערנט אָנשרייבן די דריי ווערטער: דיין טאַטע גודל... גרשון האָט זיך נאָך מער געפרייט ווי זיין תּלמיד... אָך, „דיין טאַטע גודל". וויפיל פּאַטערשע ליבשאַפט און בייִנקשאַפט זיינען געווען אין די דאָזיקע דריי ווערטער . . .

## ווידער אַמאָל מרים

איז וואו־זשע זאָל גרשון זוכן מרימען? קעשעניעוו איז אַזוי גרויס. ער וועט זיך דערפרעגן ביי בעזשענצעס. זיי זיינען דאָ דאָ, קיין עין־הרע, אַזוי פיל. טויזנטער און טויזנטער האָבן זיי זיך דערשלאָגן אַהערצו פון די גרענעץ־שטעטלעך... אויף דער כאַרלאַמפּעווסקע לעבן דער זינאַדינעוו־סקאַ, קאָן מען דאָרטן ניט אַריבערגיין די גאַס. דאָרטן געפינט זיך דער „דזשאָינט", וואָס איז דער אַדרעס פאַר אַלע בריוו, וואָס קומען־אָן פון די אַמעריקאַנער קרובים צו די בעזשענצעס אין קעשעניעוו. אַלע אינדערפרי קלעפּט מען דאָרטן אויס אינדרויסן אויף די ווענט צעטלען מיט נעמען פון די גליקלעכע, פאַר וועלכע ס׳געפינען זיך בריוו פון די אַמעריקאַנער קרו־בים. און אין די בריוו קאָנען ליגן אָנווייזונגען פאַר געלט, אַפידעיוויטס און שיפס־קאַרטן. שטופּט מען זיך דאָרטן פאַר די צעטלעך אויף די ווענט אַלע אינדערפרי מיט קלאַפּנדיקע הערצער. מען לייענט נאָכאַמאָל און נאָכ־אַמאָל: טאָמער? אפשר?

אין דער זעלבער געביידע פון „דזשאָינט" געפינט זיך אויך די ביוראָ פאַר חלוצים. יונגע חברה פון די בעזשענצעס קומען אַהינצו מען זאָל זיי צונעמען פאַר חלוצים. אָבער ניט אַזוי גיך נעמט מען. קודם כל דאַרף מען גוט קאָנען רעדן לשון קודש. צווייטנס, דאַרף מען זיין פיזיש שטאַרק, דריטנס, דאַרף מען זיין אַן אידעאַליסט. און ווי אַזוי געפינט מען אויס צי מען איז אַן אידעאַליסט? די וואָס עקזאַמינירן דעם קאַנדידאַט ווייסן שוין וועלכע פראַגן צו שטעלן אויסצוגעפינען צי מען איז אַן אידעאַליסט. יאַנ־

קעלע נחום דיינס, גרשונס בן עיר, איז דורכגעגאַנגען ביי די עקזאַמענס אויף אַלע פּונקטן, דאָס הייסט, אין רעדן לשון קודש, אין אידעאַליזם, אָבער אַחוץ דעם פּונקט פון פיזישקייט: עפּעס צו דאַר און צו קליין...

ניט ווייט פון דזשאַינט געפינט זיך אויך די רעדאַקציע פון דער טעג־לעכער צייטונג „דער ייד". גרשון קלייבט זיך אַהין אַריינגיין, אָבער ער האָט נאָך ניט קיין מוט. מסתמא וועט ער סוף כל סוף זיך אָננעמען מיט מוט און יאָ אַריינגיין. דעם רעדאַקטאָר קען ער שוין, ער האָט אים געזען אין דרויסן. ראָזענטאַל הייסט ער, נאָך אַ יונגער מענטש.

אויף דער אילינסקאַ גאַס קומען זיך אויך צונויף יעדן טאָג אַ סך בע־זשענצעס. דאָרטן געפינט זיך דער צענטראַלער רעליף קאָמיטעט. דאָרטן גיט מען אַרויס צייטווייליקע פּאַספּאָרטן מיטן שטעמפּל פון קאָמיטעט. אָבער ווען אַ דעטעקטיוו פון דער סיגוראַנצע (געהיים־פּאָליציי) שטעלט־אָפּ אַ בעזשענעץ, העלפט סיי־ווי־סיי ניט דער דאָזיקער פּאַספּאָרט מיטן שטעמפּל פון קאָמיטעט, סיידן אַז מען שטעקט אים אַריין עפּעס אין דער יד אַריין.

אויף דער אילינסקאַ געפינט זיך אַ רעסטאָראַן בלויז פאַר בעזשענצעס. און דער באַלעבאָס אַליין איז טאַקע אויך אַ בעזשענעץ, און ער מאַכט הרוו־דעס מיט גאָלד צוליב זיין געניאַלן איינפאַל. ער האָט פאַרשטאַנען מיט זיין חכמה, אַז נאָך וואָס זיינע ברידער בעזשענצעס פון דער אוקראַינע וועלן בענקען אין ענין פון עסן איז נאָך אַ טעלער היימישן צימעס פאַסאָליעס. קאָכט ער ניט גראַדע אין די פּרייטיקס, נאָר אַלע טאָג דאָס דאָזיקע באַליב־טע מאכל, און גרשון האָט ניט איינמאָל זיך דערקוויקט דאָרט זיין האַרץ...

און צווישן די בעזשענצעס וואַרפן זיך אין די אויגן צוויי קלאַסן: דער קלאַס, וואָס „האָט נאָך ניט" און דער קלאַס וואָס „האָט שוין יאָ". דער קלאַס וואָס „האָט נאָך ניט", דאָס הייסט, נאָך גאָרניט באַקומען פון זיינע אַמעריקאַנער קרובים, וואוינט אין די „אָבשטשעזשיטיעס". זיינע אָפּגעריי־בענע קליידער זיינען דורכגעזאַפּט מיטן ריח פון די דאָזיקע צוזאַמענוואוי־נונגען — דער ריח פון טוכלעקייט און ברודיקייט. ער ליגט איבער גאַנ־צענע טעג אין צענטראַלן רעליף קאָמיטעט גלאַט אַזוי, און דאָס פּנים — איין שטיק יאוש און אויסזיכטלאָזיקייט.

דער קלאַס וואָס „האָט שוין יאָ", דאָס הייסט, ער האָט שוין באַקומען געלט פון זיינע אַמעריקאַנער קרובים, איז אויסגעפּוצט אין שפּאָגל נייע קליידער, וואוינט אין פּריוואַטע צימערן, אָדער גאָר אין האָטעלן, עסט אין די בעסערע רעסטאָראַנען און קלייבט זיך יעדן טאָג אָפּפאָרן קיין בוקאַרעשט. וואָס גאָר קיין בוקאַרעשט? ווייל דאָרטן געפינט זיך דער אַמעריקאַנער

קאָנסול, וואָס גיט אַרויס וויזעס...

און איינמאָל אַ ביטאָג אויף דער אילינסקאַ גאַס ביים צענטראַלן רעפּ־ליף קאָמיטעט, גרשון טוט אַ קוק — מרים! ס׳זינגט פון איר, פון מרימן. זי איז, ווי עס זעט אויס, פון דעם קלאָס „וואָס האָט יאָ״. דעם שוסטערס מיידל פון כאַשטשעוואַטע קוקט איצט אויס ווי אַ רייכע באַרישנע. ס׳פּאַסט זיך שוין אַזוי שיין צו איר פאַרפלאַמט פּנים, דער האָריקער, געלער מאַנטל מיט אַן איידל ברוין־גאַרטעלע אַרומגענומען אַרום איר טאַליע, די קעשענ־מירנע שאַרפע אַרום איר האַלדז, אין געלע לעדערנע הענטשיקעס, און אין שוואַרצע שניי־שיך מיט געלן פוטער באַשלאָגן. דער צווייטער גרשון איז פאַרשטייט זיך אויך דאָ מיט איר, איז ער אויך אין גאָלע נייעם. זייער אַן אויפגעלעגטער.

— מרים!

ווי פלעמלעך פון אַ ליכט אויפן ווינט אַזוי האָבן די פלעמלעך אין אירע גוטע ברוינע אויגן זיך געגעבן אַ צעיאָג. אירע הייסע באַקן זיינען געוואָרן נאָך הייסער.

— גרשון! — האָט זי זיך אי דערשראָקן, אי דערפרייט.

דער צווייטער גרשון האָט זיך גאָרניט דערשראָקן. זייער אַן אויפגעמונטערטער האָט ער דעם ערשטן גרשונען דערלאַנגט אַ שאַרסטקע סטאָליאַרישע האַנט, און אים גלייך געלאָזט וויסן, אַז היינט פאַרנאַכט פאָרט ער אָפּ מיט מרימען קיין בוקאַרעשט.

— יאָ, גרשון, — מאַכט צו אים מרים מיט איר האַרציק פרויענש שוועסטערלעך קול, — יאָ. מיר פאָרן שוין אָפּ היינט פאַרנאַכט קיין בוקאַרעשט, און דאָס זיינען מיר געקומען אין צענטראַלן רעליף קאָמיטעט זיך געזעגענען מיט אונדזערע פריינט.

זיי האָבן אַ סך פריינט, מען רינגלט גלייך אַרום מרימען מיטן צווייטן גרשונען. אָפּגעריסענע, אָפּגעשליסענע פריינט, וואָס האָבן נאָך גאָרניט באַקומען פון אַמעריקע, און כמעט אַלע די דאָזיקע פריינט לאָזן שוין ניט אָפּ דאָס גליקלעכע פּאָרל. אומעטום גייט מען זיי נאָך, ביז פאַרנאַכט וועלן זיי נאָכגיין, ביז צום וואָקזאַל וועלן זיי נאָכגיין. אונדזער גרשון, דער ערשטער, גייט אויך נאָך. זוכט כאָטש אויף אַ קורצער וויילע בלייבן מיט מרימען אַליין, אָבער די פריינט לאָזן ניט. זיי רעדן זיך ביידע דורך בלויז מיט די אויגן. וואָס אַזוינס זאָגן אים אירע אויגן? ער ווייסט ניט קלאָר. אָט דאַכט זיך אים אויס, אַז אירע אויגן זאָגן צו אים, אַז ער, דער ערשטער גרשון, איז נאָך אַלץ אין איר האַרצן, און אָט דאַכט זיך אים אויס, אַז אירע אויגן

זאָגן: „צוליב וואָס האָסטו זיך געיאַוועט, דיך שוין פון לאַנג פאַרגעסן".

זיי האָבן נאָך ניט חתונה געהאַט, האָט זיך גרשון דערוואוסט. נאָך אַלץ חתן־כלה. אין בוקאַרעשט וועלן זיי שטעלן אַ חופה. נאָך האָט זיך גרשון דערוואוסט, אַז זיי האָבן ביידע גאָרניט געליטן קיין נויט אין בעסאַ־ראַביע, איידער נאָך מען האָט אַפילו באַקומען געלט פון אַמעריקע. דער צווייטער גרשון איז אַ גוטער סטאָליאַר און האָט שטענדיק געפונען אַר־בעט.

אונדזער גרשון וויל וויינען, און מרים וויסט, אַז ער וויל וויינען, באַ־שווערט זי אים מיט די אויגן, ער זאָל ניט וויינען... דער צווייטער גרשון איז מכבד די אַלע פריינט מיט וועמען ער און מרים האָבן זיך געהאַלטן אַלע צוזאַמען אין קעשעניעוו. ער איז אַ גוטער. ער לאָזט זיך קאָסטן. אין אַ שיינק האָט ער אַלעמען אַריינגעפירט, באַשטעלט וויין און סאַלאַמי, און ניס. די חברה הונגעריקע בעזשענצעס פאַרטיליקן די סאַלאַמי מיט די ניס און מיטן וויין, און מען ווינטשעוועט דאָס פּאָרל ביי יעדן נייעם כוס די האַר־ציקסטע ווינטשעוואַניעס. אונדזער גרשון האָט אויך אויסגעטרונקען אַ פּאָר גרויסע גלעזער וויין.

זיי זינגען די חברה צום פּאָרל:

לאָמיר זיך געזעגענען,
דער פּאַיעזד גייט אַוועק...

גרשון דער ערשטער האָט טאַקע געוויינט. חברה האָבן געלאַכט, גע־מיינט, אַז ער איז שיכור...

## גרשון דרוקט זיך צום ערשטן מאָל

גרשון האָט זיך אויסגעמאָלן, אַז מען דאַרף דורכגיין אַ סך צימערן אין דער רעדאַקציע, ביז מען קומט אָן צו דעם צימער, וואו דער רעדאַק־טאָר אַליין געפינט זיך. און ביי דער טיר פון יעדן צימער שטייט מסתמא אַ שומר און לאָזט ניט דורך, סיידן מען קוקט אויס ווי אַ שרייבער. און גרשון ווייסט ביי זיך גאַנץ גוט, אַז ער קוקט לחלוטין ניט אויס ווי קיין שרייבער.

שלום־עליכם, למשל, וועמען ער האָט געזען אויף אַ בילד, פאַרמאָגט אַ פיינע געדיכטע טשופּרינע האָר מיט אַ שיין בערדל. י. ל. פּרץ, וועמען ער האָט אויך געזען אויף אַ בילד, פאַרמאָגט נאָך אַ געדיכטערע טשופּרינע

האָר. חיים נחמן ביאַליק האָט טאַקע ניט קיין סך האָר אויפֿן קאָפּ, אָבער דערפֿאַר זיינע אויגן — פּאָעטיש פֿאַרחלומט. גרשון האָט ניט קיין געדיכטע טשופּרינע, קאַרג וואַקסן ביי אים די האָר אויפֿן קאָפּ, און זיינע אויגן קוקן גאַרניט אויס פֿאַרחלומט. בכלל קוקט ער אויס, ווי אַן אָרעמער בעזשענעץ אין איינגעלאָפּענע שטיוול, און אַ פֿאַרלאַטעט גרין פֿאַלטאָכל, און אַן אָפּגעבאַרעט גרוי באַראַשקן קוטשמעלע. אָבער ער וועט איינשטעלן.

און אָט קומט אונדזער בחור אַריין אין אַזאַ לאַנגן קאָרידאָר מיט אַ סך טירן, און אויף איין טיר מיט פֿאַררויכערטן גלאָז איז אָנגעשריבן אין יידיש: „רעדאַקציע, דער ייד". שטייט ער אַזוי הינטער דער טיר און ס׳האַרץ קלאַפּט אים ווי ביי אַ גנבֿ.

זאָל דאָס טאַקע זיין די רעדאַקציע? אַן אָרעמער צימער מיט קוויטיקע ווענט. דאָס פֿענצטער איז שטויביק, דער דיל ניט געוואַשן. איין און איינציקער מענטש געפֿינט זיך אין רעדאַקציע — און דאָס איז טאַקע דער רעדאַקטאָר אַליין, ראַזענטאַל. ער זיצט ביי אַ טיש אָנגעוואָרפֿן מיט אַ סך פּאַפּירן, און איז זייער פֿאַרטיפֿט אין שרייבן. ער האָט אַפֿילו ניט געהערט ווי די טיר האָט זיך געעפֿנט און ס׳איז עמיצער אַריינגעקומען. און דער עמיצער שטייט מיט אַ פֿאַרהאַלטענעם אָטעם און וואַרט... ענדלעך האָט ער אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ.

— יאָ, יונגערמאַן, וואָס וועט איר עפּעס זאָגן?

וואָס גרשון זאָל זאָגן? ער ווייסט ניט וואָס צו זאָגן, דאָס הייסט, ווי אַזוי דאָס צו זאָגן.

— איך... איך... שטאַמלט ער — ס׳הייסט, אַ דערציילונג. איך האָב געבראַכט אַ דערציילונג... אָנגעשריבן אַ דערציילונג.

— טאָ לאָמיר זי זען.

גייען איבער די עטלעכע געשריבענע בלעטלעך פֿון גרשונס בוזעם קעשעניע צום רעדאַקטאָרס הענט, און אונדזער בחור דערוואַרט, אַז יענער זאָל אים זאָגן: „גוט, יונגערמאַן, מיר וועלן אייך לאָזן וויסן דורכן בריוו קאַסטן". זאָגט ער אָבער ניט אַזוי, נאָר פֿאַרקערט, ער בעט אים זיך צוזעצן, און אַליין נעמט ער זיך לייענען די דערציילונג גלייך אויפֿן אָרט...

קלאַפּט אַוודאי גרשונס האַרץ זייער הויך, און ס׳דאַכט זיך אים אויס, אַז דער רעדאַקטאָר הערט ווי זיין האַרץ קלאַפּט זייער הויך, און דאָס שטערט אים אפֿשר צו לייענען די דערציילונג...

יאָ, אונדזער בחור האָט געהאַט מזל. אַנדערע אָנפֿאַנגער דאַרפֿן וואַרטן וואָכן און וואָכן ביז זיי דערוויסן זיך וועגן זייער גורל. גרשון האָט גלייך

אויפן אָרט זיך דערוואוסט וועגן זיין גורל. און ניט נאָר דאָס, נאָר זי וועט באַלד אויף מאָרגן זיין געדרוקט. הגם, האָט דער רעדאַקטאָר געזאָגט, די דערציילונג איז רוי דאָ און דאָרטן, אָבער מיט געוויסע אויסבעסערונגען וועט זיך שוין עפּעס באַקומען.

(נאָך שפּעטער האָט זיך גרשון דערוואוסט, אַז גראַדע יענעם טאָג האָט אויסגעפעלט מאַטעריאַל פאַר דער צייטונג, קיין סך מיטאַרבעטער זיינען ניט געווען, און דאָ איז נאָך קראַנק געוואָרן דער הויפּט מיטאַרבעטער ישׂ־ראל וויינשטיין. פאַרשטייט זיך, אַז זיין דערציילונג האָט אַביסל געראַטע־וועט די לאַגע. אָבער דאָס האָט אונדזער בחור יענעם טאָג ניט געוואוסט)...

און וויפיל שעה'ן זיינען נאָך דאָ ביז מאָרגן אַרום ניין אַזייגער, ווען "דער ייד" דערשיינט ? אַרום אַכצן שעה, און אַלע אַכצן שעה'ן האָט שוין אונדזער בחור ניט געקאָנט אָטעמען. זיך אַלע ווילע אויפגעכאַפּט אַ קוק טאָן צי ס'איז שוין טאָג. און דאָס ביסל שלאָף, וואָס ער האָט יאָ געשלאָפן איז געווען הוילער קאָשמאַר... גלעקער האָבן געקלונגען ווי צו אַ שריפה. וואו ברענט ? אויף דער כאַרלאַמפּעסקע לעבן דער זינאַדינעווסקי ברענט... די רעדאַקציע פון "דער ייד" ברענט... האָט ער זיך אויפגעכאַפּט, און פאַר־שטייט זיך, אַז ס'איז געווען בלויז אַ חלום. ווידער איינגעשלאָפן און ווידער אַמאָל אַ קאָשמאַר : ער איז אויף אַן אומענדלעכן סטעפּ, אַ גרויסע בלאָטע אויפן סטעפּ. אַ זשאַנדאַרם שמייסט אים מיט אַ נאַגייקע. ער פילט, אַז ער שטאַרבט... האָט ער זיך ווידער אויפגעכאַפּט, געזען, אַז ס'איז בלויז געווען אַ חלום און ווידער איינגעשלאָפן. חלומט זיך ווידער, ווי ער וויל קויפן אַ צייטונג "דער ייד" און ס'איז ערגעץ גאָרניטאָ קיין צייטונג. ער גייט און גייט, און גייט, און ס'איז ניטאָ קיין צייטונג. אָבער אָט שרייט אַ צייטונגס פאַרקויפער : "דער ייד", "דער ייד". דערפרייט זיך גרשון און קויפט די צייטונג, אָבער ס'איז ניטאָ וואָס צו לייענען. די גאַנצע צייטונגג איז ווייס, בלאַנק, ניטאָ דאָרטן קיין איין געדרוקט וואָרט...

:: :: ::

ווי אַזוי פילט אַ מלך אין טאָג פון זיין קרוינונג ? מסתמא ניט שטאָל־צער ווי גרשון אין יענעם מאָמענט, ווען ער האָט געקויפט אַרום ניין אַזיי־גער אינדערפרי, אויף דער כאַראַלאַמפּיעווסקאַ, אַ צייטונג אויפגעעפנט און דערזען אויף דער מיטלסטער זייט אין דער אונטערשטער טייל, זיין נאָמען שוואַרץ אויף ווייס. אמת, טאַקע, דער רעדאַקטאָר האָט אַ סך געשניטן און

צוגעשטעלט אַ סך פון זיינעם, אָבער ס׳זיינען נאָך געבליבן אַ סך גרשונס אייגענע שורות.

אַז מען קרוינט אַ קיסר יובלען די מאַסן און מען שרייט הורא. יחי המלך, זאָל לעבן דער קעניג. ווען גרשון איז יענעם פּראַסטיקן אינדער־פרי געקרוינט געוואָרן אין קעשעניעוו אַלס שרייבער, האָבן די מאַסן ניט געיובלט, און ניט געשריגן הורא. אָבער אָסור צי ער וואָלט זיך געביטן מיט אַ קעניג... אין פאַרלאַטעטן גרינעם פּאַלטאָכל, אין די איינגעשוואָלע־נע שטיוול, האָט ער געשפּאַנט איבער די קעשעניעווער שנייאיקע גאַסן מיט אַ גרויס שטיק פרייד אין האַרצן. ניט געפילט די קעלט, ניט געפילט דעם שניי, ניט געפילט די נאַסקייט, וואָס האָט זיך דורכגעזיפּט דורך אַן אויסגעריבענעם לאָך אין דער פּאָדעשווע פון רעכטן שטיוול... אויך ניט געפילט קיין הונגער. ס׳הייסט, ווען ס׳געפינען זיך גראַדע אַ פּאָר מטבעות דעמאָלט אין זיין קעשעניע, באַשטעלט ער זיך אַ גלאָז הייסע קאַקאַ מיט אַ פּוטער־זעמל. ס׳וואָלט זיך זייער געפּאַסט צו פייערן די גרויסע שמחה מיט אַזאַ טייערן געטראַנק ווי אַ גלאָז הייסע אַראָמאַטנע קאַקאַ... אָבער דאָס איז דאָך ניט דער עיקר...

שפּאַנט זיך אונדזער געקרוינטער מיט דעם גרויסן שטיק פרייד אין האַרצן, און ווען ער שעמט זיך ניט, שטעלט ער אָפּ מענטשן אויף דער גאַס און וויזט זיי די צייטונג מיט זיין נאָמען געדרוקט זייער קלאָר שוואַרץ אויף ווייס. שעמט ער זיך, און שטעלט קיינעם ניט אָפּ, דערפאַר האָט מען אים אָפּגעשטעלט. אַן עלטערע פרוי, וואָס האָט געטראָגן אַ שווערן קאָשעק האָט אים אָפּגעשטעלט.

— דאַכט זיך, אַ בעזשעניעץ ? — האָט זי אים געפרעגט.

— יאָ, אַ בעזשעניעץ.

— ווילסטו טאָן אַ מצוה און פאַרדינען אַ פּאָר לעי דערביי.

און די מצוה איז באַשטאַנען אין איבערנעמען פון איר דעם שווערן קאָשעק און אים נאָכטראָגן ביז צו איר אין הויז מיט אַן אַכט בלאָק ווייטער. האָט גרשון ביי איר איבערגענומען דעם שווערן קאָשעק און נאָכגעטראָגן אַן אַכט בלאָק, און געלאַכט אין זיך... און נאָך מערער געלאַכט, ווען זי האָט אים דערלאַנגט פאַר דער טרחה, צוויי לעי... האָט גרשון שוין געטרונקען יענעם פרימאָרגן אַ גלאָז הייסע אַראָמאַטנע קאַקאָ, און פאַרביסן מיט אַ פרישן געבאַקענעם פּוטער־זעמל. און ס׳איז געווען אַזאַ ט־ע־ם, נאָך עד־היום ניט פאַרגעסן...

# די מורא פאַר אַ פּאַטש

קעשעניעוו ביי גרשונען האָט דעם טעם פון וויינטרויבן, טרוקענע הייסע זומער־טעג און אין אַלע קוישן אויפן מאַרק — ווייַנטרויבן. מיט ברויט האָט ער זיי געגעסן. ער האָט זיי געגעסן אינדערפרי, בייטאָג און אין אָוונט, פאַר אַ שיבוש — אַ גאַנצן פּאַק.

ווי גייט דאָרטן דאָס לידעלע:

וואו ביזטו געווען,
ווען געלט איז געווען,
ווען דאָס לעבן איז געווען צוקער־זיס . . .

קיין געלט איז טאַקע ניט געווען, אָבער דאָס לעבן איז געווען פאַר גרשונען נאָך בעסער פון צוקער־זיס, ס׳איז געווען האָניקדיק־זיס, דער האָניק פון די וויינטרויבן, און דער האָניק פון ווערן אָנערקענט אַלס שרייבער, און דער האָניק פון נייער שיינער חברשאַפט...

די נייע חברים זיינען אַלע געווען לערער אין די אומזיסטיקע שולן פאַר די אָרעמע קינדער פון די בעזשענצעס. גרשון איז אויך געווען אַ לערער. אַלע אַנדערע האָבן געלערנט העברעאיש מיט די קינדער, ער און פּאַניאַ קור־פּערמאַן האָבן געלערנט מאַמע לשון, און אַט טאַקע צוליב אַט דער פּאַניאַ קופּערמאַן, הויבט זיך טאַקע אָן גרשונס געשיכטע אַלס שרייבער פון מעשהלעך פאַר קינדער.

אויף דער קילעיעפּסקאַיאַ גאַס אין דער „אָבשטשעזשיטיע״, איז גע־ווען איינע פון די שולן. און אויב די הונדערט אָדער הונדערט און פופציק קינדערלעך האָבן געהאַט ווייניק וואָס צו עסן, האָבן זיי אָבער געהאַט אַ סך צו לערנען, און די בעסטע לערער, וואָס מען האָט נאָר געקאָנט געפינען. אַרום אַ פינף לערער זיינען דאָרטן געווען און יעדער איינער לערער — אַ באַרימטער פּעדאַגאָג פון דער אוקראַינע, אַחוץ, פאַשטייט זיך, גרשונען. ס׳איז דאָרטן געווען אַ לערער יוחנן טווערסקי, וואָס איז דערנאָכדעם גע־וואָרן אַ פּראָפעסאָר אין האַרוואַרדער אוניווערסיטעט. ס׳איז דאָרטן געווען פּאַניאַ קופּערמאַן, אַ באַרימטע קינדער־גאָרטן לערערקע.

צו יוחנן טווערסקי האָבן זיך אַלע געצויגן. דאָס איז געווען אַ שטראַ־לענדיקער בחור, אַ זון פון אַ באַרימטן גוטן־יידן, דעם טאַלנערס, דאַכט זיך, האָט ער פאַרמאָגט, ווייזט אויס, דעם טאַטנס און אפשר דער מאַמעס מאַג־

נעטישע פערזענלעכקייט. ס׳האָט פון אים געשטראַלט מיט גוטסקייט, מיט דערהויבנקייט, און מיט חכמה. צו פּאַניאַ קופּערמאַן האָט זיך גרשון געצויגן צוליב איר גרויסער קענטשאַפט אין פּעדאַגאָגיע. ער האָט אַ סך געלערנט פון איר. זי האָט אָבער גאָרניט געהאַלטן פון זיין שרייבן. זי האָט ניט געהאַלטן פון די גרעסערע שרייבער, אויב זיי שרייבן ניט קיין מעשיות פאַר קינדער. אַ קינדער־מעשה אָנשרייבן, האָט זי געזאָגט, דאַרף מען זיין אַ קינסטלער פון גאָר אַ הויכער מדרגה. אָנצושרייבן אַ קינדער־מעשה דאַרף מען זיין אַ האַנס קריסטיאַן אַנדערסען, אָדער אַ לייב קוויטקאָ (לייב קוויטקאָ איז געווען איר שוואָגער). און ס׳זיינען דאָ אַזוי ווייניק גוטע קינ־דער־מעשיות אויף דער וועלט, האָט זי זיך געקלאָגט, און אין יידיש נאָך ווינציקער. און זי, אַלס קינדער־גאָרטן לערערקע, גייט ממש אויס נאָך אַ גוטער מעשה. וואָס זי וויל, איז עפּעס אַזאַ מעשהלע אין יידיש, וואָס ס׳זאָל זיין מוזיק, פרייד, יום־טוב. יעדעס וואָרט זאָל זינגען, יעדעס וואָרט זאָל זיין אַ פריינט צום קינד.

און גרשון איז דעמאָלט אַלט געווען איין און צוואַנציק יאָר, יונג, פאַרריסן און פאַרשיכורט פון זיין דרוקן זיך אין אַ צייטונג, און מען מוז מודה זיין, אויך אַביסל גאווהדיק, און ער האָט אַ מאַך געטאָן מיט ביטול:

— אויך מיר, קינדער מעשיות! ס׳איז די לייכטסטע זאַך! איך וואָלט געקאָנט אָנשרייבן עטלעכע אין איין טאָג.

דאָס האָט פּאַניאַן שוין שטאַרק פאַרדראָסן און אירע שפּיציקע און קליינע שוואַרצע אויגן זיינען געוואָרן שלעכט צו גרשונען און זי האָט אים אַ זאָג געטאָן צווישן די ציין:

— איך גיב אייך אַ וואָך צייט, און אויב איר ברענגט מיר ניט כאָטש איין קינדער־מעשה, דערלאַנג איך אייך אַ פּאַטש פאַר אַלע לערער אין די אויגן.

מער האָט זי שוין מיט אים ניט געוואָלט ריידן און איז אַוועק. און אַז זי קאָן אים דערלאַנגען אַ פּאַטש פאַר אַלע לערער אין די אויגן, האָט מען איר געקאָנט גלויבן. אַ מיידל שוין אין די יאָרן, זיך אָפּגעגעבן מיט אַ פאַנאַטישער געטריישאַפט צו איר לערעריי, און זוכט שוין יאָרן און יאָרן דאָס גוטע קינדער־מעשהלע אין יידיש, רעדט מיט הייליקייט וועגן האַנס קריסטיאַן אַנדערסען און לייב קוויטקאָ, און דאָ קומט אַ בחור, וואָס האָט אָנגעשריבן אַ מיטלמעסיקע דערציילונג אָדער צוויי, און טוט זיך אַ זאָג: „אויך מיר קינדער מעשהלעך!"...

מוז מען, הייסט דאָס, טאַקע אָנשרייבן אַ קינדער־מעשהלע. ער ווערט

זיך שוין ניט קאָנען אויסדרייען. טראַכט גרשון, טראַכט און טראַכט. ער טראַכט וועגן זיך אַלס קינד, וואָס פאַר אַ מעשהלע, למשל, וואָלט ער געוועזן ליב געהאַט, מען זאָל אים דערציילן בשעת ער איז געווען אַ בחורל פון אַ יאָר פיר אָדער פינף. ער וואָלט ליב געהאַט מען זאָל אים דערציילן אַ מעשה וועגן אַ ציגעלע. פאַרוואָס גראַדע וועגן אַ ציגעלע? עפּעס אַ ציגעלע איז זייער אַ היימיש באַשעפעניש אין אַ יידיש הויז. זינגען דען ניט די יידישע מאַמעס צו זייערע פּיצעלעך אין די וויגעלעך, וועגן דעם ציגעלע, וואָס איז געפאָרן האַנדלען ראָזשינקעס מיט מאַנדלען? אַחוץ דעם, איז גרשון אַליין, אַלס קינד, געווען געוואַלדיק פאַרקאָכט אין אַ ציגעלע. ס׳איז דעמאָלט געווען ביי זיי אַ ציג, און די ציג איז געלעגן געוואָרן, און האָט געהאַט אַ ציגעלע, דאָס ציגעלע האָט מען אַריינגענומען אין הויז און געוואָרן גרויס חבר מיט דעם קליינעם גרשונען. אַז גרשון איז געגאַנגען אינדערפרי אין חדר, איז דאָס ציגעלע נאָכגעלאָפן און טרויעריק געמעקעט.

די מעשה וואָס גרשון וויל איצט שרייבן איז אָבער ניט פאַר קינדער, וואָס גייען אין חדר, נאָר גאָר אין אַ קינדער־גאָרטן. הכלל, ס׳איז געוואָרן פון אַ חדר — אַ קינדער־גאָרטן, און אַנשטאָט אַ יינגעלע וואָס הייסט גרשון, לויפט דאָס נאָך אַ מיידעלע, וואָס הייסט שרה, בשעת זי לאָזט זיך אין קינדער־גאָרטן...

און אַזוי שרייבט גרשון זיין ערשט קינדער־מעשהלע, און האָט געוואַלדיק הנאה, — נאָך מער הנאה ווי פון שרייבן אַ דערציילונג... עס שרייבט זיך ווי אַ ליד. די ווערטער זינגען, ס׳קומט אויס ווי גרשון וואָלט געווען אַליין אַ קינד און דערציילט זיך אַליין אַ מעשה.

(שפּעטער מיט יאָרן, אין אַמעריקע, האָט גרשון פאַרגעלייענט פאַר דוד איגנאַטאָוו דאָס ערשטע קינדער מעשהלע זיינס, האָט דוד איגנאַטאָוו אַרויסגענומען אַ בוך אין ענגליש, וואָס האָט געהייסן „מאָדהער גוס", און אים פאַרגעלייענט פון דאָרטן אַ לידל, וואָס די טעמע איז כמעט די זעלבע ווי גרשונס מעשהלע, אָבער אַנשטאָט אַ ציגעלע, איז דאָס אַ לעמעלע, און אַנשטאָט שרהלע, איז דאָס מערי, „מערי העד עי ליטל לעמב". איגנאַטאָוו האָט געפרעגט, צי גרשון האָט אַמאָל געלייענט די „מאָדהער גוס" מעשהלעך. האָט יענער זיך געשוואוירן, אַז קיינמאָל אין זיין לעבן ניט. ער האָט דאָך אין קעשעניעוו ניט געקאָנט קיין ענגליש. איז געבליבן, אַז דאָס, וואָס ס׳פאַלט איין אין שרייבער, קאָן איינפאַלן אַ צווייטן שרייבער, און זיי זאָלן גאָרניט וויסן איינס פון אַנדערן.)

גרשון האָט דעמזעלביקן טאָג אָנגעשריבן נאָך אַ מעשהלע, און אויך

וועגן אַ ציגעלע, וואָס האָט פאַרבלאָנדזשעט אין וואַלד. ס׳האָט זיך געשריבן מיט פרייד, מיט דערהויבונג, און דער שרייבער האָט גאָר אַליין געלאַכט בשעתן שרייבן...

מיט די דאָזיקע צוויי מעשהלעך אין קעשעניע, איז אונדזער בחור גע־קומען צו פּאַניאַ קופערמאַן אין קינדער־גאָרטן. די קינדערלעך זיינען נאָך ניט געווען. מיט גרויס סקעפּטישקייט האָט פּאַניאַ אָנגעהויבן צו לייענען די פאַרשריבענע בלעטלעך. גרשון האָט ניט אַראָפּגענומען קיין אויג פון איר, געוואָלט אַרויסלייענען צי ס׳געפעלט איר. אָבער ער האָט גאָרניט געקאָנט אַרויסלייענען — אַ גזלנטע, אַ מיידל. דערווייל זיינען אָנגעקומען די קינדער. בלאַסינקע קינדערלעך פון אָרעמע בעזשענצעס.

— לייענט פאַר זיי — האָט זי אַ מאַך געטאָן שטרייגג.

הייבט גרשון אָן צו לייענען, און אַ נס איז געשען: די בלאַסע קינדער־שע פּנימלעך זיינען געוואָרן ראָזעווע, אויגעלעך אויפגעלויכטן, צעשיינט און גרויס מיט וואונדער. ליפּעלעך צעשמייכלט, און הענטעלעך האָבן גע־פּאַטשט, ווי קינדערלעך טוען פון פלוצלינדיקער פרייד... ער האָט געמוזט לייענען יעדעס מעשהלע, נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל...

— יונגערמאַן — האָט פּאַניאַ אַ זאָג געטאָן נאָך אַלץ שטרענג — איר פאַרמאָגט דעם זעלטענעם טאַלאַנט צו שרייבן פאַר קינדער...

## גרשון אין גאַלאַץ

גרשון איז אַריבערגעפאָרן פון קעשעניעוו קיין גאַלאַץ. וואָס גאָר קיין גאַ־לאַץ? ס׳האָבן אָנגעהויבן זיך צו פאַרשפּרייטן זייער בייזע קלאַנגען, אַז די מאַכט וועט אַרויסשיקן פון קעשעניעוו אַלע בעזשענצעס אין טיף רומע־ניע, ערגעץ אין אַ וויסט פּלאַץ, אַרומגערינגלט מיט שטעכיקע דראָטן, אַ מין קאָנצענטראַציע לאַגער. זיינען אַ סך בעזשענצעס, גרשון און יאַנקעלע נחום דעם דיינס אויך בתוכם אַוועק קיין גאַלאַץ, וואו דאָרטן וועט מען זיך קאָנען באַהאַלטן (בעריען).

פון זיין שוועסטער רחלען אין ניו יאָרק, זיינען גרשונען אָנגעקומען אָפטע בריוו מיט איר „קאָטשערעס־און־לאָפּעטעס״ האַנטשריפט, און אין יעדן בריוו האָט זי אים אָנגעזאָגט, אַז אָט באַלד, אָט באַלד, שיקט זי אים אַרויס אַ שיפסקאַרטע מיט אַלע נויטיקע פּאַפּירן...

און גרשון האָט געוואַלדיק געגאַרט קיין אַמעריקע. לויט די יידישע צייטונגען און זשורנאַלן פון ניו יאָרק, וואָס ער האָט געלייענט ביים גאַלאַנצער רב שאַפּיראָ, איז אויסגעקומען אַז דאָרטן איז אַ גאַנצע מלוכה פון דער יידישער ליטעראַטור און קולטור. פון די ניו־יאָרקער צייטונגען האָט ער זיך דערוואוסט וועגן אַ סך נייע יידישע ביכער און וועגן אַ סך נייע יידישע שרייבער, וואָס ער האָט נאָך ביז אַהער ניט געהערט זייערע נעמען. ער האָט ס'ערשטע מאָל זיך דערוואוסט וועגן אַ שרייבער גרופּע וואָס רופט זיך „יונגע" און אַ צווייטער שרייבער גרופּע וואָס רופט זיך „אינזיך". גאַנצע פינף יידישע צייטונגען גייען דאָרטן אַרויס, אַחוץ וועכנטלעכע און חודשלעכע ליטעראַרישע זשורנאַלן. היינט די טעאַטערס! — עפּעס מערער פון צען יידישע טעאַטערס. היינט די גרויסע יידישע אָרגאַניזאַציעס, אַן „אַרבעטער רינג", אַ „נאַציאָנאַלער אַרבעטער פאַרבאַנד", און יוניאָנס, און פּאַרטייען פאַרשיידענע, און מען פּראַוועט דאָרטן בעלער. עפּעס אַ „בויערן באַל", אַ „פּאָרוועטס באַל", אַ „שנאָרער באַל". און אומעטום הערשט די יידישע שפּראַך, און ס'גייען דאָרטן אַפילו אַרויס זשורנאַלן פאַר קינדער. באמת אַ יידישע מלוכה...

גרשון מוז זיך אַהין דערשלאָגן. ער האָט באַשלאָסן, אויב ס'וועט ניט אָנקומען קיין שיפסקאַרטע פון זיין שוועסטער רחל, אַוועקפאָרן קיין דייטשלאַנד און דאָרטן, אין אַ פּאָרט־שטאָט, זיך אַרויפכאַפּן בגניבה אויף אַ שיף, וואָס גייט קיין אַמעריקע. זיין חבר, יאַנקעלע נחום דיינס, האָט אָבער געהאַלטן, אַז יעדער יידישער בחור און וואָס קאָן נאָך העברעאיש, דאַרף ווערן אַ חלוץ און פאָרן קיין ארץ ישראל. אים אַליין האָט מען אין קעשעניעוו ניט געוואָלט צונעמען פאַר קיין חלוץ. צו קליינגעוויקסיק, צו מאָגער, האָט די קאָמיסיע געפסקנט. ער איז טאַקע צו קליינגעוויקסיק, צו מאָגער, אָבער מיט זייער לעבעדיקע און זייער קלוגע שוואַרצע אויגן, און לשון קודש רעדט ער ווי אַ וואַסער און בכלל זייער אַ געלערנטער בחור. אין קעשעניעוו איז ער געווען איינער פון די בעסטע לערער פאַר די „בעזשענצעס"־קינדער, אָבער ער איז געווען זייער געפאַלן ביי זיך, מקנא געווען די האַלץ־העקער, די ערד־גראָבער, און יעדן איינעם, מיט געזונטע ידים און מיט שטאַרקע מוסקולן. אַך! ווען ער זאָל כאָטש זיין אַביסל העכער, וואָלט ער מוחל געווען זיין גרויס־געלערנטקייט און זיין גרויסן יחוס...

אָבער, „משנה מקום, משנה מזל", — מען בייט אַן אָרט, בייט מען דעם מזל. אין גאַלאַץ האָט אַ שיין געטאָן צו אים דער גוטער מזל. און ניט

קוקנדיק אויף זיין קליינקייט, מאַגערקייט, האָט מען אים צוגענומען פאַר אַ גלייך־באַרעכטיקטן חלוץ. גרשון איז אָפּט, אין די פאַרנאַכטן, געגאַנגען אין חלוצים־הויז זיך זען מיט זיין חבר יאַנקעלען. אָבער יאַנקעלע האָט קיין כוח ניט געהאַט צו אים צו רעדן. נאָך אַ טאָג פון זייער שווערער אַר־בעט, איז ער געווען אַזוי צעבראָכן, אַז ער איז קוים אַרויפגעקראָכן אויף זיין נאַרע.

די קעסט אין חלוצים־הויז זיינען ניט געווען אַזוינע וואָזשנע. די שכירות פאַר האָלץ־האַקן, ערד־גראָבן, שטיינער טראָגן, זיינען געווען ניש־טיקע און די בשותפותדיקע קאַסע איז שטענדיק געווען אָרעם. ס׳איז פשוט ניט געווען גענוג צו קויפן פלייש, פּוטער, קעז, האָט מען זיך שוין באַ־נוגנט מיט קאַרטאָפליעס און הערינג, זויער מילך, מאַמעליגע. גרשון, וואָס האָט אין גאַלאַץ פאַרדינט בישקשהדיק, אַלס העברעאישער לערער, האָט אָפּט יאַנקעלען געוואָלט נעמען אין אַ לייטישן רעסטאָראַן, אָבער יאַנ־קעלע האָט ניט געוואָלט. אַפילו, האָט ער געזאָגט, ווען מען גיט דאָ אין חלוצים־הויז בעסערע שפּייז, וואָלט ער אויך געגעסן ווייניק, ווייל ער וויל צוגעוואוינען זיין מאָגן צו אַ מיעוט (מינימום) שפּייז, מחמת דאָרטן אין ארץ ישראל, וועט דאָך ניט שטענדיק זיין גענוג וואָס צו עסן.

אַן אָרעם חלוצים־הויז, אַ פּאָר צימערן מיט בעטלעך, בעסער געזאָגט נאַרעס . איין רייע נאַרעס אונטן, אַ צווייטע רייע נאַרעס אויבן. אַ שטאָק אויף אַ שטאָק. ס׳איז אויך געווען אַ צימער מיט טישן, כלומרשט אַן עס־זאַל. איז געגעסן האָט מען דאָרטן ניט צופיל, דערפאַר האָט מען דאָרט געטאַנצט אַ סך די האָראַ, שטונדן און שטונדן, ווי אין אַ טראַנס. די בחורים האָבן אויך ליב געהאַט צו באָרען זיך (ראַנגלען). סיי דאָס טאַנצן און סיי דאָס ראַנגלען זיך, איז אויך געווען לשם מצוה, זיך צו פאַרהאַרטעווען פאַר ארץ ישראל. און יאַנקעלע, נעבעך, האָט ניט געהאַט קיין כוח צו טאַנצן, און ראַנגלען זיך אוודאי ניט. אָבער דערפאַר האָט ער געשריבן וואַנט־צייטונגען אין העברעאיש, און געהאַלטן לעקציעס וועגן חבת העבודה (די ליבשאַפט צו אַרבעט).

יאַנקעלע איז ניט מיד געוואָרן צוצוריידן גרשונען ער זאָל אויך ווערן אַ חלוץ, אָבער גרשונען האָט געצויגן קיין אַמעריקע, צום גרויסן רייכן צענ־טער פון יידיש. אָבער, ווען אין איינעם אַ טאָג איז אָנגעקומען פון דער שוועסטער רחל אַ שיפסקאַרטע מיט נויטיקע פּאַפּירן, איז אים גאָר געוואָרן אומעטיק. ער האָט ליב באַקומען די רומענישע פּאָרט־שטאָט ביים טייך דונאַי, מיט דער קאָכנדיקער האַפן־גאַס, מיט די פאַרשיידענע זעגל און

דאַמף שיפן. אַ סך גריכן זיינען דאָרטן געווען, און טערקן, און בולגאַרן. ער האָט ליב געהאַט אין די זונטיקס גיין זען, ווי אין די סקווערן קומען זיך צונויף בחורים און מיידלעך אין נאַציאָנאַלע קאָסטיומען און טאַנצן רומענישע פאָלקס טענץ און זינגען פאָלקס־לידער. ער האָט ליב געהאַט די שטאָט מיט אירע רעסטאָראַנען אונטערן אָפענעם הימל אין די זומער פאַרנאַכטן, וואו כלי זמר האָבן געשפּילט, און סאַרוועדס האָבן געטראָגן צו די טישן ערשט־פון־פייער געבראָטענע קאַר־נאַצלעך ניט אויף טעלער, נאָר אויף קיילעכדיקע שטיקלעך האָלץ... ער האָט ליב געהאַט גאַלאַץ מיט די טיי־און־קאַפע־הייזער, וואו מענטשן זיינען זיך צונויפגעקומען ניט נאָר טרינקען טיי, אָדער זופן געדיכטע שוואַרצע קאַפע פון קליינע טעפּעלעך, נאָר אויך שפּילן דאָמינאָס, דערציילן זיך מעשיות. ער האָט ליב געהאַט גאַלאַץ פאַר דער מוזיקאַלישער רומענישער שפּראַך, און אויך פאַר דער וואַרעמער, זאַפטיקער יידישער שפּראַך, אין דעם מויל פון די קינדער, אויף דער יידישער גאַס לעבן דעם חלוצים הויז...

ער האָט ליב געהאַט גאַלאַץ אויך צוליב זיין חבר יאַנקעלען. און זיין חבר יאַנקעלען איז ער ספּעציעל געגאַנגען אויסזוכן, כדי זיך מיט אים געזעגענען, אין דעם טאָג וואָס ער איז אָפּגעפאָרן פון גאַלאַץ. און אָפּגע־זוכט אים האָט ער אין אַ הויף פון אַ רייכן קרעמער, וואו, ער, מיט נאָך צוויי חלוצים האָבן געהאַקט האָלץ. אָן אַ היטל, אַ באָרוועסער, אין זאָקענע הויזן, און אַ צעכראַסטעטן העמד, האָט ער יאַנקעלען געטראָפן, האַקנדיק האָלץ. ער האָט זיך ניט געוואָלט אומקוקן אויף גרשונען. געווען ברוגז, וואָס יענער פאָרט קיין אַמעריקע... ער האָט געשוויצט יאַנקעלע אַ גע־וואַלד. זיינע ליפּן זיינען געווען פאַרטריקנט. מען האָט געזען, אַז ער איז גוואַלדיק דורשטיק, אָבער צו דער ליימענער באַנקע וואַסער, וואָס איז געשטאַנען אין אַ ווינקל האָט ער זיך זעלטן צוגערירט.

— יאַנקעלע, הלמאי ליידסטו דורשט? טרינק זיך אָן מיט וואַסער.

ניין, ער וויל אוממיסטנע ניט טרינקען קיין וואַסער. ער וויל צוגעוואוי־נען זיין לייב צו ווייניק וואַסער, מחמת אין ארץ ישראל איז דאָך ניטאָ קיין וואַסער...

יאַנקעלע האָט זיך כמעט ניט געזעגנט מיט גרשונען, אים אייליק גע־געבן די האַנט, און אפילו ניט געזאָגט: „פאָר געזונטערהייט, זיי מצליח“.

# דער לעצטער סימן פֿון לאַנד

פֿון גאַלאַץ איז גרשון געפֿאָרן קיין בוקאַרעשט צו קריגן אַ וויזע ביים אַמעריקאַנער קאָנסול. און ביז מען האָט געקראָגן די וויזע ביים אַמעריקאַנער קאָנסול איז די נשמה שיעור אַרויסגעקראָכן. ממש טויזנטער בעזשענצעס זיינען זיך אָנגעפֿאָרן קיין בוקאַרעשט פֿון אַלע עקן נאָך וויזעס פֿון אַמעריקאַנעם קאָנסול.

און קאַלט איז גרשונען געווען אין בוקאַרעשט, אַז זיין מאָגערער גוף האָט געהאַלטן אין איין ציטערן אפֿילו אין דעם צימער, וואָס ער האָט זיך געדונגען ביי אַן אָרעמער יידישער משפּחה; אפֿילו אין בעט אונטער עטלעכע קאָלדרעס...

און אין דער דאָזיקער מוראדיקער קאַלטער אָרעמער הויז איז אַלע טאָג געקומען דער חתן קוקן אויף זיין כּלה, די טאָכטער פֿון דער באַלעבאָסטע. צביה, האָט געהייסן די כּלה. אַ מאָגער, בלאַס מיידל, אָבער מיט כּישופֿדיקע גאָלדן־ברוינע אויגן, און מיט אַ שיין קול צום זינגען. אַ בייטאָרין געווען, געאַרבעט אין דער היים אין דער זייער קאַלטער שטוב. נחום האָט געהייסן דער חתן, אַ פּולער, ביינערדיקער, מיט מגושמדיקע הענט. אַ סטאָליאַר געווען, אָן אַרבעט אין די ווינטער חדשים, איז ער געקומען אַלע טאָג צו זיין כּלה, געזעצט זיך אויף דער הילצערנער סאָפֿקע און געקוקט ווי זיין כּלה נייט, ווי זי שטעפּט אויף דער זינגער־מאַשין, און זינגט מיט איר שיינעם קול לידער וועגן ליבע. אָבער זי האָט געמוזט אַלע מאָל איבעררייסן איר אַרבעט, ווייל אירע פֿינגער זיינען איר ממש פֿאַרפֿרוירן געוואָרן. האָט זי זיך געזעצט אויף דער סאָפֿקע לעבן איר חתן נחום און ער האָט געאוכקעט אויף אירע דינע בלאַסע פֿינגער, אויך געקושט זיי. און אַז דאָס האָט ניט געהאָלפֿן, האָט זי אַריינגעלייגט אירע הענטלעך אונטער זיין רעקל, צווישן זיינע וואַרעמע פּאַכוועס. זיינען זיי געזעסן אַזוי און געקוקט איינער אויפֿן אַנדערן און קיינעם ניט באַמערקט. ניט באַמערקט גרשונען, וואָס האָט געוואָלט זען דעם גרויסן וואונדער פֿון חתן־כּלה ליבשאַפֿט; ניט באַמערקט די אויסגעהאָרעוועטע מאַמע, די אַלמנה, וואָס איז געזעסן אויף אַ פּוס ביינקל לעבן אייוועלע און געפּליקט גענזענע פֿעדערן אין אַ זיפּ... יאָ, מען האָט רק געהאַלטן אין קוקן איינער אויפֿן אַנדערן. ער צו איר מיט זיינע הייסע שוואַרצע אויגן, און זי צו אים מיט אירע כּישופֿדיקע גאָלדן־ברוינע אויגן...

און דאָס אייוועלע איז גאָרניט געווען קיין אייוועלע, נאָר אַ מין גרוי־

סער טשוהונענער טאָפּ, מיט אַ בלעכענעם רער ביז צו דער לאָך אין דער סטעליע. די היץ האָט בלויז געקאָנט דערגרייכן אַ פּאָר שפּאַן אַרום זיך... און אויף דעם טשוהונענעם איווועלע האָט די מאַמע געקאָכט פאַר חתן־כלה דאָס דרויב פון אַ הון, דאָס הייסט, דאָס געראָגעלע, דאָס פּופּיקל, דאָס לע־בערל, די פיסלעך. האָט די כלה אַ ביס געטאָן פון לעבערל, דערנאָכדעם דעם חתן, דערנאָכדעם ווידער די כלה... און מען האָט געהאַלטן רק קוקן איינער אויפן אַנדערן...

און די שויבן פון פענצטער זיינען געווען געדיכט פאַרקאַוועט מיט אייז, אַזוי געדיכט, אַזש ס'איז געווען האַלב־פינצטער... און אויף די ווענט האָבן געשיינט דימענטלעך פון שניי... און דאָס טשוהונענע איווועלע, די גרויס פון אַ טאָפּ, איז קיינמאָל ניט געווען רויט, מען האָט דאָס געהייצט מיט שפּענדלעך און מיט ברעטלעך, בלויז צוויי מאָל אַ טאָג. גאַנץ פרי און פאַרנאַכט... האָט אָבער דער חתן געאויסקעט אויף די פינגער פון זיין כלה, זיי אויך געקושט, און אַז דאָס האָט ניט געהאָלפן, האָט זי אירע הענטלעך אַריינגעלייגט אונטער זיין רעקל צווישן זיינע וואַרעמע פאַכוועס, און גע־קוקט אויף אים, און ער האָט געקוקט אויף איר...

און גרושן האָט מיטגענומען קיין אַמעריקע די געהייליקטע חתן־כלה ליבשאַפט אַלס אַ וואַרעמען אַנדענק פון דער מוראדיקער קעלט אין בו־קאַרעשט...

:: :: ::

און איינמאָל שפּעט ביינאַכט, איז אַ באַן פון גאַנצע אַכט וואַגאָנען גע־פּאַקט בלויז פון אימיגראַנטן, און גרשון אויך בתוכם, אָפּגעפאָרן פון בו־קאַרעשט... מען איז געפאָרן דורך די רומעניִשע פעלדער, און אַז מען האָט דערזען פון דער ווייטנס אַ דערפל מיט אַ פּאָר פייערלעך, וואָס האָבן זיך געטונקט פון ערגעץ, האָט מען רחמנות געהאַט אויף די מענטשן־קינ־דער דאָרטן, וואָס מוזן נעבעך פאַרבלייבן אין דער אויסגאַנגסלאָזער אָרעמ־קייט און קאָנען ניט פאָרן קיין אַמעריקע... מזלדיקע חברה די אימיגראַנטן, פאָרן צו אַ ניי לעבן פול מיט גוטע האָפענונגען... פונדעסטוועגן זיינען הער־צער געווען שווער, און אָפט מאָל אין דער נאַכט, ערגעץ אין דער פינצטער־ניש פון וואַגאָן, האָט עמיצער געכליפּעט...

:: :: ::

לענדער האָבן זיך געביטן, אַנדערע הייזער, אַפילו אַנדערע ביימער, אפילו אַן אַנדער הימל... מען איז געפאָרן פאַרביי אַנדערשדיקע פעלדער, וועלדער, בערג און טייכן, פאַרביי קאָכעדיקע ריזיקע וואָקזאַלן פון אונ־גאַרן, טשעכאָסלאָוואַקיע און דייטשלאַנד, און דאָס קליינע היים־שטעטעלע האָט געהאַלטן אין איין נאָכפאָרן די גאַנצע צייט. קינדער פון בערשאַד, און פון טעפליק, און פון טעלענעשט, און פון מאַרקולעשט, און פון שאַרגאָראָד, און פון טיטיעוו, פאַרחידושטע, פאַרוואונדערטע. מען קוקט אויף דער גרויסער פרעמדער וועלט און מען טראַכט פון דער היים, פון די גאַסן, פון טאַטע־מאַמע, פון די חברים... מען טראַכט, אַז דער אָוונט קומט קאָכט די מאַמע וועטשערע, געוויינלעך געפּראַזשעטע קאַשע מיט יוך און פאַסאָליעס... דער טאַטע קומט פון שול אַ פאַרזאָרגטער, מען זעצט זיך צו אַ טיש, האַלב פאַרדעקט מיט אַ טישטוך... דאָס לעמפּעלע טשאַדיעט, און אויף דער וואַנט אַנטקעגן — שאָקלענדיקע שאָטנס... מען טראַכט, אַז פרי אין אָוונט לעשט מען אויס דאָס לעמפּל, און מען קאָן ניט איינשלאָפן, און ס׳איז אַזוי אומע־טיק... איבערגעלאָזט טאַטע און מאַמע, שוועסטער און ברידער, חברים, די גאַסן, דאָס גאַנצע שטעטל אין דער אומעטיקייט... מען פאַרזאָגט זיך, מען באַשווערט זיך מיט אַ הייליקער שבועה, אַז זאָל נאָר גאָט העלפן אין דעם דאָזיקן לאַנד אַמעריקע, וועט מען ניט רוען ביז מען וועט אַרויסנעמען טאַטע־מאַמע, שוועסטער־ברידער, אפילו די חברים...

גרשון האָט זיך אויך באַשוואוירן. זאָל נאָר אים דאָרטן גאָט העלפן, אין אַמעריקע, אַזוי באַלד וועט ער אַרויסנעמען זיין טאַטע־מאַמע, זיין שוועסטער חנה רבקה, זיינע צוויי ברידער, זיין חבר בנימטשיק, מיטן גרוי־סען אַקטיאָרישן טאַלאַנט, וואָס איז פאַרבליבן פאַריתומט אָן גרשונען און פוליען.

און שפּעטער, אין די יאָרן פון היטלעריסטישער אויסראָטונגס, האָט מען ממש זיך אויפגעגעסן פון חרטה, הלמאי מען האָט ניט געטאָן אייניקס, און מען האָט ניט אַרויסגענומען טאַטע־מאַמע, שוועסטער, ברידער און חברים...

⁂ ⁂ ⁂

און אָט שטייט שוין גרשון אויף דער דעק פון אַ ריזיקער אַטלאַנטישער שיף. ס׳זעט זיך נאָך אַ שטיק לאַנד פונדערווייטנס. דער לעצטער סימן פון אייראָפּע... ים פויגלען פליען נאָך דער שיף און קוויטשען ווילד...

און דער ריזיקער בויך פון דער ריזיקער שיף איז אָנגעפּאַקט מיט יידן פון גאָר דער וועלט, אַרויסגייער פון ליטע, פּוילן, גאַליציע, רומעניע, אוקראַינע און פון נאָך און נאָך לענדער... ס׳רוב יונגע בחורים און מייד־לעך מיט אַ געוואַלדיקן כּוח און לוסט צום לעבן. זיי קערן שיעור ניט אי־בער די שיף. זיי שפּרינגען, טאַנצן, זינגען, ראַנגלען זיך... דער דאָזיקער געוואַלדיקער כּוח וועט זיך באַלד אַריינגיסן אין אַמעריקע... ער וועט שפּע־טער דערפילן גרשון, דעם אַריינגעגאָסענעם כּוח פון די מענטשן פון זיין שיף און פון אַלע הונדערטער אַטלאַנטישע שיפן, אומעטום, וואו ער וועט גיין און שטיין אין אַמעריקע...

...די זון פאַרגייט... אַ בלוי־ראָזעווער זון־פאַרגאַנג... דער טאָג גייט אַוועק צוזאַמען מיטן שטיקל לאַנד פונדערווייטנס, דער לעצטער סימן פון יבשה... די ים פויגלען מיט זייערע ווילדע קוויטשערייען זיינען שוין אויך ניטאָ... פאַרשוואונדן געוואָרן.

און פונקט ווי ווען ער איז אַרויסגעפּאָרן פון בערשאַד, אויפן וועג צו דער רומענישער גרענעץ האָט ער געוואָלט אַרויסשפּרינגען פון וואָגן און לויפן צוריק אַהיים מיטן תירוץ, אַז דער קאָפּ טוט אים ווי, אַזוי אויך איצט האָט זיך געוואָלט אַרויסשפּרינגען פון דער שיף אין ים אַריין און שווימען צוריק צו דער יבשה...

דער קאָפּ טוט אים איצט אויך ווי...

עֶנדע